פְּרַאוָוא אַפֶּעלַאצְיֶע, אַז גָאט אַלֵיין מוּז שׁוֹין אוֹיךְ דָערוֹיף מַסְכִּים זַיין, אוּנ ר׳ שְׁמֶערִיל הָאט זִיךְ נָאךְ דָער מִיט נִיט בֶּעזִיכֶערְט פוּן זַיין גִיפַּאר נוּר עֶר הָאט זִיךְ גִינוּמֶען אָשֵׁר יֶעקִילְס טָאכְטֶער אַשִׁידוּךְ צוּ רֵיידִין וָועלְכֶער עֶשׁ אִיז טַאקֶע גִיוָוארְן. מִיר הָאבִּין פוּן דִיא אַלֶע זַאכִין גָאר נִיט גִיווּאוּסְט בִּיז עֶשׁ אִיז גְקוּמֶען דָער שַׁדְכִין וֶועלְכִין מַיין פָּאטֶער הָאט אַהִין גִישִׁיקְט מִיט דֶעם אַנְטְוָוארְט; „ר׳ אָשֵׁר יֶעקִיל וִויל נִיט אַחָתָן אַיין אַפִּיקוֹרֶס וָואשׁ טַאנְצְט מִיט דַאמֶען״, מַיינֶע עֶלְטֶערִין זַיינֶען פוּן דִיזִין הֶעלִישִׁין אַנְטְוָוארְט אִיבֶּער רַאשְׁט גִיוָוארִין, זַייא הָאבִּין זִיךְ מִיט טְרֶערִין בֶּעגְאסִין אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאשׁ מִיט פְרֵייד בֶּעגֶעגִינְט, אִיךְ בִּין דֶער פוּן מֶער צוּ פְרִידִין אַלֶעם אוּנ צוּפְרִידִין גִיוֶועןֹ.

ר׳ אָשֵׁר יֶעקִיל מִיט זַיין טָאכְטֶער דְרֶעזֶעלֶע זַיינֶען אוֹיף תְּנָאִים אַרוֹישׁ גִיפָארִין אוּנ הָאבִּין זִיךְ אֵיינִיגֶע טֶעג פַארְזַאמְט. אוּנְטֶער דֶעסְסֶן הָאבּ אִיךְ פוּן אַפֶּערְזָאן אַיינִיגֶע וִויזִיטִין גִיהַאט וָועלְכֶע עֶשׁ וֶועט דִיר אִינְטֶערֶיסִירִין לֶעזִינְדִיג, דָאשׁ אִיז גָאר אוּנְגְלֵייבְּלִיךְ.

דִיא וִויזִיטִין אִיז בַּאשְׁטַאנֶען פוּן אַיין פְרַיילִין וֶועלְכֶע אִיז אוֹיךְ אָשֵׁר יֶעקִילְס אַטָאכְטֶער אוּנְטֶער דִיא כַּלָּה זִיא הֵייסְט „חַיֶענֶעלֶע״ אַמֵיידִיל פוּן אַיָאר אַכְטְצֶעהֶן, אוּנ וִויא אִיר עֶלְטֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער דְרֶעזֶעלֶע אִיז בֶּעשָׁאנְקֶען מִיט פִיל מַעֲלוֹת, זָא אִיז אִיר אִינְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער אַיִטִיל פֶעלֶערִן, נָאךְ אַלֶעם דֶעם אַז זִיא טְרָאגְט צְווייא עֶרְלַייא קְנַאפְּלֶען אִין דִיא שִׁיךְ אִיז זִיא דָאךְ פָּארְט קוֹים מִיט אַקָאפּ הֶעכֶער פַאר אַחֲזִיר, אוּנ זִיא קָאן מִיט אַצִילֶענְדֶער הוּט שְׁפַּאצִירִין אוּנְטֶער אַטִישׁ, אַקֵיילִיכְדִיגֶע גִיזִיכְט אִין מַאנְכֶע עֶרְטֶער רֵייטֶע פְלֶעקִין וִויא אַף אַקַארְשִׁיקַאנֶער אֶתְרוֹג, נוּר דָאשׁ אַלְץ אִיז אָבֶּער שֶׁענֶער פַּר אִיר כַארַאקְטֶר וֶועלְכֶער אִיז שְׁלֶעכְט מִיט אַלֶע פַארְבִּין, אוּנ וַוייל זַייעֶר הוֹיז אִיז מִיט אוּנְז שְׁטֶענְדִיג בֶּעפְרַיינְדֶעט גִיוֶועזִין, דֶערוּם אִיז אִיר וִויזִיט בַּייא אוּנְז נִיט אוּנְגִיוַויינְלִיךְ גִיוֶועזִין, אִיךְ הַאבֶּע עֶשׁ גִירֶעכִינְט נוּר פִיר אַלֵיידִיגִין בֶּעזוּךְ, אָבֶּער וֶוען אַלֶע זַיינֶען פוּן אוּנְזֶער הוֹיז אַוֶועק, אוּנ אִיךְ בִּין מִיט אִיר נוּר אַלֵיין גִיבְּלִיבִּין, הָאבּ אִיךְ שׁוֹין אָנְגִיהֵייבִּין צוּ מֶערְקִין דָאס אִיר בֶּעזוּךְ פִיל מֶער אַלֶעם אַיין לֵיידִיגֶער בֶּעדַייט, דֶען זִיא הָאט מִיר בֶּעשָׁאטִין מִיט קָאמְפְּלִימֶענְטֶער, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ עֶשׁ רוּהִיג נִיט גִיקָאנְט אוֹישׁ הֶערִין, אַם עֶנְדֶע הָאט זִיא עֶפִינְטְלִיךְ עֶנְדֶעקְט דָאשׁ זִיא לִיבְּט מִיר, אוּנ הָאט מַיין אַנְטְוָוארְט דֶערוֹיף גִיפָאדֶערְט, אִיךְ בִּין פוּן דֶעם זַייעֶר עֶנְצִיקְט גִיוָוארִין, אוּנ הָאבּ אִיהְר נוּר גִיאַנְטְוָוארְטֶעט מִיט אַלַייכְטִין שְׁמֵייכֶל, בִּיז זִיא הָאט זִיךְ מִיט דְרֵייסְט פוּן אָרְט אוֹיף גְשְׁטֶעלְט, אִיהְר גִיזִיכְט הָאט זִיךְ וִויא צוּנְטֶער אָנְגִיצוּנְדִין אוּנ מִיט גְרוֹישׁ הִיטְץ הָאט זִיא דִיא וֶוערְטֶער אוֹישׁ גִירֶעט; „אִיךְ לִיבּ אַייךְ שְׁטֶערְבְּלִיךְ! אוּנ אִיר מוּזְט מִיר אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע אַנְטְוָוארְטִין, אוּם אִיךְ זָאל וִוישִׁין וִויא זִיךְ צוּ שֶׁעטְצִין, פִיר אַיין גְלִיקְלִיכֶע אָדֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶע״! דָא בִּין אִיךְ אִין פֶערְצְוַוייפְלוּנְג גִיבְּלִיבִּין אִיךְ הָאבּ אַלֵיין נִיט גִיווּאוּשְׁט וִויא זִיךְ אַרוֹיס צוּ דְרֵייעֶן פוּן מַיין קְרִיטִישֶׁע לַאגֶע, נָאר אַיין גְלִיקְלֶעכֶער סְלוּטְשַׁאיי הָאט מִיר פוּן דֶער סוּמַאטָאכֶע אַרוֹישׁ גִיוִויקֶלְט, דֶען דֶערוֹיף זַיינֶען מַיינֶע עֶלְטֶערִין

אנניקומען

אָנְגִיקוּמֶען אוּנ אוּנְזֶער גִישְׁפְּרֶעךְ הָאט זִיךְ גִימוּזְט עֶנְדִיגִין, אִיךְ הָאבּ אָנְגִיהַייבִּין פְרַייעָר צוּ אַטְהָעמֶען, אוּנ מִיט שְׁטוּמְמֶע בְּלִיקִין הָאבּ אִיךְ דִיא עֶלְטֶערִין גִידַאנְקְט דֶער פַּאר וָואשׂ זַייא זַיינֶען מִיר צוּ דֶער נַייטִיגְסְטֶער צַייט אָנְגִיקוּמֶען, מַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין קֵיין זַאךְ נִיט בֶּעמֶערְקְט, נִיט מַיין פְרֵיידֶע אוּנ נִיט אִיר טְרִיוָואגֶע, זִיא הָאט זִיךְ שׁוֹין בַּיי אוּנְז נִיט פִיל פַארְוַויילְט אוּנ הָאט אָבְּשֵׁייד גִינוּמֶען, אוּנְבֶּעשְׁרַייבְּלִיךְ אִיז דֶער צוּפְרִידֶנְהַייט וָועלְכִין אִיךְ הָאבּ גִיהַאט פוּן אִיר אַוֶועק גֵיין אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִפִילְט פְרַייעָר, בַּיי נַאכְט אַפִּין בֶּעט לִיגִינְדִיג הָאבּ אִיךְ דִיא שְׁצֶעגֶע גוּט בֶּעטְרַאכְט דַאן הָאט זִיךְ מִיר דִיא הָאר גִינָאדִילְט, וָואשׂ אִיז דָא? הָאבּ אִיךְ בַּיי זִיךְ גִיפְרֶעגְט, בַּיי זַיי אִין הוֹיז בִּין אִיךְ דָאךְ אַיין פַאר מִשְׁפָּטֶער, אוּנ יֶעצְט זָאגְט חָיֶענֶעלֶע אַז זִיא לִיבְּט מִיר! דָא מוּז עֶפֶּעס אַיין שְׁטְרַייךְ שְׁטֶעקִין, זִיא וִוִיל מִיר גִיוִויס אִין אַיין רַאסְפְּלָאךְ אַרַיין פִירִין, אָבֶּער אִיךְ פַארְשְׁטֵיי עֶשׂ נִיט, אִיךְ הָאבּ גִיוואוּנְשִׁין אַז דֶער בֶּעזוּךְ זָאל זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנ דֶער לֶעצְטֶער, אָבֶּער מַיין וואוּנְץ אִיז נִיט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גִיוָוארִין, אוֹיף מָארְגִין אִין אָבִינְד אִין טֵיי צַייט מִיט אַמָאל, „בָּרוּךְ הַבָּא" חָיֶענֶעלֶע אִיז אַרַיין, אִיר עֶרְשַׁיינוּנְג הָאט מִיר וִויא אַדוּנֶער עֶרְשְׁרָאקִין, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מוּט גִיפַאסְט, דָאשׂ מַיינֶע עֶלְטֶערִין זָאלִין אוֹיף מִיר גָאר נִישְׁט בֶּעמֶערְקִין, נָאךְ טֵייא הָאט מַיין פָאטֶער גִיזָאגְט צוּ מַיין מוּטֶער; דָאשׂ זִיא זָאל מִיט אִים גֵיין אִין אַיין שְׁטֶעלֶע וֶועלְכֶע זֵייא הָאבִּין נַייטִיג צוּ גֵיין, אִיךְ הָאבּ זָאגַאר זַייא אָבְּגִיוֶוענְדֶעט דֶער פוּן מִיט דֶעם אוֹיס רֵייד דָאס מִיר וָועט אוּמֶעטִיג זַיין אַלֵיין צוּ בְּלַייבִּין, „דָא וֶועסְטוּ זִיךְ מִיט חָיֶענֶעלֶען דֶער וַוייל פַארְבְּרֵיינְגֶען" הָאט מַיין פָאטֶער מִיר גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ זַייא זַיינֶען אַוֶועק גִיגַאנְגֶען.

דוּא קָאנְסְט זִיךְ אַלֵיין פָאר שְׁטֶעלִין וָואשׂ פַאר אַגִישְׁפְּרֶעךְ עֶשׂ הָאט זִיךְ צוּ וִוישִׁין אוּנְז פַארְבּוּנְדִין, דֶער גִישְׁפְּרֶעךְ אִיז וָואשׂ וַוייטֶער מִיט מֶער הִיץ גִיגַאנְגֶען, אַם עֶנְדֶע הָאט זִיךְ אִיהְר גִיזִיכְט אָנְגִיצוּנְדִין אוּנ פוּן אִיהְרֶע אוֹיגִין הָאט גִישְׁפְּרִיצְט פוּנְקֶען אוּנ זִיא הָאט מִיט סִירְיָאזְנֶעם טָאן גִיזָאגְט: „אִיר מוּזְט מִיר אִין דֶר וַויילֶע גֶעבִּין אַיין רִיכְטִיגִין אַנְטְוָוארְט צווּא אִיר לִיבְּט מִיר, אִיהְר וֶועט זִיךְ פוּן מִיר שׁוֹין נִיט אוֹיס דְרַייעֶן מִיט גְלַייךְ וֶוערְטְלַאךְ, קְלָארֶע דִיבּוּרִים אִיר לִיבְּט מִיר"?

וָואס אַנְגִיהֶער צוּ לִיבֶּע, הָאבּ אִיךְ אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט הָאבּ אִיךְ נָאךְ דֶערַיין קֵיין בֶּעגְרִיף נִיט, אִיךְ גְלוֹיבּ דָאס מַיין עֶלְטֶער אִיז נָאךְ נִיט רֵייף (צַייטִיג) צוּ פַאר שְׁטֵיין לִיבֶּע, אִיךְ וַויים נוּר פוּן לִיבֶּע צוּ עֶלְטֶערִין, אוּנ פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ אַלֶע מֶענְטְשִׁין.

דָאס אִיז אַבְּלוֹיזֶער פַאלְשֶׁער אוֹישׂ רֵייד — הָאט זִיא מִיט צָארִין גִיזָאגְט, דָאס דִינְט מִיר נִיט פַאר אַיין תִּירוּץ אִיךְ קָאן עֶשׂ צַייגִין דָאשׂ עֶשׂ אִיז נִיט רִיכְטִיג, אָבֶּער אִיךְ פַארְלַאנְג אַרִיכְטִיגִין אַנְטְוָוארְט זַייא לִיבִּין מִיר?.

דָא בִּין אִיךְ וַוייטֶער גִילֶעמְט גִיוָוארִין, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ זִיךְ בַּאלְד בֶּעדַיינְקְט אַיין אַנְטְוָוארְט, מִיט וָועלְכִין אִיךְ הָאבּ גִירֶעכִינְט אַיין עֶנְדֶע צוּ מַאכִין פוּן אִירֶע

פְּרַאגֶעס „וִויא קָאן אִיךְ אִיהְנֶען לִיעבְּען , אִין וֶועלְכִין רֶעזוּלְטַאט קָאן אוּנְזֶער לִיבֶּע הָאבִּין , וֶוען אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין רֶעכֶענֶען מִיר פִּיר אַיין אוֹישׁ וואוּרְף פִּיר אַיין אַפִּיקוֹרֶס אוּנ דָאשׁ וַוייסׁ אִיךְ דָאךְ פוּן דָעם אַנְטְוָוארְט וֶועלְכִין בְּרוּךְ דֶער בְּרוֹיטְווֶערְבֶּער הָאט מַיינֶע עֶלְטֶערִין גִיבְּרַאכְט פוּן אַייעֶר הוֹיז .

חַא חַא חַא ! — הָאט זִיא זִיךְ הֶעלִישׁ פַאר נַאנְדֶער גִילַאכְט , אוּוו טְשָׁאם דְיָעלָא ! דָאס אִיז אַלְץ וַוייל אִיךְ לִיבּ אַייךְ , וֶוער הָאט דָאשׁ אוֹיף גִישְׁפִּילְט דִיא שְׁטוּקֶע אַז נִיט אִיךְ מִיט דִיא הִילְף פוּן שְׁמָערִיל דָעם שׁוֹחֵט , כְּדֵי אָפּ צוּ שְׁטוֹיסִין פוּן מַיין שְׁוֶועסְטֶער דָעם גְלִיק וֶועלְכִין זִיא אִיז נִיט וֶוערְט , אוּנ דֶער דִימָענְט זָאל מִיר אָנְקוּמֶען .

פוּן דִיא וֶוערְטֶער בִּין אִיךְ פַארְטוֹיבְּט גִיוָוארִין , אִיךְ הָאבּ מִיר אִיבֶּער גִיצַייגְט מִיט וָואשׁ פַאר אַיין פַארְדָארְבֶּענֶעם וֶועזִין אִיךְ בֶּעסֶעדֶעוֶוע יֶעצְט , נוּר אוּם דִיא צַייט אָפּ צוּ שְׁטוּפִּין הָאבּ אִיךְ אִיר גִיפְרֶעגְט ; וָואשׁ גִיפִינְט אִיר אִין מִיר זֶעלְכֶעס וָואשׁ הָאט אִין אַייךְ אוֹיף גִיבְּלָאזִין דִיא לִיבֶּע צוּ מִיר ? .

אִין אַייךְ ? — אַשַׁיינֶעס גִיזִיכְט מִיט אַרַיינֶעם גִיוִויסִין , אוּנ דֶערוּם גְלוֹיבּ אִיךְ דָאשׁ זַיי דִירְפִין מִיר אוֹיךְ לִיבִּין , אוּנ דְרוּם קָאן אִיךְ זַיי נִיט לִיבִּין — הָאבּ אִיךְ אִיר מִיט אַיין סִירְיָאזְנֶעם טָאן גִיאַנְטְוָוארְטֶעט . „אִיךְ פַאר שְׁטֵיי זַיי נִיט — הָאט זִיא צוּ מִיר גִיזָאגְט — עֶרְקְלֶערִין זַיי מִיר“ . „אִיר לִיבְּט אַרַיינֶעם גִיוִויסִין , דָאס הַיישְׁט אַגוּטִין כַּארַאקְטֶר , אוּנ אִיךְ לִיבּ אוֹיךְ דָאשׁ זֶעלְבֶּע“ הָאבּ אִיךְ אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט .

הָאבֶּע אִיךְ דֶען נִיט דִיא אֵייגִינְשַׁאפְטִין ? הָאט זִיא גִיפְרֶעגְט .

גִיוִוישׁ נִיט — הָאבּ אִיךְ גִיאַנְטְוָוארְטֶעט — וֶוען אִיר זַייט זָא כַּארַאקְטֶער לָאז מִיט אַיין שְׁוֶועסְטֶער זָא גְרָאבּ זִיךְ צוּ בֶּעגֵיין , אוּנ דָעם נָאמֶען פוּן אַיין רַיינֶעם מֶענְשִׁין אוּמְזָאנְסְט צוּ בֶּעשְׁמוּצִין נוּר דוּרְךְ אַלִיבֶּעס אִינְטְרִיגֶע , וִויא אִיר הָאט מִיט מִיר גִיטָאן זַייט אִיר זַייעֶר מִיט אַיין פַארְדָארְבֶּענֶעם כַּארַקְטֶער , אוּנ אִיר זַייט נִיט ווִירְדִיג גִילִיבְּט צוּ וֶוערִין .

לִיבְּט אִיר מִיר נִיט ! הָאט זִיא מִיט אַיין דָאנֶער שְׁטִימְמֶע אוֹישׁ גִישְׁרִיעֶן אוֹיף שְׁטֵייעֶנְדִיג פוּן אָרְט — אוּנ אִיךְ וַוייסׁ פַאר וָואשׁ , אִיר לִיבְּט אַיין צְווַייטֶע . . דָאשׁ וֶועט אִיר אִימְמֶער גִידַיינְקֶען , מַיין צָארִין וֶועט אִיר בֶּעגֶעגְנֶען אוֹיף יֶעדֶער שְׁרִיט , אוּנ אִיךְ וֶועל אַייךְ זָא סְטְיֶעסְנַאיֶען דָאשׁ אִיר וֶועט פַאלִינְדִיג מִיר צוּ דִיא פִּיס בֶּעטִין מַיין הַאנְד אוּנ אִיךְ וַוייסׁ נִיט אוֹיבּ אִיר וֶועט אִיר קְרִיגִין .

דָאשׁ הָאט זִיא אוֹישׁ גִירֶעט מִיט זָא אַיין הִיטְץ דָאשׁ אַלֶע גְלִידֶער הָאבִּין אִיר פוּן צָארִין גִיטְרַייסִילְט , אוּנ מִיר אִיז פוּן שְׁרֶעק אַקַאלְטֶער שְׁווַייס אִיבֶּער גִילָאפִין , אוּנ זִיא הָאט גִיטָאן אַשְׁלַיידֶער דִיא טִיר מִיט הַאסְט אוּנ אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען .

בַּיי אִיר אַוֶועק גֵיין אִיז מִיר לַייכְטֶער גִיוָוארִין אוֹיפִין הַארְצִין , דֶען אִיר צָארִין הָאט מִיר גִישְׁרָאקִין , אִיךְ וַוייסׁ מַיין פְרַיינְד אַז דוּא וֶועשְׁט דָאשׁ גָאר נִיט גְלוֹיבִּין , דֶען וִויא קוּמְט צוּ אַפְרַיילִין זָא פִיל דְרַייסְט אוּנ חוּצְפָּה , נוּר דוּא מָאגְסְט גְלוֹיבִּין דַיין פְרַיינְד וֶועלְכֶער הָאט אוֹיף זַיין לֶעבִּין נִימַאלְס קֵיין לִיגִין גִיזָאגְט , דָאשׁ דֶערַיין אִיז אַיין וָוארְט קֵיין פַאלְשֶׁער נִיטָא , דָאשׁ אִיז טַאקֶע אַוֶועזִין אַיין

אונ

אונ נאטירליכע, וועלכע גיבט איניג אויף דער וועלט, היינט וויא איז דאס מיר
אויפין הארצין ווען איך דארף מיין צו קונפט אויש היטין פון זא איין ווילדע
טיר, וועלכע אונגראזאיעט מיר אויף יעדין טריט, נור מיין טרייסט איז דאש
מיין צו קונפט איז בייא גאט אין דיא הענד, אבער ניט ביי דיא גיפטיגע
בייזע שלאנג.

איך האב דיר מיין פריינד פארמאטערט מיט מיין פאריגע ערציילונג, מוז
איך דיר פון מיין פריידע אויך מיט טיילין, דאש מיין ליידינדע ליבע צו מיין
טהייערע רבקע זאהנשיין, וועלכע איז איינע געטין דער שיינהייט אין דער
גראציע אונ איין קוועלע פון ריינע גיוויסען, דיזע ליבע וועלכע עש האט מיר
ביז יעצט וויא איין ווארים גיטאצעט אין מיין הערצין, ווייל איך האב זיך
גיצווייפילט אויב דער שליסיל פון איר הארץ איז בייא מיר אין דיא הענט צו
עפענען איהר פערשלאסענעם בלומען גארטין, איך האבע מיט איהר אפט
גישפראכין אבער מיין הארץ האט גישטורעמט ניט וויסינד; אויב דאס איז נור
אליידיגער גישפרעך אדער פיל וויכטיגער, דיזער רעטזאל האט זיך מיר גליקליך
ערקלערט, אין איין טאג וועלכין איך האב שוין מיין פערצווייפלונג אויף מיין
הארץ מער ניט גיקאנט פרעסין, האב איך פיר איר עפינטליך דיא אינערליכעס
מיין הארץ אויש גיגאסין, אונ וויא גליקליך בין איך גיווארין באקומענדיג פון
איר דעם אנטווארט; דאש זיא האט אויך ביז יעצט גילידעט דעם מאנגיל פון
פארצווייפלונג, דען זיא ליבט מיר אויך שטערבליך אונ האט ניט גיוואושט
וואו עש האלט ביי מיר, אבער אין דיזען אויגינבליק איז אונזער ביידינס הערצער
גיהיילט גיווארין, איך בין גליקליך! פריינד! איך בין גליקליך! דיא וועלט איז
מיר ליכטיג זיא שפילט פאר מיר אגישמאקע אפערע, איך ליב דיא וועלט, זיא
באהאנדילט מיר זייער גוט, איך מעכטע איר אומארמען אין איר מיין גליק צו
ערציילין, נור איך בעט בייא גאט דאש אין מיין גליקס בעכער זאל זיך קיין
ניפט ניט פארמישין, עס איז נאך פאראנען היפשע ארבעט דיא וועג צו אונזער
גליק אפ צו ראמען יעצט שיק איך איר אבריף, איך בעשטים איר אויף מארגין
אראנדעוואו, אונ דאן וועלין מיר רעשין אונזער ליבע די עלטערין צו ענדעקין,
מיט וויכטיגע נייעס וועל איך דיר בענאכריכטן דיין עוויג ליבענדער פריינד,

זימיל וויינשטאק

### 3) מזל טוב! מזל טוב!

מזל טוב דיר דרעזעלע! מזל טוב אייך ר' אשר יעקיל אונ עלקעלע! —
האט אויפין פיסק אנגישרייא גיטאן צערנע דיא קלייבערקע אריין קומענדיג צו
ר' אשר יעקלין אין שטוב מיט אקאשיק אין וועלכין עס איז גילעגין מיט אוועך
שטיקער ברויט — דער וואש איך טאר ניט הערין אונ גידיינקען זאל געבין מזל
אונ ברכה מיט לאנגע יאר, עש זאל פון אייך ארויש קומען שיינע פיינע דורות
פון גאטש פארכטיגע יודין, חלעבין עש איז פאראן אין וועמען גיראטין צו
זיין

זַיין, וואוּ קְרִיגְט מֶען דָאשׁ אַזֶעלְכֶע בַּעַל צְדָקוֹת וִויא אִיר זַייט, אָט זֶעט אִיר דִי פִּיס אִיז מִיר גִישְׁוָואלִין גִיוָוארִין אַרוּם גֵייעֶנְדִיג אוּנ סַאהַאקִיל (סַךְ הַכֹּל) אָט דִיא בִּיסִיל בְּרוֹיט הָאבּ אִיךְ גִימַאכְט, פַאר וֶועמֶען זָאל דָאס פְרִיעֶר קְלֶעקִין, עֶס אִיז אַשְׁטָאט פוּל מִיט חַאמָאנֶעצְלַאן (רַחֲמָנָא לִצְלַן) אֶבְיוֹנִים אַסַךְ גִיזִינְטִין גִישְׁוָועלִין פוּן הוּנְגֶער, עֶפֶּעס אַקַאטָאוֶועס אַזֶעטִיגֶע יַקְרוּת יָארִין, אוּנ עֶשׁ אִיז נָאךְ פַארַאן לַיידַאקֶעס וָואשׁ דֶער גֵייעֶן בַּיי מִיר וואוּ טוּא אַהִין דִיא בְּרוֹיט מִיט דִיא גֶעלְט וֶועלְכֶע אִיךְ קְלַייבּ אוֹיף, אַלֶע בֵּייזֶע חֲלוֹמוֹת אוֹיף זַייעֶרֶע קֶעפּ, דֶער וָואשׁ גִיט קַיין סְכָם נִיט זָאל קַיין דֵעָה נִיט זָאגִין, אִיךְ וֶועל זַייא דֶער צֵיילִין מַעֲשׂוֹת וֶועמֶען אִיךְ צוּ טֵייל, אוּנ טָאמֶער דַארְף מֶען דָאשׁ גָאר נִיט מְגַלֶּה זַיין מִיקֶען אֶפְשֶׁר יֶענֶעם דֶער מִיט דִיא בְּלוּט אִין צוּרָה אַרַיין שְׁפַּארִין, אִיךְ הָאבּ פַיינְט צוּ גֶעבִּין דִיא קַבְּצָנִים וָואשׁ אַלֶע וֵוייסִין פוּן זַייא, זַייא וֶועלִין שׁוֹין פַאר הוּנְגֶער נִיט שְׁטַארְבִּין, אִיךְ גִיבּ נוּר אִין אַזֶעטִיגֶע עֶרְטֶער וָואשׁ קֵיינֶער וַוייס נִיט וָואס פַאר אַדַלוּת דָארְטִין אִיז, פַאר אַייךְ מָאג אִיךְ דָאךְ זָאגִין, פוּן אַייעֶר שְׁטוּבּ וֶועט דָאךְ דָאשׁ נִיט אַרוֹישׁ, אוּנ ר׳ שְׁמֶערִיל אִיז דָאךְ אוֹיךְ אַשְׁטוּבִּיקֶער מֶענְטְשׁ אִיר וַוייסְט וֶוער עֶשׁ נֶעמְט בַּיי מִיר הַסְפָּקָה, אִיר וָואלְט דָאשׁ קַיין מָאהְל נִיט גִיגְלַייבְּט, אֶרְצִיק דֶער מַאשָׁאנְדְזְנִיק, נוּ וָואשׁ זָאגְט אִיר, אִיז שׁוֹין פַארַאן וֶועמָען צוּ גֶעבִּין אִיךְ הַאלְט אִים דָאךְ פְּרָאסְט אוֹיף דֶעם לֶעבִּין, (שֶׁקֶר וְכָזָב) לְמַע״ה דָאשׁ זָאל בַּיי אַייךְ בְּלַייבִּין בְּסוֹד... אִין מַחֲשָׁבְתִּין הָאבּ אִיךְ זִיךְ גָאר פַאר רֶעט אִין זַייטִיגֶע זַאכִין, מַזָּל טוֹב אַייךְ! אוּנ מַיין חֵלֶק וֶועל אִיךְ נִיט שֵׁיינְקֶען שְׁמַייטְשׁ ווִיפִיל הָאבּ אִיךְ דָאשׁ גִיוַוארְט דִיא צַייט צוּ עֶסִין אַחֵלֶק פוּן דְרֶעזֶעלֶעס תְּנָאִים, נוּא, מִן הַכְּתַּב אַחָתָן אַצִיקַאוֶוער אַלַייט, פוּן דִי זֶרַע פוּן רַבָּנִים, מֶעזֶעט טַאקֶע. בְּעַשֵׂיינְפֶּערְלִיךְ אַז דֶער וָואשׁ אִיךְ הָאבּ דִיא הֶענְט נִיט גִיוַואשִׁין הָאט אַייךְ מִיט זַיין רֶעבְּטֶע הַאנְט בַּאשִׁירְמֶעט פוּן אַבְרֶעמִיל וַויינְשְׁטָאקְס צוּ לַאכֶעסְנִיק, עֶפֶּעס וִויא נִיט גוּטֶע הָאבִּין זִיךְ צוּ אִים צוּ גִיצֶעפֶּעט, צַייט עֶר הָאט אָנְגִיהֵייבִּן צוּ קוּקִן דִי טְרֵיפָה סְפָ...טְפוּי, טְפוּי... מַיין אִיךְ קְשָׁאנְצְקֶעס... אַייעֶרֶע טֵיגְלִיךְ אִיז עֶפֶּעס הַארְט, אִיךְ הָאבּ נִיט פַאר אַייךְ גִידַאכְט קַיין צֵיינֶער נִיט, אִיךְ קָאן נִיט בַּייסִין, נִיטָא אַפַּאפִּירֶעלֶע, אִיךְ וֶועל דָאס אַוֶועק טְרָאגִין פַאר מַיינֶע אֵיינִיקְלִיךְ... אוֹי אִיךְ הָאבּ זִיךְ מִיר גָאר דִיא קָאפּ פַאר דְרֵייט פוּן אַייעֶרֶע שְׁנַאפְּס, אוּנ אִיךְ דַארְף קָאנְצֶען דִיא שְׁטָאט אַרוּם גֵיין, אִיךְ דַארְף עֶטְלִיכֶע חֲלָאִים לָאבוּנְג אַוֶועק טְרָאגִין, נִיטָא בַּיי אַייךְ אַבִּיסֶעלֶע לָאבוּנְג? מֶעוֶועט זַיי דֶער מִיט פָּסוּט מְחַיֵּיב זַיין, מֶער וִויא בַּיי אַייךְ אוּנ בַּיי ר׳ יוֹנָה זָאהְנְשַׁיין קְרִיג אִיךְ דָאשׁ נִיט, בַּיי זָאהְנְשַׁיינֶען טְרָאגְט דָאשׁ מִיר שׁוֹין אַנְטְקֶעגִין זַיין טָאכְטֶער רִבְקָע, זִיא אִיז אַטַייעֶרֶע קִינְד, אָבֶּער אִיר וֶועט דָאשׁ גְלַייבִּין וָואשׁ אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט, אַז זִיא הָאט זִיךְ אִיזְנוּחָעט מִיט זִימְל וַויינְשְׁטָאקִין, אַז אִיךְ וָואלְט דָאשׁ נִיט זֶעהֶן מִיט מַיינֶע אוֹיגִין, וָואלְט אִיךְ דָאשׁ נִיט גִיגְלַייבְּט, דוּכְט זִיךְ זִיא אִיז גָאר אַצְנוּעָה... אִיר הֶערְט וָואשׁ אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין אַז אַזֶעטִינֶע כְּשֵׁרָה קִינְדֶער וִויא אַייעֶרֶע זַיינֶען אִיז צוּ זוּכִין אוּנ צוּ זִיפִּין, אִין

מחשבתין

מַחְשָׁבָתִין אִיךְ בִּין דָאךְ נָאךְ עֶפֶּעס אַרַיין גִיקוּמֶען . . . דִיא נְדָבָה הָאט אִיר מִיר שׁוֹין אַוֶועק גִיגֶעבִּין אוּנ אֶפְשַׁר . . . אִיךְ הָאבּ לֹא עֲלֵיכֶם נָאר קֵיין קָאפּ נִיט, נָאר נִיט דָאשׁ בִּין אִיךְ אוּיסִין, עֶפֶּעס אַשֵׁיינֶער חָתָן ? אִיךְ דַארְף דָאךְ דָאס וִוִיסִין, עֶס וֶועט זִיךְ אַלְץ וִויא אִיךְ מַאךְ אַשֶׁם . . . אִיר דַארְפְט מִיר נָאךְ צוּ בֶּעטִין פוּן הַסְתָּם וֶועל אִיךְ שׁוֹין מַאכִין אַייעֶר חָתָן אַשֵׁם טוֹב, אִיר זַייט בַּיי מִיר נִיט גְלַייךְ מִיט אַלֶעמֶען, אַגוּטִין טָאג, דֶער בּוֹרֵא בָּרָא זָאל גֶעבִּין מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין צוּ טְרִינְקֶן פוּן הְיֶענֶעלֶעס תְּנָאִים, אֱמֶת חְיֶענֶעלֶע וָושׁ לַאבְשְׁטוּ ? אַגוּטִין טָאג אַייךְ אַלֶעמֶען, אִין מַחְשָׁבָתִין מַיינֶע נְדָבָה הָאט אִיר מִיר שׁוֹין אַוֶועק גִיגֶעבִּין, דֶער וָואס אִין הִימִיל זָאל אַייךְ אַוֶועק גֶעבִּין כֵּפֶל כִּפְלַיִם, אִיךְ גֵייא אִיצְטֶער צוּ ווַיינְשְׁטָאקִין, דָארְטִין וֶועל אִיךְ זַיי אַבִּיסִיל דִי הַארְץ אָפּ עֶסִין, אִיךְ וֶועל דָארְטִין אַבִּיסִיל אַייעֶר חָתָן פַּארְלַייבִּין, אַז זַייא וֶועלִין שׁוֹין דִיא פְּלַאץ קְרִיגִין, אִין מַחְשָׁבָתִין אַגוּטִין טָאג . . . צֶערְנֶע הָאט נָאךְ גִיהַאלְטִין דִיא מוֹיל אָפִין אַזוּ וִויא זִיא וָואלְט נָאךְ הָאבִּין אַפּוּלֶע מוֹיל מִיט רַייד, נָאר עֶשׁ אִיז שׁוֹין נִיט גִיוֶועזִין פַאר וֶועמֶען צוּ רֵיידִין, דֶען אַלֶע זַיינֶען שׁוֹין פוּן אִיר אַוֶועק גִינַאנְגֶען, הָאט זִיא זִיךְ דוּרְכִין מִיר אַרוֹישׁ גִירוּקְט.

אִין אַוַוייל אַרוּם זָעהֶען מִיר דִיא זֶעלְבִּיגֶע קְלַייבֶּערְקֶע בַּייא ר׳ אַבְרָהָם ווַיינְשְׁטָאק אִין הוֹיז אַרַיין גֵייעֶנְדִיג.

אַגוּטֶער מָארְגִין אַייךְ ר׳ אַבְרָהָם! וָואס מַאכְט אִיר לִיפְּסֶע ? אִיר דַארְפְט מִיט אַייעֶר טַייעֶרֶע סְחוֹרָה נִיט אַרָאפּ פַאלִין, אִיךְ מֵיין מִיט אַייעֶר בֶּן יָחִיד, דֶער אֱמֶת שְׁווִימְט אַרוֹיף וִויא בּוֹימְאֵייל, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אַלֶעמֶען דִיא וָואס הָאבִּין אוֹיף אַייעֶר זִימְלֶען גִירֶעט דִיא אוֹיגִין אוֹיס גִישְׁטָאכִין, אוּנ דִיא צוּרֶעס פַאר שְׁפֵּייגִין, שְׁטַייטְשׁ אַייעֶר זִימִל אִיז נִיט פְּרוּם ! הָאבּ אִיךְ אִין אַלֶע גַאסִין גִישְׁרִיעֶן, אִיךְ גִיפִין אִים דָאךְ אַלֶע מָאל זִיצִינְדִיג אִיבֶּער אַגְמָרָא, הֶערְט אִיר ר׳ אַבְרָהָם אִיהְר דַארְפְט קֵיין חֲרָטָה נִיט הָאבִּין וָואס אַייעֶר בֶּן יָחִיד אִיז נִיט אַרַיין גִיפַאלִין צוּ אָשֵׁר יֶעקְלֶען אִין שְׁטוּבּ, זַיינֶע נַבַּן וֶועלְכֶע עֶר גִיט דִי טָאכְטֶער אִיז בְּלוּטִיגֶע גֶעלְט אוֹיף יֶעדֶער גְרָאשִין טוֹיזִינְט קְלָלוֹת, אוּנ אִיר וָואלְט דָאךְ דָאס נִיט קָאנֶען הֶערִין וִויא מֶעשִׁילְט אַייעֶר אֵיינְצִיגֶע קִינְד, הַיינְט אִיז זִיא נִיט וָוערְט אַייעֶר זוּנְס פַּאדֶעסְוֶוע, אָבֶּער דֶער וָואס אִיךְ טָאר זַיין נָאמֶען נִיט דֶער מָאנֶען רֶעכִינְט זִיךְ אָפּ מִיט אַלֶעמֶען, אִיךְ גֵייא אִיצְט פוּן דָארְטִין, הָאבּ אִיךְ דָארְטִין גִיזֶעהֶן אַגַאנְצֶע סוּמַאטָאכֶע, עֶלְקֶע שִׁילְט אוּנ אָשֵׁר יֶעקִיל שְׁרַייט בַּייא דְרֶעזֶעלֶען אִיז דִיא אוֹיגִין פַאר שְׁוָואלִין פוּן גִיוֵויין, זִיא שְׁרַייט זִיא וִויל דֶעם חָתָן נִיט, אוּנ אָשֵׁר יֶעקִיל גִיט אִיהְר פְּרֶעשְׁק, אוֹיף אַלֶע פַאר דָארְבֶּענֶע מֶענְטְשִׁין זָאל מֶען דָאס זֶעהֶן וָואס מִיזֶעהֶט אוֹיף זַייא . . . לִיפְּסֶע הָאט צֶערְנֶען גְלַייךְ דִיא נְדָבָה דֶער לַאנְגְט אוּנ הָאט אִיר נִיט גִילָאזִין קָאנְצֶען אִיהְר דְרָשָׁה.

אוֹיף וִויא וַוייט עֶס אִיז אֱמֶת צֶערְנֶעס רֵייד; אַז דְרֶעזֶעלֶע וִויל נִיט דֶעם חָתָן, הָאבִּין מִיר נֵייטִיג עֶטְוָואס פָארְצוּשְׁטֶעלִין דֶעם חָתָן וֶועלְכֶער הֵייסְט מְנַשֶּׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ, וַויא מִיר קָאנֶען שׁוֹין דְרֶעזֶעלִין אִיהְר כַּארַקְטֶער מִיט אִיר

שוינְהַייט, דַארְפִין מִיר זָאגִין וֶוען מִיר וָואלְטִין דָעם בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ דֶר וָועהָען אַז דָאס אִיז אַוַואהְרֶער בִּילְד אוּנ קָאפְּיֶע פוּן דְרֶעזֶעלֶעם גִיזִיכְט אוּנ זִיטִין, מִיט דָאס צוּ גַאבֶּע דָאס עֶר אִיז גִיוֶועזִין אַיין גְרוֹיסֶער תַּלְמוּדִיסְט אוּנ אוֹיךְ שְׁטַארְק גִיבִּילְדֶעט, אוּנ חָתָן כַּלָּה זַיינֶען זִיךְ גִיפֶעלִין אוֹיף דֶער הֶעכְסְטֶער שְׁטוּפֶע.

## 4) דִיא לֶיעבֶּעם בְּלוּם

בֶּעפָאר מִיר טְרֶעטִין צוּ צוּ דִיזֶען קַאפִּיטִיל, מוּזִין מִיר עֶטְוָואס בֶּעשִׁילְדֶערְן צְוַייא הַייזֶער וֶועלְכֶע שְׁפִּילִין אִין אוּנְזֶער גִישִׁיכְטֶע אַגְרוֹיסֶע רָאלְיֶע· אִין צֶענְטֶר פוּן אוּנְזֶער שְׁטָאט בֶּענֶעבְּסִיף שְׁטֵייט אַהוֹיז וֶועלְכֶע זִיא רֶעכִינְט זִיךְ פִיר דִיא שֶׁענְסְטֶע אִין גַאנְץ שְׁטָאט אִיהְר ווִירְט הַייסְט יוֹנָה זָאהְנְשַׁיין, זַיין גִישֶׁעפְט אִיז אַיין שְׁטוּבּ הַאנְדִיל דָאס הַייסְט אַיין גְרָאס אַרְטִיגֶער טְרַאקְטִיר אוּנ דֶער צוּ אִיז בַּייא אִים אִין הוֹיז דֶער קְלוּבּ, אוּנ דְרוּם אִיז קַיין חִידוּשׁ נִיט וָואס עֶר אִיז בֶּעקַאנְט מִיט פִיל קְרִיסְטִין אוּנ מִיט אַלֶע נַאטְשַׁאלְסְטְוָוא פוּן אוּנְזֶער אוּיֶעזְד וַוייל אַלֶע הָאבִּין בַּייא אִים אִין הוֹיז אַיין אָפְּטִין אַרַיין גַאנְג, אוּנ וַוייל עֶר אִיז זַייעֶר אַקְלוּגֶער מַאן הָאט עֶר טַאקִי גְרוֹיס חֵן בַּייא אַלֶע נַאטְשַׁאלְסְטְוָוא אוּנ עֶר פוּעֶלְט בַּייא זֵייא אַלְץ וָואס עֶר ווִיל, אוּנ דְרוּם אִיז עֶר אוֹיךְ שְׁטַארְק גִיאַכְט אִין דֶער אִידֶעשֶׁער אָבְּשְׁצִיסְטְוָוא, וַוייל יֶעדֶער וֶוער עֶס דַארְף נָאר אָנְקוּמֶען צוּ אַיין נַאטְשַׁאלְנִיק מוּז אָנְקוּמֶען צוּ זָאהְנְשַׁיינֶען, דֶען וָואסֶער אִיד קָאן דָאס אָן קוּמֶען צוּ אַקְרִיסְט אָן אַפֶּערְמִיטְלֶער׳ עֶרְסְטִין וַוייל אַם מֶערְסְטִין קָאנֶען זֵייא נִיט דִיא רוּסִישֶׁע שְׁפְּרַאךְ, אוּנ טַאקִי דְרִיבֶּער הָאבִּין זֵייא קַיין בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט נִיט מִיט אַקְרִיסְט, אוּנ דֶער זָאהְנְשַׁיין וֶועלְכֶער הָאט קַיין כָּבוֹד נִיט פַיינְט, אוּנ נַדייטְלִיכֶער וָואגִינְדִיג טַאקִי נָאךְ לִיבּ אוֹיךְ, הָאט דִיזֶען גִישֶׁעפְט מִיט לוּסְט אָן גִינוּמֶען, וַוייל יֶעדִין מֶענְטְשִׁין פִיר וֶועלְכִין עֶר הָאט עֶטְוָואס אוֹיס גִיהַאדֶעטַייסְטְוֶועוֶועט בַּייא אַיין נַאטְשַׁאלְנִיק, הָאט עֶר דָאךְ פוּן אִים גִיהַאט פִיל עֶהְרֶע, אוּנ דְרוּם הָאט עֶר זִיךְ קַיין מָאל נִיט גִיפוּילְט צוּ גַיין טָאן אַ אִידִין אַטוֹבָה, טָאמֶער אָבֶּער הָאט זִיךְ וֶוער אַדְוַואגֶעט אַלַיין צוּ גַיין עֶטְוָואס בֶּעטִין בַּייא אַיין נַאטְשַׁאלְנִיק, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ דֶער פוּנְדֶער ווָאוּסְט, הָאט עֶר טַאקִי קַאלְיֶע גִימַאכְט אַז דֶער אִיד זָאל סוֹף כָּל סוֹף דַארְפִין צוּ אִים צוּ פַאלִין, אוּנ דַאן הָאט עֶר אִים אַייגִיגֶע מָאל אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין אָבֶּער אַם עֶנְדֶע הָאט עֶר אִים פַארְט גִיטָאן דִי טוֹבָה וֶועלְכֶע עֶר הָאט גִיפָאדֶערְט, אוּנ אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ גִיקוֹיפְט אַסַךְ גוּטֶע פְרַיינְד וֶועלְכֶע הָאבִּין אִים פִיל עֶהְרֶע גִיגֶעבִּין, אוּנ יֶעדֶער בַּעֲלֵי בַּיִת הָאט שׁוֹין פַאר אִים גִיפִירְכְטֶעט פִילַייכְט וֶועט עֶר דַארְפִין אַמָאל צוּ אִים אָנְקוּמֶען, אוּנ דְרוּם הָאט קֵיינֶער נִיט גִיוָואלְט מִיט אִים אַיין רַייסִין, אוּנ יֶעדֶערֶער בֶּעזוּנְדֶער הָאט זִיךְ אַלְץ גִישְׁטַארֶעט וָואס מֶעהְר זָאהְנְשַׁיינֶען צוּ חַנְפֶענֶן, מִיט אַיין וָוארְט דֶער מֶענְטְשׁ אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ גְרוֹיס גִיוָוארִין אוּנ הָאט גִיאַרְבְּט פִיל כָּבוֹד אִין שׁוּל אִין בהמ״ד אוּנ אִין אַלֶע אִידִישֶׁע פַאר זַאמְלוּנְגֶען, זַיין וָוארְט אִיז קֵיינֶער נִיט אַרִיבֶּער אוּנ מִיט דֶער צַייט הָאט עֶר דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט פַארִין נָאז גִיפִירְט.

ער

ער איז געוועזן אמאן פון איאהר זעכציג, אבער גאר ניט פון פאר צייטיגע וועלט, ער האט קינדער אפ גיגעבן צו שטודירן, ער האט ביא זיך אין הויז גישפאצירט אן אמיך זאגאר ווען קיין קריסט איז ניט געוועזן, דאך פלעגט ער גיין אלע טאג דאוונען, אונ ביין דאוונען האט ער מיט אבי וועמען ניט גירעט נאר מיט אדוכאוונע אסאבע, דען ער האט זיך אין דוכאוועונסטווא אויך שטארק גימישט, עס איז דאס מינדעסט ניט אפ גיטאן גיוואורן אן אים, זיין פרויא וועלכע הייסט דאברושע איז געוועזן פיל אינגער וויא ער, — ווייל זיא איז ביא אים דיא צווייטע — אונ ארום איהר איז ווייניג דא צו שרייבן דען זיא איז ניט געוועזן אנדערש וויא אלע פרויען, ארום אים פלעגן שוין ארום פליהען אדיוטאנטין דאס הייסט דער וואס האט גיקאנט אים מער חאנפען, אונ איינער פון דיא אדיוטאנטין איז געוועזן שמעריל דער שוחט, איבער הויבט איז אין זיין הויז אויף איין פערזאן ווירדיג צו אבראשצאיען ווניםאנייע אויף זיין טאכטער ריבעקע, דיא ריבעקע וואהר איין פריילן פון זיבעצעהן יאהר אשיינעס אדעלעס קינד מיט אשארמאנטעס ניזיכט מיט איין צארטין חאראקטער אונ אויך בעזעצט מיט היפש בילדונג, אין שטאט ווערט פון איהר אין גוטין זייט זייער פיל גישפראכן, דיא רבעקע איז דאס דיא גיליבטע פון זימל ווינשטאק אבייכעס קינד וועלכער איז אויך ווירדיג גיליבט צו ווערין, דיא זעלבע רבעקע זיצט זיך ביא נאכט אוהר ניין אין איר קאבינעט ביא איין קלאוויר, אונ נעבין איהר זיצט איין פרויא זייער מיט אשיינעם אויס זעהען, אונ איהרע אדעלע גיזיכטספיצינע האבין גיקאנט צייגין דאס זיא איז איין קלוגע גיבילדעטע פרויא, אויס גיזעהן האט זיא מער ניט וויא איאהר פינף אונ צוואנציג אבער אין דער טהאט וואר זיא אפרויא פון איבער דרייסיג יאהר, זיא הייסט שאפיע דעם היגין ראבינערס יצחק לעווינטאלס איין פרויא, אונ עטוואס וועלין מיר שרייבין פון זייער פאמיליע אונ דיא איבעריגע ווערט דער לעזער זעהן אין פערלויף פון אונזער גישיכטע.

דער ראבינער יצחק לעווינטאל איז איין בערימטער צווישן אלע קאזאנע ראבינער, דען ער איז אין זיין יוגענד גיוועזן אגרויסער תלמודיסט אונ אלעס ער איז אלט גיוועזן איאהר אכטצעהען אונ האט גישפירט דאס ער בעזיצט היפשע בילדונג אונ דאדורך וועט ער לייכט אויס שטודירין אראבינער שולע, האט ער מאקי אריין גיטראטין אין זיטאמירער ראבינער שול אונ האט איהר אין איינינע יאהר פאר פערטיגט אונ האט זיך אויס גיאקזעמענירט ראבינער.

זיין פרויא זאפיע איז דאן גיוועזן איין גיבילדעטע פריילין אין דער שטאט ליבנא, דען דאן האט זיא שוין דורך גימאכט איין פענסיאן אין דער צייט וואס קיין אידעשע מיידיל האט נאך כמעט ניט גיוואוסט דער פון, אונ דער צו איז זיא אנייכין קויפמאנס אטאכטער גיוועזן וועלכער האט איר דרייא טויזינד רובל נאבע גיגעבן, דרום האבין זיך צו איהר זייער פיל הערין גישאדכינט, פארטיגע דאקטורים, טעכנאלאגין, יוריסטין אבער קיינער האט איר חאנט ניט בעקומען

ווייל

וַייל נִיט דָאס הָאט זִיא גִיוָואלְט, זִיא הָאט גִיוָואלְט בְּלַייבִּין טְרַייא דֶעם אִידֶענְטְהוּם דָאס אִיר מַאן אוּנ אִיהְרֶע קִינְדֶער זָאלִין מִיט דֶעם אִידִישְׁן נַאצְיָאן זַיין פַאר בּוּנְדִין, אוּנ דָאס אַלְץ וֶועט נִיט זַיין מִיט דִי אוֹיבִּין גִינַאנְטֶע, גִיוואוֹנְלִיךְ נָאר אַיין אוּנְוִויסִינְדִין קְלוֹיזְנִיק הָאט זִיא אוֹיךְ נִיט גִוָואלְט, נָאר זִיא הָאט גִיזוּכְט אַזֶעלְכִין בַּייא וֶועמֶען רֶעלִיגְיָאן מִיט בִּילְדוּנְג זָאל זִיךְ צוּ זַאמֶען שְׁלִיסִין, אוּנ דָאס הָאט זִיא גִיפוּנֶען אִין דֶעם יִצְחָק לֶעאָנְטַאל, דֶען עֶר אִיז נִיט גְלַייךְ גִיוֶועזִין צוּ אַלֶע אוֹיס גִישְׁטוּדִירְטֶע רַאבִּינֶער, וֶועלְכֶע הָאבִּין דֶעם צְוֶועק פוּן זַייעֶר שְׁטוּדְיָאם דָאס הֵייסְט צוּ בְּלַייבִּין אַגִיבִּילְדֶעטֶער תַּלְמוּדִיסְט נָאר נִיט פַאר שְׁטַאנֶען אָדֶער נִיט גִיוָואלְט פַארְשְׁטֵיין, עֶר אִיז גִיוֶוען אוּוו פָּאלְנָאם סְמוֹיסְלָא אַגִיבִּילְדִיטֶער רַאבִּינֶער וִויא דִיא אִידִישֶׁע נַאצְיֶע טְרֶעבֶּעוֶועט, אוּנ דְרוּם אִיז אִין זַיין גוֹרָל גִיפַאלִין צוּ בֶּעקוּמֶען פַאר אַיין פְרוֹיא דִיא אַדֶעלֶע גִיבִּילְדֶעטֶע זָאפְיֶען, עֶר הָאט מִיט אִיר גִיהֵייַראטֶעט, אוּנ אִיז בַּייא אוּנְז אִין בֶּענֶעפֶסִיף רַאבִּינֶער גִיוָוארִין, עֶר אִיז אִין דֶער טְהַאט סְפַּאסְאבְּנֶע גִיוֶועזִין צוּ דֶער שְׁטֶעלֶע, נִיט וִויא אַנְדֶערֶע רַאבִּינֶער וֶועלְכֶע הָאבִּין נָאר גִיקוּקְט צוּ פַאר גְרֶעסֶערִין דִיא קוּנְדִיצְיֶע פוּן דִי קַארָאבְקֶע אוּם זַייעֶרֶע שְׂכִירוֹת זָאל בֶּעזִיכֶערְט זַיין פוּן דֶער שְׁמֶעטֶע, נַיין, אִין גֶעגִינְטֵייל עֶר הָאט נָאר גִיקוּקְט צוּ פַאר בֶּעסֶערִין דֶעם מַצָב פוּן דֶער שְׁטָאט אִין גַשְׁמִיוּת אוּנ מוּרַאלִישׁ, עֶר הָאט פִיל גוּטֶע אָרְדֶענוּנְגֶען בַּייא אוּנְז אַיין גִיפִירְט פַאר וֶועלְכֶע מִיר דַארְפִין אִים נָאךְ עַד הַיוֹם דַאנְקְבַּאר זַיין, נָאר וִויא גִוואוֹנְלִיךְ נִיט אַלְץ הָאט עֶר גִיקָאנְט רֶעפָארְמִירִין, דֶען וָואס אַנְגִיהֶער צוּ דִיא קָהָלְשֶׁע פַאר דָארְבּוּנְהַייט הָאט עֶר נִיט גִיקָאנְט אוֹיס בֶּעסֶערִין וַוייל עֶר פְלֶעגְט בַּאגֶעגְנֶען אַמֶעכְטִיגֶע קְרַאפְט פוּן גֶעגְנֶער וֶועלְכֶע עֶר הָאט נִיט גִיקָאנְט זִיגִין, נָאר אוֹיף זַיין אַיין פֶעלֶער מוּזִין מִיר אִים אָנְטֶערְקִין וֶועלְכֶער בַּשְׁטֵייט אִין דֶעם; דָאס עֶר הָאט זִיךְ נִימָאלְס מִיט קֵיינֶעם בֶּערָאטִין, נָאר דָאס וָואס בַּייא אִים אִיז אוֹיס גִיקוּמֶען עֶס מָאג זַיין נִיט אַזוֹ גְלַייךְ, הָאט עֶר עֶס גִימוּזְט אוֹיס פִירִין, אוּנ דֶער מִיט הָאט עֶר מַאנְכֶע פֶעלֶערִין גִימַאכְט וַוייל זַיין סְפִּילְצְיוָואסְט אִיז גִיוֶועזִין אוּנ בֶּעשְׁרַייבְּלִיךְ, זַיין פְרִידָאנָאסְט פַאר דִיא שְׁטָאט אוּנ זַיין אָרוּנְטְלִיכְקַייט וֶועלִין מִיר גִיפִינֶען אִין דִיא וַוייטֶערְדִינֶע קַאפִּיטְלֶען פוּן אוּנְזֶער גִישִׁיכְטֶע, אוּנ יֶעצְט הָאבִּין מִיר נַייטִיג זִיךְ אוּם צוּ קֶערִין צוּ דִי צְוַוייא פֶערְזָאנֶען דָאס הֵייסְט רִבְקֶע אוּנ זָאפְיֶען וֶועלְכֶע מִיר הָאבִּין גִיפוּנֶען בַּייא רִבְקֶען אִין גַאבִּינֶעט בַּייא אַיין פְּיַאנֶע זִיצֶענְדִיג.

רִבְקֶע אִיז מִיט אִיר גִיזֶעלִין גִיזֶעסִין בַּיין קְלַאוִויר, אַוַויילֶע הָאט זִיא גִישְׁפִּילְט אוּנ אַוַויילֶע הָאט זִיא גִישְׁפְּרָאכִין מִיט זָאפְיֶען זָאגַאר גַאנְץ שְׁטִיל אָבֶער זַייעֶר פַאר אִינְטֶערֶעסִירְט, עֶשׂ אִיז אוֹיף אִיר גִיוֶועזִין צוּ עֶרְקָאנֶען טְרִיוָואגֶע עֶס אִיז גִיוואוֹנְלִיךְ גִירֶעט גִיוָוארִין וֶועגִין וָואס וִויכְטִיגֶס, וֶועלְכֶע עֶס אִיז אוּנְז נַייטִיג צוּ וִויסִין.

אַזוֹ וֶועט עֶר הַייטֶע בַּאלְד הִיר קוּמֶען? פְרֶעגְט זָאפְיֶע.

יַא גַאנְץ גִיוִויס — עֶנְטְפֶערְט רִבְקֶע — וֶוען וַוינְשְׁטָאק הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכִין

גלייב

גְלַייבּ אִיךְ דָאס עֶר וֶועט עֶס עֶרְפִילִין , אוּנ אִיבֶּער הוֹיבְּט וֶוען אִיךְ רֶעכִין דָאס
אוּנְזֶער זֶעהֶן זִיךְ מַאכְט אִים פֶּערְגֶנִיגִין זָא גְלַייךְ וִויא מִיר, נָאר בַּייא מִיר אִיז
דִיא פֶּערְגֶנִיגִין פַאר מִישְׁט מִיט קִימְמֶער .
אוּנ אִיךְ רֶעכִין דָאס אִיר בֶּעזָארְגְט זִיךְ אוּמְזָאנְסְט אַייֶערֶע עֶלְטֶערִין וֶועלִין
אַייךְ נִיט הִינְדֶערִין פוּן זָא אַיין פַּארְטַייא , צוּ דֶען הָאבִּין זַייא נִיט קַיין אוֹיגִין
אָדֶער פַארְשְׁטַאנְד צוּ בֶּטְרַאכְטִין דִיא וִוירְדִיגְקַייט פוּן זִימְל וַויינְשְׁטָאק, עֶר אִיז
דָאךְ אִין דֶער טְהַאט ווירְדִיג צוּ זַיין אַייֶער לֶעבֶּענְס בֶּעגְלַייטֶער , הָאט זָאפְיֶע גְזָאגְט .
אִיהְר ווייסְט אַיינְס אָבֶּער אִיךְ וַויים צְווייא — הָאט רִבְקֶע גִיזָאגְט — אִיךְ
קָאן מַיין פָּאטֶער זֶייעֶר גוּט , עֶר אִיז זֵייעֶר אַיין אוּפָּארְנֶער , (עַקְשׁוֹן) עֶס קָאן
קֵיינֶער נִיט אָפּ וֶוענְדִין פוּן זַיין וואוּנְשׁ , אוּנ וֶוען עֶר הָאט בַּייא זִיךְ גִירֶעשֶׁעט
מִיר אוֹיס צוּ גֶעבִּין פַאר אַיין גִישְׁטוּדִירְטִין — וֶועלְכֶע אִיךְ לַייד נִיט — אִיז דָאס
אַזוֹ וִויא פַאר פַאלִין , אוּנ דְרוּם הָאבּ אִיךְ מַיין לִיבֶּע צוּ זִימְלֶען שְׁטֶענְדִיג אִין
זִיךְ גִיפְּרֶעסְט אוּנ הָאבּ דָאס אִים נִיט עֶנְדֶעקְט , דֶען וָוארוּם זָאל אִיךְ אִים אִין
פַאלְשֶׁע הָאפֶענוּנְג פַאר פִירִין ? נָאר וֶוען עֶר הָאט דִי שְׁטְרוּנֶע פוּן מַיינֶע גִיפִילִין
בֶּערִירְט , אוּנ הָאט זַיין מַאגֶענֶעט צוּ מַיין הַארְץ גִינֶעהֶנְט , דַאן הָאט מַיין פַאר
שְׁטִיקְטֶע לִיבֶּע וִויא אַיין פַארֶע אוֹיס גִיזֶעצְט , אָבֶּער יֶעצְט בֶּערַייהֶע אִיךְ אוֹיף
דֶעם זֵייעֶר שְׁטַארְק , דַיינְקֶענְדִיג צוּ וָואס פַאר אַיין עֶנְדֶע אוּנְזֶער לִיבֶּע קָאן אוּנְז
בְּרַיינְגֶען , אִיךְ בֶּעדוֹיעֶר אִים גַאנְץ שְׁטַארְק , דֶען פִילַייכְט וֶועט אוּנְזֶער לִיעֶבֶּע
אַיין שְׁלֶעכְטִין רֶעזוּלְטַאט הָאבִּין דַאן וֶועל אִיךְ זִיךְ אַלֵיין נִיט קָאנֶען שַׁיינְקֶען ,
דְרוֹיף וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ מִיט לִיעֶבֶּע צוּ אִים עֶרְקְלֶערְט , דֶען דֶער מִיט וֶועט
גִיטָאפּוּלְט זַיין זַיינֶע שְׁמֶערְצִין , וַוייל יֶעצְט רֶעכִינְט עֶר דָאס דִיא וֶועג צוּ אוּנְזֶער
גְלִיק אִיז גָאר נָאהֶענְט מִיטִין הַאנְד צוּ עֶרַייכִין , הַיינְט וִויא גִילֶעמְט וֶועט עֶר
דָאס וֶוערִין וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ אַרוּם זֶעהֶען דָאס דֶער גְלִיק אִיז נָאךְ וַוייט פוּן
אִים , אוּנ עֶר מוּז נָאךְ אַטִיפִין זוּמְפּ בִּיזִין הַאלְז בְּרָאדְזֶען בִּיז עֶר וֶועט צוּ מִיר צוּ
קוּמֶען , אוּנ וָוער וַויים ? . . . אָ , אִיךְ שׁוֹידֶער מִיךְ בַּייא דִיזֶען גִידַאנְקֶען !
נוּא , וָואס דַיינְקְט אִיהְר יֶעצְט צוּ טָאן ? הָאט זָאפְיֶע גִיפְרֶעגְט.
אִיךְ דַיינְק — הָאט רִבְקֶע גִיעֶנְטְפֶערְט — בִּיזִין הַאלְז גֶעגִין שְׁטְרָאם צוּ
שְׁווִימֶען , אַלֶע וֶועלִין מִיט מַיין קֶערְפֶּער דוּרְךְ צוּ שְׁנַיידִין , בִּיז . . . בִּיז אִיךְ וֶועל
מַיין וואוּנְשׁ עֶרַייכִין , אָדֶער אִיךְ וֶועל צוּם גְרוּנְד פַאלִין , אוּנ וֶועל מִיט מַיין
לֶעבִּין צָאהְלִין .
זַייא זַיינֶען גְלִיקְלִיךְ ! — הָאט זָאפְיֶע אוֹיס גִישְׁרִיעֶן — זַייא זַיינֶען גְלִיקְלִיךְ
דַאמִיט וָואס זַייא הָאבִּין גִינוּג דְרַייסְט זִיךְ צוּ פֶעכְטִין נֶעגִין דִי הִינְדֶערְנִישֶׁע וֶועלְכֶע
עֶס שְׁטֵייט אַייךְ פָאר , אוּנ וֶוען מֶען שְׁטְרַייט מִיט עֶנֶערְגִיע מוּז מֶען זִיגִין , אִיר
הָאט זָאגַאר נָאךְ פִיל מִיהֶע , אָבֶּער אִיהְר מוּזְט דָאס נָאךְ דַאנְקְבַּאר זַיין , וַוייל
דָאס וֶועט אַייךְ פִיל מֶעהֶר דֶעם גְלִיק פֶערְזִיסִין .
יַא יַא , אִיךְ פַארְשְׁטֵיי דָאס — זָאגְט רִבְקֶע — אַז וֶוען מֶעוֶוענְדֶעט אָן
אַלֶע קְרֶעפְטִין קֶען מֶען דֶעם שְׁטְרָאם פוּן יַם אַרִיבֶּער שְׁווִימֶען , אָבֶּער וִויא
פעכט

פֶּערכְט מֶען זִיךְ מִיט דִיא ווִילְדֶע וַואשֶׂער מֶענְטְשִׁין , אוּנ ווִילְדֶע שְׁוַויינֶען ווֶעלְכֶע אִין מֶעהְר גִיפִינֶען זִיךְ , זַייא לוּגִין נָאר דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגְן מֶענְטְשִׁין אַיין צוּ שְׁלִינְגֶען , אָ ! דִי ווִילְדֶע טְהִירִין דְרָאהֶען מִיר מַיין צוּ קוּנְפְט , אִיךְ פִּירְכְטֶע מִיר זַייא זָאלִין מִיר מַיין ווֶעג נִיט אִיבֶּער שְׁלָאגִין , דֶען זַייא גִיפִינֶען זִיךְ אוֹיף יֶעדֶער טְרִיט , אוֹיךְ פַאר דֶעקִין זַייא זִיךְ אוּנְטֶערִין וַואסֶער מִיזָאל זִיךְ פוּן זַייא נִיט הִיטִין אוּנ מַאנְכֶע שְׁטֶעלִין זִיךְ פָאר אִין מִיטִין יַם ווִיא עֶפֶּעס אַ חוֹמֶר ווִיא אַשְׁטִיק הָאלְץ אוּנ דָאס גְלַייכִין , צוּ ווֶעלְכֶע דֶער שְׁווִימֶער לוֹיפְט צוּ זִיךְ אָן צוּ חַאפִּין אוּנ בַּקוּמֶען רֶעטוּנְג , נָאר ווִיא עֶר קוּמְט אִין דֶער נֶעהֶע דֶער זֶעהֶט מֶען דֶעם אוּנְגְלִיק , דִיא ווִילְדֶע טְהִיר עֶפִינְט אוֹיף אִיר ווִילְדֶע מוֹיל מִיט דִיא מַאסֶע שַׁארְפֶע צֵיינֶער ווֶעלְכֶע זֶעהֶט אוֹיס ווִיא דִי הֶעלֶע , אוּנ דֶער אוּנְשׁוּלְדִיגֶער מֶענְטְשׁ ווֶערְט אַיין גִישְׁלוּנְגֶען בֶּעפָאר עֶר זֶעהֶט זִיךְ נָאךְ אַרוּם , אָט פַאר דִיא חַיוֹת רָעוֹת ווֶעלְכֶע זַיינֶען אִין מֶענְטְשְׁלִיכִין אוֹיס זֶעהֶן פַאר קְלַיידֶעט פַאר זַייא שְׁרֶעק אִיךְ זִיךְ , אִיךְ זָאל נִיט דִינֶען פַאר אַיין גִירִיכְט צוּ זֵייעֶר מָאהְלְצַייט , אִיךְ זָאל נִיט גִיבְּרָאטִין ווֶערִין אוֹיף זַייעֶר קִיךְ אִין ווֶעלְכֶע עֶס פְּרֶעגְלֶען זִיךְ מֶענְטְשִׁיסֶע קֶעפּ אוּנ גַאנְצֶע קֶערְפֶּער .

אִיהְר הָאט רֶעכְט , טְהַייעֶרֶע רִבְקָע ! — הָאט זָאפְיֶע נִיזָאגְט אִיהְר אוּמַארְטֶענְדִיג — אִיהְר זַייט גוּט בֶּעקַאנְט אִין דֶער ווֶעלְט , פַאר דִיא מֶענְטְשִׁין אִיז צוּ פִּירְכְטִין נָאט שִׁירְמֶע אוּנְז פוּן זַייא !

אִין דֶעם הָאט זִיךְ דִיא טִיר גִיעֶפִינְט אוּנ זִימְל וַויינְשְׁטָאק אִיז אַרַיין , עֶר הָאט זִיךְ הֶעפְלִיךְ פֶערְנֵייגְט , אוּנ מִיט אַיין פְרַיינְדְלִיכִין הַאנְד דְרִיק הָאט עֶר זַייא גְרוּסְט , אוּנ סַאגְלַאסְנָא מִיט רִבְקָעס פֶערְלַאנְג הָאט עֶר זִיךְ לֶעבִּין אִיר גְזֶעצְט .

עֶס אִיז מִיר עֶרְלוֹיבְּט צוּ פְרֶעגִין פוּן וָואס אִיהְר הָאט נִישְׁפְּרָאכִין בַּייא מַיין יֶעצְטִיגִין אַרַיין קוּמֶען ? — הָאט וַויינְשְׁטָאק גִיפְרֶעגְט .

יַא , — עֶנְטְפֶערְט רִבְקָע — אוּנ אִיךְ קָאן אַיךְ גְלַייךְ אַנְטְוָוארְטִין דָאס מִיר הָאבִּין צְווִישִׁין זִיךְ אַיין סְפָּאר ווִיא מֶעשְׁפִּילְט אוֹיס דִיא אָפֶּערֶע רָאבֶּערְט דְיַאבּוֹל . אוּנ אִיךְ בִּין גָאטָאוו זִיךְ צוּ פֶערְלָאזִין אוֹיפִין הֶער וַויינְשְׁטָאק , ווִיא עֶר ווֶעט אוֹיס שְׁפִּילִין זָא אִיז עֶס גִיווִיס רִיכְטִיג — זָאגְט זָאפְיֶע .

פוּן מַיינֶער זַייטֶע אוֹיךְ — זָאגְט רִבְקָע — אִיךְ פֶערְלָאז זִיךְ אוֹיפִין הֶער וַויינְשְׁטָאק אִין גַאנְצִין . . . „הֶער וַויינְשְׁטָאק“ הָאבִּין זַייא בֵּיידֶע צוּ אִים גְזָאגְט — „מִיר בֶּעטִין נִיפֶּעלִיגְס צוּ שְׁפִּילִין דִי אָפֶּערֶע . . . רָאבֶּערְט דְיַאבּוֹל אוּם צוּ מַאכִין אַיין עֶנְד פוּן אוּנְזֶער רַאזְנָאגְלַאסְיֶע“ .

אִיךְ נֶעם עֶס מִיט פֶערְגְנִיגִין אָן — זָאגְט וַויינְשְׁטָאק — אָבֶּער מִיט דֶעם בֶּעדִינְג דָאס דֶער בֶּעזִיגְטֶער זָאל מִיר פַאר מַיין מִיהֶע בֶּעלָאהְנֶען , עֶר הָאט דָאס מִיט אַיין שְׁמֵייכִיל נִיזָאגְט זֶעצִינְדִיג זִיךְ לֶעבִּין קְלַאווִיר , עֶר הָאט דִיא אָפֶּערֶע קִינְסְטְלִיךְ אוֹיס גִישְׁפִּילְט , אוּנ דֶער פּוּנְקְט פוּן זַייעֶר פַאלְשִׁין סְפָּאר הָאט זִיךְ אִין פֶערְגֶנִיגִין פַאר ווֶעקְסִילְט , דֶען זַיין שְׁפִּילִין הָאט זַייא אִין הַארְצִין אַרַיין גִידְרוּנְגֶען , דְרוּם זַיינֶען זַייא גִיבְּלִיבִּן אַיינִיגֶע ווַיילִין שְׁטִיל ווַייל זַייא הָאבִּין זִיךְ גָאר פַאר

געסין

גֶעסִין וֶועגִין וָואס דָא גֵייט, אוּנ נָאךְ אַקְלֵיינֶע פּוּיזֶע הָאט זָאפִיֶע אוֹיס גִישְׁרִיעֶן:
»ווינָאנַוואט! אִיךְ בִּין בֶּעזִינְט: וַויינְשְׁטָאק שְׁפִּילְט וִויא רִבְקָע, אָבֶּער מִיט וָואס קָאן אִיךְ אִיהְנֶען בֶּעלָאהְנֶען הֶער וַויינְשְׁטָאק? אִיךְ גְלוֹיבּ אַז דִיא בֶּעסְטֶע וַואזְנַאגְרַאזֶדענִיֶע וֶועט יֶעצְט פַאר אַייךְ זַיין מַיין אַוֶועק גֵיין, דָאס אִיךְ זָאל זִיךְ נִיט אַרַיין מִישִׁין אִין אַייֶער פְּרִיסוּטְסְטְוָוא, דָאס הָאט זָאפִיֶע מִיט אַיין שְׁמֵייכִיל אוֹיס גִירֶעט, אוּנ הָאט אִיהְר הַאנְד אוֹיס גִישְׁטְרֶעקְט אָפּ שֵׁייד צוּ נֶעמֶען, אוּנ אוּמְזָאנְסְט הָאבִּין זַייא אִיר פַאר זִיכֶערְט דָאס זִיא וֶועט זַייא גָאר נִיט הִינְדֶערִין מִיט אִיר פַאר בְּלַייבִּין, אִין גֶעגֶענְטְהֵייל אִיר פְּרִיסוּטְסְטְוָוא שַׁאפְּט זַייא פֶערְגֶנִיגְן, דֶען זָאפִיֶע הָאט אָפּ שֵׁייד גְנוּמֶען אוּנ אִיז אַרוֹיס.

אַהִיפְּשֶׁע צַייט נָאךְ זָאפִיֶעס אַוֶועק גֵיין, זַיינֶען אוּנְזֶערֶע צְוֵוייא פֶערְלִיבְּטֶע גִיזֶעסִין זֵייעֶר שְׁטִיל, נוּר אַם עֶנְדֶע הָאט דִיא שְׁטִילְקַייט אִיבֶּער גִישְׁלָאגִין אַיין זִיפְצְט וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ פוּן רִבְקָעס הַארְץ אוֹיס גִירִיסִין, „וָוארוּם זִיפְצֶעסְט דוּא? פִילַייכְט אִיז דִיר מַיין יֶעצְטִיגֶער בֶּעזוּךְ צוּ לַאסְט"? פְרֶעגְט וַויינְשְׁטָאק.

אִין גֶעגֶענְטְהֵייל — עֶנְטְפֶערְט רִבְקָע — דַיין גִיזֶעלְשַׁאפְט שַׁאפְט מִיר פֶערְגְנִיגִין, אוּנ צוּ עֶרְשְׁטְרֵייט אַלֶע קוּמֶער, אוּנ זָא גְלַייךְ וִויא פִיר דִי זָאנְגֶע מוּז דֶער שָׁאטִין אַנְטְלוֹיפִין, זָא שֶׁעפְּט אוֹיס דֶער זִיפְץ דָאס קוּמֶער פוּן מַיין הַארְץ בַּייא דַיין עֶרְשַׁיינוּנְג, נוּר וָואס בִּיסְטוּ מַיין לֶעבִּין זָא פֶערְטְרַאכְט?

אִיךְ דֵיינְק יֶעצְט, וִויא גָאט קָאן דָאס אוּנְמַאכִין אִין אַקוּרְצֶע צַייט אַיין אָבְּסְטָאַיאטֶעלְסְטְוָוא, אִיךְ פִיל יֶעצְט דֶעם אוּנְטֶערְשֵׁייד פוּן אוּנְזֶער יֶעצְטִיגֶע גִיזֶעלְשַׁאפְט פוּן דִיא בִּיז אַהֶערִיגֶע, דוּכְט זִיךְ דִיא זֶעלְבֶּע פֶערְזָאנֶען אוּנ אוֹיף דֶעם זֶעלְבִּין אָרְט, נוּר עֶס אִיז יֶעצְט אַלְץ גָאר אַנְדֶערְס, דַאן הָאט מִיר מַיין הַארְץ גִירוּישְׁט, דוּ הָאסְט מִיר אוֹיס גִיזֶעהֶן וִויא אַבּוּרְלַאנְטֶענֶער צִירוּנְג וֶועלְכֶער שְׁטֵייט אוּנְטֶער אַגְלָאז אִין אַיין הַאנְדִיל פוּן דִימַאנְט וַוארְג, פוּן וֶועלְכִין דִי אוֹיגִין פֶערְבְּלַאנְקְט אָבֶּער עֶס אִיז נִיט צוּ בֶּערִירִין, אָבֶּער יֶעצְט! אִיז אַלֶעס גַאנְץ אַנְדֶערְס, אַלֶעס וָואס פִיר מִיר שַׁיינְט מִיר זֵייעֶר לִיכְטִיג, אִיךְ אַטְהֶעם פְרַייא, דוּא בִּיזְט מִיר גִיגְלִיכִין וִויא אַבּוּרְלַאנְטֶענֶע שְׁפִּילְקֶע וֶועלְכֶע אִיךְ צִיהְר אָן אוֹיף מַיין הַארְץ, נוּר שְׁפּוּרִין פוּן הַארְץ קְלַאפּוּנְג אִיז נָאךְ בַּיי מִיר גִיבְּלִיבִּין מַיין הַארְץ וִויל נָאךְ נִיט גְלוֹיבִּין דָאס אִיךְ בִּין מִיט מַיין גְלִיק אִין גַאנְצִין פַארְטִיג, זִיא אִיזְט נָאךְ אִין דֶעם פֶערְצְוֵוייפִילְט.

אוּמְגָאטֶעס וִוילִין לִיבֶּער זִימְל! דֶער מַאן גָאר נִיט תֶּעגִין צְוֵוייפְלוּנְג אִין אוּנְזֶער גְלִיק, וָוארוּם דִיזֶער עֶרְאִינֶערוּנְג שְׁפַּאלְט מִיר דִיא קָאפּ אוּנ פַאר וואוּנְדֶעט מִיר דִיא הַארְץ, מִיר מוּזִין אוֹיף עֶוִויג פֶערְאַיינִיגְט וֶוערִין, דוּא בִּיזְט מַיין זֶעלֶע, אוּנ אָן אַזֶעלֶע קָאן קַיין קֶערְפֶּער נִיט לֶעבִּין, מֶעקָאן דֶעם קֶערְפֶּער נִיט לֶעבֶּעדִיג מַאכִין מִיט אַיין צְוֵוייטִינְס אַיין נְשָׁמָה, אוּנְזֶער לִיבֶּע קָאן זִיךְ נִיט פֶערְגְלַייכִין צוּ אַנְדֶערֶע דֶען אוּנְזֶער לִיבֶּע אִיז גִיפְלָאכְטִין פוּן אוּנְזֶער קִינְדְהַייט צַייט מִיר זַיינֶען פִינְף זֶעקְס יָארִיגֶע קִינְדֶער גִיוָוארִין הָאבִּין מִיר זִיךְ שׁוֹין גִילִיבְּט, אוּנ דִיא לִיבֶּע הָאט אַלְץ מִיט שְׁטוּפִין גִישְׁטַייגְט בִּיז יֶעצְט, דָערוּם קָאן זִיא

זיך

זִיךְ נִיט פַארְגְלַייכִין מִיט אַיין לִיבֶּע וֶועלְכֶע וֶוערְט פוּן אַיין גִישְׁפְּרֶעךְ גִיבָּארִין, מִיר מוּזִין זִיךְ אוֹיף עֶווִיג פֶערְאַיינִיגִין! עֶס אִיז זָאנַאר נָאךְ פַארַאן פִיל אַרְבֶּעט אוֹים צוּ רַאמֶען דִיא וֶועג וֶועלְכֶע פִּירְט אוּנְז צוּם גְלִיק, נָאר מִיט גָאטְס הִילְפֶּע אִיךְ וֶועל מַיין אַלֶע קְרֶעפְטִין אָנְוֶוענְדִין אוּנְזֶר צִיל צוּ עֶרַייכִין, אוּנ אִיךְ וֶועל עֶס אוֹיסְפִירִין, אִיךְ וֶועל פַאר מַיין פָאטֶער מַיין הַארְץ עֶנְדֶעקִין, אוּנ אִיךְ גְלוֹיבּ דָאשׁ עֶר וֶועט זַיין טָאכְטֶער וֶועלְכֶע עֶר לִיבְּט וִויא זַיין לֶעבִּין, נִיט לָאזִין שְׁטַארְבִּין דוּרךְ דֶעם וָואס עֶר וָועט אִיר פוּן אִיר וואוּנְשׁ אָפּ וָוענְדִין, נַיין! אִיךְ קָאן דָאס אוֹיף אִים נִיט גְלַייבִּין, עֶר וֶועט מִיר נִיט זָא טִירַאנִישׁ בֶּעהַאנְדְלֶען, אוּנ וֶוען-יַא! הָאט רִבְקָה אוֹים גִישְׁרִיעֶן בֶּעגִיסִינְדִיג זִיךְ מִיט טְרֶערִין — אִיז נָאךְ אוּנְזֶער וָואפְרָאס נִיט גִיעֶנְדִיגְט, אִיךְ וֶועל מִיט אַבִּיטֶערֶע הַארְץ מַיין פָאטֶערְס הוֹיז פַארְלָאזִין, אוּנ אִיךְ וָועל גֵיין נָאךְ דִיר, דָען וָואס טוֹיג מִיר מַיין לֶעבִּין, אוּנ וִויא קָאן אִיךְ גָאר לֶעבִּין אָן דִיר מַיין טְרַייסְט!.

אוּנ אִיךְ בִּין פַארְטִיג מִיט אָפֶּענֶע אָרִימְס דִיר צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶען, זָאגְט וַויינְשְׁטָאק אוּנ פוּן זַיינֶע אוֹיגִין הָאבִּין גִיפְלִיסְט טְרֶערִין — קַיינֶע שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע אָפְּקְטָאַיַאבָּאלְקְטְוָוא אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְדֶע מִיר אָפּ צוּ שְׁטֵייסִין-פוּן דִיר, מִיט מַיין מוּטְהִיגִין קְרַאפְט אוּנ מִיט דִיא עֶנֶערְגִיע וֶועלְכֶע עֶרְוֶועקְט זִיךְ אִין מִיר וָוען אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ אָן דִיר, וֶועל אִיךְ בֶּערְג צוּ רַייסִין אוּנ אַלֶע וִוילְדֶע טְהִירִין צוּ עֶרְנִיכְטִין וָועלְכֶע עֶס וֶועלִין זִיךְ מִיר פִיר גֶעגֶנֶער פָאר שְׁטֶעלִין.

זַיי זַיינֶען אַיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערִין אוֹיפִין הַאלְז גִיפַאלִין, אוּנ מִיט זַייעֶרֶע הֶענְט הָאבִּין זַיי זִיךְ וִויא מִיט קְלַאמֶערְס אוּמְגִיאַרֶעמְט, זַייעֶרֶע בֵּיידִינְס טְרֶערִין הָאבִּין זִיךְ צוּ זַאמֶען גִימִישְׁט אוֹיף זַייעֶרֶע גִיזִיכְטִין, אוּנ מִיט אַיין לַאנְגִין וַוארֶעמֶען קוּשׁ זַיינֶען זַיי גִישְׁטַאנֶען וִויא אַיין קֶערְפֶּער מִיט אַיין זֶעלֶע, נָאכְהֶער זַיינֶען זַיי אִין דִיא שְׁטוּלִין גִיפַאלִין אוּנ הָאבִּין זִיךְ מִיט טְרֶערִין בַּאנָאסִין, אַזוֹי וִויא זַייעֶרֶע הֶערְצֶער הָאט זַיי גְעזַאגְט דָאס זַיי זַיינֶען אוֹיף זַייעֶר אַנִּיפֶערְלִיכֶע וֶועג אַרוֹיף.

לִיבֶּע לֶעזֶער! מִיר מוּזִין דִיא צְווייא פַארְלִיבְּטֶע אוֹיף אַלַאנְגֶע צַייט אוֹיסִין לָאזִין, ווַייל מִיר הָאבִּין נֵייטִיג וָואס אַנְדֶערְס דֶער וַוייל צוּ שְׁרַייבִּין, נוּר מִיר וֶועלִין בַּאקוּמֶען פוּן זַיי קוּרְצֶע גִירוּסִין, נוּר דָאשׁ מוּזְט אִיר וִויסִין, דָאשׁ זַייעֶר לִיבֶּע אִיז פָארְוֶוערְץ גִיגַאנְגֶען, זִיא אִיז וָואשׁ וַוייטֶער אַלְץ שְׁטַארְקֶער גִיוָוארִין, אוּנ עֶשׁ הָאט שׁוֹין זַיי גִישַׁיינְט גָאר מִיטִין הַאנְט דֶעם גְלִיק צוּ דֶער לַאנְגֶען, נוּר דַאן וֶועלִין מִיר זִיךְ צוּ זַיי אוּמְקֶערִין, אוּנ עֶס וֶועט נָאר אַנְדֶערְשׁ וֶוערִין.

## 5) אַלֶעבִּין וִויא אוּנְטֶער דֶער זוּהְן.

בַּיי דְרֶעזְדֶעלִין מִיט אִיר חָתָן מְנַשֶּׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ אִיז שׁוֹין מִיט מַזָּל חֲתוּנָּה גִיוֶועזִין, אַרוּם דִיא חֲתוּנָּה וֶועלִין מִיר פִיל נִיט רֵיידִין נוּר מִיט אַיין וָוארְט אַז זִיא אִיז גִיוֶועזִין גְרוֹיס אַרְטִיג, פוּן חָתִינָס צַד אִיז גִיוֶועזִין זַיין זֵיידֶע דֶער גָאדְרִינְגֶער רַב אוֹיךְ זַיין פָאטֶער אוּנ נָאךְ אַכְטְצִין רַבָּנִים, מְנַשֶּׁעס מוּטֶער אִיז נִיט

גיט גיוועזין — דיא אורזאך דער פון וועלין מיר פון ווייטער פאר שטיין — פון אשר יעקילס צד זיינען אויך גיוועזין גאנץ שטאט, וואָרום ווער איז דאס ניט אחברה מאן אין וואסער עס איז אחברה, אונ ר׳ אשר יעקיל איז אומאונדראום אנבאי, היינט זיינען דאך אלע מחותנים, אונ דיא חתונה איז גיפייערט גיוואָרין אין בענעכסיף מיט גרויס עפעקט, חילוקים זיינען גיפליגין וויא אהאגיל, אונ דער בארימטער „צונזער" האט אויך אטייל גינומען אין דער שמחה, אכילה ושתיה איז גיוועזין כיד המלך, היינט פאר שטייט זיך אז אלע זיינען אוועק צו פרידענע פון אזא אחתונה, נאר מער פאר אלעמען זיינען פון דער חתונה צו פרידין גיוועזין דער חתן מיט דיא כלה, דיא וואס ליבין זיך פון יארין לאנג אונ זיינען דורך אלע מהדורי גיהנם אונ דער נאך דער לעבין זייא זייער האכצייט, קאנען זיך אזו פיל ניט פרייען וויא אונזער נייע פאר פאלק, דען דאס איז גיוועזין אזא בעשערטע פאר אזעטיגע גלייכע פערזאנען וויא דיא וועלט זאגט: „וויא איין מאמע האט זיי גיהאט" עס איז אוועק אפערלויף פון עטליכע מאנהייטין נאך זייער האכצייט, אונ דיא פאר פאלג האבין גיבליהט וויא צווייא גארטין בלומען אויף איין שטאם, יעדע ווייל יעדע זעקונדע האט זייא מיט פערגניגין גיזעטיגט, זיי האבין זיך איינער פון דעם אנדערין ניט גיקאנט אטלטשאיען, מנשען איז נאר איין זאך ניט גיפעלין, דיא אויפירונגען פון זיין שווערס הויז, ער האט ווייניג גיהאנדילט מיט דיא איינגייער פון דיא הויז ווייל זייא האבין אים אויש גיזעהן וויא ווילדע חיות, ער פלעגט אפט מוסערין זיין שווער ער זאל דיא קאראבקע אוועק ווארפין, אשר יעקיל האט אנפאנגס גיוואלט האָרכין צו זיינע מוראלישע רעדעס, נור אם ענדע האט זיך עלקע אויף אים אן גיבייזערט דאס ער זאל שוין מער ניט צו הערין צו דיא נארישקייט, אונ פון דאן אן האט מנשה אומזאנסט פאר דארבין זיינע גאלדענע רייד, מנשה איז אין שטאט אויך זייער פאפוליארנע גיוועזין, ער איז גיוועזין אויס גינומען הן ביי לומדים אונ הן ביי היגע גיבילדיטע לייט, דען אין עס איז גיוועזין פאר וויקילט תורה אונ השכלה, אונ זאגאר ער איז גיוועזין אגרויסער תלמודיסט איז ער אויך ענטוויקילט גיוועזין אין עטליכע איראפייאישע שפראכין.

איין מאל איז ער זיך גיזעסין מיט זיין פרויא דרעזעלען ביא זיך אין צימער אונ האבין זיך אין אגישפרעך פארבראכט, „וויא גליקליך איך בין" האט מנשה צו איר גיזאגט — וויפיל ליידין זיך דאס אן אנדערע דורך ליבעס. אינטריגס ביז זייא ערייכין וועמען זיי ווילין, אונ מאנכע מאלין בערייהען זיי זיך אלעס זיי באקומען שוין זייער באגער, אבער איך האבע גאר ניט גילימין, איך האבע איין שידוך גישלאסין ניט אויס ליבע נור כדרך כל הארץ, דאס הייסט; דורך אונזר זעהן זיך ביא תנאים איינינע שטונדין, וואש אין זא אקליינע צייט איז אמענטשין ניט צו ערפארין אויף דאס מינדעסטע, איך האבע דאן ניט גיוואוסט וואש קומט אן אויף מיין גורל, איך בין שוין פארטיג גיוואָרין אויף אלעס, היינט וויא גליקליך איך בין אלם איך האב באקומען זא איין שאצבארין

דינמאנט

דינמאנט וויא דוא, אונ איך האב ניט גידארפט זיך בריען אנטקעגין דעם פלאם פון דיא ליבעס אינטריגעס, וויא וייט דיא ליבע איז פאר אמענטשין, שעדליך קאן מען אביישפיל נעמען פון דיא בלומע.

וויא שיין אונ פראכטיג עש איז דיא בלומע וועלכע ריכט מיט איר ארמאט, ווען דער פריא מארגין עפינט זיינע ברעטען אויף, צו בליקין אויף איר, ווען איר בלומען בעכער איז אנגיטרונקען מיט טויא, זאגאר דיא האהע בוימען מעגין איר בענידין, וויא זיס די אדעלע ראזע איז צו דיא מענשליכע אויגין, ווען דיא זאהנע שיקט אויף איר דיא ערשטע שטראלין, אונ דיא טראפינס טויא שיינען וויא פינקילדיגע בורלאנטין, זא שיינט זיא ביז דער טאג ווערט פארטיג אונ דיא זאהנע שטייגט ארויף, אויף דעם מיטין הימיל; נור וויא דיא גראסע היטץ פון דער זאהנע דריקט איהר צו, דאן ווערט אויס גיטריקנט דיא טראפינס טויא, איהר גישמאקער אויס זעהן ווערט בלאס, פער וועלקט צו וויאנעט ווערט זיא, אונ איר הייבט מיט דיא גישמאקע פארבין בייגט זיא אראפ, אונ זיא דינט נור דעם מענטשין צו מיטלייד; דאס איז וואהר, דאס פון דיא גיוויקסע האבין מיר איין אורזאך צו לערנען, אונ דיא גאנצע וועלט דינט אונז פאר אביישפיל, וויא אבריף איז דער הימעל פאר אונז פארשפרייט, אונ דיא ערד מיט איר גיבורט איז וויא איין לעהרע בוך, אונ מיט דאס געטליכין שריפט איז עס פאר שריבין, אונ ווען דער מענש לערינט אין דעם גרויסין בוך זיין גאנצין לעבין דאן הייסט ער גיבילדעט אונ גייט אין אגראדע וועג, וויא דיא בלומע אויפין פריא מארגין זא בליהעט דר מענטש אין דעם פריא מארגן פון זיין יוגינד, ביז עס הייבט אין אים אן צו שפראצין צו בליהען דיא ליבע מיט איר לוסט, וועלכע ערשטערט זיין רוהע, אונ ווען זיא פלאמט זיך פארנאנדר מיט איר היטץ דאן ווערט זיין זעהלע פארוקט פון איר שטעכע, זיא ווערט פאר וועלקט ניט ערייכינדיג איר פארלאנג, זא שמאקצעט דיא ליבע אויס דיא מארך פון דיא ביינער, דיא זאפט דאש יוגינד, וואול איז דעם ווער עס וויים ניט פון איר, היינט וויא גרויס דארף זיין מיין פריידע אז איך האב אזא שאץ וויא דיר באקומען, אונ האב פאר הער ניט גיליטין דעם חבוט הקבר וועלכע דיא ליבע ברייננט?.

איך פארשטייעש פון זיך מיין טייערע — האט דרעזעלע גיזאגט — דאס זעלבין גליק איז אויף מיר אויך אן צו קליידין מיר האט אויך איין אונערווארטעטער גליק גיטראפין, מיר זיינען ביידע דיא גליקליכע אין דער וועלט! עס איז אין דער וועלט צו אונז קיין גלייכין ניטא, אין מיין הארץ קאן גאר דיא פריידע זיך ניט איין פרעסין, עש איז איבער דיא מאסין פערגניגין איך פערגין זיך דאס גאר פון מויל ניט אויס צו ריידין, נור אזו וויא אין איין העלין זומהער טאג, ווען דער הימיל איז לויטער, דיא זאהנע שיינט אין איר שטארקייט דאך טרעפט דאש איין קליינער וואלקין וויא איין מענשליכע האנד פאר טונקילט דיא זאהנע אקליינע ווילע, זא בעאונרוהיגט מיר אקליינער שרעק,

וועלכער לעסט אויש אויף איין אויגענבליק מיין פריידע, דא האט זיך דרעזעלע אפּ געהאלטען אונד איין טרויער איז איהר אריבער.

וואס איז דיין שרעק?! וואס שטערט דיר דיין פריידע?! — האט מנשה מיט אונגעדולט אויס געשריען — זאג עס מיר גלייך, ווען דאס איז נאר אנגעהער צו מיר וועל איך דאס גלייך צו ערניכטען, זאג מיר מיין לעבען, מיט גאטעס הילף עס וועט אלץ רעכט ווערין.

ביי דרעזעלין איז דיא געזיכט בלאס געווארין, אין איהרע אויגען האבין זיך געשטעלט צוויא טרערין וויא פּעריל, זיא האט מיט קיין גליד קיין בעוועג געמאכט, אונ מיט איהרע שווארצע אויגין האט זיא געקוקט אויף איהר געמאהל מנשהען.

וואש שווייגסטו מיין איינציגער טרויסט אויף דער וועלט! — האט בלומענקראנץ אויש געשריען ארויף פאלענדיג איהר אויפין האלז אונ בעשיטענדיג איהר מיט טויזענדע קישונג — דער צייל מיר גלייך דיין קומער, נאך אקליינע פויגע קאן איך שוין ניט אריבער טראגין, שיינק מיר מיין לעבין אונ דער צייל מיר שוין גלייך.

זיי רוהיג — האט דרעזעלע קאם אויס גערעט מיט איין שוואכע שטימע — איך וואלט דיר ניט בעאונרוהיגין ווען איך וואלט דאש ניט רעכענען פאר זייער נייטיג, דוא זאלשט וויסין אז דוא ביזט אין אירטהום, דוא רעכינסט אז דוא זיצט צו ווישין רוהיגע שטילע מענטשין, ניין! דאש רייד זיך ניט איין, מיר געפינען זיך צו ווישין ווילדע טהירין וועלכע קאנען אונז אין איין אויגענבליק פאנגען אין זייער נעץ, אונ איך האב בעמערקט דאש דוא ביזט גאר ניט אסטאראזנע, דאש וואש ביי דיר קומט אויש דאש זאגסטו ארויש, אונ דערום שרעקט מיר מיין הארץ פילייכט וועשטו מיט דיינע ווערטער אומגעווערין אנטרעפין אויף אווילדע חיה וועלכע וועט דיר גלייך איינשלינגען.

אונ איך זע פיר זיך קיין געפאר ניט — האט מנשה גענטפערט — דוכט זיך אז מיר קאנען גאנץ רוהיג זיין, ווארום קיין זאך אונרזאיעט אונז ניט, אונ דיין שרעק איז נאר אפאנטאזיע.

דאס איז דיא צרה וואש דוא זעסט קיין געפאר ניט — האט דרעזיל גיענטפערט — וואס דוא זעסט ארום זיך נור פריד, דער פאר שרעק איך זיך נאך מער, דען עס איז פאראן דרייא זאכין וועלכע צו שטערט דיא פריד פון מענשין, צווייא פון זיי איז עפינטליך ניט פארבארגין דערום ווערט פון זיי דער ערדענטליכער מאן גירעטעט, אבער דער דריטער פארבארגט זיך אין דער פינשטער אונ דורך אים ווערין אונשולדיגע געשטרייכילט; ווען אפיינד קומט אויף אלאנד צו שטרייטין אונ צו צשטערין דיא רוהע פון דער לאנד, דאן פארזיכערט מען זיך אויף גאט דאס ער וועט אונטערטהאנען דעם פיינד אונד וועט דעם ארינדליכין מענשין באשירמענען; שלעכטע מענטשין מערדער וועלכע פאלין ארויף אויף איין שטאט צו רבירין אונ אפּ צו רויבין דאס גוטץ פון פרעמדע, אויף דערויף איז פאראן איין פראווא סודייע, אונ אונזערע ריכטער

נעמען

גֶעמֶען דיא מֶערדֶער גִיפַאנגֶען אִין קֵיטִין אונ מֶע פָערְאורְטְהֵיילְט זֵיי וִויא זֵיי הָאבִּין פַאר דִינְט, אָבֶּער נִיט אויף עֶווִיג אוּנגְרַאצִיאֶעט דֶער שְׁטְרַייט שְׁוֶוערְד, אונ נִיט אֵייבִּיג דְרָאהֶעט מֶערְדֶערַיי, דָער שְׁוֶוערְד וֶוערְד אִין דֶער שֵׁייד אַרַיין גִישְׁטֶעקְט, אונ דיא מֶערְדֶערְשֶׁע הַאנְד וֶוערְד דורְךְ גִירִיכְט גִיבּוּנְדִין, אונ דָאס פְרִיד אונ רוּהֶע קֶערְט זִיךְ צוּרִיק אוּם; אָבֶּער עֶווִיג עֶקְסִיסְטִירְט דִיא פַאלְשְׁקֵייט וֶועלְכֶע אִיז פַארְקְלֵיידֶעט מִיט אַיין אָרִינְדְלִיכֶע נַארוּזְנָאסְט, דִיא בֶּעהַאלְטֶענֶע חִיטְרָאסְט פַאלְט נִיט אַרוּנְטֶער אוּנְטֶער גִירִיכְט, אונ וֶוען גָאט זָאל מִיט זֵייא זִיךְ נִיט אָפּ רֶעכֶענֶען קָאנֶען זֵייא עֶווִיג עֶקְסִיסְטִירִין, זֵיי קְלֵיידִין זִיךְ אָן אִין אַפְרוּמֶע קְלֵייד, אונ אִינֶערְלִיךְ וֶוערְט אוֹיס גִיטְרַאכְט וֶועגִין אַלֶע בֶּעזְהַייט, אונ קֵיינֶער קָאן דָאשׁ נִיט בַּאמֶערְקִין, דָאשׁ אִיז גְלַייךְ וִויא אַבֵּייזֶער שְׁלַאנְג וֶועלְכֶער לִיגְט אִין אַבְּלוּמֶען גָארְטִין, עֶר בַּייסְט דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגִין פַאר בַּייגֵייעֶר אונ מֶעקָאן אִים נִיט עֶרְקָאנֶען וַוייל עֶר פֶערְשְׁטֶעקְט זִיךְ צוּ ווישִׁין דִיא בְּלוּמֶען, זָא גִיבְּט עֶס אויךְ זֶעלְכֶע מֶענְשִׁין. וֶועלְכֶע לָאזִין אַרַיין זֵייעֶר גִיפְט אִין אַיין אָרְדֶענְטְלִיכִין מֶענְטְשִׁין, אונ זָאגִין דָאשׁ זֵייא הָאבִּין גָאר קֵיין אוּמְרֶעכְט נִיט גִיטָאן, וַוייל זֵיי הָאבִּין שׁוֹין פָארְהֶער זֵייעֶר גֶעץ פֶערְשְׁפְּרֵייט מִיט דֶעם וָואשׁ זֵייא הָאבִּין אוֹישׁ גִיפוּיקְט דָאשׁ דֶער מֶענְטְשׁ אִיז נִיט פְרוּם, אונ נָאךְ הֶער אִיז דָאךְ שׁוֹין אַמִצְוָה אִים שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טָאן, וַוייל זֵיי רַאמֶען אוֹישׁ דִיא דֶערְנֶער פוּן גָאטֶעס וַויינְגָארְטִין, אָבֶּער דָאשׁ דֵיינְקְט קֵיינֶער נִיט אַז דִיא דֶערְנֶער זֵיינֶען זֵייא נָאר, דֶערוּם טְהַייעֶרֶער מְנַשֶּׁה, דַארְפְסְטוּ ווישִׁין דָאשׁ מִיר גִיפִינֶען זִיךְ צוּ ווישִׁין אַזֶעלְכֶע דֶערְנֶער, עֶשׁ הָאט פִיל יָאר גִידוּיעֶרְט בִּיז אִיךְ הָאבּ זֵיי דֶער קָאנְט, אונ דוּא וֶועסְט זֵיי אויךְ מִיט דֶער צֵייט נִיט שֶׁעצִין נָאךְ זֵייעֶר אוּיבֶּער קְלֵייד נוּר דוּא וֶועסְט דִיא אוּנְטֶערְסְטֶע דֶער טַאפִּין, נוּר דֶער וַוייל זָאלְשְׂטוּ זֵייעֶר אַסְטְרָאזְנֶע זַיין הִיטֶע זִיךְ פוּן דִי ווילְדֶע טְהִירִין טְרֶעט אויף זֵיי נִיט אָן, דֶען זֵייא פַאר שׁוַוייגִין נִיט. „אִיךְ דַאנְק דִיר זֵייעֶר פַאר דַיין נַאסְטַאוולֶיעֶנֶע — הָאט מְנַשֶּׁה גִיזָאגְט, אונ הָאט זִיךְ אויף גִישְׁטֶעלְט אַרוֹישׁ צוּ גֵיין פוּן זַיין צִימֶער, אונ. עֶס הָאט זִיךְ אַשַׁאסְק נִיטָאן בַּיין טִיר פוּן זֵייעֶר צִימְמֶער.

## 6) דִיא נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶע.

נוּא וָואס אַסְנֶע! — הָאט חְיֶענֶעלֶע גִיזָאגְט צוּ אִיר דִינְסְט מַאד וֶועלְכֶע אִיז אָקָארְסְט אַרַיין גִיקוּמֶען — וָואשׁ הָאסְטוּ גִיהֶערְט בַּיי דְרֶעזֶלִין אוּנְטֶערִין טִיר; וָואשׁ הָאט מְנַשֶּׁה מִיט אִיר גִירֶעט? אַסְנֶע הָאט חְיֶענֶעלִין אִיבֶּער דֶער צֵיילְט אַלֶעס וָואשׁ זִיא הָאט גִיהֶערְט וָוארְט בַּיי וָוארְט, אויךְ וִויפִיל קוּשִׁין זֵיי הָאבִּין אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין גִיגֶעבִּין.

חְיֶענֶעלֶע אִיז אַצוּקָאכְטֶע גִיוָוארִין, אַזוֹי! — הָאט זִיא מִיט זִיךְ גִירֶעט — אַזוֹ וַוייזְט דָאךְ אוֹישׁ אַז עֶר לִיבְּט אִיר! עֶר לִיבְּט דִיא וְורֶעד, דִיא שְׁטִיק חַאלֶערְיֶע, נֵיין! אַפִּינְשְׁטֶערֶע מַעֲרָכָה מוּזְטוּ בַּיי מִיר הָאבִּין, מַיין שְׁוֶועסְטֶער! מַיין נִיט אַז דִיר וֶועט דָאשׁ אַזוֹ אַיין גֵיין אונ דוּא וֶועסְט גָאר קֵיין צָרוֹת נִיט

האבין, דוא וועסט ביי מיר גישוואלין ווערין פון יסורים, נור וואש רייד איך?! וואש קאן איך איר טאן? איך בין דאך נור וויא אביקס אן פולווער, וואש קאן איך אליין אויש פירין געגין איר?... ווייא איז מיר! איך וועל דאך מוזין קוקין מיט מיינע אויגין וויא דער בליעהענדער בלום וויא מנשה ליגט אין דיא ארעמס פון מיין פארפלוכטע שוועסטער, אונ איך וועל פון דאס גיוויס גיבלענדעט ווערין, איך וועל דאש ניט אויס האלטין שיידין איך זאל אויך גלייך הייראטין, אונ ווען שוין הייראטין, צו ווערדע איך באקומען זא איין צירונג, צו גיט אין דער וועלט זיין גלייכין? איך וועל דאך נור עגמת נפש האבין אונ ניט קיין פערגניגין, אונ אנשטאט דעם וואש ביז אהער בין איך דא אין הויז גיוועזין כל וכל, אונ דרעזקע האט קיין צורה אונ קיין פנים ניט גיהאט, וועט זיא איצטער נעמען אויבער האנד מיט דאש וואש איר מאן וועט מיינעם איבער שטייגן. ניין! איך קאן דאש ניט אריבער טראגין, אפאפלעקסע וועט מיר שלאגין זעהענדיג דאש ביי מיר אין הויז... דאס וועט ניט זיין!... איך מוז עפעס זעהן אפלאן, דעם בלום פון מיין שוועכטערס הענט ארויש צוא רייסין, אונ דאש זאל מיר אנקומען... אונ ווען ניט מיר, זאל ער חאטש ביי מיר אין שטוב ניט ארום גיין, זאל ער חאטש פאר מיינע אויגין ניט בליהען, איך זאל ניט דארפין־זיך קוועלין פון מיין שוועסטערס פערגניגין, אוי שמעריל שמעריל! איר האט דאש מיר אנגימאכט, איר האט ארייין גיבראכט אהער פאר מיר אשטעכענעס, נור וואש רייד איך? ער האט דאך מיין רעה ניט גימיינט, נור מיין טובה, ער האט דאך אן מיר ניט גיטאן, איך האב דאך אים אליין גיהייסין ריידין דעם שידוך, ווער זאל דאש קלערין אויף אזא איין אומגליק, איך האב גירעכינט אז וויא באלד ארבאנטער איינקיל מן הסתם איז דאש אצרה אהייקך וויא עש פאסט פאר מיין שוועסטער, ווער זאל דאש קלערין אז דא וועט אזא בילד פארשיין אזא גירעטענעם ארויש, עש שוידערט מיר גאר ווען איך דער מאן זיך אן אים, איך מוז עפעס פארט זעהן אפלאן וויא ערלייזט צו ווערין פון מיינע יסורים, איך מוז זעהן שמעריל דעם שוחט אויף צו רייצין, אונ דאן וועלין מיר שוין ביידע דיעסטעוועוען וויא אים פון מיין שוועסטער ארויש צו רייסין... חיענעלע האט זיך פער טיפט אין גידאנקען, נאך הער האט זיא אגישרייא גיטאן אסנע! אונ אסנע איז צו איר גלייך צו גילאפין.

דוא הערסט אסנע — האט חיענעלע צו איהר גיזאגט — דוא ביזט דאך אקלוגע, איך בעט דיר אז ווען דוא וועסט זיין בייא שמעריל דעם שוחט אין שטוב, זאלסטו מאכין אשמועס וועגין מיין שוואגער מנשהען, אונ זאלסט אים לויבין אן אשיעור, אונ זאלסט אזו זאגין: „קענטיג ער איז אגרויסר ווירט איין אקאנאמיסט, אונ ווייס וויא אגישעפט צו פירין, ווייל ער מיסט זיך אריין אין יעדער גישעפט אונ גיט גוטע עצות, דא אנושטין — זאלסטו זיך ערינעסט דער ציילין — האט ער גישטראפט זיין שוועער פאר וואס ער פאר לאזט זיך אויף פרעמדע מענטשין, אונ איבער הויבט האט ער זיך גיבייזערט פאר וואס

מֶעגִיטְרוּיט דֶעם שׁוֹחֵט דִיא קַארָאבְּקֶע גֶעלְט, עֶר קָאן דָאךְ אַייךְ בִּדַלוּת שְׁטֶעלִין, הָאט עֶר גִיזָאגְט, אִיר מוּזְט מַאכִין אַז דִיא קַארָאבְּקֶע צֶעטְלִיךְ זָאל מֶען בַּייא אַייךְ נֶעמֶען, אוּנ דֶעם שׁוֹחֵט אִין הַאנְט זָאל קַיין גֶעלְט נִיט אָן קוּמֶען, דוּא זָאלְסְט דֶער צֵיילִין אַז דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט אִין אָנְהוֹיב אִים נִיט גִיוָואלְט פָאלְגִין נָאר עֶר הָאט מִיט אִים אַזוֹ פִיל צוּ טָאן גִיהַאט בִּיז עֶר הָאט אִים אִיבֶּער גִירֶעט, אָט אַזוֹ זָאלְסְטוּ זִיךְ דֶער צֵיילִין קַאלְט בְּלִיטִיג, אוּנ זֵייא זָאלִין נִיט פַארְשְׁטֵיין אַז דוּא מֵיינְסְט עֶפֶּעס אַפְּנִיֶעה, דוּא בִּיזְט דָאךְ אַקְלוּגֶע.

אִיהְר קָאנְט זִיךְ אוֹיף מִיר פַאר לָאזִין, טַייעֶרֶע חְיֶענֶעלֶע! — הָאט אַסְנֶע גִיזָאגְט — אִיךְ וֶועל דָאס שׁוֹין אַייךְ אַקוּרַאד אִיסְפֶּעלְנֶען, אִיר וַוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין פֵייהִיג צוּ אַזֶעלְכֶע אִינְטֶערֶעסִין, אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין אַיין גִירֶעט אַז זִימֶל וַויינְשְׁטָאק הָאט מִיט מֵיידְלִיךְ גִיטַאנְצְט, אַזוֹ וִויא אִיהְר אוּנ שְׁמֶערִיל הָאט מִיר פַאר זָאגְט, אוּנ זֵייא גְלוֹיבִּין נָאךְ עַד הַאיָאם (עַד הַיּוֹם) אַז דָאס אִיז רִיכְטִיג וַוייל אִיךְ הָאבּ גִיזָאגְט אַז אִיךְ הָאבּ דָאס מִיט מֵיינֶע אוֹיגִין גִיזֶעהֶן, חָאטְשׁ דָאס אִיז נִיט גִישְׁטוּינִין אוּנ נִיט גִיפְלוֹינִין, אַלֶע הַאלְטִין מִיר פַאר אַנַארֶעלֶע דֶרִיבֶּער גְלוֹיבִּין זֵייא מִיר אִין אַלְץ, דֶרִיבֶּער קָאנְט אִיהְר זַיין זִיכֶער אַז אִיךְ וֶועל אַייעֶר הַיינְטִיגֶע פָארוּצֶנֶע אוֹיךְ אִיסְפָּאלְנַאיֶען.

## 7) אָן גֶעלְט. אִיז.. גָאר קַיין וֶועלְט

וֶוען חְיֶענֶעלֶע הָאט שׁוֹין גִיוואוּסְט אַז אַסְנֶע הָאט שׁוֹין אִיסְפָּאלְנַאיֶעט אִיר פְּרִיקַאזַאנְיֶע, אִיז זִיא אַיין מָאל צוּ נִיגַאנְגֶען צוּ אִיר פָּאטֶער אָשֵׁר יֶעקְלֶען אוּנ זָאגְט צוּ אִים: „הֶער טַאטִינְקֶע! אִיךְ וָואלְט זָאגִין אַז דוּא זָאלְסְט אַיין אַכְטָאג מַאכִין אַפְּרָאבֶּע אוֹיף שְׁמֶערִיל דֶעם נֶאֱמָן, דָאס הֵייסְט דוּא זָאלְסְט פַאר זָאגִין אַז מִיזָאל בַּייא דִיר נֶעמֶען קַארָאבְּקֶע צֶעטְלִיךְ וֶוער עֶס דַארְף וָואס קוֹילֶען,, אוּנ דִיא שׁוֹחֲטִים זָאלִין נִיט קוֹילֶען אָן דַיין צֶעטִיל, כְּדֵי מִיר זָאלִין וִויסִין אַיין עֶרֶךְ אוֹיף רִיכְטִיג וָואס עֶס מַאכְט אַוָואךְ, צוּ וֶועט דָאס אַיין טְרָאגִין אַזוֹ וִויא שְׁמֶערִיל וַוייזְט אוּנְז אָן, אָדֶער אֶפְשָׁר מֶעהְר, אוּנ דֶער פוּן וֶועלִין מִיר שְׁלִיסִין צוּ גֵייט דָאס צוּ בַּייא שְׁמֶערְלֶען עֶרְלִיךְ.

מַיין קִינְד — הָאט אָשֵׁר יֶעקִיל צוּ אִיר גִיזָאגְט — אִיז דֶען שְׁמֶערִיל בַּייא דִיר אִין חְשַׁד? אַזַא אַ אִיד, אַזַא אַפְרוּמֶער אִיד, עֶר זָאל זַיין אִין חְשַׁד?. יֶע הוֹשֵׁד זַיין, נִיט חוֹשֵׁד זַיין — הָאט חְיֶענֶעלֶע גִיעֶנְטְפֶערְט — אַפְּרָאבֶּע מָאג מֶען דָאךְ מַאכִין, בַּייא יֶענֶעם אִין הַארְצִין קָאן קֵיינֶער נִיט אַרַיין קְרִיכִין אוּנ דְרִיבֶּער וָואלְט אִיךְ זָאגִין מִיזָאל פְּרוּאוּוִין אַיין אַכְטָאג, וָואס קָאן מֶען דֶער צוּ צוּ לֵייגִין?.

אָבֶּער דוּא ווֵייסְט דָאךְ אַז מִיר זַיינֶען אַלֶע פַאר נוּמֶענֶע מֶענְטְשִׁין — הָאט אָשֵׁר יֶעקִיל גִיזָאגְט —, עֶס זָאל נִיט אָפּ גִירִיסִין וֶוערִין דִיא שְׁטִיקֶעלֶע פַּרְנָסָה, הַלְוַאי זָאל קְלֶעקִין הֶענְט, הַיינְט וֶוער קָאן זִיךְ מִיט דִיא צֶעטְלִיךְ פַאר נֶעמֶען?.

הֵיים דְרֶעזֶלֶען — הָאט חְיֶענֶעלֶע גִיזָאגְט — זִיא אִיז דָאךְ גַאנְצֶענֶע טֶעג לֵיידִיג, פוּן דֶער הַתּוּנָה אָן שְׁטֶעקְט זִיא דָאךְ נִיט אַרַיין אַ פִינְגֶער אִין קַאלְטֶע

וואסער

וואַסער, זיא איז גיוואָרין אַדאַמע אונ גאַנצענע טעג פערברייננגט זיא זיך מיט איהר מאַנעלע, די גאָלד וועט פון איהר ניט אָב פאַלין אַז זיא וועט זיך זאַנימאַיען מיט דיא צעטליך?.

איך וועל טאַקי דיר פּאָלגין, מיר גיפעלט דיין פּלאַן — האָט אָשר יעקיל גיזאָגט.

אויף מאָרגין ווען שמעריל איז אַריין צו אָשר יעקלען, האָט צו אים אָשר יעקיל גיזאָגט: „ר' שמעריל מהיום והלאה זאָלט איר ניט קוילען אָן אַצעטיל, מען מוז אייך ברייננגען פון מיר אַצעטיל, יהי' מי שיהי' שייא אָרום אונ שייא רייך זאָלט איר ניט אוואַזען, אונ ער מוז פון מיר אַצעטיל ברייננגען, שמעריל האָט פאַר כעס די ליפּין פאַר ביסין, דער קאַזיראַק האָט זיך אים שוין אַהינטער פאַר דרייט, אונ ער האָט מיט דיא הענט תנועות גימאַכט וויא ער וואָלט אויס ריידין אַשוועריון מהרש"א — אַזוי איז שוין זיין שטייגער גיוועזין ווען ער פּלעגט זיך פאַר טראַכטין — אונ אַזוי האָט ער זיך נישפּאַצירט פון איין צימער אין דעם אַנדערין, אונ ניט קוקינדיג וואָס ער האָט זיך אַלע ווייַלע אויף וואָס עס איז אָן גישטויסין אונ האָט גיקראַגין אַקלאַפּ אין זייט אין קאָפּ, איז ער אַלץ וואָס ווייטער האַסטיגער גינאַנגען ביז ער האָט חיענעלין אָן גיטראָפין.

וואָס זייט איר אַזוי פאַר טראַכט? האָט אים חיענעלע אַפרעג גיטאָן, ער האָט זיך לעבין איהר אָפּ גישטעלט אונ האָט אַווייַלע גישוויגין, נאָכהער האָט ער איר גיפרעגט: „וואָס זאָגסטו? . איך פרעג: וואָס זייט איר אַזוי פאַר קלערט?.

שמעריל האָט איר איבער דער ציילט דיא גאַנצע מעשה, אונ האָט גיקאָנצעט; דאָס ער פאַר שטייט פון וואַנען דאָס וואַקסט, דאָס שטאַמט נאָר פון מנשהן, איך ווייס דאָס אויף קלאָר, אונ איך וועל זיך מיט אים אי"ה אויף דער וועלט אָפּ רעכענען.

איך גלויב דאָס אויף אים ניט — האָט חיענעלע גיזאָגט — ער וועט אַזאַ איין נאַרישקייט ניט טאָן, אונ וויא פאַלט איר דאָס נאָר אויס אויף אים צו זאָגין?.

דער ציילט מיר קיין מעשות ניט — האָט שמעריל גיזאָגט — אַז איך זאָג מן הסתם ווייס איך אַז ער ניט קיין אַנדערער האָט דאָס אויף מיר אָן גיהעצעט, איך וועל זיך אָן אים נוקם זיין, אים וועל איך שוין קוילענען אָן אַצעטיל.

איך וועל דיא גזרה פון אייך מבטל זיין — האָט חיענעלע צו אים גזאָגט — מיין פאָטער האָט דאָך גיוויס קיין צייט ניט אַרום דיא צעטליך זיך צו זאַנימאַיען, וועט ער דאָך דאָס מיר איבער געבין, אונ איך וועל זיך דאָס ניט אָן נעמען וועט דאָך שוין דיא גזירה מסילא בטול ווערין, נאָר איר זאָלט קיין שנאה ניט האָבין אויף מנשהען,

אין עטליכע טעג אַרום איז שמעריל אַריין צו חיענעלין, אונ האָט צוא איר גיזאָגט: הא נוא וואָס? בין איך גירעכט אַז אַלע צרות וואַקסט פון מנשקען אַז דוא האָסט דער צו אויך ניט גיקאָנט העלפין, אַז דוא האָסט זיך ניט גוואָלט אַרום די צעטליך זאַנימאַיען האָט זיך דאָס אָן גינומען דרעזקע, היינט זעהסט דאָך שוין אויף קלאָהר אַז פון זייא וואַקסט דאָס.

פארדאן

פַאַרְדָאן ! אִיךְ מוּז זִיךְ שׁוֹין אוּנְטֶער גֶעבִּין — הָאט חְיֶענֶעלֶע גִיזָאגְט — נָאר אִיךְ רֶעכִין נָאךְ אַלְץ אַז מְנַשֶּׁה אִיז נִיט שׁוּלְדִיג, דָאס הָאט נָאר מַיין פָּאדְלֶע שְׁוֶועסְטֶער אָן גִימַאכְט, אוּנ צוּ מְנַשֶּׁהֶען הָאט אִיר גָאר נִיט .

נוּא וָואס, דוּא וֶועסְט אִין דֶערַיין גָאר שְׁווַייגִין ? — הָאט שְׁמֶערִיל גִיפְרֶעגְט חְיֶענֶעלִין — דוּא וֶועסְט זִיךְ דָאס לָאזִין טְרֶעטִין אוּנְטֶער אִיהְרֶע פִּיס, אַז דוּא וֶועסְט זִיךְ נָאר לָאזִין וֶועלִין זַייא דִיר פַאר טְרַייבִּין אִין מוֹיז לָאךְ, צוּ דוּא פַאר שְׁטֵייסְט וואו דוּא הַאלְסְט ? !

אִיךְ זָאל זִיךְ נִיט לָאזִין ? וִויא קָאן אִיךְ זִיךְ נִיט לָאזִין ? וָואס הָאבּ אִיךְ זִיךְ אַיין עֵצָה צוּ גֶעבִּין ? הָאט חְיֶענֶעלֶע גִיפְרֶעגְט .

הַא חְיֶענֶעלֶע ! וֶוען בִּיזְטוּ דָאס גִיוָוארִין אַזַא שְׁטִיל קִינְד ? דוּכְט זִיךְ אַז דוּ בִּיזְט שׁוֹין גָאר נִיט אַזַא נוּפֶעלֶע, דוּא טֵייגְסְט דָאךְ עֶפֶּעס צוּ אַזֶעלְכֶע אִינְטֶערֶסִין, דוּא קָאנְסְט אַמֶענְטְשִׁין פַאר יָאגִין אַז דוּ ווִילְסְט נָאר, אוּנ אִיצְטֶער בִּיזְטוּ מִיט אַמָאל גִיוָוארִין אַזַא נֶעבָּעכִיל, צוּ דָאס אִיז וַוייל אִיצְטֶער גֵייט דִיר אוּם לֶעבִּין ? דוּא וַוייסְט וָואס דֶער סוֹף וֶועט זַיין פוּן דִיר וֶוען דוּא וֶועסְט שְׁוַוייגִין ?... מְנַשֶּׁה אִיז דָאךְ אִין דֶער אֶמֶתִין אַיין אוֹיסְנַאם עֶס אִיז זַיין גְלַייכִין נִיטָא, פַאר שְׁטֵייט מֶען דָאךְ אַז דַיינֶע עֶלְטֶערִין לִיעֶבִּין אִים וִויא אַיין אֵיינְגִין קִינְד, אוּנ צוּלִיבּ אִים הָאט שׁוֹין דְרָעזֶעל אוֹיךְ אַיין אַנְדָער וֶוערְדֶע בַּקוּמֶען, אִיז דָאךְ שׁוֹין וֶוענִין אַרוֹיס לָאזִין זַייא פוּן קֶעסְט גָאר קֵיין רֵייד נִיט, דֶען וִויא לָאזְט מֶען אִין דֶער אֶמֶת פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיס אַזֶעלְכֶע צְווַייא שֵׁיינֶע בּוּקְעטִין ? אוּנ נָאךְ אַיין אֵיידִים קָאן מֶען דָאךְ שׁוֹין נִיט נֶעמֶען אוֹיף קֶעסְט, דֶען דָאס אִיז וִויא צְווַייא קֶעץ אִין אֵיין זַאק, וֶועט מֶען דָאךְ דִיר מוּזִין אוֹיס גֶעבִּין פוּן זִיךְ, אַחְתָן וֶועט שׁוֹין מְנַשֶּׁה פַאר דִיר אוֹיס קְלַייבִּין וֶועלְכִין עֶר וֶועט וֶועלִין, אוֹיף דַיין נַדָן אוּנ גָארְדֶערָאבֶּע וֶועלִין זַייא דָאךְ זַיין דִיא גַאנְצֶע בַּעֲלֵי דֵעוֹת, הַיינְט אִיז שׁוֹין דִיר אַז אָךְ אוּנ וַויא, דוּא זֶעהֶסְט שׁוֹין דַיין סוֹף חְיֶענֶעלֶע ? דוּא בִּיזְט נֶעבַּאךְ אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע !

לִיבֶּער ר׳ שְׁמֶערִיל ! הָאט חְיֶענֶעלֶע אוֹיס גִישְׁרִיעֶן — אִיר דַארְפְט מִיר קֵיין פִינְגֶער אִין מוֹיל נִיט אַרַיין לֵייגִין, אִיךְ פַארְשְׁטֵיי אַלֵיין גַאנְץ גוּט וואו אִיךְ הַאלְט אִין דֶער וֶועלְט, נִיט אַזוֹי וָואס מַיין צוּ קוּנְפְט אִיז אִין גִיפַאהְר, אִיךְ טְרָאג שׁוֹין פוּן זַייא וואוּנְדִין אִין הַארְצִין, דֶען וִויא קָאן אִיךְ דָאס צוּ זֶעהֶען אַזַא אַשֵׁיינֶעם בְּלוּם אַזַא אַיין הֶעלְד אִין דִי אָרֶעמְס פוּן מַיין פַאר פְלוּכְטֶע שְׁוֶועסְטֶער, מְנַשֶּׁה אִיז דָאךְ אַמַאן וֶועלְכֶער פַארְדִינְט גִילִיבְּט צוּ וֶוערִין מִיט דֶעם עֶרְשְׁטִין בְּלִיק, הַיינְט וִויא זָאל אִיךְ אִים נִיט לִיבֶּען וֶוען מִיר זַיינֶען אִין אַיין הוֹיז, ר׳ שְׁמֶערִיל ! אִיךְ בִּין אִין מְנַשֶּׁהֶען פֶערְלִיבְּט אִיבֶּער דִיא אוֹיעֶרִין, אִיךְ קָאן אַייךְ מַיין הַארְץ נִיט אוֹיף שְׁנַיידִין אוּנ וַוייזִין מַיינֶע גְרוֹיסֶע וואוּנְדִין, אִיךְ וֶועל דָאס נִיט אוֹיס הַאלְטִין זֶעהֶענְדִיג אִים בַּייא אוּנְז אִין הוֹיז אוּנ נִיט רֶעכֶענֶענְדִיג אִים פַאר מַיינֶעם... ר׳ שְׁמֶערִיל ר׳ שְׁמֶערִיל ! וֶוען אִיר וָואלְט קָאנֶען אִים בֶּעפְרַייעֶן פוּן מַיין שְׁוֶועסְטֶערְס הֶענְט אוּנ מִיר אִים אַוֶועק גֶעבִּין, דַאן וָואלְט אִיךְ אַייךְ אוֹיפִין הִימִיל אַרוֹיף גִיזֶעצְט, אִיר וָואלְט פָּשׁוּט מַיין לֶעבִּין גִירֶעטֶעט

אוּנ

אוּנ אִיר װָאלְט יוֹם כִּפּוּר נִיט דַארְפִין פַאסְטִין, נָאר אַם װֶוינִיגְסְטִין מַאכְט עֶר זָאל בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ נִיט זַיין, לְכָל הַפָּחוֹת פְּלִיקְט אִים אָפּ פוּן מַיין שְׁװֶעסְטֶער, דִיא צָרָה זָאל מִיר אַייבִּיג פַאר דִיא אוֹיגִין נִיט שְׁטַיין, דֶען אִיךְ קֶאן דָאס נִיט אוֹיס טְרָאגִין ! .

אוֹיף ר׳ שְׁמֶערְלֶען אִיז אַנַייעֶ הוֹיט גִיוָוארִין הֶערִינְדִיג אִירֶע וֶוערְטֶער, עֶר הָאט זִיךְ גִיטְרַאכְט, גוּט מַיין שֶׁעפְּס, דוּא גַייסְט אִין דִי שְׁטֶעקְלִיךְ, דוּא וֶועסְט מִיר שׁוֹין הֶעלְפִין אִין מַיינֶע בְּלוּטִיגֶע שְׁטוּקֶעס, עֶר הָאט אֲפִילוּ גַאנְץ גוּט פַאר שְׁטַאנֶען, אַז וֶוען אֲפִילוּ מִינָאל מְנַשְׁהֶען פוּן דְרֶעזֶלֶען אַרוֹיס רַייסִין וֶועט עֶר אוֹיךְ צוּ אִיר נִיט אָן קוּמֶען, דָאס עֶרְסְטִין ווַייל מֶעטָאר דִיא וַוייבְּס שְׁוֶועסְטֶער נִיט נֶעמֶען פַאר דִיא וַוייבְּס לֶעבִּין*), אוּנ אוֹיךְ וֶועט מְנַשֶּׁה נִיט וֶועלִין שְׁפַּייֶען אוֹיף אַזַא הֶעסְלִיכֶע שְׁלַאנְג וִויא חַיֶענֶעלֶע, פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאט ר׳ שְׁמֶערִיל דָאס אַלְץ אַרָאפּ גִישְׁלוּנְגֶען אוּנ הָאט צוּ אִיר גִיזָאגְט .

דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאךְ דַארְף מֶען גִיפִינֶען אַפְּלַאן וִויא מְנַשְׁהֶען פוּן אַייעֶר שְׁטוּבּ אַרוֹיס צוּ יָאגִין, אוּנ נַאכְהֶער אוֹיס צוּ פִירִין דָאס דְרֶעזִיל זָאל בַּייא אִים גֶעמֶען אַנֶט, אוּנ דֶער נָאךְ וֶועט עֶר שׁוֹין מְמַלֵּא צוּ דִיר אַרַיין פַאלִין, דֶען וָואס דַארְף עֶר אַנְגֶרֶעסֶעדִין גְלִיק, שַׁיין בִּיזְטוּ דָאךְ וִויא דֶער מָארְגִין שְׁטֶערִין, אוּנ וֶועגִין קְלוּג אִיז דָאךְ גָאר קֵיין רֵייד, אוּנ דַאן וֶועסְטוּ שׁוֹין זַיין דִיא גְלִיקְלִיכְסְטֶע אִין דַיין פָאטֶערְס הוֹיז, אוּנ דַיין פַאר פְלוּכְטֶע שְׁוֶועסְטֶער וֶועט אַיין פָּאפְּלֶעקְסֶע אַיין שְׁלָאגִין דָאס זָעהֶענְדִיג .

חַיֶענֶעלֶע אִיז צוּ קְרָאכִין וִויא אַלָאקְשִׁין קוּגִיל פַאר נַחַת, הֶערִינְדִיג פוּן ר׳ שְׁמֶערְלֶען אִיהְרֶע מַעֲלוֹת, ווֶעלְכֶע זִיא הָאט אִיהְם מִיטִין גַאנְצִין הַארְצִין גִיגְלוֹיבְּט, חָאטְשׁ זִיא מִיטִין שְׁפִּיגִיל אִיז גִיוֶועזִין וִויא אַנְדֶערֶע צְוֵויא, הַיינְט הָאט אִיר דִיא הַארְץ מִיט פְרֵיידֶע אָן גִיהוֹיבִּין צוּ קְלַאפִּין פוּן דִי גוּטֶע הָאפֶענוּנְג וָועלְכֶע ר׳ שְׁמֶערִיל הָאט אִיר גִיגֶעבִּין, אַז אָט אָט פַאלְט שׁוֹין מְנַשֶּׁה אִין אִירֶע הֶענְט אַרַיין, אוּנ פַאר גְרוֹיס שִׂמְחָה הָאט זִיא גִידְרִיגְט ר׳ שְׁמֶערִילְס הַאנְט אוּנ הָאט צוּ אִים גִיזָאגְט : דַאנְקֶען אַייךְ דֶער פַאר וֶועל אִיךְ נִיט, וַוייל פַאר אַמִצְוָה דַאנְקְט מֶען נִיט, אוּנ וָואס דַארְף מֶען אַגְרֶעסֶערֶע מִצְוָה וִויא דָאס אִיז, דָאס אִיז דָאךְ אֶמֶתֶע פִּיקוּחַ נְפָשׁוֹת, נוּר דָאס קָאנְט אִיהְר זִיכֶער זַיין אַז כָּל זְמַן אִיךְ וֶועל לֶעבִּין זַייט אִיהְר דָא הִיא אַ שׁוֹחֵט, דִי פוּלֶע שׂוֹנְאִים אַייעֶרֶע וֶועלִן אַייךְ נִיט קָאנֶען אָפּ שְׁטוּפִּין פוּן דֶער שְׁחִיטָה, מַיין פָאטֶער וֶועט דָאךְ מִן הַסְּתָם אַיין אוֹיבִּיגֶער בַּעַל קַארָאבְּקֶע בְּלַייבִּין, אוּנ אַבַּעַל קַארָאבְּקֶע אִיז דָאךְ דֶער בַּעַל דֵעָה אוֹיף אַ שׁוֹחֵט, אוּנ וַויטֶער קֵיינֶער נִיט, אוּנ אִיר וַייסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין בַּייא מַיין פָאטֶער כָּל וְכָל, דֶען וִויא צוּ טֵיילִין דִיא עֲלִיוֹת אִין שׁוּל אִיז עֶר זִיךְ אוֹיךְ מִיט מִיר מְיַישֵּׁב, פַאר שְׁטֵייט אִיר דָאךְ שׁוֹין אַלֵיין אַז וִויא בַּאלְד עֶס וֶוענְד זִיךְ אָן מִיר בְּלַייבְּט אִיר שׁוֹין אַייבִּיג שׁוֹחֵט .

ר׳ שְׁמֶערִיל אִיז נָאךְ נִיט צוּ פְרִידִין גִיוָוארִין מִיט אִיהְר הַבְטָחָה, דֶען מִיט דֶער שְׁחִיטָה אִיז עֶר בְּלַאו הָכִי זִיכֶער, נוייל עֶר אִיז פוּן יוֹנָה זָאהְנֶשַׁיינְס

*) שגה בזה בעל „שודד ישר“.

אַדְיוּטַאנְטִין, דְרִיבֶּער הָאט עֶר צוּ אִיר גִיזָאגְט: וָוען דוּא ווִילְסְט אִיךְ זָאל אָנְהֵייבִּין אִין דֶעם אִינְטֶערֶעס צוּ דַייסְטְוָועָוען, דַארְף מֶען דֶער צוּ הָאבִּין גֶעלְט, ווַייל אָן גֶעלְט, אִיז גָאר נִיט קֵיין וָועלְט.

גֶעלְט! זָאגְט חִיעֶנֶעלֶע — אִיר ווַייסְט דָאךְ אֶפִּילוּ אַז אִיךְ בִּין אַבַּארְנֶע, פַאר אַיין גְרָאסִין קָאן אִיךְ דִיא צֵיינֶער אַרוֹיס נֶעמֶען זִיךְ אָדֶער דֶעם צְווַייטִין, נָאר אוֹיף אַזַא אַיין עִנְיָן וָועל אִיךְ קֵיין גֶעלְט נִיט שְׁפָּארִין, אִיר ווַייסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין דִיא קַאשִׁירֶערְקֶע פוּן מַיין פָאטֶערְס אַייגִינְס, בִּכֵן זָאלְט אִיר קֵיין גֶעלְט צוּ דֶעם עִנְיָן נִיט שְׁפָּארִין, ווִיפִיל מֶעדַארְף אַזוֹ פִיל וָועל אִיךְ גֶעבִּין.

## 8) דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה

בְּדֶרֶךְ כְּלַל זֵיינֶען דִי תַּלְמוּד תּוֹרָה'ס אוּנְטֶער אִידִין שְׁרֶעקְלִיךְ פַאר דָארְבִּין, אִין יֶעדֶער שְׁטָאט כִּמְעַט אִיז פַארַאן אַיין תַּלְמוּד תּוֹרָה, נָאר נִיט דֶעם אָרִימַאנְס אִינְגִיל אוֹיס צוּ לֶערְנֶען עֶפֶּעס אִידִישְׁקַייט, נָאר פוּן אַסְגוּלָה וֶועגִין ווַייל מִיזָאגְט אַז דָאס אִיז מַצִּיל פוּן אַשְׂרֵפָה ר"ל, דֶען וָוען דִיא כַּוָּנָה וָואלְט זַיין דִיא אָרִימֶע קִינְדֶער עֶפֶּעס אוֹיס צוּ לֶערְנֶען, וָואלְט מֶען דָאךְ נֶעמֶען רֶעכְטֶע מְלַמְּדִים נִיט קֵיין טְרַאנְטָעס וָועלְכֶע זֵיינֶען אַלֵיין קְרַאנְק אוֹיף אַשֵׁייטִיל עִבְרִי, דָאס אִיז אֶפִּילוּ בַּייא אִידִין אַיין גִירֶעט אַז מִיקָאן זַיין אַיין וואוּל לֶערְנֶער נִיט קָאנֶענְדִיג קֵיין עִבְרִי, דָאךְ אָבֶּער קוּמֶען דָאךְ פוּן דִי אִידִישֶׁע תַּלְמוּד תּוֹרוֹת גַאנְץ ווֵיינִיג וואוּל לֶערְנֶער אוֹיךְ אַרוֹיס, דַארְף מֶען דָאךְ לְכָל הַפָּחוֹת זֵייא אוֹיס לֶערְנֶען גוּט דַאווְנֶען, אִידִין הָאבִּין פוּן דִיא תַּלְמוּד תּוֹרוֹת צְווֵיי .נוּצִין, עֶרְשְׁטִין, מֶעדַארְף דָאךְ פָארְט יוֹצֵא זַיין אַז נִיט פַאר גָאט אִיז פַאר לַייטִין, אוּנ מֶען מוּז זִיךְ אַיין רֵיידִין אַז דִיא אָרִימֶע קִינְדֶער הָאבִּין וואוּ צוּ לֶערְנֶען, אוּנ ווִידָער פַאר שְׁטִיקְט מֶען דֶער מִיט דִיא הַאלְז פוּן צְווֵיי דְרַייא אֶבְיוֹנִים וָועלְכֶע זֵיינֶען אַמָאל כְּלוֹמֶערְסְט בַּעֲלֵי בַּתִּים גִיוָועזִין, אוּנ זֵייא ווַארְפִין זִיךְ אַרוֹיף אוֹיף שְׁטָאט, שְׁפַּארְט מֶען זֵייא אַרַיין אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה פַאר מְלַמְּדִים הוֹיל פַאר רַחֲמָנוּת, אוּנ נִיט ווַייל זֵייא טוֹיגִין דֶער צוּ, דֶען עֶס אִיז רֶעכְט אוֹיב זֵייא אַלֵיין זֵיינֶען קֵיין מָאל אִין קֵיין חֵדֶר נִיט גִיגַאנְגֶען. אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעט קָאסְטִין תַּלְמוּד תּוֹרוֹת אָפְּ הוּנֶען גֶעלְט אָבֶּער עֶס אִיז נִיטָא וֶוער עֶס זָאל פַאר שְׁטֵיין ווִיא דָאס צוּ פִירִין, אַנְדֶערֶע נֶעמֶען אָן צוּ פִיל דוּכְאוְונֶע כְּדוֹמֶה לְמָשָׁל זֵיי הִיפִּין מִיט דִיא תַּלְמִידִים אִיבֶּער עִבְרִי מִיט תנ"ךְ מֶעלֶערִינְט קִינְדֶער נָאר אוֹיס עֶטְלִיכֶע אוֹיסְרֵיידַאכְץ פוּן רש"י פוּן חוּמָשׁ כְּדוֹמֶה: דֶעם ואני פוּן וַיְחִי, דֶעם ואם שור נגח הוא פוּן מִשְׁפָּטִים מִיט אַלֶע תִּירוּצִים׳ אוּנ נָאךְ כְּהַנָּה, אוּנ דֶער נָאךְ שְׁפַּארְט מֶען זֵייא אַרַיין אִין גְמָרָא פוּן וָועלְכֶע נִיט דֶער רַבִּי נִיט דִיא תַּלְמִידִים ווֵייסִין, אוּנ אַנְדֶערֶע מַנְהִיגִים וֶוערִין גָאר אִין גַאנְצִין אָן דֶעם אִידִישִׁין צִיל, פוּן חוּמָשׁ אוּנ תנ"ךְ אוּנ וֶוער רֶעט גְמָרָא וָוערְט דָארְט גָאר נִיט גִילֶערִינְט, נָאר אַבִּיסִיל עִבְרִי אוּנ דִי קְלַאס צוּא בֶּעזוּכִין, ווַייטֶער הָארֶעוָועט מֶען מִיט זֵיי אַיין צוּ זִינְגֶען דִי פְּסוּקִים בַּיי אַיין הַלְוָיַת הַמֵּת, אוּנ דִי תַּלְמִידִים גֵייעֶן אַרוֹיס אוּנ ווִיסֶענְד פוּן קֵיין בְּרֶעקִיל אִידֶעשְׁקַייט ווִיא לְמָשָׁל אִין

דָער שְׁטָאט אַיָלון , אַיין קְלַאס צוא בֶּעזוּכִין קְרִיגְט מֶען אָן דִי תַּלְמוּד תּוֹרָה אוֹיךְ , הַיינְט צוּ וָואס דַארְף מֶען נָאךְ אוֹיס בְּרֵיינְגֶען דִיא שְׁטָאט אַסַךְ גֶעלְט אוּנ אַיין רֵיידִין זַיי אַז עֶס אִיז בַּייא זֵייא פַארַאן אַתַּלְמוּד תּוֹרָה ? צוּ נָאר צוּ לִיבּ דֶעם דַארְף מֶען אַתַּלְמוּד תּוֹרָה אַז עֶס זָאלִין אַרוּם אִיהְר לֶעבְּן אַסַךְ גִיזִינְטִין , מְלַמְּדִים לֶעהְרֶער , קוּבֶער , מַשְׁגִיחִים , אוּנ דִי תַּלְמוּד תּוֹרָה מְלַמְּדִים זָאלִין פוּן דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה נָאר נֶעמֶען שְׂכִירוּת , אוּנ אַגַאנְצִין טָאג זָאלִין זַיי אַרוּם גֵיין אָבּ גֶעבִּין שְׁטוּנְדִין בַּיי פְּרִיוַואט מֶענְטְשִׁין , צוּא נָאר דֶערוֹיף בִּילֶכְט זִיךְ דִיא שְׁטָאט צוּא לָאזִין קָאסְטִין אַזוֹ פִיל גֶעלְט ? אָט אַזוֹא פִירְט זִיךְ בִּכְלַל אִין אַלֶע אִידִישֶׁע תַּלְמוּד תּוֹרוֹת .

אוּנְזֶער שְׁטָאט בֶּענֶעכֶסִיף הָאט אוֹיךְ נִיט גִיהַאט מִיט וָואס צוּא פַאלִין גֶעגִין לַייטִישֶׁע שְׁטֶעט , מִכֹּחַ דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה , בַּייא אוּנְז אִיז עֶפֶּעס אוֹיךְ גִיוֶועזִין אַסֶדְרָה מִיט אַתַּלְמוּד תּוֹרָה , צְוֵוייא מְלַמְּדִים זַיינֶען גִיוֶועזִין אַז מִיהָאט פְּרָאסְט גִימוּזְט לוֹיפִין אוֹיף חִידוּשִׁים צוּ זָעהָן וִויא זֵייא לֶערְנֶען , דָער עִבְרִי מְלַמֵּד אִיז גָאר גִיוֶוען פָּשׁוּט אִיז פָּשׁוּט אַבְּלִינְדֶער ר״ל עֶר הָאט דִיא שַׁיין טַאקֶע נִיט נִיזֶעהֶען , נָאר דֶער חוּשׁ הַמִּישׁוּשׁ אִיז בַּייא אִים גַאנְץ שְׁטַארְק גִיוֶועזִין , אַז וֶוען אַ אִינְגִיל פְלֶעגְט אִים דֶער לַאנְגֶען אַנְרוּיסִין זֶועקְסֶער אָדֶער אַצֶעגֶער , הָאט עֶר גְלַייךְ דֶער טַאפְּט אַז דָאס אִיז אַמַטְבֵּעַ אוּנ פְלֶעגְט גְלַייךְ דֶעם אִינְגִיל אַגְלֶעט טָאן פַארִין בַּאק , דֶעם דַאוְונֶען פוּן מַה טֹּבוּ בִּיז וַאֲמַלֵּט אִיז עֶר גִיוֶועזִין בַּאהַאוִוין בַּעַל פֶּה , דְרִיבֶּער אַז אַ אִינְגִיל פְלֶעגְט זָאגִין אַגְרַייז הָאט עֶר דָאס בֶּעמֶערְקְט , אוּנ וֶוען עֶר פְלֶעגְט שׁוֹין הַאלְטִין מִיט צֶעהָן שׁוּרוֹת וַוייטֶער הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אַפַּאטְשׁ , אָבֶּער נָאר אַיין אַנְדֶער אִינְגִיל , נָאר יֶענֶער אִיז מִן הַסְּתָם אוֹיךְ וֶוערְט דֶער פַאר וָואס עֶר אִיז אַגַנָּב , וָוארוּם קֵיין עֶרְלִיכֶער אִינְגִיל הָאט זִיךְ אִין זַיין גַאנְצִין נְבוּל נִיט גִיפוּנֶען , דָער אַנְדֶערֶער מְלַמֵּד אִיז גִיוֶועזִין אַהָארְכּוּל , דְרוּם אִיז דָאךְ קֵיין חִידוּשׁ נִיט וָואס דִיא תַּלְמִידִים הָאבִּין אִים דִיא בֵּיינֶער גִיבְּרָאכִין דָער פַאר וָואס עֶר פְלֶעגְט וֶועלִין אַגְלַייכִין חֵלֶק אִין זֵייעֶרֶע גְנֵיבְעת , דִיא קִינְדֶער הָאבִּין פוּן אִים אֲפִילוּ קְנַאפּ וָואס גִילִיטִין , וַוייל גָאר אָפְּט פְלֶעגְט מֶען אִים פַאר זָעצִין אִין טוּרְמֶע אוֹיף אַפָּאר חֳדָשִׁים פַאר אַגְנֵיבָה , אַגַבַּאי אוֹיף דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה אִיז גִיוֶועזִין אַיין אַלְטֶער פַאר צַייטִיגֶער אִיד , עֶר הָאט נָאר אַכְטוּנְג גִיגֶעבִּין אַז דִי קִינְדֶער זָאלִין נַיין אִין כְּשֵׁרָה צִיצִית , דָאס פַאר שְׁטֵייט יֶעדֶערֶער אַז דֶער וָואס הָאט אוֹיס גִישְׁטוּדִירְט דִי אַקַאדֶעמְיֶע אִיז שׁוֹין אַרוֹיס אַפַּארְטִיגֶער גַנֶּב , אוּנ בִּיז צְוַואנְצִיג יָאהְר פְלֶעגְט עֶר זִיךְ פַאזִיוֶוען אַרוּם וֶועגִין אַרוּם קֶעשֶׁענֶעס , אוּנ וִויא עֶר פְלֶעגְט שׁוֹין וֶוערִין אַבָּן עָשְׂרִים , הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין נִיפוּנֶען גוּטֶע לַייט וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ אוֹיף אִים מְרַחֵם גִיוֶועזִין , אוּנ מֶען פְלֶעגְט אִים בַּקְלֵיידִין מִיט אַשַׁארִין שִׁינֶעל אוּנ מִיט אַנַייֶעם נָאמֶען , אוּנ עֶר פְלֶעגְט שׁוֹין אִין דֶער סְקַאסְקִי וֶוערִין אַנָאהֶענְטֶער קָרוֹב פוּן אַגִיוִויסִין נָגִיד , אוּנ עֶר פְלֶעגְט נַיין פַאר אַיין זֶעלְנֶער נָאר דֶעם נָגִידְס קִינְד זָאל בְּלַייבִּין זִיכֶער אִין דֶער הֵיים , אוּנ פוּן דָער תַּלְמוּד תּוֹרָה אִיז אַיין הָאר אִינִיוֶועץ נִיט נִיגַאנְגֶען ,

אונזער

## 9) דֶער מְלַמְדִישֶׁער סַאוִויֶעט.

אוּנְזֶער מְנַשֶּׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ הָאט דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה מִיט אַקְרִיטִישֶׁע אוֹיג בַּאטְרַאכְט, אוּנ עֶר הָאט פִּיל מִיטְלַייד גִיהַאט וֶועגִין אִיר פַאֲרְדָארְבִּינְהַייט, עֶשׁ הָאט אִים אַשַׁיין גִיטָאן דֶער הָאפְנוּנְג דָאס עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ אִיהְר אוֹיס צוּא בְּעסֶערִין, עֶר הָאט זִיךְ דָער צוּ גִינוּמֶען, אוּנ הָאט וֶועגִין דֶעם גִירֶעט מִיט אַלֶע פָּארְנֶעמֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים, אוּנ אוֹיךְ מִיט זַיין קָאלֶעגֶע יוּנְגֶע לַייט אַלֶע הָאבִּין אִים פֶערְשְׁפְּרָאכִין דֶערַיין צוּ הֶעלְפִין, עֶר הָאט עֶרְוֶועקְט דֶעם רָב עֶר זָאל וֶועגִין דֶעם אַדְרָשָׁה זָאגִין אוּנ דָאס הָאט טַאקֵי גוּט גִיוִוירְקְט, דֶען אַלֶע הָאבִּין זִיךְ דֶער צוּ גִיקֶערְט פְרַייגֶעבִּיג, מְנַשֶּׁה הָאט דְרַיין גִיאַרְבֶּעט מִיט עֶנֶערְגִיע בִּיז עֶס הָאט אִים גִילוּנְגֶען אוֹיס פִירִין אַלֶעס וָואשׁ עֶר הָאט גִיוָואהְלְט, דִיא אַלְטֶע מְלַמְדִים דִיא קַיילִיקֶע הָאט עֶר דוּרְךְ גִישְׁמִיסִין, אוּנ הָאט גִינוּמֶען דִיא בֶּעסְטֶע מְלַמְדִים וֶועלְכֶע עֶר הָאט נָאר גִיקְרָאגִין, אוּם גֶעלְט אִיז עֶר נִיט גִישְׁטַאנֶען, אוֹיךְ הָאט עֶר גִידוּנְגֶען צְוַוייא לֶעהְרֶער אֵיינֶם אוֹיף הַאנְד שְׁרִיפְט, דֶעם צְוַוייטִין אוֹיף דִיא רוּסִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע, מַאטְהֶעמַאטִיק, אוּנ הָאט דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה פָּאמֶעשְׁצַאיֶעט אִין אַגְרַאמֶע דִירָה, דִיא פְּרָאגְרַאמֶע אִיז גִיוֶועזִין; דָאשׁ אַאִינְגִיל זָאל אָנְקוּמֶען אַיין אָנְפַאנְגֶער עִבְרִי אוּנ זָאל אַרוֹישׁ קְלָאהְר אִין תּנ״ךְ אוּנ אַמַסְכְתָּא גְמָרָא, עֶר זָאל קָאנֶען גוּט אִידֶעשׁ שְׁרַייבִּין, אוּנ רוּסִס וִויא אַשִׁילֶער פוּן אַיין נִידֶערִיגֶע אוּצִילְשְׁצֶע, מְנַשֶּׁה הָאט נִיט אֵיין טָאג גִיפֶעלְט צוּ בַּאזוּכִין דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה, אוּנ דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה אִיז גִיוָוארִין אַצִירוּנְג אִין שְׁטָאט אוּנ עֶס אִיז וֶועגִין אִיר אִין אַלֶע אִידִישֶׁע בְּלֶעטֶער נִישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין.

אִין שְׁטָאט אִיז שׁוֹין גִיוָוארִין אַהֶסְכֵּם אַז דִיא פְּעוּלָה פַאר דִיא קִינְדֶער אִיז אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה פִּיל גְרֶעשֶׁער אַלֶעס אִין אַפְּרִיוַואט חֵדֶר, אוּנ דָאס הָאט דִיא מְלַמְדִים גָאר נִיט גוּט גִישְׁמֶעקְט, וַוייל דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה הָאט זֵייא גִידְרָאהֶעט זֵייעֶר צוּ שְׁטַאנְד, זֵיי זַיינֶען פוּן דִיא נָארֶעם אַרוֹישׁ גִיקְרָאכִין אוּנ הָאבִּין שְׁטִילֶערְהֵייד אֲסִיפוֹת גִימַאכְט, דֶער פְרֶעדְסִידַאטֶעל פוּן זֵייא אִיז גִיוֶועזִין דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה *), וַוייל עֶם הָאט דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה מֶעהְר גִישְׁרָאקִין וִויא אַלֶעמֶען, עֶר הָאט אִין דִיא מְלַמְדִישֶׁע אֲסִיפָה גִירֶעט מִיט גְרוֹישׁ הִיץ אוּנ הָאט גִיזָאגְט; „בְּרִידֶער! מִיר מוּזִין שׁוֹין זוּכִין עֵצוֹת וִויא פוּן דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה פָּטוּר צוּ הֶערִין, וֶוען מִיר וֶועלִין דָאס לָאזִין אִין לַאנְגִין בַּאנְק וֶועט חָלִילָה מִיט אוּנְז נַאנְץ שְׁפַל זַיין, אַלֶע בַּעֲלֵי בַּתִּישֶׁע קִינְדֶער וֶועלִין אַרַיין טְרֶעטִין אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה אוּנ מֶעוֶועט אוּנְז גָאר אַוֶועק וַוארְפִין, וַוייל אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה אִיז דָאךְ אִין דֶער אֱמֶת דִיא פְּעוּלָה זֵייעֶר גְרוֹישׁ אוּנ סוֹף כָּל סוֹף וֶועט מֶען זִיךְ אַרוּם מַיין יְשִׁיבָה אוֹיךְ אַרוּם זֶעהֶן, הַיינְט וָואס וֶועלִין מִיר דַאן אַלֶע טָאן“ ?! ...

---

*) דאס בין איך מודיע אז וואו איך קריטיקיר א דוכאוונא אסאבע וויא כדוממה: א רב א ראש ישיבה א שוחט, מיין איך ניט דעם גאנצין כלל פון דוכאוונע דער מיט צוא שענדין, וויל דאס רוב פון זייא דארף מען גאר לויבין, איך מיין נור דעם ארום וועמען איך רייד, וויל ער איז איין אויסנאמע.

יֶעדֶערֶער פוּן דִיא מְלַמְּדִים הָאט בְּעזוּנְדֶער גִיזָאגְט זַיין עֵצָה, אָבֶּער קֵיינֶעמְס עֵצָה אִיז נִיט גִיפֶעלִין, דֶער נָאךְ הָאט ר׳ הֶענָאךְ דֶער ראֹש יְשִׁיבָה זִיךְ אָפּ גִירוּפִין; הֶערְט בְּרִידֶער וָואשׁ בַּיי מִיר קוּמְט אוֹיס, וֶוען מִיר וֶועלִין אָנְהֵייבִּין צוּ שְׁטְרַייטִין אַנְטְקֶעגִין דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה וֶועלִין מִיר גָאר נִישְׁט אוֹיפְטִירִין, דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה אִיז בַּיי אַלֶעמֶען זַייעֶר הֵיילִיג וֶועט מֶען זִיךְ צוּ אוּנְז גָאר נִיט קֶערִין, נָאר מַיין עֵצָה אִיז מֶעזָאל דָאשׁ מַאכִין פַאר אַמַחֲלוֹקֶת לְשֵׁם שָׁמַיִם, מִיר זָאלִין אוֹישׁ פוֹיקִין אַז מְנַשֶּׁה אִיז נִיט פְרוּם אַז עֶר אִיז אַיין אַפִּיקוֹרֶס, אוּנ עֶר וֶועט אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה אַרַיין שְׁלֶעפִּין סְפָרִים הַחִצוֹנִים אוּנ דִיא תַּלְמִידִים וֶועלִין אוֹיךְ וֶוערִין כּוֹפְרִים הוֹלְטַייעֶס, אוּנ בְּכֵן טָאר מֶען אִים נִיט גִיטְרוֹיעֶן אַזַא אַיין הֵיילִיגֶע זַאךְ, אַזַא אַדָבָר שֶׁבִּקְדוּשָּׁה, אוּנ דָערוֹיף וֶועלִין זִיךְ אָנְצִינְדִין אַלֶע עֶרְלִיכֶע אִידִין, אוּנ וֶועלִין אִין גָאטְשׁ נָאמֶען מִיט אִים שְׁטְרַייטִין בִּיז זֵיי וֶועלִין אִים פַאר טְרַייבִּין פוּן תַּלְמוּד תּוֹרָה, אוּנ דִיא הַנְהָגָה וֶועט אַרַיין פַאלִין צוּ אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אִין דִיא הֶענְט, אוּנ אִיךְ וֶועל הֵייסִין מַיינֶע יְשִׁיבָה בַּחוּרִים וֶועלְכֶע עֶסִין טֶעג בַּיי אָשֵׁר יֶעקְלִין, דָאשׁ זֵיי זָאלִין זָאגִין פַאר עֶלְקֶען וֶוען זִיא וֶועט בַּיי זֵיי נָאךְ פְרֶעגִין אוֹיף אִיר אֵיידִים, — דֶען זִיא פְרֶעגְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג בַּיי זֵיי נָאךְ צוּ עֶר לֶערִינְט אוּנ וָואשׁ רֶעט מֶען וֶועגִין אִים אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ — זָאלִין זֵיי זָאגִין אַז עֶר וַוארְפְט בִּיסְלֶכְוַוייזְ אַוֶועק לֶערְנֶען, אוּנ מֶעזָאגְט אוֹיף אִים אַז עֶר אִיז אַפַארְשְׁטָאכֶענֶער, אוּנ דֶער מִיט וֶועט שׁוֹין זַיין שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִויגֶער אוֹיךְ וַוארְפִין אוֹיף אִים אַיין אוּם חֵן, אוּנ מִיר וֶועלִין אַנְטְקֶעגִין אִים מִיט אַלְץ אוֹישׁ פִירִין, אוּנ אַזוֹ הָאט מִיר טַאקִי ר׳ שְׁמֶערִיל דֶער שׁוֹחֵט אוֹיךְ אַיין עֵצָה גִיגֶעבִּין.

גוּט גוּט! עֵצָה טוֹבָה וּנְכוֹנָה! הָאבִּין אַלֶע מְלַמְּדִים פֶּה אֶחָד גִיזָאגְט — אוֹיף דֶעם אוֹפֶן זַיינֶען מִיר מִיט עֶם שׁוֹין פַארְטִיג, אוּנ מְמֵילָא וֶועט שׁוֹין פוּן דֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה גָאר נִיסְט וֶוערִין.

## 10) מְנַשֶׁהֶעס מוּטֶער.

אִין דֶער שְׁטָאט נָאדְרִינְג אִיז גִיוֶועזִין אַרָב, אָבֶּער אַרָב וִויא אַרָב בֶּעדַארְף צוּ זַיין, טַאקִי אַגְרוֹיסֶער לַמְדָן בְּשַׁ״ס וּפוֹסְקִים עֶר הָאט דִיא וֶועלְט פַארְקְלוּנְגֶען מִיט זַיינֶע חִיבּוּרִים אוֹיף „אַרְבָּעָה שׁוּלְחָן עָרוּכְ׳ס“ אוּנ דֶער צוּ אִיז עֶר גִיוֶועזִין אַגְרוֹיסֶער חָכָם, אוּנ הָאט גִיוואוּשְׁט הִיפְשׁ בִּילְדוּנְג, אוּנ זַיינֶע קִינְדֶער הָאט עֶר אוֹיךְ זֵייעֶר שֵׁיין עֶרְצוֹיגִין מִיט תּוֹרָה אוּנ הַשְׂכָּלָה, זַיין עֶלְסְטֶער זָאהְן חַיִּים וִויא עֶר אִיז אַלְט גִיוָוארִין אַיאר אַכְטְצִין הָאט דֶער רָב שׁוֹין מִיט אִים גִיוָואלְט אַשִׁידוּךְ טָאן, וִויא גִיוֵויינְלִיךְ זַיינֶען אוֹיף אִים גִיוֶועזִין אַפוּלֶע בַּאלָאנִים, אוּנ עֶשׁ הָאט אִין אִים זוֹכֶה גִיוֶועזִין אַלָאמַאנְסְקֶער גְבִיר וֶועלְכֶער הָאט גִיהַאט אַפוּנְפְצֶעהְן יָארִיגֶע מֵיידִיל אַגְרוֹיסֶע פַארְשֵׁיין אוּנ אַגִירֶעטֶענֶעס, עֶר הָאט גִיגֶעבִּין עֶטְלִיכֶע טוֹיזִינְט רוּבִּיל נַדָן, אוּנ הָאט נָאךְ דֶעם רָב פַאר קֶעסְט גִיצָאהְלְט וַוייל דֶער רָב

הָאט

האט זיין זון פון זיך ניט געוואלט ארויש לאזין, נור דער זיווג איז ניט עולה ליפה געוועזין, ווייל זעלדע — אזו האט חיים'ס ווייב געהייסין — איז ניט געוואונט געוועזין צו אזא איינפאכין לעבין וויא ביי איין רב אין שטוב, זיא האט זיך ערצייגין אין פריילעכקייט אין געזעלשאפט אונ בעלער וועלכע ביין רב איז דאס ניט געוועזין, דערום האט זיא אנגיהייבין צו שקוצאיען, אונ פלעגט שטענדיג זיין פאר טראכט אונ טרויעריג, דער ערשטער יאר נאך זייער התונה איז אריבער געלאפין אונ האט זיי בעשיינקט מיט אזאהן וועלכין זיי האבין גינעהנט מנשה, — דאס איז דער זעלבער מנשה בלומענקראנץ דער העלד פון אונזער געשיכטע — דאש קינד איז אפ גיגעבין געווארין צו איין אם, זעלדע איז נאך איר קינפעט נאך אונמוטהיגער געווארין, ביז עס האט שוין מיט איר געהאלטין בייא איין מרה שחורה, חיים אונ אויך דער רב האבין געשיקט נאך איר פאטער, ער זאל בייא איר דער גיין פון וואס זיא איז אזו בעקימערט, דער פאטער האט ביי איר דער גאנגען דאש זיא איז ניט צו פרידין מיט איר מאן, אונ האטש חיים האט איר שטארק געליבט דאך האט ער קיין ווארט ניט איבער גערעט, אונ האט זיך סאגלאסעט איר צו בעפרייען מיט אגט, ווייל ער האט ניט געוואלט זיין אמענטשין צום לאסט, חיים האט גלייך נאך דעם התונה געהאט פון דער שטאט שכולה, אונ ווייל מנשה איז געוועזין איין גיראטין קינד האט אים דער זיידע שרעקליך געליבט אונ האט אים פון זיך ניט אוועק געלאזין, ער האט אים אויפגעהאדעוועט נאך זיין געדאנקען, אונ נאכהער האט ער אים חתונה געמאכט, אונ ער איז דאש אנגיקומען פאר איין איידים צו אונזער בעקאנטין אשר יעקלין.

זעלדע האט התונה געהאט מיט איין יוריסט, מיט וועלכין זיא איז קיין בערהאק ארויש געפארין, אונ זיי האבין דארטין זייער גליקליך געלעבט, אונ האט מיט אים געהאט איין זון ביז עס האט זיי איין אומגליק געטראפין; דאש איין אונפריינד האט זייא געמאסערט דאס בייא זייא אין הויז איז אפערזאמלונג פון פאליטישע פערברעכער, האטש דאש איז גאר ליגין געוועזין, דאך האט דיא פאליציא אויף זיי איין פערדאכטונג געהאט, אונ פלוצלונג האט מען איר מאן ארעסטירט, אונ מעהאט אים אוועק געטראנספעטירט אין טרעטי אדעלעניע, אין וואש פאר אלאגע זעלדע איז געבליבין איז לייכט צו פאר שטיין, זיא האט פון גרויש שמערץ געהאלטין וואהנזיניג צו ווערן, נור איין זאך האט איר געטרייסט, דאס איז איר זאהן וועלכער איז ביי איר געבליבין, אונ וועלכער האט שוין געהאלטין אין דריטין קלאס גומענאזיע, נאר אין איינינע טעג ארום האט מען איר זון אויך פון גאס צו גינומען אין דער פאליציא, אונ זיא האט דער פון גאר ניט געוואושט, עס איז געקומען דיא בעשטימטע צייט אין וועלכע ער האט צו הויזע גידארפט קומען אונ ער איז נאך ניט געקומען, איז זעלדע אויסער זיך געווארין, זיא איז מיט אונגעדולד אין הויז געזעסין, אונ האט געקוקט אויפין טיר פלייכט וועט ער אריין קומען, אירע אויגין האבין זיך וויא קוואלין געעפינט אונ אירע קליידער זיינען פון טרערין בעפייכט געווארין, אזי מיין איינציגער טרויסט!

האט

האָט זיא יעדע ווײלע אויש גישריען, זיא האָט איר גידולד פערלאָרין וואַרטינדיג אויף אים, זיא האָט זיך אָנגיצייגין אונ האָט גיוואָהלט גיין אים אויס זוכין, אונ ווען זיא וועט אים ניט גיפינען, איז שוין ביי איר גיבליבין צו גיין פון בריק אין וואַסער, אָבער וויא גרויש וואַהר איר פריידע ווען זיא האָט דער הערט טריט אויף אירע טרעפ, זיא איז פאַר פריידע גיבליבין שטיין וויא איין שטאַטוע מיט דיא אויגין גיקערט צום טיר, אָבער איר פריידע איז גלייך אין איין שרעקליכין טרויער פערוועקסילט גיוואָרין אַלעס דיא טיר האָט זיך גיעפינט אונ אַנשטאָט איר זאָהן איז נאָר: אַריין דער בריפין טרעגער אונ האָט איר דער לאַנגט אַבריף אונ איז גלייך אַרויס, זיא איז אין אַקרעסלאָ גיפאַלין אַזוי וויא אין אונמאַכט, די האַרץ האָט איר גיקלאַפט אונ גירוישט, אונ דער פערצווייפלונג פון דעם אינהאַלט פון בריף האָט איר ערמונטערט, זיא האָט דעם בריף מיט ציטערינדע הענד ראַזפּעצאַטעוועט, אַזוא וויא דיא האַרץ האָט איר שוין גיזאָגט אַז דער בריף וועט פון איר דעם לעצטין פונק האָפנונג אויש לעשין, זיא האָט דיא ערשטע עטליכע ציילין פון בריף איבער גילעזין, אונ עס איז איר פינשטער גיוואָרין אין די אויגין אונ איז אין אונמאַכט גיבליבין, דער אינהאַלט פון בריף איז גיוועזין, דאָס איהרער אַגוטער פריינד שרייבט איהר; דאָש איר זאָהן איז שוין אַרעסטירט אונ מעקלייבט זיך צו איר צו אויך צו אַרעסטירין, בכן זאָל זיא אַמגיכשטין צו אים קומען אונ דאָרטין וועלין זיי זיך שוין מיישב זיין וואָס צו טאָן.

די שרעק האָט זעלדין ניט גילאָזין לאַנג חאַלעשין, די שרעק האָט איר ערמונטערט, אונ זיא איז מיט האַסט אַרויש גילאָפין גלייך צו איר גוטין פריינד, זיא איז קוים די שטרעקע וועג איבער גיגאַנגען אירע קניא האָבין זיך איר גבויגן, אונ זיא איז קוים גיקומען אויף איהר שטעלע, דאָרטין איז באַיי זייא גיבליבין אַז זיא מוז פון בערחאַק גלייך אָפּ פאָרין אין איין אַנדער שטאָט, ביז וואַנען דיא דיעלע וועט זיך ערקלערין דאָש זייא האָבן קיין שולד ניט, אָבער וואו פאָרט מען? וואו קריגט מען איין אָרט אָפּ צו פאָרין אונ דאָש זאָל דאָרטין אין גיהיים בלייבין? צו דיא עלטערין, איז קיין אָרט ניט וועט עס קיין גיהיים זיין, פלוצלונג האָט זיא זיך דער מאָנט אָן איר זאָהן מנשה בלומענקראַנץ וועלכער איז אין בענעכסיף, יאַ גוט! האָט זיא גיזאָגט — ביי זיין שוועער איז דאָך איין איינפאָר הויז, איך וועל זיך מיר אַהין אַריין פאָרין אונ וועל שוין דאָרטין זיין איבער די שלעכטע צייט, אויך וועל איך זיך זעהן מיט מיין זוהן וועלכין ניט איך קאָן אים אונ ניט ער קאָן מיר, נור מיר האָבין זיך מיט איינינע בריף גיוועקסילט, איך פאָהר גלייך צו אים קיין בענעכסיף נור פריער דאַרף מען אים מיט אַבריף אָן זאָגין מיין פריעזד, זיא האָט אים גלייך אַבריף אָפּ גישריבין דאָש ער זאָל זיך ריכטין אויף איהר, אָבר ער זאָל איר קומען אין אַשטריינגין גיהיים האַלטין דאָס זאַגאַר זיין פרויא זאָל דער פון ניט וויסין, אונ אין צוויא טעג אַרום איז זיא קיין בענעכסיף אַרויס גיפאָהרין.

## 11) דֶער נֶעץ אִיז פַאר שְׁפְּרֵייט

אַיי ר׳ שְׁמֶערִיל ! אִיהְר זַייט שׁוֹין גָאר אוֹיס גְיוֶועבְּט גִיוָוארִין — הָאט חְיֶענֶעלֶע צוּ אִים גִיזָאגְט — חָלֶעבִּין אִיר דַארְפְט זִיךְ שֶׁעמֶען , אַמָאהְל פְלֶעגְט אִיהְר דֶעם גְרֶעסְטִין אִינְטֶערֶעס אוֹיס פִירִין אִין אַקוּרְצֶע צַייט קֵיין גֶעלְט הָאט אוֹיךְ קֵיין פוּלֶע נִיט גִיקָאסְט , אוּנ הַיינְט , פִירְט זִיךְ שׁוֹין דֶער גִישֶׁעפְט אַלַאנְגֶע צַייט , גֶעלְט הָאט שׁוֹין מִיר גִיקָאסְט אַסַךְ , אוּנ מִיר זַיינֶען נָאךְ צוּ קֵיין סְקוּטִיק נִיט גִיקוּמֶען , דְרֶעזֶעלֶע מִיט מְנַשְׁהֶען לֶעבִּין זִיךְ וִויא אַפָּאר טַייבֶּעלִיךְ זַייא בְּלִיהֶען וִויא בְּלוּמֶען בַּייא אוּנְז אִין הוֹיז , אָבֶּער מִיר שְׁטֶערְבִּין זַייא וִויא צְוַוייא שְׁפִּיצִינְגֶע דֶערְנֶער , מַיינֶע אוֹיגְן וֶוערִין גִיבְּלֶענְדֶעט קוּקֶענְדִיג אוֹיף זֵייעֶר פְרֵיידֶענְס לֶעבִּין . אוּנ גָאט וֵייס פוּן וֶועמֶען עֶס וֶועט וֶוערִין פְרִיעֶר אַסוֹף , צוּא פוּן זֵיי אָדֶער פוּן מִיר , דוּכְט זִיךְ אִיךְ וֶועל זִיךְ פְרִיעֶר קָאנְטְשֶׁען , דֶען אִיךְ וֶועל דָאס מִיט מַיינֶע כּוֹחוֹת נִיט אוֹיס טְרָאגִין , אוּנ אִיהְר דַייסְטְוֶועוֶועט גָאר נִיט , וָואס הָאט אִיר אוֹיף גִיטָאן אִין דֶעם גַאנְצִין מֶשֶׁךְ ? דִיא גַאנְצֶע זַאךְ וָואס דִיא יְשִׁיבָה בַּחוּרִים בַּרֵיידִין אִים פַאר דִיא מַאמֶען ; אַז עֶר אִיז אַיין אַפִּיקוֹרֶס , אוּנ קֵיינֶער הַאנְדִילְט מִיט אִים נִיט אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ , דָאס הָאט אִין אָנְהֵייבּ אֲפִילוּ גִיוִוירְקְט מַיינֶע עֶלְטֶערִין זַיינֶען דֶער פוּן צוּ קָאכְטֶע גִיוָוארִין , אָבֶּער וָואס קָאנֶען זַייא אִים טָאן , אַז מַיין פָּאדְלֶע שְׁוֶועסְטֶערִיל מַאכְט נִיט אוֹיס אַיין אַפִּיקוֹרֶס אוֹיךְ , אוּנ זִיא לִיבְּט אִים וִויא דֶעם לֶעבִּין , עֶס אַרְט אִיהְר גָאר נִיט וָואס דִיא עֶלְטֶערִין קוּקִין אוֹיף אִים קְרוּם , אוּנ אוֹיף אַזַא אַיין אוֹפָן וֶועט דָאךְ קֵיין מָאל קֵיין סוֹף נִיט זַיין , אִיר דַארְפְט זִיךְ שֶׁעמֶען ר׳ שְׁמֶערִיל ! אִיר טוֹיגְט שׁוֹין גָאר נִיט !

נוּא , הָאסְטוּ דָאךְ שׁוֹין אָפּ גִירֶעט — הָאט צוּא אִיר ר׳ שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט — וִויא וֶועסְטוּ זִיךְ אָבֶּער שֶׁעמֶען אַז דוּא וֶועסְט מִיר אוֹיס הֶערִין , אַז דוּא וֶועסְט זֶעהֶען אַז אִיךְ הַאלְט שׁוֹין מִיט דֶעם גִישֶׁעפְט בַּיין קָאנְצֶען ? אוֹיבּ דוּ ווִילְסְט הֶערִין קְלָארֶע דִיבּוּרִים , זָאג אִיךְ דִיר אַז מִיר זַיינֶען שׁוֹין מִיט אִים פַארְטִיג , פַארְטִיג אִין גַאנְצִין , קָאן מֶען נָאךְ נִיט זָאגִין , עֶס אִיז נָאךְ פַארַאן אַהִיפְשִׁין פֶּעקִיל אִיבֶּער צוּ קוּמֶען , אָבֶּער דָאס קָאן מֶען יֶע זָאגִין : אַז מִיר הַאלְטִין שׁוֹין אוֹיף אַיין לַאד , עֶר לִיגְט שׁוֹין בַּייא אוּנְז וִויא אִין קֶעשֶׁענֶע .

ר׳ שְׁמֶעדִיל ! — הָאט חְיֶענֶעלֶע אוֹיס גִישְׁרִיעֶן , אוּנ אִיהְר גִיזִיכְט הָאט גִיפְלַאהְמְט פַאר שִׂמְחָה — זָאגְט מִיר שׁוֹין וִויא אַזוֹ הָאט אִיר אִים גִיפַאקְט ? זָאגְט מִיר שׁוֹין גִיכֶער , אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קֵיין גִידוּלְד .

אַגִישֶׁעפְט דַארְף מֶען פִירִין מִיט אַלַאד — זָאגְט שְׁמֶערִיל — מֶעקָאן דָאס נִיט חַאפִּין פַאר דֶער צַייט , פְרִיעֶר פַאר אַלְץ הָאבּ אִיךְ אִים גְדַארְפְט פָּאדְלֶע מַאכִין אִין גַאנְץ שְׁטָאט אוּנ בַּייא שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִויגֶער , דָאס הָאבּ אִיךְ גִימַאכְט דוּרְךְ ר׳ הֶענַךְ דֶעם רֹאשׁ יְשִׁיבָה , אוּנ דָאס הָאט גִידַארְפְט אָפּוּלֶע גִידוֹיעֶרִין , וַוייל אִין אָנְפַאנְג הָאט קֵיינֶער אוֹיף אִיהְם קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט גִיגְלוֹיבְּט , נָאר אַז ר׳ הֶענַאךְ הָאט גִיזָאגְט בְּפֶּה מָלֵא אוּנ דֶער צוּ גִישְׁוָוארִין בַּייא בָּארְד אוּנ פֵּאוֹת

אז

אַז מְנַשֶּׁה אִיז אַיין אַפִּיקוֹרֶס גָמוּר, הָאבִּין שׁוֹין אַנְדֶרֶע אָן גִיהוֹיבִּין צוּ גְלוֹיבִּן וַוייל ר' הֶענָאךְ אִיז אַיין שְׁטָאט שְׁטַארְק חָשׁוּב, אוּנ עֶרְשְׁט קָאן מֶען שׁוֹין אוֹיף אִים אוֹים טְרַאכְטִין וָואס מֶען וִויל מִיוָּעט שׁוֹין אוֹיף אִים אַלְץ גְלוֹיבִּין, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִיקְלֶערְט וָואס פַאר אַיין בִּילְבּוּל אוֹיף אִים אַרוֹיף צוּ וַוארְפִין אַז עֶר זָאל שׁוֹין מִיאוּס וֶוערִין בַּייא דְרֶעזְלֶען אוֹיךְ, אָבֶער מִיזָעהָט בְּעֶשַׁיינְפֶּערְלִיךְ גָאטְס נִיסִים אַז עֶר אִיז זִיךְ נוֹקֵם אָן אַרָשָׁע, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גָאר פַאר שְׁפָּארְט צוּא קְלָערִין, דִי עֵצָה אִיז צוּ מִיר אִין דִי הֶענְט אַרֵיין גִיפַאלִין, הֶער זִיךְ צוּ חָיֶענְעֶלֶע, וֶועסְטוּ זָעהֶען גָאטְס וואוּנְדֶער.

דֶער צֵיילְט שׁוֹין, דֶער צֵיילְט — זָאגְט חָיֶענְעֶלֶע — אִיךְ וָואלְט שׁוֹין וֶועלִין הָערִין.

הַיינְט אִין דֶער פְרִיא — דֶער צֵיילְט שְׁמֶערִיל — טְרָאגְט מִיר אַרֵיין דֶער פָּאטְשְׁטָמֶעלְיָאן אַבְּרִיף, אוּנ וִויא עֶר הָאט פַאר נַאנְדֶער גִיוָוארְפִין דִיא בְּרִיף אוֹים צוּ זוּכִין מַיין בְּרִיף הָאבּ אִיךְ בַּמֶערְקְט אַיין בְּרִיף וֶועלְכֶער אִיז גִיאַדְרֶעסִירְט גִיוֶועזִין צוּ מְנַשְׁהֶען, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין יֶענֶעם בְּרִיף פַאר קְוֶועצְט צְוִוישִׁין דִיא הֶענְט, אִיךְ הָאבּ אִים קוּנְצִיג גִיעֶפִינְט עֶס זָאל נִיט זַיין צוּ דֶער קָאנֶען, טְרֶעף חָיֶענְעֶלֶע וָואשׁ פַאר אַבְּרִיף דָארְטִין אִיז גִיוֶועזִין?

חָיֶענְעֶלֶע הָאט אַקְוֶועץ גִיטָאן מִיט אִיהְרֶע שׁוּלְטֶערִין אוּנ גִיזָאגְט: פוּן וַואנֶען זָאל אִיךְ וִויסִין וָואס פַאר אַיין בְּרִיף?

דוּא וֵוייסְט וָואס פַאר אַבְּרִיף! הָאט שְׁמֶערִיל מִיט פְרֵיידֶע גִיזָאגְט — פוּן זַיין מוּטֶער פוּן בֶּערְחָאק.

נוּא, אִיז וָואס? אוּנ אַז פוּן זַיין מוּטֶער טָא וָואס אִיז דָאס פַאר אַחִידוּשִׁים? הָאט חָיֶענְעֶלֶע פַאר וואוּנְדֶערְט גִיפְרֶעגְט.

הֶער אָבֶער דֶעם אִינְהַאלְט פוּן דֶעם בְּרִיף — זָאגְט שְׁמֶערִיל — אוּנ עֶר הָאט אִיהְר דֶער צֵיילְט אַלֶעם וָואס אִין בְּרִיף שְׁטֵייט וִויא מִיר וַוייסִין שׁוֹין פוּן פָארִיגִין קַאפִּיטִיל.

אַזוֹ, וֶועט זַיין מוּטֶער אוּמְגִיזַאמְט צוּא אִים קוּמֶען! — הָאט חָיֶענְעֶלֶע גִיזָאגְט — אוּנ דָאס וֶועט מוּזִין זַיין אִין גִיהַיים, אִיךְ בִּין אַבַּאלִין דֶעם בְּרִיף אַלֵיין צוּ לֶעזִין, נִיט מִיר אִים.

דֶעם בְּרִיף הָאבּ אִיךְ צוּרִיק פַאר זִיגִילְט אוּנ הָאבּ אִים צוּרִיק דֶעם פָּאטְשְׁטָמֶעלְיָאן אָפּ גִיגֶעבִּין מִיט דֶעם אוֹים רֵייד דָאס עֶר הָאט אִים בַּייא מִיר פַאר גֶעסִין, עֶר הָאט אִים שׁוֹין מְנַשְׁהֶען גִימוּזְט אָפּ גֶעבִּין.

פוּן דֶעסְט וֶועגִין פַארְשְׁטֵיי אִיךְ נָאךְ אַלְץ נִיט — זָאגְט חָיֶענְעֶלֶע — אִיךְ זֶעה נָאךְ נִיט גָאטְס נִיסִים, מִיט וָואס אִיז דָאס פַאר אוּנְז אַזַא אַגְלִיק?

דוּא בִּיזְט נָאךְ גָאר אַקִינְד — הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט — דוּכְט זִיךְ קְלוּג אוּנ קְלוּג, אוּנ דוּ פַאר שְׁמֵייכְט פָארְט נִיט גְרוּנְטִיק אַגִישֶׁעפְט, פַאר שְׁטֵייסְטוּ מִיךְ, מְנַשְׁהֶעס מוּטֶער וֶועט דָא קוּמֶען, אוּנ קֵיינֶער וֶועט דָאךְ נִיט וִויסִין אַז דָאשׁ אִיז זַיין מוּטֶער אֲפִילוּ דְרֶעזִיל אוֹיךְ נִיט, אַלֶע פוּן אַייעֶר הוֹיז וֶועלִין אִיר רֶעכְנֶען

פַאר אַפְּרָעמְדָע פְּרויא וָועלְכָע אִיז צוּ אַייךְ אַרַיין גִיפָארִין , מְנַשֶׁה וָועט דָאךְ מִן הַסְתָּם אִיהְר אַלָע וַויילָע בָּעזוּכִין , וִויא גִיוואוּנְלִיךְ אַמוּטָער וָועלְכֶע מִיהָאט אוֹיפִין לֶעבִּין נִיט גִיזָעהָען , אוּנ דוּא זָאלְסְט אִיהְר צוּ גֶעבִּין אַיין פָּאקָאי אִין וָועלְכִין מָען קָען אַרַיין קוּקִין דוּרְךְ דִיא זַייטִינֶע צִימָערְן , אוּנ מִיר וָועלִין מְנַשְׁהֶען נָאךְ שְׁפִּירִין , אוּנ מִיר וֶועלִין וַוייזִין אַלֶע הוֹיז לַייטָע וִויא מְנַשֶּׁה פַאר בְּרֵיינְגְט מִיט אַפְּרֶעמְדֶע פְּרויא , אוּנ דְרָעזִיל אַלֵיין וָועט דָאס אוֹיךְ מִיט אִירָע אוֹיגִין זָעהָן , אוּנ דַאן וָועט שׁוֹין מִיט אִים זַיין אַסוֹף , פַאר שְׁטֵייסְטוּ שׁוֹין ? . יָע , אִיךְ פַאר שְׁטֵייא — הָאט חְיָענֶעלֶע קוּים אוֹיס גִירֶעט פַאר פְרֵיידָע — אָט אִיצְט זָעה אִיךְ אַז עֶס אִיז פַארַאן אַגָאט אוֹיף דֶער וֶועלְט , אוּנ אִיךְ זָעה אַז אִיהְר זַייט אַיין חָכָם אוֹיף דָער וֶועלְט , וָוען אִיהְר וָואלְט אַיין אַיינְגִילְשֶׁער בִּירְגֶער גִיוֶועזִין , וָואלְט אִיהְר דָארְטִין גִיוָואהְרִין „מִינִיסְטָער אִינָאסְטְרַאנִיךְ דְיָעל , וַוייל דָארְטִין דִיא פָּאלִיטִיקָע גֵייט אוֹיף אַיְיָער שְׂכֶל .

## 12) עֶפֶּעס גָאר קֵיין פַיינֶער מֶענְטְשׁ

צַייט מְנַשֶּׁה הָאט דֶעם בְּרִיף בַּקוּמָען פוּן זַיין מוּטֶערְס קוּמֶען , אִיז עֶר אַרוּם גִיגַאנְגֶען אַ צוּ טוּמוּלְטֶער , אִים הָאט דִי הַאֶרֶץ גִישְׁלַיידֶערְט פוּן פְרֵייד אִין טְרוּיעֶר אוּנ פוּן טְרוּיעֶר אִין פְרֵייד , עֶר הָאט אַלֵיין נִיט גִיוואוּסְט צוּ עֶר דַארְף זִיךְ פְרֵייעֶן מִיט אִיהְר קוּמָען , צוּ עֶר דַארְף בֶּעדוֹיעֶרִין אִיהְר אוּמְגְלִיק , אוֹיךְ הָאט אִים נִיקְרֵיינְקְט דָאס וָואס זִיא וֶועט מוּזִין בַּייא אִים אִין גִיהֵיים זַיין אוּנ זָאגַאר זַיין דְרֶעזֶעלֶע וֶועט דֶעם פֶערְגֶנִיגִין נִיט הָאבִּין מִיט אִיהְר צוּ בֶּעקָאנֶען זִיךְ .

אַיין מָאהְל אִין אָבֶענְד אִיז צוּ ר׳ אָשֵׁר יָעקִילְס הוֹיז אָפָּאטְשְׁט צוּ גִיפָארִין , אוּנ פוּן אִיהְר אִיז אַרוּיס אַפְּרויא זֵייעָר מִיט אַשֵׁיינָעס אַדָעלֶעס אוֹיס זָעהָען רַייךְ גִיקְלֵיידָעט , זִיא הָאט גִיבֶּעטִין בַּייא דִיא דִינְסְט מוֹיד וָועלְכֶע אִיז אִיהְר אַרוֹיס אַנְטְקָעגִין דָאס זִיא זָאל אִיר אַרַיין פִירִין אִין אַיין בֶּעקְוֶועמִין צִימֶער , דִיא מוֹיד הָאט אִיר אַרַיין גִיפִירְט אִין אַצִימֶער אוֹיף וָועלְכִין חְיֶענֶעלֶע הָאט אִיר גִיצַייגְט .

מְנַשְׁהֶען הָאט בַּייא אִיר אַרַיין פָארִין אָן גִיהוֹיבִּין דִיא הַאֶרֶץ צוּ קְלַאפִּין , עֶר הָאט גִיוָואלְט גְלַייךְ צוּ אִיר אַרַיין לוֹיפִין גָאר עֶר אִיז אַרַיין אִין פֶערְצְוַוייפְלוּנְג דָאס פִילַייכְט אִיז דָאס גָאר אַיין אַנְדֶער פְרָעמְדָע פְּרויא , אַם עֶנְדָע הָאט עֶר נִיט גִיקָאנְט גִידוּלְדִין , עָר הָאט זִיךְ אַרוּם גִיקוּקְט אַז קֵיינֶער זָאל נִיט מָערְקִין אוּנ אִיז אַרַיין צוּ דִיא פְּרויא אִין צִימֶער .

זַיין פַאר צְוַוייפְלוּנְג אִיז נָאךְ שְׁטַארְקֶער גִיוָוארִין וָוען עֶר הָאט דֶער זָעהָן דִיא פְּרויא , וָועלְכֶע הָאט נָאר אוֹיס גִיזֶעהָן וִויא אַיָאהְר פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג , עֶר הָאט נִיט גִיגְלוֹיבְּט דָאס עֶר זָאל אַיין זָאהְן זַיין פוּן זָא אַיוּנְגֶעס פְּרויא , דְרוּם אִיז עֶר בַּיין טִיר גִיבְּלִיבִּין וִויא פַאר שְׁטֵיינְט , אוּנ הָאט קֵיין וָוארְט גִיט גִיקָאנְט אוֹיס שְׁפְּרֶעכִין .

דִיא פְּרויא הָאט זִיךְ גְלַייךְ צוּ אִים גִיוֶוענְדֶעט , אוּנ הָאט אִים פֶּעסְט אָן גִיקוּקְט , אוּנ זִיא הָאט אִים גִיפְרֶעגְט וִויא הֵייסְט אִיהְר מַיין הֶער ? .

אִיךְ הֵיים מְנַשֶּׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ — הָאט מְנַשֶּׁה קוֹים אוֹיס גִירֶעט — אִיךְ בִּין דֶעם הִיזִיגִין וִוירְטְס אֵיין אֵיידִים .

וֶוען אַזוֹ , קָאנְסְטוּ מַיין זוּהְן פַאלִין דַיין מוּטֶער אוֹיפִין הַאלְז , אוּנ קוּשִׁין דִיא וֶועלְכֶע שְׁטֵייט נֶעבִּין דִיר , מִיט דִיא וֶוערְטֶער אִיז זִיא אִים אוֹיפִין הַאלְז גִיפַאלִין אוּנ הָאט אִים בֶּעשָׁאטִין מִיט טוֹיזִינְדֶער קוּשִׁין , אוּנ עֶס הָאבִּין זִיךְ פוּן אִיר טְרֶערִין גִיקַייקִילְט אוּנ הָאט גִיזָאגְט : דוּא בִּיסְט דָאךְ מַיין עֶרְסְט גִיבָּארֶענֶער זָאהְן , וֶועלְכִין אִיךְ הָאבּ נִיט גִיזֶעהֶען בִּיז יֶעצְט , גָאט זָאל דִיר גִינֶעדִיגִין מַיין קִינְד , דוּ בִּיזְט שֶׁענֶער אַלֶעס אִיךְ הָאבּ גִירֶעכִינְט ; נָאר וָוארוּם בִּיזְטוּ אַזוֹ פַאר צְוֵייפֶעלְט אוּנ שְׁטִיל מַיין קִינְד ? — דַאן אִיז מְנַשֶּׁה גִיפַאלִין אוֹיף זַיין מוּטֶערְס הַאלְז אוּנ פוּן זַיינֶע אוֹיגִין הָאבִּין גִירוּנֶען טְרֶערִין וִויא פוּן אַקְוֶועלֶע , נָאר זַיין מוּנְד אִיז נָאךְ אַלְץ פַאר שְׁטוּמְט גִיוֶועזִין , וַוייל עֶר הָאט דִי שְׁפְּרַאךְ נִיט בֶּהֶערְשְׁט .
דִיא מוּטֶער הָאט זַיין שְׁוַוייגִין נִיט גִיקָאנְט אַרִיבֶּער טְרָאגִין אוּנ הָאט גְזָאגְט : מַיין קִינְד ? וָוארוּם שְׁוַוייגְסְטוּ שְׁטִיל ? עֶרְקְוִויק מַיין זֶעלֶע מִיט דַיינֶע זַאנְפְטֶע וָוארְטִין ! מְנַשֶּׁה הָאט מִיט אַפַּאר וֵויינְטֶע שְׁטִימֶע קוֹים אוֹיס גִירֶעט : מוּטֶער ! וואוּ זָאל אִיךְ עֶס נֶעמֶען קְרַאפְט צוּ רֵיידִין אִין זָא אַיין אִיבֶּער רַאשׁוּנְדֶע וַויילֶע , דַיינֶע מוּטֶער לִיבֶּע , דַיינֶע מוּטֶערְלִיכֶע קִישׁוּנְגֶע , אוּנ דִיא מוּטֶערְלִיכֶע עֶרְבַּארְמוּנְג צוּ מִיר הָאבִּין זִיךְ בִּיז יֶעצְט אָפּ גִיהַאלְטִין , אוּנ יֶעצְט הָאבִּין זִיךְ דִיא אַלֶע שְׁפִּירוּנְגֶען פַאר זַאמִילְט מִיט אֵיין מָאל , אוּנ מַיין הַארְץ אִיז אֵיינְג דָאס אַיין צוּ הַאלְטִין , דְרוּם בִּין אִיךְ אִיבֶּערַאשְׁט גִיוָוארִין , וִויא אָנְגִינֶעהֶם אוּנ זִיס אִיז מִיר דִי יֶעצְטִיגֶע וַוייל וֶועלְכֶע אִיךְ זֶעה דִיר טְהַייעֶרֶע מוּטֶער ! נָאר וֵוייא אִיז מִיר דָאס אִיךְ זֶעה דִיר אִין זָא אַיין לַאגֶע , דָאס אִיךְ דַארְף מַיין פְרֵיידֶע אִין זִיךְ שְׁטִיקִין , אוּנ אוֹיךְ מַיין טְהַייעֶרֶע פְרוֹיא נִיט עֶנְדֶעקִין , מוּטֶער ! מוּטֶער ! שֵׁיינְק מִיר דֶעם גְלִיק אוּנ גִיבּ מִיר עֶרְלוֹיבֶּענֶעס דָאס אִיךְ זָאל מַיין גִילִיבְּטֶע פְרוֹיא מָאגִין עֶנְדֶעקִין פוּן דִיר , זִיא וֶועט דָאס גִיווִיס אִין אַשְׁטְרֵיינְגִין גִיהֵיים הַאלְטִין , אוּנ זָאל זִיא אוֹיךְ גִינִיסִין פוּן דִיא פְרֵיידֶע . נֵיין , מַיין טַייעֶרֶע קִינְד ! נֵיין ! פוּן מַיין הִיר זַיין טָאר קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶע אוֹיסֶער אוּנְז בֵּיידִין נִיט וִויסִין , פַאר קֵיין צוּ פַאל עֶרְלוֹיבּ אִיךְ עֶס דִיר נִיט צוּ עֶנְדֶעקִין , דָאס מוּז בִּיז אַצַייט אִין גִיהֵיים זַיין וַוייל דָאס בַּשְׁטֵייט אִין מַיין לֶעבִּין , נָאר בַּייא גָאט אִיז מִיגְלִיךְ דָאס אִיךְ זָאל בַּקוּמֶען אַיין נַאכְרִיכְט דָאס אִיךְ בִּין פְרַייא דָאס מַיין אוּנְשׁוּלְד הָאט אַרוֹיף גִישְׁוואוּמֶען , דַאן וֶועל אִיךְ זִיךְ שׁוֹין אַלֶעמֶען קָאנֶען פָאר שְׁטֶעלִין אָפִין , אוּנ מִיר וֶועלִין זִיךְ דַאן אֵיינִיגֶע טֶעג פַאר בְּרֵיינְגֶען אִין פֶערְגֶנִיגִין , אָבֶּער בִּיז דֶער צַייט בַּשְׁוֶוער אִיךְ דִיר דָאשׁ פַאר קֵיין פַאל זָאלְסְטוּ מִיר נִיט אַרוֹיס בְּרֵיינְגֶען .

נָאךְ זֶעלְדֶעס אַרַיין פָארִין הָאט חְיֶענֶעלֶע גִיהֵייסִין אִיהְרֶע דִינְסְט מוֹידֶען אַסְנְען אוּנ דִיסְקֶען דָאס זֵייא זָאלִין נָאךְ שְׁפִּירִין דִיא גַאסְט אוּנ זָאלִין עֶרְפַאהְרִין וָואס פַאר אַפֶּערְזָאהְן דָאס אִיז , אוּנ דְרוֹיף הָאט זִיא זֵייא גִירָאטִין דָאס זֵייא זָאלִין אַרַיין קוּקִין דוּרְךְ אַשְׁפַּאלְט אִין אִיר צִימֶער פִילַייכְט וֶועלִין זַיי עֶפֶּעס קָאנֶען דֶער גֵיין .
בֵּיידֶע דִינְסְט מוֹידִין הָאבִּין זִיךְ הִיפְּשׁ פֶערְזָאמְט , אוּנ נַאכְהֶער הָאבִּין זַיי

זִיךְ

זיך צו חָיֶענֶעלִין אוּמְגִיקֶערְט צוּ שְׁרָאקֶענֶע אוּנ בְּלַאסֶע , אוּנ זַייא הָאבִּין נִיט גִיקָאנְט אַיין וָוארְט אוֹיס רֵיידִין , חָיֶענֶעלֶע הָאט זַייא גִיפְרֶעגְט וָוארוּם זַייא זַיינֶען צוּ שְׁרָאקִין , הָאבִּין זַייא אִיר אַרַיין גִיפִירְט אִין אַזַייטִיגִין צִימֶער , אוּנ הָאבִּין דָארְטִין גִידִישֶׁעט וִויא פַּאר שָׁאפֶּעטֶע פֶערְד , אוּנ דֶער נָאךְ הָאבִּין זַייא קוֹים אוֹיס גִירֶעט דִיא וֶוערְטֶער : «מְנַשֶּׁה אִיז דָארְטִין».

וָואס מְנַשֶּׁה , וֶוען מְנַשֶּׁה ? הָאט זַיי חָיֶענֶעלֶע גִיפְרֶעגְט מַאכִין זִיךְ גָאר נִיט וִויסִינְדִיג .

מְנַשֶּׁה אִיז דָארְטִין בַּייא דִיא ... הָאבִּין זַייא ווַייטֶער אוֹיס גִירֶעט .

בַּייא וֶועמֶען ? רֶעט קְלָאהְרֶע דִיבּוּרִים , — פְרֶעגְט חָיֶענֶעלֶע .

בַּייא דִיא ... בַּייא דִיא וַוייבִּיל . עֶר הָאט זִיךְ דָארְטִין מִיט אִיר ...

זָאגְט מִיר שׁוֹין וָואס מִיט אִיר ? הָאט חָיֶענֶעלֶע צָארֶענְדִיג גִיפְרֶעגְט .

וָואס צִיטֶערְסְטוּ אַזוֹ דָאס פוּן מוֹיל אוֹיס צוּ רֵיידִין דִיסְקָע ! הָאט זִיךְ אַסְנֶע אוֹיף אִיר אַבֵּייזֶער גִיטָאן , אִיךְ וֶועל אַייךְ אוֹיף קְלָאהְר זָאגִין חָיֶענֶעלֶע , מְנַשֶּׁה אִיז דָארְטִין בַּייא דִיא וַוייבִּיל אוּנ הָאט זִיךְ מִיט אִיר גִיקוּשְׁט גִיהַאלְזְט אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע זַאכִין גִיטָאן .

לִיגְנֶערְקֶע ! הָאט זִיךְ דִיסְקֶע אַרוֹיס גִיחַאפְּט — וָואס דַארְפְּסְטוּ נָאךְ אֵיינֶענֶע צוּ לֵיינִין „אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע זַאכִין“ דֶער אַנְדֶערֶער קָאן דָאךְ קְלֶערִין אוֹיף וֶוער וַוייסְט וָואס , אַז גִיקוּשְׁט אַלַיין קְלֶעקְט אוֹיךְ , אִיךְ וָואלְט זִיךְ דָאס אוֹיךְ אוֹיף אִים קַיין מָאל נִיט גִיגְלוֹיבְּט , עֶר אִיז דָאךְ עֶפֶּעס גָאר קַיין פַיינֶער מֶענְטְשׁ נִיט .

מִיר זָאלִין דָאס דֶער צֵיילִין דֶעם טַאטִין מִיט דִיא מַאמֶען ? הָאבִּין דִיא מֵאדִין חָיֶענֶעלִין גִיפְרֶעגְט .

אוֹיבּ אִיר ווַייסְט דָאס גִיווִיס מָאגְט אִיר זָאגִין , אָבֶּער אִיךְ רֶעכִין דָאשׁ עֶס הָאט זִיךְ אַייךְ נָאר אוֹיס גִידַאכְט , זָאגְט חָיֶענֶעלֶע .

שְׁטַייץ גִיווִיס אִיז גִיווִיס , גְלַייךְ וֶועלִין מִיר אַלֶעמֶען פִירִין אַהִין ווַייזִין , אוּנ יֶעדֶערֶער וֶועט דָאס זֶעהֶן מִיט דִיא אוֹיגִין , דֶען דִיא וַוייבִּיל הָאט מִיר גִיזָאגְט אַז זִיא וֶועט דָא הִיפְשֶׁע עֶטְלִיכֶע טֶעג אַיין שְׁטֵיין , אוּנ בְּוַדַאי וֶועט מְנַשֶּׁה אִיר אָפְּט בֶּעזוּכִין אוּנ מִיר וֶועלִין עֶס שׁוֹין שְׁפִּירִין , נָאר חָלֶעבִּין אַחְסָרוֹן וָואשׁ בֶּעקָאן נִיט אַיינְהֶערִין זִיךְ וָואס זַייא רֵיידִין צוּא וִוישִׁין זִיךְ , נוּר דֶער זֶעהֶען אַלַיין קְלֶעקְט אוֹיךְ — .

## 13 אַ צוּא שְׁווֶערֶער בִּיסִין.

צַייט מְנַשְׁהֶעס מוּטֶער אִיז גִיקוּמֶען , אִיז אוֹיף מְנַשְׁהֶעס גִיזִיכְט צוּ עֶרְקֶענֶען גִיוֶועזִין אוּנ גִיוואוּנְטְלִיכֶעס , עֶר אִיז אַרוּם גִיגַאנְגֶען אַפַּאר הָלִימְתֶער , פַּאר טְרַאכְט , אוּנ יֶעדֶערֶער הָאט דָאס גִיקָאנְט בֶּעמֶערְקִין , נוּר מֶער פַאר אַלֶעמֶען הָאט דָאס דְרֶעזֶעלֶע בֶּעמֶערְקְט , ווַייל עֶר הָאט מִיט אִיר אוּנְטֶער דֶער צַייט גַאנְץ וַויינִיג גִישְׁפְּרָאכִין , אוּנ זִיא פְּלֶעגְט אִים אַלְץ זֶעהֶן מַאלַאנְכָאלִישׁ , אוּנ וֶוען זִיא פְּלֶעגְט אִים פְרֶעגִין ; פוּן וָואס עֶר אִיז בֶּעזָארְגְט , אָדֶער וֶועגִין

וואס טראכט ער אלץ, האט זיא קיין מאל קיין אנטוואָרט באַקומען, מיט וועלכען זיא זאל זיך קאָנען בערוהיגען, דרעזעלין האט אזו ווייט אינטערעסירט מנשהעס פערענדערונג, דאס זיא איז דער פון אויך מאלאנכאָליש געוואָרען, זיא האט טאג אונ נאכט גיטראכט דיא פריצינע פון מנשהעס פאר טראכטקייט, זיא האט איבער גיקלערט אויף אזעלכע זאכען וואס קיין שונא קאן דאס ניט ווינשען, אונ דיא גידאנקען האבען איר דיא גיזונד אפ גישוואכט אונ דעם גאנצען לעבען פאר שטערט.

אונ אזו וויא אויף מנשהען האט מען גיקאנט אום גיוויינליכעס בעמערקען, אזו האט ער (מנשה) גיקאנט בעמערקען אויף אלעמען אין הויז עפעס אום גיוויינליכעס, ווען ער וואלט נור וועלין בעמערקען, דען וויא מעפלעגט אים דער זעהען פלעגט מען אויף אים שטארק קוקען, אונ מאנכע מאל פלעגט מען זיך שטארק שוסקען אים דער זעהענדיג, נור ער האט דאס ניט בעמערקט ווייל ער האט דערויף ניט אבראשציאיעט וונימאניע.

איין מאל איז זיך דרעזעלע גיזעסען ביא זיך אין צימער, אום דעם דול צו פערטרייבען האט זיא זיך בעשעפטיגט מיט אהאנד ווערק איז מנשה צו הויזע ניט גיוועזען, נור אסנע מיט דיסקען זיינען ניט ווייט פון איר גיזעסען, דרעזעלע איז גיזעסען פאר טאן אין איר ארבעט, נור אפט האט זיך ביא איר פון הארצען אזיפץ ארויס גיריסען.

אהארץ איז אזיינער — האט אסנע שטילער הייד גיזאגט דיסקען אויפין אויער, נור דאס האט גיגרייכט צו דרעזעלס אויערין — איר הארץ זאגט איר געבאך איר אומגליק, אויף דערויף בעווייזט איר זיפצין, נאר ווען זיא וואלט שוין וויסין גאר אין גאנצען פון איר קלאג, וואלט זיא מיטין זיפצין ניט פאטערין.

דרעזעלין איז אסנעס רייד גאנץ טיף אריין אין הארצין, דאס האט איר אריין גישטאכין אין צעהנטין ריפ, עס האט איר איין ערצינדונג גיהאפט, ווייל זיא האט אסנעס ווערטער מיט מנשעס קריזיס (פערבייטונג) גירעכינט פאר איין זאך, זיא האט שוין אויף קלאהר גירעכינט דאס מיט מנשהען איז עפעס שלעכטס גישעהן, ער מוז עפעס איין אומגליק האבין, אונ דערום איז ער ביז אהער גיוועזין אום רוהיג, אונ יעצט האט דיא שלעכטעס אים גאר גימוזט ענדיגין, וואס דערויף צייגט אסנעס שטילע ווערטער, זיא איז גיבליבין זיצין וויא אפאר שטיינטע, אונ האט אנגישארפט דיא אויערין צו הערין אסנעס איבעריגע ווערטער, פילייכט וועט זיא דער פון וואס דער גיין.

ווער עס וויים ניט, איז דאך איר גיוויס מקנא, אזא איין גליקליכין לעבין מיט אזא אמאן — האט אסנע ווייטער גיזאגט אין דער שטיל, אבער מיט אשטימע אז עס זאל פארט גרייכין צו דרעזעלין — אבער וויא מיר ווייסין איז איר גאר ניטא וואס מקנא צו זיין, בעסר איין גימיינעם לעבין נאר ארוהיגין, איידער אזא רייכין לעבין מיט אזא אמאן, דאס... ווייל ער גיפעלט אלעמען, אונ איין מענטש... איז ניט קיין מלאך.

דְרֶעזֶעלִין אִיז זַייעֶר אִיבֵּל גִיוָוארִין , זִיא הָאט זִיךְ שִׁיר נִיט אַרָאפּ גִילָאזִין , אונ וִויא זִיא (דְרֶעזֶעלֶע) הָאט גִיזֶעהֶן אַז אַסְנָע רֶעט שׁוֹין מֶער נִיט , אונ זִיא הָאט זִיךְ נָאךְ אוֹיף קֵיין סְלַאד נִיט אַרוֹיף גִישְׁלָאגִין פוּן אִיר , אִיז זִיא צוּ זַייא צוּ גִיפַאלִין אונ הָאט אוֹיס גִיבְּרָאכִין אִין אַגִיוַויין אונ הָאט צוּ זַייא גִיזָאגְט ; „אִיךְ זֶע דָאךְ אַז אִיר שׁוֹסְקֶעט זִיךְ וֶועגִין מִיר אונ מְנַשְׁהֶען , מִיט אוּנְז הָאט עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטֶעס גִימוּזְט גִישֶׁעהֶן , אַיין אוּמְגְלִיק הָאט אוּנְז מִן הַסְתָּם גִיטְרָאפִין , טָא וָוארוּם צִיהְט אִיר מִיר אַרוֹיס דִיא כּוֹחוֹת בִּיסְלַאכְוַויים , אִיר זָאגְט מִיר נִיט אוֹיס מַיין דֶערְקֶערְעט וֶועלְכִין אִיךְ הָאבּ פוּן גָאט , אִיר ווִילְט מִיר מִיט אַמָאל נִיט אָנְזָאגִין נוּר בִּיסְלַאכְוַויים , נַיין ! בֶּעסֶער וַוארְפְט אוֹיף מִיר מִיט אַיין מָאהְל אַרוֹיף בְּרֶענְדִיגֶע שְׁטֵיינֶער מִיט הֵייסֶע קֵיילִין , דֶער לַאנְגְט מִיר דֶעם בֶּעכֶער גִיפְט ! אוּם דֶעם אִיךְ זָאל שׁוֹין ווִיסִין פוּן וָואס אִיךְ וֶוער פַאר שְׁנִיטִין , אונ אִין וָואס מַיין אוּמְגְלִיק בֶּעשְׁטֶעהְט ! וָוארוּם זֶע טְרִיפְט אִיר אוֹיף מִיר זוּדִינֶע טְרָאפִּינְס בִּיסְלַכְוַויים , צוּ וֶועט עֶס פַאר אַייךְ אַטוֹבָה זַיין אַז אִיר וֶועט זִיךְ אָנְרֵייצִין אַנְטְקֶעגִין מִיר מִיט דֶעם פַייל דוּרְךְ וֶועלְכִין אִיךְ מוּז גִישָׁאסִין וֶוערִין ? זָאגְט מִיר שׁוֹין גִיכֶער מַיין סוֹף , דוּרְךְ וֶועלְכֶע וֶוערְקְצַייג אִיךְ וֶוער גִיקָאנְצֶעט .

דִיא צְווֵייא מַאדִין הָאט דִיא הַארְץ גִירִירְט פוּן דְרֶעזֶעלֶעס גִיוַויין , זַייא הָאט אַזוֹ וַוייט דִיא הַארְץ פַארְקְלֶעמְט אַז זַיי הָאבִּין נִיט גִיקָאנְט אַרוֹיס בְּרֵיינְגֶען אַיין וָוארְט „וָואס שְׁוַוייגְט אִיר“ ! — הָאט דְרֶעזֶעלֶע נִישְׁרִיעֶן זַיי אַרוֹיף פַאלִינְדִיגִין אוֹיף דִיא הֶעלְזֶער — „אִיךְ זֶע דָאךְ שׁוֹין אַז מַיין לֶעבִּין אִיז שׁוֹין נִיט קֵיין לֶעבִּין ! שֵׁיינְקְט מִיר חָאטְשׁ אַגְרִינְגִין טוֹיט ! מַיין טוֹיט אִיז בַּייא אַייךְ אִין דִיא הֶענְד , זֶעט שְׁוֶועסְטֶערְלִיךְ ! הָאט אוֹיף מִיר רַחֲמָנוּת“ , דְרֶעזֶעלֶעס שְׁטִימֶע אִיז פַאר שְׁטִיקְט גִיוָוארִין פוּן גִיוַויין , אונ זִיא אִיז שְׁטִיל גִיבְּלִיבִּין .

דִיא מַאדִין הָאט דִיא הַארְץ פַאר קְוֶועצְט אונ הָאבִּין אָנְפַאנְגֶעס דִיא שְׁפְּרַאכֶע נִיט בֶּעהֶערְשְׁט , נוּר אַם עֶנְדֶע הָאט זִיךְ אַסְנֶע פָארְט אַרוֹיס גִיהַאפְּט ; „שְׁרֶעקְט אַייךְ נִיט דְרֶעזֶעלֶע , אַייעֶר אוּמְגְלִיק אִיז נִיט אַזוֹ גְרוֹיס , דָאס טְרֶעפְט אוֹיף לַייטִין , אִיר וֶוערְט נָאךְ אִימִירְצֶעשֶׁעס (אי"ה) לֶעבִּין , זַייט רוּהִיג“ , אִין וָואשׁ בֶּעשְׁטֵייט פָארְט מַיין אוּמְגְלִיק ? זָאגְט מִיר שׁוֹין גִיכֶער — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיפְרֶעגְט .

מְנַשֶׁה הָאט זִיךְ אִיזְנוּחֶעט מִיט דִי וַוייבִּיל וֶועלְכֶע אִיז דָא אַרַיין גִיפָארִין , אונ מֶער גָאר נִישְׁט — הָאט אַסְנֶע גִיזָאגְט .

פֶערְפְלוּכְטֶע מַאד ! הָאט דְרֶעזֶעלֶע אוֹיס גִישְׁרִיעֶן אָבּ שְׁפְּרִינְגֶענְדִיג אֵיינִינֶע טְרִיט אַהִינְטֶער — ווִיא וַואגְסְטוּ זִיךְ דָאס גָאר פוּן מוֹיל אַרוֹיס צוּ בְּרֵיינְגֶען ? הֶעקְסֶע ! דוּא ווִילְסְט פַאר שְׁמוּצִין דֶעם נָאמֶען פוּן מַיין הֵיילִיגִין אַנְגֶעל ? .

אִיךְ הָאבּ דָאךְ טַאקֶע דָאס נִיט גִיוָואלְט זָאגִין , נוּר אִיר הָאט מִיר גִיצְווּאוּנְגֶן דֶער צוּ — הָאט אַסְנֶע גִיזָאגְט .

הַאלְט מוֹיל דוּא הֶעקְסֶע ! — וֶוען נִיט קְרִינְסְטוּ אַרוֹיס גִישְׁלַיידֶערְט , דוּא זָאלְסְט דַיינֶע פַאלְשֶׁע רֵייד נִיט ווִידֶער הָאלִין , דָאס מוּז עֶפֶּעס זַיין אַשְׁטוּקֶע פוּן דִיא ווִילְדֶע טִירִין . צוּם אוּמְגְלִיק אִיז מַיינֶע רֵייד נִיט קֵיין פַאלְשֶׁע — הָאט אַסְנֶע מִיט דְרַייסְט גִיזָאגְט .

דָאס אִיז אַבְּלוֹיזֶער לִיגִין! הָאט דְרֶעזֶעלֶע אוֹישׁ גִישְׁרִיעֶן — אוּנ זִיא הָאט זִיךְ ווִיא אַווילְדֶע טִיר גִיוָואלְט אַרוֹיף שְׁלַיידֶערִין אוֹיף אַקְנָען, נוּר אַקְנֶע אִיז גִישְׁווִינְד פוּן צִימְמֶער אַרוֹיס גִילָאפִּין, אוּנ דִיסְקֶע אִיז פַאר בְּלִיבִּין.

וֶוער הָאט דָאס אַייךְ אָנְגִירֶעט פַאר מִיר אַזוֹ אַהֶעצֶע אָן צוּ מַאכִין אוֹיף מֶענְטְשִׁין? הָט דְרֶעזֶעלֶע גִיפְרֶעגְט דִיסְקֶען, דִיסְקֶע הָאט אַווָארְט נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט. אוֹיף דִיר דִיסִינְקֶע — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט — וָואלְט אִיךְ זִיךְ דָאס גָאר נִיט גִיגְלוֹיבְּט, אַז דוּא זָאלְסְט זִיךְ לָאזִין אָנְרֵיידִין פוּן שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין וֶועלְכֶע ווִילִין מִיר דֶער שְׁלִינְגֶען, אַז דוּא זָאלְסְט מִיט זֵיי יַד אֶחָד מַאכִין, אָן צוּ מַאכִין צוּ ווִישִׁין מִיר מִיט מְנַשֶׁהְען אַיין סוּמַאטָאכֶע אַקְרִיג, אוּם עֶס זָאל וֶוערִין אַקַאלֶעטוּכֶע זַייא זָאלִין קָאנֶען פַאנְגֶען פִישׁ אִין דִיא מוּטְנֶע וַואסֶער, דָאשׁ הֵייסְט; זַייא זָאלִין קָאנֶען אוֹיס פִירִין זַייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע גִידַאנְקֶען, נֵיין דִיסְקֶע! אוֹיף דִיר הָאבּ אִיךְ זִיךְ דָאס נִיט גִירִיכְט, דִיסְקֶע הָאט נָאךְ אַלְץ גִישְׁווִיגִין אוּנ דִיא אוֹיגִין אִיז אִיר פוּל גִיוָוארִין מִיט טְרֶערִין, ווָארוּם שְׁווַייגְסְטוּ? הָאט אִיר ווַייטֶער דְרֶעזֶעלֶע גִיפְרֶעגְט, „ווַייל אִיךְ הָאבּ מוֹרָא צוּ רֵיידִין" הָאט דִיסְקֶע גִיעֶנְטְפֶערְט, רֵייד רִיכְטִיגֶע דִיבּוּרִים דַארְפְסְטוּ נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבִּין, הָאט דְרֶעזֶעלֶע צוּ אִיר גִיזָאגְט.

אָבֶער צוּם אוּמְגְלִיק וֶועלִין מַיינֶע רִיכְטִיגֶע וֶוערְטֶער אַייךְ נִיט גוּט שְׁמֶעקִין, ווֶען אִיךְ וָואלְט קָאנֶען זָאגִין לִיגִין, וָואלְט אִיךְ אַייךְ צוּ פְרִידִין שְׁטֶעלִין, אָבֶּער קֵיין לִיגִין קָאן אִיךְ נִיט זָאגִין, הָאט דִיסְקֶע עֶרִינְסְט גִיזָאגְט.

אִיךְ פְרֶעג דִיר דָאךְ אָבֶּער, הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט — וֶוער הָאט דָאשׁ דִיר אָנְגִירֶעט אַזוֹ צוּ רֵיידִין?

מַיינֶע אוֹיגִין הָאבִּין דָאס מִיר אָנְגִירֶעט — הָאט דִיסְקֶע גִיעֶנְטְפֶערְט.

הָאסְטוּ מִיט דַיינֶע אוֹיגִין גִיזֶעהֶן מְנַשֶׁהְען מִיט דִיא ווַייבִּיל צוּ זַאמֶען? הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיפְרֶעגְט.

יָע אִיךְ הָאבּ דָאשׁ צוּם אוּמְגְלִיק אַלֵיין גִיזֶעהֶן, אוּנ שׁוֹין עֶטְלִיכֶע מָאל, אוּנ אוֹיבּ אִיר ווִילְט וֶועט אִיר דָאשׁ קָאנֶען אַלֵיין אוֹיךְ זֶעהֶען. הָאט דִיסְקֶע גִיזָאגְט אַרָאפּ לָאזִינְדִיג דִיא קָאפּ.

גוּ, וֶוען דוּא וֶועסְט זֶעהֶן אַז מְנַשֶׁה וֶועט צוּ אִיר אַרֵיין גֵיין זָאלְסְטוּ מִיר אָנְזָאגִין — הָאט דְרֶעזֶעלֶע צוּ אִיר גִיזָאגְט — נוּר וָואס רֵייד אִיךְ? צוּ קָאן אִיךְ דֶען מְנַשֶׁהְען דָאס גָאר חוֹשֵׁד זַיין, צוּ אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ דָאשׁ אַיין אַנְגִיל ווִיא עֶר זָאל זָעלְכֶע שְׁלֶעכְטֶעס טָאן? נֵיין דָאשׁ אִיז אַנֵידוּמְקֶע, מֶעווִיל צוּ ווִישִׁין אוּנְז אַיין רַאזְדָאר (קְרִיג) מַאכִין, דָאס אִיז נוּר אַשְׁטוּקֶע פוּן מַיינֶע פַיינְדֶע, ווִיא לֶעבְּט מֶען גָאר אוֹיף אַזָא אַוֶועלְט?! וָוארוּם הָאלְט אִיךְ זִיךְ אַיין אוֹיף אַזָא וֶועלְט וָואס מֶענְטְשִׁין מִיט שֵׁדִים טַאנְצִין צוּ זַאמֶען, עֶרְד! עֶפִין אוֹיף דַיין מוֹיל אוּנ שְׁלִינְג מִיר אַיין! אִיךְ זָאל נִיט זַיין צוּ אַיין בִּיסִין אִין דִיא מוֹיל פוּן מַיינֶע פַיינְדֶע, אָבֶּער נֵיין! מַיינֶע פַיינְדֶע הָאבִּין אַצוּ שְׁווֶערִין בִּיסִין אִין מוֹיל אַבַּיין גִינוּמֶען, זֵיי וֶועלִין זִיךְ מִיטִין בִּיסִין דֶער וֶוערְגִין, אִיךְ בִּין פַאר

זיי

זיי אַשְׁוָוערֶע זַאדַאצֶע, ניט אַזוֹ גיךְ רֶעט מֶען מִיר אַיין אויף מְנַשֶׁהֶעז שְׁלֶעכְטֶס, גֵּיין! דָאס וֶועט זַיי ניט אַיינְגֵיין, אונ דוּא דִיקֶקֶע, שְׁטֵיי מִיר ניט פַאר מַיינֶע אוֹיגִין, גֵייא גְלַייךְ פוּן מִיר אַרוֹיס, דִיקֶקֶע איז נֶעבַּאךְ מִיט הַארְץ קְלֶעמֶענֶעס אַרוֹיס פוּן צִימֶער, אונ נַאכְהֶער הָאט הֶענֶעלֶע דִיא בֵּיידֶע מַאדִין צוּ זִיךְ אַריין גירוּפִין, אונ זַייא הָאבִּין איר איבֶּער דֶער צֵיילְט אַלֶעס וִויא עֶס איז צוּ גִינַאנְגֶען בַּייא דְרֶעזֶלֶען.

## 14) זיא זָאל דָאשׁ זֶעהֶען מִיט אירֶע אוֹיגִין.

דֶער פִישׁ איז שׁוֹין אין נֶעץ — הָאט ר׳ שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט צוּ הֶענֶעלִין — מְנַשֶׁה איז שׁוֹין אַריין אין אוּנְזֶער פַּאסְטֶקֶע, אונ עֶס וֶועט שׁוֹין בַּאלְד זַיין דֶער סוֹף זַיינֶער, נָאר מֶעדַארְף זֶעהֶן דֶעם אינְטֶערֶעס צוּ קָאנְצֶען גוּט עֶס זָאל זַיין אָגִיל וְאֶשְׂמַח קַיילֶעכְדִיג אונ שְׁפִּיצִיג.

פְּרֵייט זִיךְ ניט אַזוֹ ר׳ שְׁמֶערִיל — הָאט צוּ אִים הֶענֶעלֶע גִיזָאגְט — עֶשׁ איז נָאךְ גָאר קַיין אָנְהֵייבּ ניט, דְרֶעזֶעלֶע גְלוֹיבְּט בְּשׁוּם אוֹפֶן ניט, די מַאדִין הָאבִּין איר שׁוֹין אַלֶץ דֶער צֵיילְט, הָאט זיא זַייא דיא צוֹרֶעס פַאר שְׁפֵּייגִין אונ הָאט זַייא אַרוֹישׁ גִיטְרִיבִּין, איךְ וַויים ניט וִויא דָא וֶועט זִיךְ קָאנְטְשֶׁען, עֶשׁ גֵייט צוּ שְׁוֶוער.

אָבֶּער אַז דְרֶעזִיל וֶועט מִיט אירֶע אוֹיגִין זֶעהֶן — זָאגְט שְׁמֶערִיל — וֶועט זיא דָאךְ שׁוֹין מוּזִין גְלוֹיבִּין.

וָואס וֶועט זיא זֶעהֶן? — הָאט הֶענֶעלֶע גִיפְרֶעגְט — איצְטֶער וֶוען מְנַשֶׁה קוּמְט צוּ זַיין מוּטֶער אַריין, קוּשְׁט עֶר זִיךְ שׁוֹין מִיט איר ניט, עֶר פַאר בְּרֵיינְגְט מִיט איר נָאר מִיט רֵייד, אונ וֶוען דְרֶעזִיל וֶועט דָאס שׁוֹין זֶעהֶן וֶועט זיא דָאס אויךְ פַאר קַיין עֲוֹלָה ניט הַאלְטִין.

אונ וִויא וֶועט זַיין אַז איךְ וֶועל מַאכִין עֶר זָאל זִיךְ מִיט איר יֶע קוּשִׁין אונ הַאלְזִין? פְרֶעגְט שְׁמֶערִיל.

וִויא וֶועט איר דָאס מַאכִין? וִויא איז דָאס מִיגְלִיךְ? פְרֶעגְט אִים הֶענֶעלֶע.

הֶע הֶענֶעלֶע! דוּא קָאנְסְט נָאךְ מִיר גָאר ניט — הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט — שְׁמֶערְלִין איז קַיין מַעֲשֶׂה ניט צוּ קְלַיין, איךְ הָאבּ שׁוֹין דָאס טַאקֶע פַאר זָארְגְט פְרִיעֶר, אונ מָארְגִין אין דִיזֶער צֵייט וֶועט זִיךְ מְנַשֶׁה מִיט זַיין מוּטֶער קוּשִׁין אונ הַאלְזִין אונ דְרֶעזִיל וֶועט דָאשׁ זֶעהֶן.

זָאגְט שׁוֹין מִיר וִויא וֶועט איר דָאשׁ מַאכִין? הָט הֶענֶעלֶע לוּבָּאפִּיטְנֶע גִיפְרֶעגְט.

אָט איז שׁוֹין פַארְטִיג מַיין פְּלַאן — הָאט צוּ איר שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט דֶער לַאנְגֶענְדִיג אַבְּרִיף.

הֶענֶעלֶע הָאט גִינוּמֶען דֶעם בְּרִיף אונ הָאט דֶעם אַדְרֶעס אִיבֶּער גִילֶעזִין „דָאס איז דָאךְ גִיאַדְרֶעסִירְט צוּ מְנַשְׁהֶעס מוּטֶער“? הָאט זיא צוּ שְׁמֶערְלִין גִיזָאגְט.

יֶע טַאקֶע צוּ מְנַשְׁהֶעס מוּטֶער — הָאט שְׁמֶערִיל איר גִיעֶנְטְפֶערְט — אָבֶּער לֶעז אִיבֶּער דֶעם בְּרִיף.

חיענעלע האט איבער גילעזין דעם בריף דאש פאלגענדע.

ז. פ. איר זאלט וויסין זיין אז דיא בערתאקער פאליציי איז ארויף אויף אייערע סלאדעס, אונ מעשיקט גלייך אייך צו ארעסטירין, בכן זאלט איר איין מינוט ניט פארזאמען אונ זאלט גלייך פון בענעכסיף אב ריינן, איר זאלט זעהן אז מעזאל ניט וויסין וואו איר האט אב גירייזט, אונ איר זאלט אייער זאהן בעשווערין דאס ער זאל נימאנדין אנדעקין פון אייך פאר־קיין צו פאל, דעם בריף שרייב איך ניט איינהענטיג, דאך זאלט איר אים גלייך צו רייסין, אייער פריינד...

נו וואס וועט זיין פון דעם בריף? האט חיענעלע גיפרעגט.

דוא פאר שטייסט גאך אלץ ניט? האט שמעריל גיזאגט — דעם בריף וועל איך אויף פאצט היינט אוועק לייגין, איך וועל שוין זעהן אז פון פאצט זיגיל זאל ניט זיין צו ערקענען פון וואנען ער איז, אונ מארגין וועט זיא עם ער האלטין, וויא פארשטייסטו וועט זיא דאך גיוויס גלייך אפ פארין, אונ פארין וועט זיא זיך דאך מיט מנשהען זעגנן, אונ מעוועט זיך קושין אונ האלזין גאר אן אשיעור, אונ דאן זאל מען דרעזלען דאס ווייזין, פאר שטייסטו שוין וואש דער פון וועט זיין?.

אט דאס איז איין עצה! האט חיענעלע מיט פרייד אויש גישריען — דער אשמדאי אליין וואלט דרויף ניט פאלין, נור וואס זייט איר ר' שמעריל אזוי צו טראגין? נאך אזוי איין איינפאל דארפט איר פון זיך אליין זיין צו פרידין.

„אז דוא ווייסט גאר ניט וואס פאר אוועלט היינט איז“ האט שמעריל גיזאגט, איך קאן דיר זאגין אין דיא אויגין אז אזא אכשר קינד וויא דוא ביזט איז אין דער וועלט גיטא, האסטו וועז גיהערט אביסיל, איך בין פון איין צרה שוין כמעט ארויס, בין איך אין דער אנדערע אריין, מיט מנשהען האבין מיר שוין באלד גיפאטערט, האט זיך אויף גירויסין פאר מיר אצרה אין איין אנדער ארט, זימל ווייגשטאק האט זיך מיט רבעקע זאהנשיין פאר ליבט איבער דיא אויערין, אונ יעצט זיינען זיי ביידע צו גיפאלין צו איר פאטער, זיי האבין אים די הענט גקושט אונ גיבעטין דאס ער זאל זיי ניט שטערין אין זייער ליבע, אין אנהויב האט ער זיך אפילו שטארק גיברעקילט, נור אם ענדע האט ער שוין ניט גיקאנט זייער צער צו זעהן דען זימל איז פון הארץ קלעמענם שטארק קראנק גיווארין, אונ יונה זאהנשיין האט שוין אויך דער צו מסכים גיוועזין, אונ מערעט גאנץ שטארק אז דער שידוך וועט בלייבין שידוך, אונ מיר שטייט דאס וויא אביין אין האלז, ווייל יונה זאהנשיין איז דאך דער גאנצער פידער אין שטאט, אונ איך בין ביי אים אתקיף אונ דר גאנצר פליגיל אדיוטאנט, וואס עש פאר קאלאטשעט זיך נאר אין שטעטיל שליהע אים דאס גלייך אונטער, אונ ער האט דאס האלט, איז דאס טאקע ביא אים אנגילייגט, אונ דער פאר בין איך פון אים מקבל טובה, דען וואס אלע שטארין זיך מעהר מיר פון אשוחט אראפ צו ווארפין, האלט ער (זאהנשיין) אלץ מער מיט מיר, ווייל וער נאר עס איז מיין שונא מאך איך שוין אויף אים איין העצע פאר זאהנשיינען אונ ער

ווערט

װֶערְט יֶענֶם שׁױן אױךְ אַשׁוֹנֶא, אָבָּער אַז זִימְל וַויינְשְׁטָאקְוֶועט זִיךְ צוּ אִים אִיז הױז אַרַיין מַאכִין פַאר אַיין אֵיידִים װֶעט עֶר מִיר מִיאוּס מַאכִין פַאר זָאהֶנְשַׁיינֶען, עֶר װֶעט אִים אױף עֶפֶּענֶען זַיינֶע אױגִין עֶר זָאל פַאר שְׁטֵיין מַיינֶע שְׁטוּקֶעס, אוּנ לֹא דַי וָואס אִיךְ װֶעל שׁױן בַּייא אִים אִין שְׁטוּבּ קַיין קִיוּם נִיט הָאבִּין װֶעט עֶר נָאךְ פַאר קֶערְט װֶערִין מִיר צוּ זַיין אַשׁוֹנֶא, אוּנ דַאן דַארְף אִיךְ זִיךְ שׁױן אָפּ זֶעגֶענֶען מִיט מַיין שְׁחִיטָה, דֶען דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט װֶעט זַיינֶע אָנְגִישְׁטַייסִין אױף מִיר, אוּנ דֶערִיבֶּער שְׁמֶעקְט מִיר גָאר נִיט גוּט דָאס זִימְל זָאל װֶערִין זָאהֶנְשַׁיינְס אֵיידִים.

דִיא װֶעלְט פִּירְט זִיךְ שׁױן אַזוֹ; װֶען אֵיינֶער טוּט שְׁלֶעכְטֶעס אוּנ עֶר פִּירְכְטֶעט זִיךְ דָאס זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶעס זָאל נִיט עֶנְדֶעקְט װֶערִין, זֶעט עֶר נִיט זִיךְ אוֹיס צוּ בֶּעסֶערִין דָאס עֶר זָאל שׁױן מֶער קַיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט טָאן, נַיין! עֶר בְּרוֹיכְט נָאךְ צוּ טָאן נָאךְ עֶרְגֶער שְׁלֶעכְטֶעס כְּדֵי דֶער מִיט זָאל פַארְבָּארְגִין בְּלַייבִּין דִיא עֶרְשְׁטֶע שְׁלֶעכְטֶעס; אוּנ זָא אִיז עֶס מִיט ר׳ שְׁמֶערְלִין גִיוֶועזִין, װֶען עֶר הָאט מוֹרָא נִיהַאט טָאמֶער װֶעט מֶען זִיךְ דֶער װִיסִין פוּן זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶעס אוּנ דָאס װֶעט אִים שַׁאדִין צוּ זַיין שְׁחִיטָה, הָאט עֶר אַייגִינְמְלִיךְ גִידַארְפְט אַװֶעק וַוארְפִין זַיינֶע גְרוֹיזַאמֶע טְהַאטִין אוּנ זִיךְ שְׁטֶעלִין אױף דָאשׂ גוּטֶע װֶעג, נָאר נַיין, עֶר הָאט אַלְץ פְּלֶענֶער נִידַיינְקְט וִויא דִיא פָארִיגֶע שְׁלֶעכְטְס צוּ בֶּעהַאלְטִין, אוּנ דֶער צוּ הָאט עֶר נָאךְ עֶרְגֶערֶע טְהַאטִין גִיבְּרוֹיכְט צוּ טָאן.

נוּ וָואשׂ טְרַאכְט אִיר דֶער צוּ צוּ טָאן? — הָאט אִים חְיֶענֶעלֶע גִיפְרֶעגְט — אוֹיבּ אִיר הָאט עֶפֶּעס אַפְּלַאן װֶעל אִיךְ אִין דֶערַיין הֶעלְפִין, אִיךְ הָאבּ גִישְׁוָוארִין אַיין מָאל פוּן זִימְלֶען רַאכֶע צוּ נֶעמֶען, זֶעט לְמַע״ה דֶער שִׁידוּךְ זָאל נִיט װֶערִין.

דֶערוֹיף הָאבּ אִיךְ נָאךְ גִינוּג צַייט מְיַישֵׁב צוּ זַיין זִיךְ, דֶען יוֹנָה זָאהֶנְשַׁיין הָאט גִיזָאגְט „אַז װֶען אֲפִילוּ דֶער שִׁידוּךְ װֶעט זַיין, װֶעט דָאס זִיךְ נָאךְ צִיהֶען אַפָּאר יָאר, דֶען וָואס הַייל אִיךְ זִיךְ חֲתוּנָה צוּ מַאכִין אַמֵיידִיל פוּן זִיבֶּעצִין יָאר“ אוּנ אוּנְטֶער דִיא צַייט װֶעל אִיךְ שׁױן גִיפִינֶען אַמִיטִיל וִויא דָאס פַאר נַאנְדֶער צוּ שְׁלָאגִין, זַיי רוּהִיג חְיֶענֶעלֶע, כָּל זְמַן שְׁמֶערִילְס קָאפּ אִיז אױף דִיא פְּלַייצֶעס װֶעט נִיט נִישֶׁעהֶן אַזַאךְ װֶעלְכֶע עֶר וִויל נִיט לַיידִין, דֶערְוַוייל דַארְפִין מִיר פַאטֶערִין אַיין גִישֶׁעפְט, דוּא זָאלְסְט זֶעהֶן אַז װֶען מְנַשְׁהֶעס מוּטֶער װֶעט הַאלְטִין בַּיין אָפּ פָארִין זָאל מְנַשֶּׁה דֶער פוּן זִיךְ דֶער וִויסִין, אוּנ אַז עֶר װֶעט צוּ אִיר אַרַיין גֵיין זָאל מֶען נְלַייךְ אָן זָאגִין דְרֶעזְלִין, אוּנ אִיר פִירִין זִיא זָאל דָאשׁ זֶעהֶן מִיט אִירֶע אױגִין.

## 15) דֶער עֶרְשְׁטֶער גָלוּת

פוּן דֶער צַייט וָואס דְרֶעזֶעלֶע הָאט גִיהַאט דִיא שְׁטִיצְקֶע מִיט דִי מַאדִין, אִיז אִיר נָאךְ שְׁטַארְקֶער גִיוָוארִין דֶער וואוּנְדֶער פוּן מְנַשְׁהֶעס פַאר עֶנְדֶערוּנְג, וָואס עֶר גֵייט אַרוּם וִויא אַשָׁאטִין, אוּנ דָאס וָואס עֶר רֶעט מִיט אִיהְר נִיט אַזוֹ וִויא גִיוַויינְלִיךְ, אִיר הָאט נָאךְ מֶעהְר אִינְטֶערֶעסִירְט דָאס וָואס עֶר בַּמֶערְקְט נִיט אִיר

אִיר שְׁוַואכְקַייט אוּנ צוּ טְרָאגִינְהַייט , זִיא קְרֶעכְצֶעט אָפּ גַאנְצֶענֶע נֶעכְט , אוּנ
עֶר טוּט גָאר נִיט אַפְּרֶעג : דְרָעזֶעלֶע וָואס אִיז דִיר ? אַזוֹ וִויא עֶס פְּלֶעגְט צוּ זַיין
בִּיז אַהֶער , דָאס אַלְץ הָאט זִיא נִיט גִיקָאנְט פַארְשְׁטֵיין , זִיא הָאט נָאר גִירֶעכִינְט
אַז דִיא וָואס לוֹיעֶרִין אוֹיף אִיר בְּלוּט הָאבִּין פַאר אִים אוֹיף אִיהְר עֶפֶּעס אָן גִירֶעט ,
אַזוֹ וִויא פַאר אִיהְר אוֹיף אִים , אוּנ דְרוּם קוּקְט עֶר נִיט אִין אִיר זַייט , זִיא הָאט
מִיט אוּנְגֶעדוּלְד גִיוַואהְרְט עֶס זָאל זִיךְ אִיהְר מַאכִין אַגוּטֶע גִילֶעגִינְהַייט זִיא זָאל
זִיךְ מִיט אִים קָאנֶען דוּרְךְ רֵיידִין אוּנ דַאן וֶועט זִיא שׁוֹין דֶער גֵיין אַלְץ וָואס
מִיט אִים אִיז גִישֶׁעהֶען .

אַיין מָאהְל אִיז זִיךְ גִיזֶעסִין מְנַשֶּׁה מִיט דְרָעזֶעלִין , אוּנ זִיא הָאט אָן גִיצוֹיגִין
אַרַאזְגַאוָואר אַלַאנְגִין אוּנ זִיא הָאט . שׁוֹין גִידֵיינְקְט דָעם רַאזְגַאוָואר נִיט אָפּ צוּ
לָאזִין בִּיז זִיא וֶועט עֶפֶּעס דֶער גֵיין בַּייא מְנַשֶּׁהֶען , אִין דֶעם אִיז אַרַיין גִילָאפִּין
אַסְנָע אוּנ הָאט בַּייא זַייא גִיבֶּעטִין אַפִינְף אוּנ צְוַואנְצִיגֶער פַאר נַאנְדֶער בַּייטִין ,
„דָאס אִיז פַאר אוּנְזֶער אוֹרַחְתֶּע זִיא פָארְט שׁוֹין אַוֶועק , גִיכֶער בַּייט מִיר אָפּ
וָוארוּם זִיא הַיילְט זִיךְ“ הָאט אַסְנֶע מִיט הַאסְט גִירֶעט — „עֶס אִיז אִיהְר עֶפֶּעס
אַבְּרִיף אָן גִיקוּמֶען , הָאט זִיא גְלַייךְ אָפּ גִיצָאלְט וָואס פוּן אִיר קוּמְט , אוּנְז הָאט
זִיא אוֹיךְ אַשַׁארְפֶּע אַדְרֶעזְנֶע גִילָאזִין , אוּנ דִיסְקָע אִיז שׁוֹין אַוֶועק גִילָאפִין
נָאךְ אַ פָּאצְט“ .

בַּייא דִיא וֶוערְטֶער הָאט זִיךְ בַּייא מְנַשֶּׁהֶען גִיבִּיטִין אִין גִיזִיכְט אַלֶערְלֵיי
קָאלָארִין , דִיא הַארְץ הָאט אִים אָן גִיהוֹיבִּין צוּ קְלַאפִּין , אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אַלְץ
גִימַאטֶערְט וִויא צוּ מַאכִין אַיין עֶנְד פוּן דְרֶעזִילְס גִישְׁפְּרֶעךְ , אוּנ אַם עֶנְדֶע הָאט
עֶר זִיךְ פָארְט פוּן גִישְׁפְּרֶעךְ אַרוֹיס גִידְרֵייט אוּנ עֶר הָאט זִיךְ פוּן צִימֶער אַרוֹיס
גִירוּקְט אוּנ אִיז אַרַיין צוּ זַיין מוּטֶער , אוּנ דְרֶעזִיל הָאט בַּמֶערְקְט וִויא וַוייט
עֶר אִיז רַאסְטְרוֹיעֶט גִיוָוארִין וִויא עֶר הָאט דֶער הֶערְט דָאס דִיא פְּרוֹיא פָארְט
אָפּ , אוּנ דָאס אִיז שׁוֹין אִיהְר אִין נָאז אַרַיין גִיקוּמֶען .

וִויא מְנַשֶּׁה אִיז אַרַיין צוּ זַיין מוּטֶער , אִיז עֶר נִשְׁתּוֹמֵם גִיוָוארִין זֶעהֶענְדִיג
וִויא זַיין מוּטֶער זִיצְט אוּנ וַויינְט , אוּנ אוֹיף זַיין פְרַאגֶע : וָואס אִיז דִיר טְהַייעֶרֶע
מוּטֶערִיל ? הָאט זִיא קֵיין קְרֶעפְטִין גִיהַאט אִים צוּ עֶנְטְפֶערִין , זִיא הָאט אִים
נָאר דֶער לַאנְגְט אַבְּרִיף , עֶר הָאט דֶעם בְּרִיף גִינוּמֶען אוּנ וִויא עֶר הָאט אִים
אִיבֶּער גִילֶעזִין , אִיז אִים פִינְסְטֶער גִיוָוארִין אִין דִיא אוֹיגִין אוּנ אִיז גִיבְּלִיבִּין
זִיצִין וִויא אַשְׁטַאטוּעֶ , עֶס הָאט פוּן אִים טְרָערִין אַפְּלִישׁ גִיטָאן וִויא פוּן אַקְוַואל ,
עֶר אִיז דִיא מוּטֶער אוֹיפִין הַאלְז גִיפַאלִין אוּנ זַייא הָאבִּין זִיךְ מִיט דִיא הֶענְט
אַרוּם גִיקְלַאמֶערְט אוּנ הָאבִּין זִיךְ מִיט אַלַאנְגִין קוּשׁ בֶּשָׁאנְקֶען , דִיא הַארְץ
הָאט זַייא גִידְרִיקְט דָאס זַייא הָאבִּין אַיין וָוארְט פוּן מוֹיל נִיט גִיקָאנְט אוֹיס
רֵיידִין ; נָאר קוֹים וָואס זִיא הָאט אוֹיס גִירֶעט : «אִיךְ פָאר קֵיין וו . . . גָאט
וַויים אוֹיף וִויא לַאנְג» אוּנ זַייא הָאבִּין זִיךְ אַהִיפְּשֶׁע צַייט גִיזֶעגִינְט נָאר נִיט מִיט
קֵיין וֶוערְטֶער נָאר מִיט הַאלְזִין אוּנ קוּשִׁינְגֶען , נַאכְהֶער הָאט זִיא דֶער הֶערְט
דָאס דִיא פָּאצְט אִיז אָן גִיפָארִין , אִיז זִיא גְלַייךְ אַרוֹיס אוּנ אַוֶועק גִיפָארִין ,

אונ

און מְנַשֶׁה אִיז אִין אַוַיילֶע אַרום אויך אויפִין גַאס אַרויס, דֶען זַיינֶע אויגִין אִיז גִיוֶועזִין פַאר וַויינְטֶע הָאט עֶר נִיט גִיקָאנְט אַרַיין גְלַייך אִין שְׁטוּבּ.

וִויא מְנַשֶׁה הָאט זִיךְ דְרֶעזֶלִין אַרויס גִירוּקְט הָאט זִיא אִים נִיוָואלְט נָאךְ שְׁפִּירִין, נוּר אִיהְר סָאוֶועסְט הָאט עֶס אִיר נִיט עֶרְלַייבְּט, אוּנ זִיא אִיז גִיבְּלִיבְּן אִין אִיהְר צִימֶער אִין פֶער צְוֵויפְלוּנְג, אִין דֶעם אִיז אַרַיין גִילָאפִין אַסְנֶע מִיט אַהַאסְט אוּנ הָאט נִיזָאגְט: גִישְׁוִוינְד דְרֶעזָעלֶע קוּמְט מִיט מִיר אַרַיין אִין דֶעם צִימֶער נוּמֶער... דוּרְךְ דָארְטִין וֶועט אִיהְר שׁוֹין אַלְין אַקוּרַאד זָעהְן מִיט אַייעֶרֶע אויגִין,. מְנַשֶׁה אִיז עֶרְסְט צוּ אִיר אַרַיין, אוּנ אִיהְר וָועט שׁוֹין נִיט זָאגִין אַז אִיךְ בִּין אַלִיגְנֶערְקֶע".

דְרֶעזֶעלִין אִיז פוּן שְׁרֶעק דִיא פִּיס אוּנְטֶער גִיהַאקְט גִיוָוארִין, אוּנ זִיא הָאט זִיךְ קוֹים אויף דִיא פִּיס נִיהַאלְטִין, הָאט אִיר אַסְנֶע נִינוּמֶען אוּנְטֶער דִיא הֶענְט אוּנ הָאט אִיר אַרַיין גִיפִירְט אִין נוּמֶער... דְרֶעזָעלֶע הָאט זִיךְ דוּרְכִין שְׁפַּאלְט אַיין נִיקוּקְט אוּנ הָאט נִיזֶעהֶן אַלְץ וָואס עֶס הָאט זִיךְ פַּאסִירְט צְווִישִׁין מְנַשְׁהֶען מִיט זַיין מוּטֶער, וִויא זַיי הָאבִּין זִיךְ גִיהַאלְדְזְט גִיקוּשְׁט, זִיא הָאט אֲפִילוּ נִיוָואלְט מַאכִין אַגְוַואלְד, נָאר פוּן שְׁרֶעק הָאט זִיא קֵיין קְרַאפְט גִיהַאט אַגִישְׁרַייא צוּ טָאן, זִיא אִיז אויף יֶענֶעם אָרְט גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין וִויא צוּא גִישְׁמִיט בִּיז דִיא מוּטֶער אִיז אַוֶועק גִיפָארִין אוּנ מְנַשֶׁה אִיז אַרויס, „נוּא, אִיז עֶס אַלְץ אֱמֶת וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ נִיזָאגְט"? הָאט אַסְנֶע צוּ דְרֶעזֶעלֶען נִיזָאנְט, פוּן דִיא וֶוערְטֶער הָאט זִיא זִיךְ וִויא פוּן אַטְרוֹים עֶרְוַואכְט אוּנ הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן: רֶעטֶע גָאט! וָואס הָאבִּין דָא מַיינֶע אויגִין גִיזָעהֶן?! בֶּעסֶער וָואלְט אִיךְ פְּרִיעֶר בְּלִינְד וֶוערִין אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ דָאס צוּ גִיזֶעהֶן! וָואס קָאן אִיךְ שׁוֹין יֶעצְט זָאגִין! מַיינֶע פַיינְדֶע זֶעהֶען אויף מִיר מֶער וִויפִיל זַייא הָאבִּין זִיךְ גִיוואוּנְשִׁין, צוּ וֶועמֶן זָאל אִיךְ שְׁרַייעֶן וֶוער קָאן מִיר הֶעלְפִין?!... אִיךְ קָאן מֶער נִיט שְׁרַייעֶן וִויא צוּ דִי בֶּערְג, בֶּערְג פַאלְט אויף מִיר אַרוֹיף אוּנ פַאר דֶעקְט מִיר מִיט מַיין שַׁאנְד צוּ זַאמֶען, עֶרְדֶע! שְׁפַּאלְט זִיךְ אוּנְטֶער מִיר אוּנ זִינְק מִיר אַיין מִיט מַיינֶע לֵיידִין צוּ זַאמֶען!... פַאר פְלוּכְט דֶער אוֹיגֶענְבְּלִיק וָועלְכֶער הָאט אַיין גִישְׁלוּנְגֶען אַלֶע מַיינֶע פְרֵיידִינְס יָאהְרִין!... אוּנ פַאר פְלוּכְט זָאל וֶוערִין דִיא אוּם פַאר שֶׁעמְטֶע פְרוֹיא וֶועלְכֶע הָאט מַיין טְהַייעֶרֶע זֶעלֶע אִין אִיר גֶעץ גִיפַאנְגֶען, וַויי אִיז מִיר! אַיין קְלֵיינֶע וַויילֶע הָאט פַר קֶערְט מַיין גַאנְצִין זִיסִין לֶעבִּין אִין אֵיינֶע דוּנְקֶעלֶע פִינְשְׁטֶערְנֶעס, אִין דִיא קְלֵיינֶע וַויילֶע הָאבּ אִיךְ נִיזֶעהֶען וִויא אַיין הִימְלִישֶׁער אַנְגֶעל אִיז אַרַיין גִיפַאלִין אִין דֶער טִיפֶער הֶעלֶע. גָאט! גִיבּ מִיר קְרֶעפְטִין אִיךְ זָאל קָאנֶען בַּקְלָאגִין מַיינֶע גִיצַיילְטֶע טֶעג בִּיז אִיךְ וֶועל זִיךְ עֶנְדִיגִין!..

אויף דְרֶעזֶעלְס קוֹלוֹת זַיינֶען אָן גִילָאפִין אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין אוּנ אַלֶע הוֹיז לַייטֶע, אוּנ וִויא זַייא הָאבִּין דָא אַלֶע דֶער הֶערְט פוּן אַסְנֶען וָואס דָא אִיז גִישֶׁעהֶן, הָאבִּין זַייא פַאר בְּרָאכִין דִיא הֶענְט אוּנ הָאבִּין נִיוַויינְט אוּנ גִישְׁרִיעֶן, אֵייניגֶע הָאבִּין נִיזָאגְט: דָאס עֶס מוּז זַיין אַהֵיילֶער חָלוֹם וַוייל דָאס קָאן מֶען אויף מְנַשְׁהֶען נִיט גְלוֹיבִּין, „הַלְוַאי וָואלְט עֶס אַחָלוֹם גִיוֶועזִין" — הָאט דְרֶעזָעלֶע

גשריען

שְׁרַיעֶן — אָבֶּער וַויא אִיז מִיר ! אַז אִיךְ הָאבּ דָאס מִיט מַיינֶע אוֹיגְן גִיזָעהֶן״ .

וואוּ אִיז דָער לַיידַאק דָער יוּנְגַאץ ! — הָאט אָשֵׁר יָעקִיל גִישְׁרִיעֶן — אִיךְ וָועל אִים רוּק אוּנ לֶענְד אִיבֶּער שְׁלָאגִין , אוּנ אַז מֶעהָאט אִים גִיזָאגְט דָאס עֶר אִיז נִיטָא הָאט עֶר זִיךְ גִיקֶערְט צוּ דִיא פַאר זַאמְלוּנְג אוּנ הָאט גִיזָאגְט : זָאל עֶר אָקָארְטְ פְּרוּבִּין צוּרִיק אַרַיין קוּמֶען אַלֶע שְׁטֶעקִינְס , וָועט מֶען אוֹיף אִים צוּא בְּרֶעכִין צוּ גְלַייךְ מִיט זַיינֶע בַּיינֶער .

גְוַואלְד זָאגְט וָואס אִיר וִוילְט , עֶס אִיז אוֹיף אִים פְאַרְט נִיט צוּ גְלוֹיבִּין אַזַא זַאךְ — הָאבִּין זִיךְ אֵיינִיגֶע אָפּ גִירוּפִין .

פַאר וָואס אִיז דָאס נִיט צוּ גְלוֹיבִּין ? — הָאט זִיךְ אָשֵׁר יָעקִיל מִיט עֶלְקֶען אִין אֵיין קוֹל אָפּ גִירוּפִין — אַז מֶעפּוֹיקְט אִיז אַחָאנֶע , אַז אַלֶע שְׁרַייעֶן עֶר אִיז אֵיין אַפִּיקוֹרֶס מִן הַסְתָּם אִיז כָּל בּוֹ אָן אִים , אוּנ בִּפְרַט אַז ר׳ הֶענַאךְ הָאט גִיזָאגְט אִיז אַוַודַאי צוּ גְלוֹיבִּין , זָעסְטוּ דְרֶעזֶעלֶע — הָאט עֶלְקֶע גִיזָאגְט — אִיךְ הָאבּ דִיר שׁוֹין כַּמָּה מָאל גִיזָאגְט אַז עֶר אִיז אֵיין אַפִּיקוֹרֶס אַ כָּל מוּם רַע , שְׁלָאג מִיט אִים אָפּ כַּפָּרוֹת , הַא , הָאסְטוּ מִיר נִיט גִיפָאלְגְט , דוּא פְלֶעגְסְט נָאר אַשְׁפְּרוּנְג טָאן , הַיינְט זָעה דַיין סוֹף , הַיינְט אִיז שׁוֹין אוֹיס גִיקוּמֶען אוֹיף מַיינֶע רֵייד , אִיצְטֶער וָועסְטוּ זִיךְ שׁוֹין בֶּעטִין עֶס זָאל זַיין אַגֶעט .

פָּאטֶערִיל ! מוּטֶערִיל ! הָאט דְרֶעזֶעלֶע מִיט אַשְׁוַואכֶע שְׁטִימֶע גִישְׁרִיעֶן — וָוען אִיר וִוילְט מְנַשְׁהֶען פוּן מַיין הַארְץ אוֹיס רַייסִין , מוּזְט אִיר פְּרִיעֶר מַיין הַארְץ מִיט אַהַאק צוּ שְׁפַּאלְטִין אוּנ נַאכְהֶער וָועט אִיהְר אִים פִילַייכְט אוֹיס וָוארְצְלֶען , וַוייל עֶר אִיז גַאנְץ טִיף אַיין גִיוָוארְצִילְט אִין מַיין הַארְץ , מַיין הַארְץ אִיז צוּא וואוּנְדֶעט אוּנ צוּ בַּיילְט , זִיא וַוארְפְט זִיךְ אִין פַיינְדְשַׁאפְט אוּנ לִיבְּשַׁאפְט , אִין רַאכֶע אוּנ עֶרְבַּארֶעמוּנְג , אִין מַיין צָאהְרִין הָאבּ אִיךְ נָאר גִדַיינְקְט פוּן פַיינְדְשַׁאפְט אוּנ רַאכֶע , אָבֶּער יֶעצְט וֶוען עֶס הָאט מִיר דֶער צָאהְרִין עֶטְוָואס אָפּ גִילָאזִין רֶעכִין אִיךְ זִיךְ אִיבֶּער : אוֹיף וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ שְׁלֶעכְטֶעס גִידַיינְקְט ? אוֹיף מַיין טְהַייעֶרִין מְנַשְׁהֶען ! אוֹיף מַיין גַאנְצִין טְרוֹיסְט אִין דֶער וֶועלְט , אָן אִים בִּין אִיךְ דָאךְ אוֹיךְ וִויא נִיטָא , אַזוֹ וִויא דֶער קֶערְפֶּער אִיז קַיין מֶענְטְשׁ אָן אַ נְשָׁמָה , אִיךְ בֶּעט אַייךְ מַיינֶע טְהַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין אוּנ נוּטֶע פְרַיינְד ! קֶערְט אוּם זַיין הַארְץ צוּ מִיר וִויא פְּרִיעֶר , שְׁטְרָאפְט אִים מִיט וַוייכֶע רֵייד , עֶר וֶועט זִיךְ גִיוִויס בֶּערַייהֶען אוֹיף דִיא שְׁלֶעכְטֶעס וֶועלְכֶע עֶר הָאט גִיטָאן , וֶוער קֶען נָאךְ זַיין רֵיינֶע זֶעלֶע , זַיין אַדֶעלִין חַארַאקְטֶער וִויא אִיךְ ? אִיךְ בֶּעט אַייךְ קֶערְט אוּם צוּ מִיר מַיין לֶעבִּין אוּנ מַיין גְלִיק ! אוּנ זִיא הָאט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ פַאר נַאנְדֶער גִיוַויינְט דָאס עֶס הָאט יֶעדֶען דֶער בַּייא שְׁטַייעֶר דִיא הַארְץ גִירִירְט , אוּנ אַלֶע הָאבִּין זִיךְ נִיט גִיקָאנְט אָפּ וואוּנְדֶערִין פוּן דְרֶעזֶעלֶס הוֹיכִין גִיפִיל .

נַיין ! — הָאט אָשֵׁר יָעקִיל גִישְׁרִיעֶן , צֶעהֶן מָאל נַיין — הָאט נָאךְ אִים עֶלְקֶע גִישְׁרִיעֶן — מִיר וֶועלִין שׁוֹין זִיךְ מֶעהְר נִיט לָאזִין אַיין פַּאצְקֶען פוּן דֶעם כָּל בּוֹנִיק . דִיא שְׁטָאט וָועט דָאךְ מִיט אוּנְז פוּל זַיין , אוּנ אָנְשְׁטָאט דֶעם וָואס בִּיז אַהֶער הָאבִּין אַלֶע מְקַנֵּא גִיוֶוען , וָועט מֶען אִיצְטָער פוּן אוּנְז לַאכִין , שׂוֹנְאִים וֶועלִין

אוֹיף

אויף אונז דער פרייט ווערין, עס וועט דאך אנאס ניט זיין איבער צו גיין פון בזיונות, ווען מיר נאך לאזין דיא נגע אין שטוב? ניין! ער טאר אויף אונזער שוועל ניט קומען, מיר ווען אים מיט זודיקע וואסער וויא אחזיר אפ בריען, ועטסטו וועלין נעמען גט איז רעכט, אונ ווען ניט וועסטו בלייבין אלעבעדיגע אלמנה אונ דוא וועסט זיך שוין בעטין גט.

ניין טאטינקע! האט דרעזעלע גיזאגט — איך וועל זיך אייביג מיט אים ניט זעגענען, איר מיינט אז ער איז וויא אנרעזעלע ביי מיר אין הארצין איין גיווארצילט, אז איהר ווילט מיטין ווינט פון מזיל אים אויס רייסין, ניין! איהר וועט אים פון מיין הארץ ניט ארויס נעמען וואו איהר וועט פריער מיין נשמה פון מיר ניט ארויס רייסין, אונ ווען איר ווילט איך זאל לעבין, טוא שטראפט אים בעסער מיט שטראף רייד, ער וועט זיך גיוויס אומקערין אויף אגוטע וועג, ער וועט חרטה האבין אויף דעם וואס ער האט גיטאן, אונ וועט עס גיוויס שוין מעהר ניט ווידער האלין, אונ דאן וועט בנייען מיין לעבין, אונ מיינע זיסע האפענונג וועט זיך אפ פרישין.

ניין! זיין פוס אונ זיין גליד טאר זיך ביי אונז ניט גיפינען — האט עלקע גישריען — מיר מוזין אים פון שטאט אויך ארויס יאגין, דוא ווילסט ער זאל שוין אונז אין גאנצין דיא אויגין פאר שווארצין, אונ אונזער משפחה פאר פלעקין, ביי אונז אין משפחה גיפינט זיך ב״ה ניט אזעלכע ליידאקעס, מיר דארפין דאך נאך קינדער אויס געבין, דוא ביזט ביי אונז דאך ניט די לעצטע, אונ איבער אים זאלין מיר אונזערע קינדער שוין דיא קעפ אראפ שניידין, ניין! דאס וועט ניט זיין, איבער איין קינד, קוילעט מען ניט אויס אגאנצע גיזינד, זיין פוס אונ זיין גליד וועט זיך שוין מער ביי אונז ניט גיפינען, פון שטאט מוזין מיר אים ארויס יאגין, אונ ווען ער וועט אליין ניט אנטלויפין וועלין מיר אים מיט פאליציע דורך פירין.

אוי וויא איז מיר! האט דרעזעלע אויס גישריען פון איהרע יסורים — אונ איז גיבליבין אין אונמאכט, מעהאט איהר גינומען מינטערין אבער עס איז אונמעגליך, מיהאט גלייך אדאקטער גיבראכט אונ מיט גרויס מיהע האט ער איהר צו זיך גיבראכט, מעהאט איר אין איר צימער אויף איר בעטיל גילייגט, אונ אלע זיינען פון איהר אוועק נאר אסנע איז לעבין איהר גיבליבין ווייל דער דאקטער האט פאר זאגט דאס זיא זאל בלייבין רוהיג איינגע שטונדין.

מנשה האט דא גאר פון קיין מעשה ניט גיוואוסט, ער איז זיך אויפין גאס ארום גינאנגען, ארויס צוא שלאגין דעם דול פון קאפ, אויך דאס גיזיכט זאל זיך אביסיל אפ טריקענען מיזאל אויף אים גאר ניט דער קאנען, אבער עס האט וואס ווייטער אלץ נייע טרערין דיא גיזיכט בעפייכטעט, דען וויא ער פלעגט זיך דער מאנען אין וואסער אבסטאיאטעלסטווא דיא מוטער גיפינט זיך יעצט, אונ מיט וואס פאר איין אופן זיא איז פון אים פלוצלונג אפ גיפארין האט אים דיא הארץ פאר קלעמט אונ האט זיך ניט גיקאנט איין האלטין פון וויינען,

דרום

דרום האט ער גימוזט אַרום גיין אַהיפּשע צייט ביז דיא אויגין האט אים עטוואס אוים גיטריקינט, ער האט זיך דיא גיזיכט אַרום גיווישט, אונ האט זיך צוריק צו הויזע גיקערט, אָבער ער איז ניט גינאַנגען דורך דיא פֿאָדער טיר ווייל ער האט מורא גיהאט דאס די הויזיגע מענטשין וועלין אויף אים פּאַרט עפּעס דער קאַנען, נור ער איז דורך דער הינטער טיר גלייך צו זיך אין ציממער אַריין.

דרעזעלע איז גילעגין אין איר בעט וויא אַטרופּ, זיא האט זיך גאר ניט גיפילט, דיא אויגין איז גיוועזן אָפּין אונ גיקוקט אויף איין אָרט, דרום איז קיין חידוש ניט וואס זיא האט ניט בּמערקט מנשהעס אַריין גיין, אָבער אַסך איז זייער איבער ראַשט גיוואָרין פון זיין אַריין קומען, אונ זיא האט אַגישריי גיטאָן: דרעזיל, אַט איז מנשה!... דרעזיל האט זיך פון אַסך גישרייא אויך ניט אויף גיהאַפּט, זיא האט נאר אירע אויגין אַקער גיטאָן אויף מנשהען, אָבער גאר קיין וואָרט האט זיא ניט גירעט, מנשה האט אַסך גיפרעגט: וואס בּעדייט דאס וואס דרעזעלע ליגט? אונ וואס האסטו אַזוי האסטיג איר אָן גיזאָגט מיין אַריין קומען? נאר וויא דרעזעלע האט מנשהעס שטימע דער הערט, האט זיא זיך אויף גיהאַפּט, אונ האט אָן גיהויבּין צו שרייען: מנשה מנשה! חאַפּ מיר צו אונ אַנטלויף מיט מיר, דא איז פֿאַר אונז קיין אָרט ניט! דוא האסט דאך גיווים הרטה אויף דיינע שלעכטעס וואס דו האסט גיטאָן, דוא בּיזט דאך מן הסתם גיקומען מיר איבּער בּעטין, איך פֿאַר שטייא דאך דאס נאך דיינע גיזיכטספּיצינגע, איך פֿערצייע דיר, נאר חאַפּ מיר צו אונ אַנטלויף, נאר לאַז מיר דא ניט, אַנטלויף מיט מיר גישווינד, לאַז מיר ניט אַליין צווישין וועלף צו ווישין ווילדע טהירין מנשה!... מנשה!... מנשה!... רעטע!

וואס איז דיר צו גיקומען... האט קוים מנשה אוים גירעט, אונ באַלד זיינען דרעזעלעס עלטערין אָן גילאָפין דער הערונדיג דרעזעלעס קולות, אונ וויא זייא האבין מנשהען דער זעהן לעבין איר האבין זייא זיך שוין ניט גיקערט צו דרעזעלען וועלכע האט גיהאַלעשט, נאר עלקע האט זיך אַיין גיטשעמעט אין מנשהעס האר, אונ אשר יעקיל האט אים מכבד גיוועזין מיט עטליכע פּייערדיגע פּעטש, „דוא עוכר ישראל! דוא אַפּיקורס! דוא האסט נאך אַ העזה צו טרעטין מיין שטוב, אַרוים פון דאַנענד, דיין פּוס זאל זיך דא ניט גיפינען, דו זאָלסט גלייך דיא שטאָט אוים ווייכין אונ חען ניט וועלין מיר דיר אומברייינגען", אַזעלכע קאָמפּלעמענטין האט אים אָפּ גינעבין אשר יעקיל מיט עלקען, אונ האבין אים דורכין טיר אַרוים גישלײדערט אונ מיט עטליכע שטעקינס בּקליידעט, אונ האבין נאך אים נאך גישריען אַפּיקורס! עוכר ישראל!

מנשה איז אין אָנהויב גאר צו טומילט גיוואָרין, אים איז אַזוי וויא פון הימיל אַראָפּ גיפֿאַלין עטליכע פּרעשק, אונ ווייל ער האט אויף זיך קיין זינד ניט גישפּירט, האט ער גימיינט אַז זייא מוזין אים ניט דער קאָנען אונ זייא מיינען אַז דאס איז גאר איין אַנדערער, האט ער צו זייא גישריען: איר האט אַטעות, איך בין דאך גאר מנשה! איך בין מנשה! אָבער וויא ער האט שוין פֿאַר

שטאנען

שְׁטַאנֶען אַז אִים מֵיינְט מֶען טַאקִי, הָאט עֶר שׁוֹין גָאר נִיט גִיוואוּסְט אוֹיף וָואסֶער וֶועלְט עֶר אִיז, עֶר הָאט גִיוָואלְט שְׁרַייעֶן: גְוַואלְד פַּאר וָואס קוּמְט דָאס מִיר! נָאר מִיהָאט אִים נִיט גִילָאזִין, מֶעהָאט אִים מִיט שְׁטֶעקִינְס אַשְׁטִיק גַאס בְּעלֵייט אוּנ עֶר הָאט זִיךְ קוֹים מִיט דִיא בֵּיינֶער אָפּ גִיטְרָאגִין, אָבֶּער אַז עֶר אִיז שׁוֹין פוּן זֵייא וַוייט גִיוֶועזִין, הָאט עֶר זִיךְ אָן גִיהוֹיבִּין מְיַישֵׁב צוּ זַיין וואוּ זָאל עֶר זִיךְ עֶרְסְט אַהִין טָאן צוּ וָועמֶען זָאל עֶר זִיךְ קֶערִין, אוּנ בַּיי אִים אִיז גִיבְּלִיבִּין עֶר זָאל אַרִיבֶּער גֵיין צוּ שְׁמֶערִיל דֶעם שׁוֹחֵט, עֶר אִיז זַיין שַׁדְכָן אוּנ גוּטֶער פְרַיינְד. אוּנ דוּרְךְ אִים וֶועט עֶר זִיךְ שׁוֹין דֶער וִויסִין וָואס מִיהָאט צוּ אִים.

וִויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּ ר׳ שְׁמֶערְלֶען הָאט עֶר זִיךְ בַּייא אִים בַּהַאלְטִין אִין אַקַאמֶער, אוּנ הָאט אִים אַרִיבֶּער גִישִׁיקְט צוּ אָשֵׁר יֶעקְלֶען עֶר זָאל דֶער גֵיין פַּאר וָואס מִיהָאט צוּ אִים, שְׁמֶערִיל הָאט אִים גְלַייךְ אַקְלָאהְרֶע תְּשׁוּבָה גִבְּרַאכְט דָאס עֶר זָאל גְלַייךְ אָפּ פָּארִין דֶען עֶר הָאט גִיהֶערְט אַז אָשֵׁר יָעקִיל גֵייט מִיט פָּאלִיצְיֶע אִים צוּ אַרֶעסְטִירִין אוּנ צוּ נֵייטִין אִים עֶר זָאל גֶעבִּין גֶט, אוּנ דֶער חֵטְא אִיז זַיינֶער וָואס עֶר הָאט גִיזִינְדִיגְט מִיט אַפְרֶעמְדֶע וַוייבִּיל, מְנַשֶּׁה הָאט גְלַייךְ פַּאר שְׁטַאנֶען פוּן וַואנֶען דֶער טָעוּת וַואקְסְט אוּנ הָאט גִיוָואלְט אַגִישְׁרֵייא טָאן „דָאס אִיז דָאךְ מַיין מוּטֶער“ אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ דֶער מָאנְט אַז עֶר קָאן אִיר דֶער מִיט אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכִין, אוֹיךְ הָאט עֶר אִיר צוּ גִישְׁוָוארִין עֶר זָאל פַּאר קֵיין פַּאל אִיהְר נִיט עֶנְדֶעקִין דְרוּם הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גִיהַאלְטִין, „מַיין שְׁוֶוער גֵייט מִיט פָּאלִיצֵייסְקִי! אוּנ מִיוֶועט מִיר נֵייטִין אַגֶט צוּ גֶעבִּין„! הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן — אוֹי אִיךְ מוּז שׁוֹין אַנְטְלוֹיפִין, אָבֶּער אִיךְ בִּין קַאק סְטָאיי, אוּנ אִיךְ הָאבּ אַפֶּענִיג נִיט בַּייא זִיךְ.

ר׳ שְׁמֶערִיל הָאט פוּן אִים דֶעם צַער נִיט גִיקָאנְט זֶעהֶן (?) אוּנ הָאט אִים גִינֶעבִּין עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל, מְנַשֶּׁה הָאט פְּרָאסְט דִיא אוֹיגִין גִיעֶפִינְט, עֶר הָאט ר׳ שְׁמֶערְלֶען נִיט גִיוואוּסְט וִויא אָפּ צוּ דַאנְקֶען, אוּנ עֶר אִיז גְלַייךְ אַוֶועק גִיפָארִין.

## 16) אַזֶעטִיגֶע רַחֲמָנוּת אִיז גָאר אַכְזָרִיוּת.

נוּ, וָואס זָאגְשְׁטוּ עֶרְשְׁט? הָאט שְׁמֶערִיל גִיפְרֶעגְט בַּייא חָיֶענֶעלִין — דָאשׁ אִיז אַבִּיסִיל גִיוֶועזִין אַקוּנְצִיגֶע שְׁטִיקִיל אַרְבֶּעט, מִיר הָאבִּין דָאשׁ טַאקֶע גְצֵייכִינְט אָפּ גִיאַרְבֶּעט, אוּנ דֶער צוּ הָאבִּין מִיר גִיהַאט סִיַעְתָּא דִשְׁמַיָא, דַארְף גְרָאד זַיין מוּטֶער אָנְפָּארִין, אוּנ אִיךְ דַארְף זִיךְ דֶער פוּן דֶער וִויסִין, אָבֶּער יִהְיֶ׳ אֵיךְ שֶׁיִהְיֶ׳ מִיר הָאבִּין שׁוֹין דִיא אַרְבֶּעט גִיקָאנְצֶעט.

דָאס אִיז נָאךְ עֶרְשְׁט אַהַאלְבֶּע אַרְבֶּעט, הָאט חָיֶענֶעלֶע גִיזָאגְט — גִיקָאנְצֶעט קָאן אִיךְ דָאשׁ עֶרְשְׁט רוּפִין, וֶוען מְנַשֶּׁה וֶועט שׁוֹין זַיין אִין מַיינֶע אָרִימְס, אָבֶּער וֶוער וַוייסְט וֶוען? אוּנ אוֹיבּ גָאר... נָאר דֶער וַוייל בִּין אִיךְ יוֹצֵא מִיט דֶעם וָואס עֶר אִיז שׁוֹין מֶער בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ נִיטָא, עֶס שְׁטֶעכְט מִיר שׁוֹין נִיט אִין דִיא אוֹיגִין דְרֶעזְקֶע רָאוּוֶעט נָאךְ אִים אָן אַיין אוֹיפְהֶער, אִיךְ וֵויים נִיט אוֹיבּ זִיא וֶועט קָאשׁ מִיט אִיר גִיזוּנְד אוֹישׁ הַאלְטִין, אִיר וָואלְט זֶעהֶן

וָואשׁ עֶס הָאט זִיךְ גֶעבְּטִין מִיט אִיר פַּאסִירְט. אַדְרַבָּה דֶער צַייל מִיר וָואס הָאט זִיךְ מִיט אִיר פַּאסִירְט? פְרֶעגְט שְׁמֶערִיל — אִיךְ הָאבּ הֲנָאָה אַזֶעלְכֶע זַאכִין צוּ הֶערִין.

וִויא מֶעהָאט מְנַשְׁהֶען פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹישׁ גִישְׁלֵיידֶערְט, הָאט מֶען זִיךְ גִינוּמֶען צוּ דְרֶעזְקִין, וַוייל זִיא אִיז גִיוֶועזִין אַגִיחַאלֶעשְׁטֶע, עֶשׁ הָאט לַאנְג גִידוֹיעֶרְט בִּיז מֶעהָאט אִיר גִיבְּרַאכְט צוּ זִיךְ, אוּנ וִויא זִיא הָאט דִיא אוֹיגִין גִיעֶפִינְט הָאט זִיא אָנְגִיהֵייבִּין צוּ שְׁרַייעֶן; מְנַשֶׁה מְנַשֶׁה! וואוּ אִיז מְנַשֶׁה?! מִיט אַזֶעלְכֶע ווִילְדֶע קוֹלוֹת אַז עֶשׁ הָאט אַלֶעמֶען אַשְׁרֶעק אָנְגִינוּמֶען, אוּנ אַז מֶעהָאט גִיזֶעהֶן אַז דִיא גַאל קָאן אִיר פְלַאצִין שְׁרַייעֶנְדִיג, הָאט מֶען אִיר גִיזָאגְט אַז מְנַשֶׁה אִיז שׁוֹין מֶער נִיטָא, מֶע הָאט אִים דוּרְךְ גִיטְרִיבִּין, דָא הָאט זִיא זִיךְ וִויא אַמְשׁוּגֶעֶנֶע פוּן בֶּעט אַרוֹישׁ גִיחַאפְּט אוּנ הָאט גִיוָואלְט אוֹיפִין גַאס אַרוֹישׁ לוֹיפִין, אוּנ הָאט גִישְׁרִיעֶן מִיט אֵיין קוֹל וואוּ אִיז מְנַשֶׁה, וואוּ אִיז מַיין קְרוֹין פוּן מַיין קָאפּ! אַלֶע הוֹיז לַייטֶע הָאבִּין אִיר קַאם אָפּ גִיהַאלְטִין אוּנ הָאבִּין אִיר צוּ רִיק אִין בֶּעט אַרַיין גִילֵייגְט, אָבֶּער וָואשׁ הָעלְפְט דָאס, דֶען וִויא מֶעהָאט אִיר אָפּ גִילָאזִין, זִיא פֶּענְדָאם לוֹיפְט צוּם טִיר, אַלֶע הָאבִּין זִיךְ פַאר אִיר דֶער שְׁרָאקִין דֶען זִיא הָאט וִויא וַואהְנְזִינִיג אוֹיס גִיזֶעהֶן, מֶען הָאט גִיבְּרַאכְט דָאקְטוֹרִים, אוּנ דִיא דָקְטוֹירִים הָאבִּין פַאר זָאגְט מֶעזָאל אִיר זֶעהֶן אַיין צוּ רוּהִיגִין וֶוען נִיט הַאלְט זִיא מְשׁוּגָע צוּ וֶוערִין, מֶע הָאט אִיר גִימוּזְט צוּ בִּינְדִין צוּ אִיר בֶּעטִיל, אוּנ זִיא הָאט גִישְׁרִיעֶן גִיקְלָאגְט אוּנ גִיטַעגֶעט אָן אַשִׁיעוּר, זִיא הָאט גִישְׁרִיעֶן; וַוייזְט מִיר חָאטְשׁ פַאר מַיין טוֹיט מְנַשְׁהֶעס גִיזִיכְט לָאמִיר זִיךְ חָאטְשׁ מִיט אִים אָפּ זֶעגֶענֶען, זִיא הָאט דֶעם טַאטֶעס הֶענְט גִיחַאפְּט אוּנ גִיקוּשְׁט אוּנ הָאט צוּ אִים גִיזָאגְט; זֶע פָּאטֶערִיל, הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף דִיא יוּנְגֶע יָאהְרִין פוּן דַיין עֶלְסְטֶע טָאכְטָער, דוּא וַוייסְט דָאךְ וִויא וַוייט אִיךְ בִּין דִיר עֶרִינְסְט גִיוֶועזִין, אִיךְ בִּין דָאךְ גַאטָאוו גִיוֶועזִין פַאר דִיר צוּ לוֹיפִין אִין פַייעֶר אוּנ אִין וַואסֶער, צוּ בִּין אִיךְ דִיר וֶוען אַרִיבֶּער דַייגֶע רֵייד, אַשִׁידוּךְ הָאשְׁטוּ מִיט מִיר גִיטָאן וִויא דוּא הָאשְׁט גִיוָואלְט, אוּנ דֶער אוֹיבֶּערְסְטֶער אִיז צוּ הִילְף גִיוֶועזִין אוּנ הָאט מִיר צוּ גִישִׁיקְט אַמַאן וָועלְכֶער גִיפֶעלְט גָאט אוּנ לַייט, אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאר וָואשׁ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ גִינִיסִין מַיין יוּגוּנְדְס פְרֵיידֶע, אַקוּרְצֶע צַייט הָאבּ אִיךְ זִיךְ מִיט פֶּערְגֶענִיגִין גִיזֶעטִיגְט, אוּנ יֶעצְט ווִילְט אִיהְר מִיט אֵיין מָאל מַיין גְלִיק אָבּ רוֹיבִּין, אוּנ אִיהְר ווִילְט מִיר פַאר שְׁנֵיידִין מַיינֶע יוּנְגֶע יָאהְרִין, אִיךְ זָאל זָאגַאר קֵיין צְוַואנְצִיג יָאר נִיט אוֹיס לֶעבִּין אוֹיף גָאטֶעס וָועלְט וֶועלְכֶע הָאט מִיר אָקָארְסְט אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ שַׁיינֶען, אִיךְ הָאבּ נָאךְ עֶרְסְט אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ בְּלִיהֶען, ווִילְט אִיר מִיט אַייעֶרֶע הֶענְט אָבּ רַייסִין מַיינֶע בְּלִיהוּנְג, אוּנ דוּרְךְ דֶעם וָועל אִיךְ מוּזִין פֶערְוֶועלְקְט וֶוערִין, זֶע פָּאטֶערִיל, עֶרְבַּארִים זִיךְ אוֹיף דַיין קִינְד וָועלְכֶע בָּאדְט אוֹיס דַיינֶע הֶענְט מִיט אִיהְרֶע טְרֶערִין, קֶער צוּ אִיר אוּם אִיר גְלִיק אִיר טְרוֹיסְט פוּן אִיר גַאנְצִין לֶעבִּין, דֶען אָן עֶס בִּין אִיךְ וִויא גִישְׁטָארְבִּין פַאר רֶעכִינְט, אוּנ וֶוען עֶר הָאט גִיזִינְדִיגְט הָאט עֶר דָאךְ נוּר צוּ מִיר גִיזִינְדִיגְט אָבֶּער נִיט צוּ אַייךְ, אוּנ וֶוען אִיךְ פֶּערְצַייהֶע עֶם דַארְפְט אִיר דָאךְ אִים גִיוִויס פֶּערְצַייהֶען, זֶע

פאטעריל

פָּאטֶערִיל, פַּאר מַאךְ נִיט דַיינֶע אוֹיעֶרִין פוּן מַיין רִירֶעוְדִין גִיבֶּעט, זָאלִין מַיינֶע טְרֶערִין וַוייךְ מַאכִין דַיין הַארְץ, עֶנְטְפֶער מִיר שׁוֹין דֶעם זִיסִין אַנְטְוָוארְט „אִיךְ פֶערְצַייהֶע אִים אוּנ עֶר וֶועט גְלַייךְ קוּמֶען“.

מַיין פָּאטֶער הָאט אִירֶע רַייד אַזוֹ וַוייט גִירִירְט דָאשׁ עֶשׁ הָאט זִיךְ פוּן וַיינֶע אוֹיגִין גִיקַייקִילְט טְרֶערִין וִויא בָּאכ, דִיא הַארְץ הָאט עֶם פַּאר קְלֶעמְט, אוּנ עֶר הָאט שׁוֹין גִיוָואלְט אַרִיבֶּער שִׁיקִין רוּפִין מְנַשְׁהֶען, נָאר דִיא מַאמֶע הָאט אוֹישׁ גִיבַּאטִילְט בַּייזֶע חֲלוֹמוֹת אוֹיף זַיין קָאפּ אוּנ הָאט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גִילָאזִין שִׁיקִין נָאךְ אִים „אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג גִיזֶעהֶן דָאס אַזַא אַסוֹף וֶועט זִיךְ פוּן עֶם אוֹיס לָאזִין“ הָאט דִיא מַאמַא גִיזָאגְט — „קְנַאפּ הָאבּ אִיךְ זִיךְ פוּן דִיא יְשִׁיבָה בַּחוּרִים אָנְגִיהֶערְט אוֹיף אִים, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג גִיוַוארְט אוֹיף דִיא מִינוּט אַז מִיר זָאלִין שׁוֹין פוּן אִים פָּטוּר וֶוערִין, אוּנ אִיצְטֶער ווִילְסְטוּ נָאךְ אִים וַוייטֶער שִׁיקִין? אִיךְ וִויל שׁוֹין דִיא עֲבוֹדָה זָרָה בַּיי מִיר אִין שְׁטוּבּ נִיט הַאלְטִין, זָאל עֶר זַיין אָנְקָאפּ אוּנ לַייבּ אוּנ לֶעבִּין.

וִויא דְרֶעזִיל הָאט דָאשׁ דֶער הֶערְט, הָאט זִיא דִי מַאמֶען צוּ זִיךְ צוּם בֶּעט צוּ גִירוּפִין אוּנ הָאט אִירֶע הֶענְד אַרוּם גִינוּמֶען, אוּנ הָאט זַייא מִיט זוּדִיגֶע קוּשִׁין בֶּעשָׁאטִין, אוּנ טְרֶערִין הָאט זִיא גִיגָאשִׁין אָן אַיין אוֹפְהֶער, אוּנ הָאט זִיךְ בַּייא אִיר שְׁרֶעקְלִיךְ גִיבֶּעטִין, פוּן אִירֶע טְרֶערִין הָאט אַשְׁטַיין גִיקֶענְט צוּ גַיין, אוּנ מִיט אִיר גִיבֶּעט הָאט זִיא גִיקָאנְט אַשְׁטַיינֶענֶע הַארְץ וַוייךְ מַאכִין, אִיר קָאנְט זִיךְ פָאר שְׁטֶעלִין אַז זִיא הָאט בַּייא דִיא מַאמֶען פוּן דִיא אוֹיגִין אַסַךְ טְרֶערִין אַרוֹישׁ גִירִיסִין, וָואשׁ דִיא מַאמֶע אִיז נִיט אַזוֹ גְרִינְג אוֹיף טְרֶערִין, אִיךְ הָאבּ פַאר שְׁטַאנֶען פוּן דִיא מַאמֶעס מִינֶע אַז זִיא גִיט זִיךְ שׁוֹין אוּנְטֶער, אוּנ וִיא אִיז שׁוֹין גַאטָאוו צוּ שִׁיקִין נָאךְ מְנַשְׁהֶען, אוּנ מִיר אִיז דָאשׁ גָאר נִיט גִיפֶעלִין גִיוָוארִין, דֶען אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גִיהַאט אַז אִין אֵיין וַויילֶע וֶועט זִיךְ צוּ בְּרֶעכִין אַלְץ וָואס מִיר סְטְרוֹיֶען שׁוֹין פוּן לַאנְגֶע צַייטִין, דָערוּם הָאבּ אִיךְ צוּ אַייךְ אוּנְטֶער גִישִׁיקְט דָאשׁ אִיר זָאלְט זֶעהֶן דֶעם הָמֵיץ וָואשׁ גִיכֶער אוֹישׁ צוּ רַאמֶען, אוּנ אַייךְ הָאט דָאשׁ טַאקֶע אָפּ גִיגָאלְטִין, אוּנ וֶוען מֶעהָאט גִישִׁיקְט נָאךְ מְנַשְׁהֶען, אוּנ אַז מֶע אִיז גִיקוּמֶעי מִיט אַתְּשׁוּבָה אַז מֶעהָאט עֶם אוּמֶעדְאוּם אוֹישׁ גִיזוּכְט אוּנ מֶעהָאט אִים נִיט גִיפוּנֶען, אוּנ אֵיינִיגֶע הָאבִּין גִיזָאגְט דָאס זֵיי הָאבִּין אִים בֶּעגֶעגֶענְט פָארִינְדִיג, הָאט זִיךְ דְרֶעזִיל גִישְׁלָאגִין קָאפּ אָנְוַואנְט אוּנ מִיט אִירֶע טַעֲנוֹת אַלֶעמֶענְס הֶערְצָר גִירִירְט, מִיט אַיין וָוארְט בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ אִיז גִיוָוארִין אַתִּשֶׁעבָּאף, (תִּשְׁעָה בְּאָב), אִיר וֶועט דָאס גְלוֹיבִּין ר׳ שְׁמֶערִיל? אַז מִיר הָאט אוֹיךְ פָּשׁוּט פַארִין הַארְצִין גִינוּמֶען דָאשׁ אִיז דָאךְ אַחַרְפָּה צוּא זָאגִין אַז נִיט וִוילִינְדִיג הָאט פוּן מַיינֶע אוֹיגִין טְרֶערִין גִירֶעגִינְט, אִיךְ הָאבּ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה שׁוֹין כִּמְעַט חֲרָטָה גִיהַאט וָואשׁ אִיךְ הָאבּ דָאשׁ אוֹיף גִיפִירְט דִיא גַאנְצֶע אִינְטְרִיגֶע, נוּר אִיךְ הָאבּ זִיךְ גְלַייךְ אִיבֶּער גִילֵייגְט, אוֹיף וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ דָא רַחֲמָנוּת? אוֹיף אַזַא אַשְׁוֶועסְטֶער אַפָּאדְלֶע, אוּנ בִּפְרַט אַז וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיר רַחֲמָנוּת הָאבִּין בִּין אִיךְ דָאךְ אוֹיף זִיךְ אַלֵיין אַנְזָלְן, אוּנ דִיא רַחֲמָנוּת

איז

איז גאָר אַכְזָרִיוּת, דֶערוּם הָאבּ איךְ שׁוֹין קֵיין חֲרָטָה נִיט אוֹיף אַלֶעס, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל נָאר אוּנְז זַיין צוּ הִילְף מִיר זָאלִין אוֹים פִירִין אוּנְזֶער מְבוּקָשׁ.

## 17) דֶער מַכְנִים אוֹרַח.

מִיט וָואס פַאר אַהארֶץ מְנַשֶׁה אִיז פוּן בֶּענֶעכְסִיף אָבּ גִיפָארִין אִיז יֶעדִין לַייכְט צוּ פַאר שְׁטֵיין, עֶר אִיז גְלַייךְ אָבּ גִיפָארִין אִין אַזֵייטִיגֶע שְׁטֶעטִיל אוּנ דָארְטִין הָאט עֶר זִיךְ אָנְגִיהוֹיבִּין אַרוּם צוּ זֶעהֶן וואוּ עֶר אִיז אִין דֶער וֶועלְט, עֶר הָט אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ קְלֶערִין וָוס זָאל עֶר אָנְהוֹיבִּין צוּ טָאן, „וואוּ זָאל אִיךְ זִיךְ אַהִין טָאן? הָאט עֶר מִיט זִיךְ גִירֶעט — וואוּ הִין זָאל אִיךְ זִיךְ קֶערִין? מַיין טַייעֶרֶע דְרֶעזֶעלִין, הָאבּ אִיךְ שׁוֹין פַאר לָארִין, גָאט ווייס אוֹיבּ אִיךְ וֶועל אִיר שׁוֹין ווידֶער זָעהֶן? אִיךְ הָאבּ אִיר פַארְלָארִין אָבֶּער גָאר אָן אַשׁוּלְד, קֵיינֶער אִיז דֶערַיין נִיט שׁוּלְדִיג, דָא אִיז בְּלוֹיז אַנֶעדָארָאזוּמֶענְיֶע, דָאשׁ הֵייסְט ווַייל מִיר קָאנֶען זִיךְ נִיט צוּ נוֹיף רֵיידִין, אֵיינֶער ווייס נִיט פוּן דֶעם אַנְדֶערִין גִיווִיס וִוִיל גָאט אַזוֹ, נוּר דָאךְ פְרֵייעֶט דָאס מִיר וָואס אִיךְ הָאבּ נָאךְ אוּסְפֶּייעֶט פוּן בֶּענֶעכְסִיף צוּ אַנְטְלוֹיפִין אֵיידֶער אִיךְ בִּין אַרַיין גִיפַאלִין צוּ מַיין שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִויגֶער אִין דִיא הֶענְט, דֶען זֵייא וָואלְטִין מִיר גִיוִוים שְׁטְרֵיינְג גִינֵייט צוּ גֶעבִּין דְרֶעזֶלִין אַגֶט, אָבֶּער יֶעצְט שַׁיינְט דָאךְ מִיר פָארְט אַשְׁטְרַאל פוּן הָאפֶענוּנְג דָאס פִילַייכְט וֶועל אִיךְ אִיר נָאךְ אַמָאל זֶעהֶן אָ מַיין דְרֶעזֶעלֶען גָאט הָאט אוּנְז פַארְנַאנְדֶער גִישֵׁיידְט דַיינֶע אוֹיגְין מוּזִין דָאךְ דִיר נִיט טְרִיקֶענֶען, דוּא טְרוֹיעֶרְסְט גִיווִיס מֵיינֶעדִיג אַז יוּא הָאסְט מַיין הַארְץ פַאר לָארִין, אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין צוּ דִיר נִיט קֵיין טְרֵייהַייט, נֵיין מַיין טְהַייעֶרֶע! כָּל זְמַן אִיךְ לֶעבּ בִּין אִיךְ דַיינֶער, מַיין הַארְץ גִיהֶער צוּ דִיר מַיין זֶעלֶע אִיז בַּיי דִיר פֶערְבְּלִיבִּין, וואוּ מַיינֶע נֵייטִין וֶועלִין מִיר פַאר טְרָאגִין וֶועל אִיךְ אַלְץ מֶער נִיט דֵיינְקֶען ווִיא דִיר, דַיין גִישְׁטַאלְט וֶועט מִיר קוּמֶען אוֹיף יֶעדִין טְרִיט, אָה גָאט, וָוארוּם הָאסְטוּ מִיר זָא פִיל שְׁמֶערְצִין אָנְגִיטָאן אוּנ לָאזְט מִיר נָאךְ לֶעבִּין אוֹיף דַיין פִינְשְׁטֶערֶע וָועלְט? וָוארוּם זָאל אִיךְ זִיךְ דַארְפִין אַרוּם טְרָאגִין מִיט אַזַא בְּרֶעמְעֶנֶע צָרוֹת? אַמְוֵוייגִינְשְׁטִין נֶעם בַּייא מִיר צוּ מַיין פַאר שְׁטֵיין מַיין בִּיטֶערֶע לַאגֶע״!

מְנַשֶׁה הָאט זֵייעֶר פִיל גִיוַויינְט אוּנ גִיקְלָאגְט, אוּנ עֶר אִיז בַּיי זִיךְ זֵייעֶר נִיפַאלִין גִיוָוארִין, עֶר הָאט אַלְץ נִיקְלֶערְט וואוּ עֶר זָאל זִיךְ קֶערִין, אוּנ אַם עֶנְדֶע אִיז בַּייא אִים נִיבְלִיבִּין עֶר זָאל פָארִין אִין דֶער שְׁטָאט וו. פִילַייכְט וֶועט עֶר זַיין מוּטֶער אוֹים זוּכִין, אוּנ עֶר וָועט מִיט אִיר צוּ זַאמֶען זַיין, בִּיז גָאט וֶועט רַחֲמָנוּת הָאבִּין אוּנ זִיא וָועט פוּן אִיר דְיָעלָא רַיין ווערִין אוּנ דַאן וָועט עֶר מִיט אִיר אַרָאפּ פָארִין אִין בֶּענֶעכְסִיף, אוּנ וֶועט שׁוֹין פִיר אַלֶעמֶען קָאנֶען צֵייגִין זֵייעֶר אִירְטְהוּם דָאס זֵייא הָאבִּין אִים אוּמְזוּנְסְט חוֹשֵׁד גִיוֶועזִין אוּנ עֶר וָועט שׁוֹין וַוייטֶער גְלִיקְלִיךְ זַיין.

מְנַשֶׁה אִיז מִיט דֶעם הָאפֶענוּנְג גִיפָארִין אִין דֶער שְׁטָאט וו. אִין אָנְפַאנְג הָאט עֶר גִיהָאפְט זַיין מוּטֶער אָנְצוּטְרֶעפִן אוֹיפְן גַאס אוּנ נַאכְהֶער אִיז עֶר אַרוּם גיגאנגן

גִּיגַאנְגֶען אַלֶע אַכְסַנְיוֹת אוּנ זַאיֶעזִיא דָאמֶען, אָבֶּער זַיין מִיהֶע אִיז אוּמְזִיסְט גִיוֶועזִין דֶען עֶר הָאט זַיין מוּטֶער אִין עֶרְגֶעץ נִיט דֶער וואוּסְט, אוּנ דָא אִיז זַיין קֶעשֶׁענֶע וַוייטֶער אַלְץ לַיידִיגֶער גִיוָוארִין בַּייא אִים הָאט זִיךְ סַךְ הַכֹּל אָפּ גִישְׁטֶעלְט אַגִילְדִין צֶעהֶן.

דָא הָאט עֶר שׁוֹין גָאר נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּ טָאן, עֶר זָאל זִיךְ אַוֶועק זֶעצִין לֶערְנֶען אִין אַבֵּית הַמֶּדְרָשׁ דַארְף מֶען דָאךְ הָאבִּין צוּ קַייֶען, אָנְקוּמֶען אוֹיף אַפְּרֶעמְדִין טִישׁ, הָאט עֶר אוֹיף זַיין לֶעבִּין דֶער פוּן נִיט גִיוואוּסְט אוּנ הָאט דָאס בַּייא זִיךְ נִיט גִיפּוֹיעֶלְט, אוּנ אוֹיךְ הָאט עֶר מוֹרָא גִיהַאט דָאס וֶוען עֶר וֶועט גַיין עֶסִין טֶעג, מוּז עֶר דָאךְ אַיין אַרַיינְגַאנְג הָאבִּין אִין זִיבִּין הַייזֶער, אוּנ טָאמֶער דֶער קָאנְט אִים וֶוער עֶס אִיז, עֶר אִיז וִויא וַואהְנְזִינִיג אַרוּם גִיגַאנְגֶען נִיט וִויסִינְדִיג וָואס צוּ טָאן, עֶר הָאט דֶער הֶערְט אַז אִין אַקְלוֹיז נֶעמְט מֶען צוּ יוּנְגֶע לַייט לֶערְנֶער אוּנ מֶעגִיט זַייא צְוֵוייא רוּבִּיל אַוָואךְ אוֹיף קֶעסְט נוּר זַייא זָאלִין זִיצִין אוּנ לֶערְנֶען, דָאס אִיז מְנַשֶּׁהֶען גִיפֶעלִין, עֶר אִיז אַוֶועק אִין יֶענֶע קְלוֹיז אוּנ הָאט זִיךְ דָארְטִין נָאךְ גִיפְרֶעגְט וִויא מֶעקוּמְט אַרַיין אִין דֶעם צָאהְל פוּן דִיא לֶערְנֶער, מֶע הָאט אִים גִיזָאגְט, דָאס פְרִיעֶר מוּז עֶר זִיךְ זֶעהֶן מִיט ר׳ שְׁמוּאֵל דֶעם שַׁמָשׁ פוּן קְלוֹיז, אוּנ דֶער נָאךְ וֶועט אִים שׁוֹין דֶער שַׁמָשׁ פָאר שְׁטֶעלִין פַארִין גַבַּאי, אוּנ וֶוען עֶר וֶועט זַייא גִיפֶעלִין וֶועלִין זֵיי אִים שׁוֹין גֶעבִּין דִיא שְׂכִירוֹת אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ זֶעצִין לֶערְנֶען, וואוּ זֶע גִיפִין אִיךְ ר׳ שְׁמוּאֵל דֶעם שַׁמֶשׁ״? הָאט מְנַשֶּׁה גִיפְרֶעגְט, „אָן זִיצְט עֶר״ הָאט מֶען אִים גִיעֶנְטְפֶערְט וַוייזִינְדִיג אוֹיף אַשְׁווַארְץ בֶּערְדִיגִין אִידִין מִיט אַפוּלֶע אַרַייטֶע גִיזִיכְט פוּן וֶועלְכֶעם הָאט פְּרָאסְט גִישְׁפְּרִיצְט בְּלוּט, זַיין הֶעלְזֶעלֶע אִיז גִיוֶועזִין אוֹיס גִיפִילְט אוּנ קַיילֶעכְדִיג, זִיא הָאט פְּרָאסְט גִיבְּרוּלְיוֶעט פוּן דִיקְהַייט, מְנַשֶּׁה אִיז צוּ אִים אוּנְטֶער גִיגַאנְגֶען מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ, „אִיךְ וִויל מִיט אַייךְ רֵיידִין אַפָּאר וֶוערְטֶער״ הָאט מְנַשֶּׁה צוּ אִים גִיזָאגְט דֶעהְמוּטִיג, — „דָא אִיז קַיין אָרְט נִיט״ הָאט ר׳ שְׁמוּאֵל גִיעֶנְטְפֶערְט וַוארְפִינְדִיג אַבַּייזִין קוּק אוֹיף מְנַשֶּׁהֶען, „נוּ, וֶועל אִיךְ שְׁפֶּעטֶער אַוַוייל אַרַיין גַיין צוּ אַייךְ אִין הוֹיז״ הָאט גִיזָאגְט מְנַשֶּׁה וֶועלְכֶער אִיז עֶרְשְׁרָאקִין גִיוָוארִין פוּן זַיין בַּייזֶע מִינֶע, „אוֹיבּ אִיר ווִילְט וֶועל אִיךְ מִיט אַייךְ שׁוֹין גַיין זִיךְ דוּרְךְ רֵיידִין אַייעֶר אִינְטֶערֶעס אִיךְ הָאבּ טַאקִי נִיט גִיפְרִישְׁטִיגְט״ הָאט דֶער שַׁמָשׁ צוּ אִים גִיזָאגְט, „אָךְ אוֹיבּ אִיר ווִילְט נָאר אִיךְ גֵיי שׁוֹין נְלַייךְ מִיט אַייךְ״ הָאט מְנַשֶּׁה גִיזָאגְט, „קוּמְט לָאמִיר גַיין״ הָאט דֶער שַׁמָשׁ גִיזָאגְט.

ר׳ שְׁמוּאֵל דֶער שַׁמָשׁ הָאט מְנַשֶּׁהֶען דוּרְךְ אַהִינְטֶער טִיר אַרַיין גִיפִירְט אִין אַשְׁטוּבּ נִיט וַוייט פוּן קְלוֹיז, אוּנ הָאבִּין זִיךְ בֵּיידֶע גִיזֶעצְט בַּיי אַיין טִישִׁיל, „אִיר הָאט דָאךְ מִן הַסְתָּם נָאךְ אוֹיךְ נִיט אָנְגִיבִּיסִין? „הָאט ר׳ שְׁמוּאֵל גִיפְרֶעגְט מְנַשֶּׁהֶען, מְנַשֶּׁה הָאט צוּ גִישָׁאקִילְט מִיטִין קָאפּ צוּ אַצֵייכִין דָאס נָאךְ נִיט, „אִיךְ וֶועל הַייסִין וָואס עֶס אִיז דֶער לַאנְגֶען״ הָאט דֶער שַׁמָשׁ גִיזָאגְט אוּנ הָאט אָנְגִיקְלַאפְּט אִין טִישׁ, מְנַשֶּׁה הָאט אִין זִיךְ גִיקְלֶערְט; וִויא מֶעקָאן דָאס אַמֶענְטְשִׁין גִיט דֶער קָאנֶען פָאנַארוּזְנָאכְט, עֶר הָאט דָאךְ מִיר אוֹיס גִיזֶעהֶן אַבַּייזֶער

אשלעכטער

אַשְׁלֶעכְטֶער מֶענְטְשׁ, און דֶער אֱמֶת אִיז עֶר גָאר אַגוּטֶער מֶענְטְשׁ אַמַכְנִיס אוֹרַח, אוֹיף ר׳ שְׁמוּאֱלְס אָנְקְלַאפִּין אִיז אַרַיין אַמֵיידִיל מִיט אַקְלָארִינְקִין פַארְטוּךְ פַאר הַאנְגֶען, און הָאט ר׳ שְׁמוּאֱלִין אַגוּט מָארְגִין אָפּ גִיגָעבִּין און הָאט גִיפְרֶעגְט וָואס עֶר ווִינְשְׁט.

דֶער לַאנְג אַהַאלְבֶּע קְוָוערְטִיל שְׁנַאפְּס פוּן דִיא וָואס אִיךְ טְרִינְק, דָאס הַייסְט אַקְוַואטִירִיל אַכְצִיקֶער שְׁפִּירְט און אַקְוַואטִירִיל לִיקֶער, קִיכְלִיךְ מִיט אֵייעֶר און גִים אָפּ אַצֶעהֶנְדְלִיג בְּלִינְצֶעס אָדֶער טַאקִי אַטוּץ, נָאר גִיכֶער וַוייל אִיךְ הָאבּ קַיין צַייט נִיט, און ווִיא ר׳ שְׁמוּאֵל הָאט דָאשׁ אוֹישׁ גִירֶעט אִיז דִיא מֵיידִיל גְלַייךְ פַארְשְׁוואוּנְדִין.

מְנַשֶׁה אִיז דָא אִין אַמְבוּכָה אַרַיין גִיקוּמֶען, הָאט גִיקְלֶערְט זָאל דָאס זַיין דֶעם שַׁמָשׁ הויז און דֶעם פְרִישְׁטִיג מַאכְט עֶר לְכָבוֹד דֶעם אוֹרַח? אוֹיבּ אַזוֹ אִיז דָאךְ דָאשׁ אַשְׁרֶעקְלִיכֶער גָאסְטֶע פְּרִייָאמְנִיק, און אֶפְשֶׁר אִיז דָאשׁ גָאר פְּרָאסְט אַשֵׁיינְק? און דָאס הָאט מְנַשְׁהֶען גָאר אוֹיף גִיטְרוֹיסִילְט טָאמֶער גִיפִינְט עֶר זִיךְ עֶרְסְט גָאר אִין אַשֵׁיינְק, אָבֶּער יִהְיֶ׳ אֵיךְ שֶׁיִהְיֶ׳ אִיז בַּייא אִים גִיבְּלִיבִּין אַז דֶער שַׁמָשׁ אִיז אַגְרוֹיסֶער מַכְנִיס אוֹרַח, דֶער פְרִישְׁטִיג אִיז אוֹיף גִיטִישְׁט גִיוָוארִין, מְנַשֶׁה הָאט פוּן יֶעדֶע זַאךְ קוֹים בֶּערִירְט, אָבֶּער דֶער שַׁמָשׁ הָאט גִיפַּאקְט ווִיא גִיט אִין זִיךְ, און אִין אַקְלֵיינֶע וַוייל אִיז אוֹיפִין טִישׁ קַיין זֵכֶר נִיט גִיבְּלִיבִּין פוּן דֶעם גַאנְצִין פְּרִישְׁטָאג, ר׳ שְׁמוּאֵל הָאט גִיהֵייסִין אַהַאלְבֶּע טֶעפִּיל מַארֶץ דֶער לַאנְגֶען און דָאס הָאט עֶר אוֹיךְ דוּרְךְ אִין זִיךְ אַרַיין גִיפַּאקְט, מְנַשֶׁה הָאט גִיקוּקְט און גִיקְוֶועצְט מִיט דִיא פְּלֵייצֶעס, עֶר הָאט שׁוֹין גִיוָואלְט מִיט אִים אַרַיין רֵיידִין ווֶענִין זַיין עִנְיָן נָאר עֶר הָאט זִיךְ נִיט גִיוַואגְט, נָאךְ דֶעם הָאט ר׳ שְׁמוּאֵל וַוייטֶער אִין טִישִׁיל אָנְגִיקְלַאפְּט אִיז גְלַייךְ דִיא זֶעלְבֶּע מֵיידִיל אַרַיין, ר׳ שְׁמוּאֵל הָאט אִיר גִיפְרֶעגְט; „נוּ וָואס הָאבִּין מִיר דָא אָנְגִיזִינְדִיגְט"? דִיא מֵיידִיל הָאט מִיט אַקְרַייט אוֹיף גִיצֵייכִינְט אַחֶשְׁבּוֹן אִין ווֶעלְכִין דִיא אוּנְטֶערְסְטֶע שׁוּרָה אִיז גִיוֶועזִין אַרוּבִּיל מִיט צֶעהֶן קָאפּ, „מַה שְׁמֵכֶם"? הָאט ר׳ שְׁמוּאֵל מְנַשְׁהֶען גִיפְרֶעגְט, „מְנַשֶׁה" הָאט אִים מְנַשֶׁה גִיעֶנְטְפֶערְט, „בֶּעצָאלְט זַייט מוֹחֵל ר׳ מְנַשֶׁה וָואשׁ מִיר הָאבִּין דָא אָנְגִינוּמֶען, סַךְ הַכֹּל אַרוּבִּיל צֶעהֶן קָאפּ" דָא אִיז מְנַשְׁהֶען אַבִּיסִיל אֵיינְג גִיוָוארִין אִין מוֹחַ, עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף אַזַא צָרָה גָאר נִיט גִירִיכְט, נָאר קַיין לַייטִישֶׁע גִילֶעכְטֶער ווִילְט זִיךְ דָאךְ נִיט מַאכִין, מְנַשֶׁה הָאט דִיא לוּפּ פַאר כִּיסִין צוּ ווִישִׁין דִיא צֵיינֶער, און הָאט נֶעבַּאךְ אוֹיס גִיטְרֵייסִילְט זַיין בֵּייטֶעלֶע, נָאךְ דֶעם הָאט עֶר גִיזָאגְט צוּם שַׁמָשׁ; „נוּא עֶרְשְׁט הֶערְט מִיר אוֹיס, און הָאט אִים גִיזָאגְט זַיין פֶערְלַאנְג, ר׳ שְׁמוּאֵל הָאט אִים גִיעֶנְטְפֶערְט „אִיצְטֶער הָאבּ אִיךְ קַיין צַייט נִיט אִיךְ הַייל אוֹיף אַבְּרִית אִין אָבִינְד זָאלְט אִיר קוּמֶען אִיר ווֶעט מִיר גִיפִינֶען און מִיר ווֶעלִין זִיךְ שׁוֹין דוּרְךְ רֵיידִין" און מִיט דִיא רֵייד אִיז דֶער שַׁמָשׁ אַרוֹיס.

הָאבּ עֶם אַכְצִיג שְׁוַוארְץ יָאר! הָאט מְנַשֶׁה צוּ זִיךְ גִיזָאגְט אַרוֹיס גֵייעֶנְדִיג פוּן שֵׁיינְקִיל, דָאשׁ אִיז דָאךְ גָאר אַפְּרָאסְטָער פְּיַאנִיטְצֶע, עֶר הָאט שׁוֹין בַּייא

מִיר

מִיר אוֹישׂ גִיכַּסְפֶּעְרְט מַיין בִּיסִיל קְלֵיין גָעלְט, אוּנ עֶר וִויל נָאךְ וַוייטֶער, גֵייט עֶר דוּרְךְ דֶער עֶרְד מִיט דֶעם גַבַּאי וָואס הַאלְט אַזַא אַשַׁמָשׁ, אִיךְ וֶועל שׁוֹין אַהֶער מֶער נִיט גַיין, גִיהֶערְט אַיין עֵסֶק אַז מֶעדַארְף אָנְקוּמֶען אִין אַקְלוֹיז לֶערְנֶען דַארְף מֶען נָאר פְּרִיעֶר אִין דִיא שֵׁיינְקֶען סְטוּדִירִין, אוּנ אֶפְשָׁר דַארְף מֶען דֶער נָאךְ אוֹיךְ דֶעם שַׁמָשׁ אִין שֵׁיינְק פִירִין, אִיךְ וִויל זַיי נִיט קָאנֶען.

מְנַשֶׁה הָאט שׁוֹין וַוייטֶער נִיט גִיוואוּסְט וואוּ זִיךְ אַהִין צוּ טָאן, דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ מְיַישֵׁב גִיוֶועזִין דָאשׂ עֶר וֶועט אַוֶועק פָארִין קֵיין אַ... שָׁאק, דָארְטִין אִיז אַמָקוֹם תּוֹרָה, אוּנ מֶעטְרָאגְט עָסִין אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, אוּנ קֵיין פְּרוּשִׁים שֵׁיינְקְלִיךְ אִיז דָארְטִין נִיטָא, עֶר אִיז אִין אַ... שָׁאק אַוֶועק גִיפָארִין.

## 18) אַגוּטֶער בְּרִיף אָבֶּער נָאךְ דֶער צַייט.

פוּן דֶער צַייט וָואס מְנַשֶׁה אִיז פוּן בֶּענֶעכְסִיף פַאר שְׁוואוּנְדִין גִיוָוארִין, אִיז בַּייא אָשֵׁר יֶעקְלִין אִין הוֹיז דוּרְךְ טְרוֹיעֶר גִיוֶועזִין, זַייא הָאבִּין אַלֶע קֵיין מְנוּחָה שָׁעָה נִיט גִיהַאט, דְרֶעזִיל אִיז גְלַייךְ נָאךְ דֶעם אַרַייךְ גִיפַאלִין אִין אַנִילֶעגֶער, אִין אַטִיפָּאזְנָע קְרַאנְקְהַייט, פוּן הִיטְץ הָאט זִיא אַלְץ גִישְׁרִיעֶן; וואוּ אִיז מְנַשֶׁה! זִיא אִיז קְרַאנְק גִיוֶועזִין הִיפְּשֶׁע עֶטְלִיכֶע וָואכִין, אוּנ אַלֶעם זִיא אִיז שׁוֹין אוֹיף גִישְׁטַאנֶען פוּן אִיר גִיפֶערְלִיכֶע קְרֵיינְק, אִיז זִיא נָאךְ אַלְץ נִיט גִיוָוארִין גִיזוּנְד מִיט אַלֶעמֶען, שְׁפוּרִין פוּן קְרַאנְקְהַייט הָאט זִיךְ בַּיי אִיר אָפּ גִישְׁטֶעלְט, וִויא אַשָׁאטִין אַרוּם גִינַאגְנֶען, קֵיין טְרֶערִין הָאט זִיךְ בַּיי אִיר נִיט אוֹיס גִישֶׁעפְּט, עֶשׂ הָאט אֵיין טָאג נִיט אוֹיס גִיפֶעלְט אִין וֶועלְכִין עֶס אִיז בַּיי אָשֵׁר יֶעקְלִין אִין הוֹיז נִיט גִיוֶועזִין אַיין יַאמֶערְלִיכֶער גִיוַויין, פוּן דְרֶעזִילְס קְלָאגִין אוּנ פוּן אִירֶע טַעֲנוֹת אִיז בַּיי יֶעדִין דִיא הָאַרְץ צוּ גַאנְגֶען, דִי טְרוֹיעֶרִיגֶע שְׁצֶענֶע פְּלֶעגְט אַזוֹ צוּ גַיין; וִויא מֶעפְּלֶעגְט זִיךְ אַרוּם זֶעצִין אַרוּם טִישׁ מִיטָאג צוּ עֶסִין, אִיז גְלַייךְ דְרֶעזֶעלֶע אַרוֹיס גִיפָארִין מִיט אִיר קְלָאג לִיד אוּנ הָאט אוֹיס גִיבְּרָאכִין אִין אַשְׁרֶעקְלִיכִין גִיוַויין, נָאךְ אִיר הָאבִּין אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ וַויינֶען אָשֵׁר יֶעקִילְס צְוַוייא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, „טַאטִינְקֶע וואוּ אִיז מְנַשֶׁה“? הָאבִּין דִיא קִינְדֶער גִישְׁרִיעֶן — „זָאל עֶר שׁוֹין קוּמֶען וֶועט דְרֶעזִיל נִיט וַויינֶען אוּנ אוּנְז וֶועט אוֹיךְ גִיט זַיין אוּמְטִיג“, אוּנ פוּן זֵייעֶר אַלֶעמֶעס גִיוַויין הָאט זִיךְ שׁוֹין גִיקַייקִילְט, פוּן אָשֵׁר יֶעקְלֶען אוּנ אוֹיךְ פוּן עֶלְקֶען מָאכִין טְרֶערִין, אוֹיסֶער אַיין הֶיעֶנֶעלֶען הָאט זִיךְ נִיט גִיוָואלְט וַויינֶען נוּר זִיא הָאט לְפָנִים אוֹיךְ גִימוּזְט מִיט שְׁפִּילִין דִיא רָאלֶע, אוּנ אַזוֹ פְּלֶעגְט דָאס יֶעדִין טָאג צוּ גֵיין, דְרֶעזִילְס עֶלְטֶערִין הָאבִּין שׁוֹין שְׁטַארְק חֲרָטָה גִיהַאט אוֹיף דֶעם וָואס זַייא הָאבִּין מְנַשֶׁהֶען דוּרְךְ גִיטְרִיבִּין, דֶען זַיי הָאבִּין שׁוֹין נִיט גִיקָאנְט צוּ זֶעהֶן דֶעם צַעַר פוּן זֵייעֶר קִינְד, זַיי הָאבִּין פִיל מִיהֶע גִילֵייגְט צוּ דֶער גַיין וואוּ מְנַשֶׁה אִיז אַהִין גִיקוּמֶען, אָבֶּער לֵיידֶער זַיינֶען זַיי אוֹיף זַיינֶע שְׁפּוּרִין נִיט אַרוֹיף, זַייא הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין אַזוֹ וִויא מְיַאֵשׁ גִיוֶועזִין פוּן אִים, אוּנ זַיי חִיא אוֹיךְ דְרֶעזִיל הָאבִּין אַנְדֶערְס גִירֶעכִינְט דָאס עֶר הָאט זִיךְ פוּן שַׁאנְדֶע גִימוּזְט דֶער טְרִינְקֶען אָדֶער אַיין אַנְדֶער טוֹיט זִיךְ אָנְגִיטָאן, צוּ דְרֶעזִילְס קְלָאגִין אִיז

גאר

גאר קיין גרונד ניט גיוועזין, דיא עלטערין האבין איר שטענדיג גיטרייסט איר פריילך צו מאכין, אין אבינד האבין זיי מורא גיהאט איר אליין צו לאזין, אלע פלעגין זיך זעצין ארום אטיש אונ איר פלעגט מען אריין נעמען אין מיטין, אונ מעהאט דיא צייט פערבראכט אין גישכטעס לעזין, אונ קארטין שפילין, נור אום דעם דערמיט דרעזלין פריילכער צו מאכין, אין עטליכע מאנאטין נאך מנשהעס אבוועזענהייט, זיינען זיך אין איין אבינד אשר יעקילס גיזינד גיזעסין ארום דרעזעלין אונ האבין זיך וויא גיוויינליך פארבראכט, אין דעם האט דרעזעלע אנגיהויבין צו זיפצען אונ וואס ווייטער שטארקער ביז וויא האט אין איין גיוויין אויס גיזעצט — אזו איז שוין גיוועזין איר שפאזמע — אשר יעקיל האט איר גיהאלזט אונ גיקושט אונ אזו אויך דיא גאנצע גיזינד אונ מעהאט איר ביסליכווייס איין גירוהיגט, נאכהער האט מען איר גינומען טרייסטין מיט זייער שטענדיגין פזמון; „וואס זארגסטו אזו נאך מנשהען וועט ער דייגעט נאך דיר ניט, וואס טויג דיר זיינע אלע מעלות, ווען זיין הארץ גיהער ניט צו דיר, ער איז גלייך וויא גוטע וויין אין אשלעכטע פאס, דוא פאר שניידסט דיינע יונגע יארין אום זיסט אום נישט, דער מאן זיך וואס דוא האסט מיט דיינע אויגין גיזעהן פון אים, ער איז ניט ווירדיג דוא זאלסט זיין נאמען דער מאנען, עס איז שוין צייט דוא זאלסט אים פאר געסין.

דרעזעלין האט דיא טרייסט גאר ניט גיווירקט, דאס האט נאך אירע וואונדין אויף גיוועקט, זיא האט ווייטער אין אגיוויין אויס גיבראכין פון וועלכין מעהאט איר פאר קיין פאל ניט גיקאנט אפ האלטין, דער צו האט זיא גיזאגט אויף איר זיסע ריינע שטימע דיא קינה נאך מנשהען, אלע זיינען גיבליבין זיצין וויא אפגימאהלטע ארום טיש, פון זייער אויגין האט גירעגינט טרערין, אונ דרעזיל האט זיך אין מיטין גישטעלט אונ גיזאגט איר הספד, אלע זיינען אן קרעפטין גיבליבין פון גיוויין, דיא טראגעדישע שצענע האט זיך איבער גיריסין ביא דעם אריין קומען פון דעם בריפין טרעגער וועלכער איז אריין אונ דער לאנגט אבריף אונ איז ארויס, דרעזעלע האט דעם בריף אחאפ גיטאן מיט ביידע הענד אונ האט גלייך אקוק גיטאן אויפין פאצטאווין זיגיל אונ האט מיט אפריידע אויס גישריען; „דער בריף איז פון בערהאק! דאס מוז זיין פון מנשהען ער מוז דארטין זיין ביי זיין מוטער, וועלכע ער האט אלץ גיגארט זיך צו זעהן, ווייל ער האט איר נאך גאר ניט גיקאנט“, ביי אלעמען אויף די גיזיכטין איז אפריילכקייט העריבער, דיא טרויער טרערין האט זיך אומגיוועקסילט אויף פריידין טרערין, יעדער האט מיט אונגידולד גיגארט צו הערין וואס מנשה שרייבט.

דרעזעלע האט דעם בריף גיעפינט, אונ דער פריערדיגער טרויער האט זיך אויף איר גיזיכט אום גיקערט „ניין, דאס איז ניט פון מנשהען, דאס איז פון זיין מוטער“ האט זיא קאם אויס גירעט אקוק טאנדיג דעם אונטער שריפט פון בריף, אונ דער בריף איז איר פון האנד ארויס גיפאלין, „לעז איבער דעם בריף“ האבין אלע צו איר גיזאגט — „פיליכט וועלין מיר זיך פון אים עטוואס

ערפארין

עָרְפַארִין פוּן מְנַשְׁהֶעְן", דְרֶעזִיל הָאט דֶעם בְּרִיף צוּ רִיק גִינוּמֶען אוּנ הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּ לֶעזִין.

«צוּ מַיין טַייעֶרִין זָאהְן מְנַשֶׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ» — «פַאלְשֶׁע הָאפְּפֶענוּנְג»! הָאט דְרֶעזִיל אַגִישְׁרַייא גִיטָאן, „זַיין מוּטֶער מֵיינְט גָאר אַז עֶר אִיז הִיא אוּנ זִיא ווַייש פוּן אִים נִיט מֶער ווִיא מִיר", אוּנ דֶער בְּרִיף אִיז אִיר ווִידֶערְמַאלְס פוּן דִי הֶענְד אַרוֹיש גִיפַאלִין, „לֶעז אִים דָאךְ פָּארְט אִיבֶּער" הָאט אָשֶׁר יֶעקִיל צוּ אִיר גִיזָאגְט — „עֶס אִיז מִיר פִינְסְטֶער אִין דִיא אוֹיגִין, זָאל אַיין אַנְדֶערֶער דֶעם בְּרִיף אִיבֶּער לֶעזִין אוּנ אִיךְ וֶועל זִיךְ אַיין הֶערִין" הָאט דְרֶעזִיל גֶיעֶנְטְפֶערְט, דֶעם בְּרִיף הָאט אַיין אַנְדֶערֶר גִינוּמֶען אוּנ הָאט אוֹיפִין קוֹל אָנְגִיפַאנְגֶען צוּ לֶעזִין דָאס פָאלְגִינְדֶע,

צוא מיין טהייערין זאהן מנשה בלומענקראנץ

שׁוֹין דְרַייא חֲדָשִׁים אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ פוּן דִיר גִישֵׁיידֶעט אִין בֶּענֶעכְסִיף, אִיךְ זָאל דִיר אוֹיס שְׁרַייבִּין וָואס אִיךְ הָאבּ אוּנְטֶער דֶער צַייט גִילִיטִין אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ אִיךְ בִּין אַלְץ אוּם גִיפָארִין פוּן אֵיין שְׁטָאט אִין דִיא אַנְדֶרֶע, אוּנ אִיךְ הָאבּ אַלְץ גִיהַאט טוֹיט שְׁרֶעקֶענֶעס טָאמֶער חַאפְּט מֶען מִיר, בִּיז אִיךְ הָאבּ גִילֶעזִין אִין אַיין צַייטוּנְג אַז פוּן אוּנְזֶער דְיֶעלָא זַיינֶען אַלֶע בֶּפְרַייעֶט גִיוָוארִין עֶס הָאט זִיךְ עֶנְדֶעקְט דָאס מִיר הָאבִּין גָאר קַיין שׁוּלְדִין, אוֹיךְ הָאט זִיךְ דֶער גַאנְגֶען וֶוער עֶס הָאט אוּנְז פַאלְשׁ גִימַאסֶערְט אוּנ יֶענֶער זִיצְט אוֹיף אוּנְזֶער שְׁטֶעלֶע, ווִיא אִיךְ הָאבּ דָאס אִיבֶּער גִילֶעזִין בִּין אִיךְ גְלַייךְ קַיין בֶּערְחַאק גִיפָארִין, שְׁטֶעל זִיךְ פָאר ווִיא גְרוֹיס ווַאהְר מַיין פְרֵיידֶע וֶוען אִיךְ הָאבּ מַיין מַאן מִיט מַיין זָאהְן גִיפוּנֶען פְרַייא, אִין דֶער זֶעלְבֶּער מִינוּט שְׁרַייבּ אִיךְ דִיר דִיזֶען בְּרִיף · יֶעצְט קָאנְסְטוּ עֶנְדֶעקִין דַיין טְהַייעֶרֶע פְרוֹיא — וֶועלְכֶע אִיז מִיר זַייעֶר לִיבּ, אִיךְ הָאבּ אִיר גִיוָואלְט קוֹשִׁין אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט: גִיקָאנְט — דָאס דִיא פְרוֹיא וָועלְכֶע אִיז בַּייא זַייא אַיין גִישְׁטַאנֶען מִיט דְרַייא מָאנְהַייטִין צוּרִיק אִין נוּמֶר... אִיז דָאשׁ אִיהְר שְׁווִיגֶער מוּטֶער...

רֶעטֶע גָאט! הָאט דְרֶעזֶעלֶע אַגִישְׁרַיי גִיטָאן — דָאס אִיז נִיט גִיוֶועזִין קַיין פְרֶעמְדֶע פְרוֹיא, נָאר זַיין מוּטֶער!... אַלֶע זַיינֶען גִיבְּלִיבִּין זִיצִין ווִיא וֶועקְשֶׁענֶע מֶענְטְשִׁין בְּלַייךְ ווִיא קַאלְךְ, אוּנ קֵיינֶער הָאט פוּן עֶנְטְצִיקוּנְג קַיין וָוארְט נִיט גִיקָאנְט אוֹיס רֵיידִין, נָאר נַאכְהֶער אִיז גִיוָוארִין אַלַארִים „אַיי דְרֶעזֶעלֶע הָאט גִיחַאלֶעשְׁט"! הָאבִּין אַלֶע גִישְׁרִיעֶן אוּנ מִיהָאט זִיךְ גִינוּמֶען אִיהְר צוּ מִינְטֶערִין, «גְווַאלְד, מַיין אָשֶׁר יֶעקִיל חַאלֶעשְׁט»! הָאט עֶלְקֶע גִישְׁרִיעֶן, מֶעהָאט דָאקְטוֹרִים גִיבְּרַאכְט אוּנ זַייא הָאבִּין זַייא קוֹים אוֹיף גִימִינְטֶערְט.

## 19) דִיא וָואלְטְהֶעטֶערִין

עֶס גִיבְּט מֶענְטְשִׁין — אוּנ טַאקִי זַייעֶר פִיל — וֶועלְכֶע זָאגַאר אִין זַייעֶר וואוֹהְל שְׁטַאנְד בֶּענֵיידִין זַייא דֶעם צְווַייטִינְס גְלִיק, אוּנ זַיינֶען צוּא פְרִידִין מִיט דֶעם אַנְדֶערִינְס אוּמְגְלִיק, אוּנ וֶוער רֶעט שׁוֹין וֶוען זַייא גִיפִינֶען זִיךְ אִין נוֹיטִין,

דַאן זַיינֶען זַייא דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט פַיינְדֶע, זַייא טְרַייסְט נָאר דֶעם צְווַייטִינְס קְרִיטִישֶׁע לַאגֶע, וֶוען זַייא זֶעהֶען אַנְדֶערֶע קִיילִיקֶע פַאר זִיךְ.

אָבֶּער נִיט פוּן דִיא אִיז גִיוֶועזִין אוּנְזֶער דְרֶעזֶעלֶע, יֶעדֶען אִיז לַייכְט זִיךְ פָאר צוּ שְׁטֶעלִין וִויא עֶס אִיז גִיוָוארִין אַלִימֶען אוֹיפִין הַארְצִין וֶוען מֶעהָאט זִיךְ עֶרְפַאהְרִין מְנַשְׁהֶעס אוּנְשׁוּלְד, קַיין טְרֶערִין הָאט מֶען שׁוֹין נִיט גִישְׁפָּארְט, אוּנ אִיבֶּער הוֹיבְּט אִיז צוּ פַארְשְׁטַיין דְרֶעזֶעלֶס יְסוּרִים, אִירֶע קְלָאגִין אוּנ וַויינֶען אִיז אוּם בֶּעשְׁרַייבְּלִיךְ, וָואס אַטָאג אִיז זִיא אַלְץ שְׁוַואכֶער אִין גִיזוּנְד גִיוָוארִין, זִיא אִיז מַאנְכֶע טֶעג וִויא וַואנְזִינִיג אַרוּם גִיגַאנְגֶען, אוּנ הָאט מִיט קַיינֶעם אַיין וָוארְט בִּיט אוֹיס גִירֶעט, קַיין זַאךְ הָאט אִיר זָאגַאר אוֹיף אַיין קְלַיינֶע וַויילֶע נִיט גִיקָאנְט טְרַייסְטִין, אַלֶע שְׁטָאט לַייטֶע הָאבִּין מִיט אִיהְר מִיטְלַייד גִיהַאט, וַוייל זִיא אִיז בַּיוֶוען גִילִיבְּט פוּן יֶעדִין, אוּנ אַלֶע הָאבִּין אוֹיף אִיר גוּטֶעס גִיוָואלְט זֶעהֶן, אוֹיךְ הָאבִּין אַלֶע נָאךְ מְנַשְׁהֶען שְׁטַארְק גִיזָארְגְט, וַוייל דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה אִיז אָן אִים גִיבְּלִיבִּין וִויא אַשִׁיף אָן אַרוּדֶער.

וֶוען דְרֶעזְעלֶע אִיז עֶטְוָואס שְׁטַייפֶער אִין גִיזוּנְד גִיוָוארִין, הָאט זִיא נִיט אַיין טָאג גִיפֶעלְט צוּ בֶּעטִין גָאט, עֶר זָאל אִיר מְנַשְׁהֶען צוּ אִיר אוּמְקֶערִין, אוּנ עֶר זָאל אִים גֶעבִּין קְרֶעפְטִין זַיינֶע נוֹיטִין אַרִיבֶּער צוּ טְרָאגִין, נָאךְ יֶעדֶער גִיבֶּעט הָאט זִיא מִיט אַ צוּ בְּרָאכֶענֶע נִימִיט גִיבֶּעטִין פוּן גָאט אַמְחִילָה אוֹיף דֶעם וָואס דוּרְךְ אִיהְר לַייכְט זִינִיגְקַייט הָאט זִיא אִיר אוּנְשׁוּלְדִיגִין מְנַשְׁהֶען זָא בֶּעטְרִיבְּט, וֶוער וַוייסְט אִין וָואס זִיא הָאט אִים פַאר טְרִיבִּין, בַּייא יֶעדֶען גִיבֶּעט הָאט זִיא אַטַייךְ טְרֶערִין פַאר גָאסִין, אִיהְרֶע אוֹיגִין הָאבִּין אִיהְר נִימָאלְס גִיטְרִיקִינְט, דֶער גִידַאנְקֶען טָאמֶער לַיידֶעט עֶרְגֶעץ אִיהְר מְנַשֶּׁה נוֹיטִין, הָאט אִיר וִויא אַפִּיַאוְוקֶע אִיהְר בְּלוּט גִיזַיינִין, אוּנ אוּם דָאס צוּ פַאר רִיכְטִין הָאט זִיא זִיךְ גִינוּמֶען צוּא וָואהְלְטְהַאטִין, זִיא הָאט גִיזֶעהֶן דָאס זִיא הָאט פַאר זִיךְ קַיין טְרַייסְט נִיט, קַיין פֶערְגֶענִיגִין שְׁמֵייכִילְט אִיהְר נִיט, נָאר דָאס אִיז גִיוָוארִין אִיר אַיינְצִיגֶע טְרַייסְט, וָואס דוּרְךְ אִיהְר זָאל וָואס גוּטֶעס אַרוֹיס דֶעם צְווַייטִין, וואוּ נָאר אַ מָרָה נֶפֶשׁ, וואוּ נָאר אַשְׁוֶועֶרֶע נִימִיט הָאט זִיךְ שׁוֹין דְרֶעזֶעלֶע דָארְטִין גִיפוּנֶען, אוּנ זִיא הָאט יֶעדִין גִיהָאלְפִין מִיט וָואס זִיא הָאט נָאר גִיקָאנְט, דֶעם הָאט זִיא גִישְׁטִיצְט מִיט גֶעלְט, דֶעם מִיט רֵייד מִיט אַיין עֵצָה אָדֶער מִיט טְרַייסְטוּנְג, אוּנ פַאר דֶעם הָאט זִיא אַלֶעם פְּרָאטֶעקְצְיֶע גִידִינְט, מִיט אַייטְוָוארְט יֶעדֶער פַאר בִּיטֶערְט הַארְץ הָאט דוּרְךְ דְרֶעזֶעלִין זַיין הִילְף בַּקוּמֶען, אוּנ זִיא הָאט דָאס גִיטָאן מִיט גְרוֹיס לוּסְט אוּנ צוּ פְרִידֶענְהַייט, אוּנ דִיא טֶעג וֶועלְכֶע זִיא הָאט נִיט גִיהַאט וֶועמֶען גוּטֶעס צוּ טָאן אִיז זִיא וִויא אוּם צוּ פְרִידִין גִיוֶועזִין, זִיא הָאט דַאן זִיךְ אַלֵיין נִיט גִיקָאנְט אָן זֶעהֶען, דְרוּם פְּלֶעגְט זִיא וִויא מִיט לִיכְט זוּכִין לַיידִינְדֶע זֶעלִין, זִיא פְּלֶעגְט אָפְט בֶּעזוּכִין דִיא טוּרְמֶע מִיט דֶעם אוֹיסְזִיכְט, דָאס פִילַייכְט וֶועט זִיא דָארְטִין גִיפִינֶען אַיין מֶענְטְשִׁין וֶועלְכֶער אִיז נָאךְ נִיט אִין גַאנְצִין פַאר דָארְבִּין, דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער גִיפִיל גְלִיהְט נָאךְ אִין אִים, נָאר דוּרְךְ אַיינִיגֶע אוּרְזַאכִין אָדֶער דוּרְךְ שְׁלֶעכְט גִיזֶעלְשַׁאפְטִין אִיז עֶר אַרָאפּ פוּן גְרַאדִין וֶועג, אוּנ עֶס אִיז נָאךְ

מעגליך

מָענְלִיךְ אִים אוּם צוּ קָערִין צוּ גוּטֶעס, זִיא הָאט נִיט גִיזַאלְעוֶועט אַזָעלְכֶע מֶענְטְשִׁין גוּט אָן צוּ שְׁטְרָאפִין, אוּנ הָאט דוּרְךְ אִיר פְּרָאטֶעקְצִיֶע זַייא מִיט בְּרוֹיט פַאר זָארְגְט, אוּנ פִיל זָעלְכֶע פַאר בְּלָאנְדְזֶעטֶע מֶענְטְשִׁין הָאט זִיא אוֹיפִין גְרַאדִין וֶועג אַרוֹיף גִיפִירְט, אוּנ יֶעדִין שַׁבָּת הָאט זִיא מִיט דִיא בֶּעגְלַייטוּנְג פוּן אִיהְר דִינְסְט אַוֶועק גִיטְרָאגִין אִין טוּרְמֶע פַאר דִיא רֶעסְטַאנְטִין עֶסִין, דִיא רֶעסְטַאנְטִין הָאבִּין אִיהְר גִירוּפִין אוּנְזֶער מוּטֶער אוּנ הָאבִּין אִיר שְׁרֶעקְלִיךְ גִיאַכְט, אוּנ אַזוֹ הָאט זִיא זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גִיפִירְט, אוּנ זִיא הָאט גִירֶעכִינְט דָאס מִיט דֶעם זָאל אִיר פַאר גֶעבִּין וֶוערִין דִיא זִינְד וֶועלְכֶע זִיא הָאט גֶעגִין מֶנְשְׁהֶען גִיטָאן, אוֹיךְ דָאס דוּרְךְ דֶעם זְכוּת זָאל דֶער עֶווִיגֶער צוּ שִׁיקִין פַאר מֶנְשְׁהֶען אוֹיךְ זָעלְכֶע וָואלְטְהֶעטֶער וֶועלְכֶע זָאלִין אִים צוּ קַיין נוֹיטִין נִיט צוּ לָאזִין, אוּנ עֶר זָאל זִיךְ אוּמְקֶערִין צוּ אִיהְר.

## 20) דִיא דַאבַּאוְוקֶעס

אִין דֶעם יָאהְר 1863 הָאט זִיךְ גִיקָאנְצֶעט דִיא זִיבִּין יָאהְר פוּן דֶעם מַאנִיפֶעסְט וֶועלְכֶער אוּנְזֶער גִינֶעדִיגֶער קֵייזֶער יר״ה הָאט גִיגֶעבִּין צוּ בֶּפְרַייֶען דִיא לַאנְד פוּן רֶעקְרוּטִין, אִין דִיזֶען יָאהְר הָאט זִיךְ גִיעֶנְדִיגְט דִיא זִיבִּין הוּנְגֶער יָאהְרִין פַאר דִיא אִיסְבָּארְשְׁצִיקֶעס דַאפּוּטַאטִין אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע שְׁטָאט בַּעַל טוֹבוֹת, וֶועלְכֶע זַיינֶען אִין דֶעם מֶשֶׁךְ פוּן דִיא זִיבִּין שְׁלֶעכְטֶע יָאהְרִין אוֹיס גִיבְּלַייבְּט גִיוָוארִין, דִיא נַאבָּארִין הָאבִּין זִיךְ אִיבֶּער אַנַייעֶס אָן גִיהוֹיבִּין אוּנ מִיט זַייא הָאט זִיךְ אָן גִיהוֹיבִּין דִיא עֶפִּידֶעמִיֶע אוֹיף גִיבְּרָאטֶענֶע גֶענְדְזְלִיךְ בְּלִינְצֶעס אוּנ רֶעצִיסְנִיקֶעס, דִיא שַׁיינְקֶער הָאט שׁוֹין וַוייטֶער קַיין הֶענְט נִיט גִיקְלֶעקְט דָאס זִיךְ אָן צוּ פַארֶיעֶן גִינוּג אִין דִיא קָהָל שְׁטִיבְּלַאךְ, דִיא אוֹיס גִיהוּנְגֶערְטֶע שְׁטָאט פִּירֶער הָאבִּין זִיךְ דֶער צוּ צוּ גִיחַאפְּט וִויא אַהַיישֶׁערִיק, אוּנ דִיא אָרִימֶע אִידִישֶׁע קִינְדֶער הָאבִּין וַוייטֶער אָן גִיהוֹיבִּין זַייעֶר פִיל צוּ לַיידִין פוּן דִיא שְׁטָאט פִּירֶער, נָאר דֶער גִינֶעדִינֶער קֵייזֶער הָאט שׁוֹין פֶּערְגְלִיכִין אִידִין מִיט קְרִיסְטִין אוּנְטֶער אַיין זַאקָאן וָואס אֶנְגִיהֶער צוּ מִילִיטֶער פְּפְלִיכְט, קַיין קְלַיינֶע קִינְדֶער הָאט מֶען שׁוֹין נִיט אַרוֹיס גִישְׁלֶעפְּט פוּן זַייעֶר מוּטֶערְס שׁוֹיס, מֶעהָאט נָאר גִינוּמֶען גְרוֹיסֶע, אָבֶּער אוּנְזֶערֶע אִידֶעלִיךְ הָאבִּין צְווִישִׁין זִיךְ אַיין אַיינֶענֶעם זַאקָאן גִימַאכְט דָאס מֶעדַארְף נָאר נֶעמֶען אָרִימֶע עֶלִינְדֶע אִידִישֶׁע קִינְדֶער אָבֶּער נִיט קַיין רַייכֶע, אוּנ וֶוען אַרַייכֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט עֶטְלִיכֶע גְרוֹיסֶע זִין גִיהַאט אוּנ עֶר אִיז אוֹיפִין אָצֶערֶעד גִישְׁטַאנֶען הָאט אִים דִי שְׁטָאט אוֹיס גִיקוֹיפְט אָדֶער מִיט אַיין אַבָּאטְנִיק מִיט אַיין קְווִיטַאנְצִיֶע, אָדֶער מִיהָאט צוּ זַיין סוּמֵייסְטְוָוא צוּ גִישְׁרִיבִּין אַיין אָרִימִין בָּחוּר עֶר מָאג זִיךְ אֲפִילוּ בַּייא זַיינֶע עֶלְטֶערִין אַבֶּן יָחִיד זַיין, אוּנ דֶער אָרִימֶער קִינְד אִיז אָפּ גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין פַאר דֶעם נָגִידְס קִינְדֶער, אוּנ גִיוואוּנְלִיךְ פַאר דֶער פַאר הָאבִּין שׁוֹין דִיא קָהָלְשׁ לַייטֶע בַּקוּמֶען פוּן דֶעם נָגִיד זַייעֶר לוֹין, מֵיינְסְטוּ אֶפְשַׁר עֶר הָאט זַייא פוּן קֶעשֶׁענֶע מִיט וָואס עֶס אִיז בֶּפְרִידִיגְט, נַיין, עֶר הָאט זַייא נָאר פָאזְוָואלֶעט צוּ רַאבֶּעוֶוען דִיא גֶעלְט פוּן דִיא אָרִימֶע פְלַייש קַארָאבְּקֶע, אוּנ צוּ מַאכִין נָאךְ קַארָאבְּקָעלִיךְ אוֹיף לִיכְט אוֹיף וַויין אוֹיף גַאזֶע אוּנ אִין מַאנְכֶע

מקומות

מְקוֹמוֹת אוֹיף טְחִינָה, דֶער מִיט הָאבִּין דִיא בַּעֲלֵי בָּתִּים מְשַׁחֵד גִיוֶועזִין דִיא קָהָלְשׁ לַייט, אוּנ דֶער פַאר הָאבִּין דִיא קָהָלְשׁ לַייטֶע פֶערְהִיט זַייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּנ דֶער אָרִימַאן הָאט נֶעבַּאךְ גִירִיסִין קְרִיעָה מִצַּדֵי צְדָדִים, אוֹיף אַלֶע קַארָאבְּקֶעס צָאהְלְט דֶער אָרִימַאן מֶעהְר פַאר דֶעם נָגִיד, אוּנ דֶער צוּ אִיז קֵיינֶער נִיט גִיוֶועזִין מִיט זַיין קִינְד אִין דֶער הֵיים, אוּנ וָואס מֶעהָאט אַלְץ מֶעהְר אָפּ גִיגֶעבִּין דִיא קִינְדֶער פוּן אַיין אָרִימַאן אִיז עֶר נָאךְ אַלְץ גְיוָוארִין אַגְרֶעסֶערֶר מְחוּיָב, דָאס הֵייסְט זַיין אָצָערֶעד אִיז גְרֶעסֶר גִיוָוארִין, וַוייל דִיא אָפּ גִיגֶעבֶּענֶע קִינְדֶער זַיינֶען נִיט אָפּ גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין אוֹיף זַיין רֶעכֶענוּנְג נָאר אוֹיף דֶעם רֶעכֶענוּנְג פוּן אַיין אַנְדֶער נָגִיד אָדֶער בַּעַל הַבַּיִת, אַזֶעלְכֶע בְּלוּטִיגֶע שְׁטוּקֶעס אִיז צוּא גִיגַאנְגֶען בִּיז דֶעם יָאהְר, 1874.

דֶעם טָאג פוּן נַיי—יָאהְר 1874. אִיז גִימֶעלְדֶעט גִיוָואהְרִין דֶעם גִינֶעדִיגִין קֵייזֶערְס מַאנִיפֶעסְט פוּן „אַלְגֶעמֵיינֶע מִילִיטֶער פְּפְלִיכְט“ אִין דֶעם מַאנִיפֶעסְט זַיינֶען פַאר גְלִיכִין גִיוָוארִין אַלֶע נַארָאדִין אוֹיךְ אַלֶע זְוַאנִיֶעס, דָאס הֵייסְט: דָאס דֶער גְרַאף מִיט דֶעם בּוֹיעֶר זַיינֶען אוּנְטֶער גִיוָוארְפִין אוּנְטֶער מִילִיטֶער פְּפְלִיכְט, וְוִיא דָאס אִיז שׁוֹין אַלֶעמֶען גַאנְץ גוּט בֶּעקַאנְט.

אוֹיךְ הָאט דֶער גִינֶעדִיגֶער קֵייזֶער עֶרְלוֹיבְּט אַלֶע נֶעֶלָמִים זִיךְ דַאבַּאוֶועֶן אָן שְׁטְרָאף צָאהְלוּנְג, אוּנ דְרוֹיף הָאבִּין שׁוֹין אוּנְזֶערֶע אִידִילַאךְ גִיוַוארְט, וַוייל זֵייא הָאבִּין שׁוֹין נִיט גִיקָאנְט אוֹיס הַאלְטִין דִיא קַאטֶעשְׁטְרָאפֶע דוּרְךְ דֶעם וָואס זֵייא זַיינֶען נֶעֶלָמִים גִיוֶועזִין, עֶס אִיז גִיבְּלִיבִּין אַהֶסְכֶּם בַּייא אַלִימֶען אַז מֶען מוּז זִיךְ דַאבַּאוֶועֶן מֶעזָאל אֵיין נֶפֶשׁ נִיט דוּרְךְ לָאזִין אַנֶעלָם, אוּמְזִיסְט הָאבִּין דִי קְלֵיין שְׁטֶעטִילְדִיגֶע אִיסְבָּארְשְׁצִיקְלִיךְ גִישְׁרִיֶען דָאס מֶעזָאל זִיךְ נִיט דַאבַּאוָועֶן, וַוייל דוּרְךְ דֶעם וֶועט זֵייא אַרָאפּ פַאלִין אַשְׁטִיקִיל בְּרוֹיט, דֶען זֵייא הָאבִּין בַּייא דֶעם נֶעֶלָם שְׁטֶענְדִיג אוֹיס גִיצַאפְּט דִיא בְּלוּט פוּן אוּנְטֶער דִיא נֶעגִיל, אַלֶע וַוייְלֶע פְלֶעגְט מֶען בַּייא אִים פָאדֶערִין הַעֲרָכוֹת גֶעלְט, הַיינְט וֶוען אַנֶעֶלָם הָאט שׁוֹין גִידַארְפְט אַפַּאסְפָּארְט הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין גָאר מִיט זַיינֶע פָּאטְרִיכֶעס נִיט גִיקָאנְט אוֹיס צָאהְלִין, דֶען וֶוען אֲפִילוּ אַפַאר שְׁרִיבֶּענֶער דַארְף נֶעמֶען אַפַּאס גֵייט עֶס אוֹיךְ צוּ שְׁוֶוער וְוִיא קְרִיַעַת יַם סוּף, בַּייא אַגִימֵיינֶעם אִידִין אִיז אַפַּאסְפָּארְט נֶעמֶען מִיט אַטָאכְטֶער חֲתוּנָה מַאכִין אוֹיף אֵיין אוֹפֶן, דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיק וַוייזְט אִים אוֹיף דָאס אוֹיף אִים שְׁטֵייט נֶעדַאִימָאק עֶטְלִיכֶע צֶעהֶנְדְלִיג רוּבִּיל, הַיינְט אִיז אַיין עֵסֶק מִיט סוּדְנֶע*) אוּנ רח״ש וקל״ז דֶעם אִיסְבָּארְשְׁצִיק, דֶעם קָהָלְשִׁין

*) סודנע איז דאס, אמאל איז גיוועזין אגרויסער הונגער, האט מלוכה אן גיבעטין דאס וועלכע שטעטיל עס וויל לייען קארין וועט מען לייען נאר באופן מעזאל דער נאך אוועק געבין מיט פריצענט, גיוואונליך האבין זיך דיא אידישע בעלי טובות מרחם גיוועזין אונ אין יעדער שטעטיל האט מען אנטליען קארין, אונ דאס איז צו טיילט גיווארין צווישין דיא שטאט פירער, אונ קיין ארימאן איז דער פון איין קערענדיל ניט אן גיקומען, אונ איצטער איז אוועק אמשך פון יאהרין לאנג איז אויף דרויף אסך פענע אן גיוואקסין, אונ מעצאלט אונ מעצאלט אונ מיקאן זיך ניט אויס צאהלין, ניט איין ארימע ציג ניט איין ארימע קיסעלע האט מען דער פאר פאר קויפט, אונ דער חוב איז נאך עד היום פאראן.

שְׁרַייבֶּער, אוּנ דִיא רוּמֶע שְׁרַייבֶּערְלִיךְ, אוּנ בְּכֵן דַארְף זִיךְ דֶער גִימֵיינֶער אִיד אִין אֵיין הֶעמְד אוֹיס טָאן וֶוען עֶר מוּז אַפַּאסְפָּארְט בַּקוּמֶען, אוּנ דוּרְךְ דֶעם זֶעהֶן מִיר אָפְט פִירִינְדִיג אוּנְזֶערֶע אִידֶעלִיךְ אוֹיפִין פְּרֶענְט גִישְׁמִיט מִיט מֶערְדֶער צוּזַאמֶען, אוּנ דָאס אִיז וַוייל מִיהָאט אִים גִיחַאפְּט אָן אַפַּאס, אָבֶּער וֶוען דֶעם אִידִין וָואלְט נָאר גִיקָאסְט אַפַּאסְפָּארְט 1 רוּבִּיל מִיט 45 קָאפּ׳ אַזוֹ וִויא אַקְרִיסְט וָואלְט מֶען אַיין אִידִין אוֹיף דֶעם פְּרֶענְט נִיט גִיפִירְט אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים וָואלְטִין נִיט הָאבִּין וָואס צוּ רֵיידִין אַז פוּן אִידִין אִיז אַלֶע מָאהְל דִי טוּרְמֶעס גִיפַּאקְט, הַיינְט אַז עֶס אִיז אַרוֹיס דֶער אוּקַאז אַז אַלֶע מֶעגִין זִיךְ דַאבַּאוֶוען, אוּנ אוֹיךְ דֶער נַייעֶר זִיקְטֶעם הָאבִּין שׁוֹין אִידִין גִימֵיינְט אַז זֵייא וָועלִין שׁוֹין אַרוֹיס פוּן דֶעם שְׁוֶוערִין יָאךְ וָואס זֵייא הָאבִּין גִיהַאט פוּן זֵייעֶרֶע אִיסְבָּארְשְׁצִיקְלַךְ אוּנ דַאפּוּטַאטִין, אוּנ אַלֶע נֶעלָמִים הָאבִּין מִיט אֵיין מָאל זִיךְ אַשְׁפַּאר גִיטָאן זִיךְ צוּ דַאבַּאוֶוען.

אָבֶּער וִויא דַאבַּאוֶועט מֶען זִיךְ? מֶעדַארְף דָאךְ עֶפֶּעס אָן שְׁרַייבִּין אַפַּאפִּיר אוֹיף רוּסִישׁ, אוּנ וָואסֶער אִיד קָאן דָאס? אוֹיךְ דַארְף מֶען דָאךְ דֶעם פַּאפִּיר דֶער לַאנְגֶען אִין דוּמֶע אוּנ דָארְטִין רֶעט מֶען דָאךְ אוֹיף גוֹיִעשׁ, אוּנ וֶועלְכֶער אִיד קָאן דָאס צוּ אוּנְזֶער שַׁאנְדֶע דִיא רוּסִישֶׁע שְׁפְּרַאךְ, אוּנ אַז עֶס הָאט זִיךְ שׁוֹין יָע גִיפוּנֶען אֵיין אַדְוַואקַט וָועלְכֶער אִיז אַלֵיין אַרַיין אִין דוּמֶע, אִיז עֶר גִישְׁטַאנֶען בִּיז דִיא פִּיס אִיז אִיהְם גִישְׁוָואלְן גִיוָוארְרִין שְׁטֵייעֶנְדִיג. אוּנ אַז עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין אַ שְׁמֶעלִיוֶועט אוּנְטֶער צוּ גֵיין צוּם סְטַארָאסְטֶע, הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין אוֹיף קְלָאטְר דֶער וואוּסְט זַיין יִחוּס אַז עֶר אִיז אַבְרָהָם אָבִינוּס אַיין אֵיינִיקִיל „פַּארְהַאטִי זִיד" הָאט דֶער שְׁטַארְסְטִי אוֹיף אִים אַגִישְׁרַיי גֶעטָאן „גְדֶע טִיי לֶעזִים וָואן שְׁוִוינָא", אוּנ וֶוען אַיין אַנְדֶער אִיד הָאט נִיט פַּארְשְׁטַאנֶען וָואס מֶעמֵיינְט מִיט דֶעם לַחַשׁ הָאט מֶען אִים דוּרְךְ דִיא טִיר דוּרְךְ גִישְׁלַיידֶערְט אוּנ דֶר צוּ נָאךְ אַבְּרִיק אִין בֶּעט — אַייךְ — מְחִילוֹת, דֶען אַזוֹ אִיז שׁוֹין אָן גִיבֶּעטִין גִיוֶועזִין פוּן דִיא אִיסְבָּארְשְׁצִיקֶעס.

הַיינְט וואוּ זָאל זִיךְ דֶער אִיד פָּארְט קֶערִין צוּ דַאבַּאוֶוען זִיךְ? בְּלַייבִּין אַיין נֶעלָם אִיז שׁוֹין קֵיין סְבָרָה נִיט, מוּז מֶען דָאךְ פָּארְט זִיךְ אַקֶער טָאן צוּ דִיא אִידִישֶׁע אָבְּצִישְׁטְוֶועס, אִין דִיא קָהָל שְׁטִיבְּלִיךְ, אִיז עֶרְשְׁט גִיוָוארִין אַיְרִיד, דֶער יְרִיד הָאט אַשֵׁם גִיקְרָאגִין אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, מֶעהָאט אַלֶע נֶעלָמִים צוּ גִינוּמֶען אָבֶּער בְּכֶסֶף מָלֵא, מֶעהָאט גִירִיסִין וִויפִּיל נָאר מִיגְלִיךְ, אַזוֹ אִיז עֶס צוּ גִיגַאנְגֶען אִין אַלֶע שְׁטֶעט, אוּנ בַּייא אוּנְז אִין בֶּענֶעכְסִיף אוֹיךְ מִן הַסְתָם, אוּנְזֶערֶע דַאפּוּטַאטִין הָאבִּין גִירִיסִין נָאר אָן רַחֲמָנוּת, זֵייא הָאבִּין רְצִיחוֹת פָּשׁוּט גִיטָאן אַז עֶס הָאט נָאר גִיגְרוּזִילְט, אוּנ אִיךְ וֶועל אַייךְ פָאַרְשְׁטֶעלִין פוּן זֵייעֶרֶע זַאכִין אַיין פְּרִימֶער פוּן וֶועלְכִין אִיהְר וֶועט שׁוֹין לַייכְט פַּארְשְׁטֵיין וָואס עֶס הָאט זִיךְ גִיטָאן אִין דֶעם קָהָלְשִׁין יְרִיד.

## 21) דִיא קָהָלְשֶׁע קוּא

אַ יִשׁוּב מַאן זַייעֶר אַפְּרוּמֶער אֵיין אָרִינְדְלִיכֶער יוּד וָועלְכֶער אִיז גִיוֶועזִין פַאר

פַאר דִי קָהָלְשׁ לַייט אַמָעלְקָעדִינֶע קִיעָלֶע, וָוען מֶעפְלֶעגְט זִיךְ נָאר צוּ אִים אַרַיין חַאפִּין הָאט מֶען גְיְהַאפְּט אַרֶעכְטֶע מַטְבֵּעַ חָאטְשׁ עֶר אִיז גִיוֶועזִין שְׁטַארְק גִימֵיין, אָט דֶער יְשׁוּבְנִיק אִיז גִיקוּמֶען צוּ אוּנְזֶערֶע קָהָל זַיינֶעם אַזוֹן צוּ דַאבַּאוֶוען אוּנ עֶר הָאט צוּ זֵיי גִיזָאגְט מִיט דֶעם לָשׁוֹן: „בְּרִידֶער, אִיר וַוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין קֵיין מָאהָל נִיט אָבּ גִישְׁטַאנֶען פוּן קֵיין זַאךְ, אִיךְ הָאבּ זִיךְ מִיט אַייךְ קֵיין מָאל נִיט גִידוּנְגֶען, וִויפִיל אִיהְר הָאט מִיר גִיהֵייסִין גֶעבִּין הָאבּ אִיךְ קֵיין מָאהָל אַוָואְרְט נִיט אִיבֶּער גִירֶעט, אָבֶּער יֶעצְט בִּין אִיךְ גִיקוּמֶען מַיינֶעם אַזוֹן דַאבַּאוֶוען, בֶּעט אִיךְ אַייךְ אִיהְר זָאלְט מִיט מִיר הָאבִּין אַיין זֶעהָענֶעם אִיר זָאלְט בֶּעטִין מִיט רַחֲמָנוּת, וָוארוּם אִיךְ בִּין אִיצְט לֹא עֲלֵיכֶם שְׁטַארְק גִימֵיין, אָבֶּער טַאקִי שְׁטַארְק גִימֵיין, אִיךְ שֶׁעם זִיךְ אוֹיס צוּ רֵיידִין דֶעם וָוארְט אֶבְיוֹן, אָבֶּער אִיךְ מוּז אַייךְ אָבֶּער פָּארְט זָאגִין אַז אִיךְ בִּין גָאר פָּשׁוּט אַ אֶבְ... אֶבְיוֹן, בְּכֵן בֶּעט אִיךְ אַייךְ אִיהְר זָאלְט מִיט מִיר טָאן חֶסֶד.

אַלֶע קָהָלְשׁ לַייט, דָאס הֵייסְט; דִיא פִיר בְּלוּט זַיינֶער וָועלְכֶע עֶס הָאבִּין אִין דֶעם יֶרִיד גִיהִיט דִיא קָהָל שְׁטִיבִּיל וִויא אַהוּנְט אַיַאטְקֶע, הָאבִּין צְווִישִׁין זִיךְ, זִיךְ גִישׁוּסְקֶעט, אוּנ דֶער נָאךְ הָאט דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיק גִיזָאגְט מִיט אַ צַעַר בַּעֲלֵי חַיִים פֶּענִימִיל גִיזָאגְט: „וִויא מִיר זֶעהֶען אַייעֶר מַצָב, אוּנ וְוִיא מִיר קָאנֶען אַייךְ פַאר אַיין אֶרִינְטְלִיכִין מֶענְטְשִׁין וָועלִין מִיר בַּייא אַייךְ מֶער נִיט בֶּעטִין וְוִיא זֶעכְצִיג רוּבִּיל.

זֶעכְצִיג רוּבִּיל! הָאט דֶער יְשׁוּבְנִיק אִיבֶּער גִיהַאזֶערְט — אִיךְ קָאן דָאשׁ אָבֶּער בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט דֶער לַאנְגֶען.

וָוען אִיהְר קָאנְט דָאס נִיט גֶעבִּין טוּא זָאל אַייעֶר זוּהְן בְּלַייבִּין אַ נֶעלָם, הָאט מֶען אִים גִיעֶנְטְפֶערְט.

שְׁטֵייט אַ נֶעלָם! — גָאט זָאל אוֹיס הִיטִין! אִיךְ מוּז אִים שׁוֹין פַאר שְׁרַייבִּין, קְנַאפּ הָאבּ אִיךְ זִיךְ פוּן דֶעם אָן גִילִיטִין, הַיינְט וָואס הָאבּ אִיךְ מוֹרָא אִים צוּ פַאר שְׁרַייבִּין עֶר וָועט קֵיין זֶעלְנֶער נִיט זַיין עֶר אִיז אַלְט דְרַייסִיג יָאהְר אוּנ אִיךְ וָועל אִים פַאר שְׁרַייבִּין דְרַייסִיג יָאהְר, אוּנ אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ זַיין מֶעטְרִיקֶע, נִיט אַנְדֶערְשׁ פַאר שְׁרַייבִּין.

וָוען אִיהְר ווִילְט אַייעֶר זוּהְן זָאל קֵיין זֶעלְנֶער אוֹיךְ נִיט זַיין, טוּא גִיט וִויפִיל מִיבֶּעט בַּייא אַייךְ, רֶעט שׁוֹין נִיט אִיבֶּער.

דָא הָאט זִיךְ דֶער יְשׁוּבְנִיק אָפּ גִירוּפִין, רַבּוֹתַי! אִיךְ הָאבּ מְזוּמָנִים מֶער נִיט וְוִיא צֶעהֶן רוּבִּיל, נָאר אִין דֶער הַיים הָאט זִיךְ מִיר נָאךְ אָפּ גִישְׁטֶעלְט דִיא לֶעצְטֶע קִיעָלֶע פוּן מַיין אַבָּארֶע בְּהֵמוֹת, אָבֶּער אַיין גִיצֵייכִינְטֶע קִיעָלֶע, אִיךְ וָועל פַאר אִיר בְּוַדַאי נֶעמֶען פוּפְצִיג רוּבִּיל אוֹיבּ נִיט מֶעהְר, וֶועל אִיךְ אִיר פַאר קוֹיפִין אוּנ אִיךְ וָועל שׁוֹין אַייךְ דִיא פוּפְצִיג רוּבִּיל אָפּ גֶעבִּין, דִיא דַאפּוּטַאטִין הָאבִּין דֶעם יְשׁוּבְנִיק אוֹיף אַנַויילֶע גִילָאזִין אִין חֵדֶר הַקָּהָל, אוּנ זֵייא זַיינֶען אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען אוֹיף אַיִשׁוּב הַדַעַת, דָארְטִין הָאט זִיךְ אֵיינֶער אָפּ גִירוּפִין: מִיקָאן אִים גִיטְרוֹיעֶן, אַז עֶר זָאגְט עֶר וָועט דִי פוּפְצִיג רוּבִּיל אָפּ גֶעבִּין, וֶועט עֶר אָפּ גֶעבִּין

דער אנדערער האט גיזאגט: גלויב יע גלויב ניט דער וויל איז צעהן רובל אויך אסטבע, דער דריטער האט גיזאגט איך האב גאר אגוטע עצה: איינער פון אונז זאל זיך אויס שטעלין דאס ער וויל דיא קוה קויפין, אונ ער זאל זאגין דאס ער פאר לאזט זיך אויף זיין ווארט אונ קויפט איר אונטער דיא אויגין, אונ דער איינער זאל אים במזומן אפ צאהלין דיא פופציג רובל, אונ ער וועט דאס אונז גלייך אפ געבין צו ליינענדיג דער צו זיינע צעהן אונ דיא קוה וועט ער שוין גיוויס אפ שיקין, דאס ערשטינס ווייל ער איז איין ארינטליכער מאן אונ אויך וועלין מיר דאך זיין עדות, אגוטע עצה! האבין אלע גיזאגט פה אחד, אונ זיינען צוריק אריין אין חדר הקהל.

דיא קהל שטיבל איז דאן גיפאקט גיוועזין מיט מענטשין וועלכע זיינען זיך גיקומען פאר שרייבין, אונ דיא דאפוטאטין האבין יעדין בזונדער גידארפט ענטפערין, דער וויל איז זיך איין דאפוטאט אונטער גיגאנגען צום ישובניק, „וואס מאכט איר אין גיזונד ר׳ יוחנן"? האט דער דאפוטאט גיפרעגט דעם ישובניק, דער ישובניק האט אים גיענטפערט אונ האט ביא אים אויך גיפרעגט וויא עס גייט אים, אשטייגער וויא צוויא גוטע פריינד ריידין זיך אויף, אונ דער תוכן איז גיוועזין אז דער דאפוטאט האט אים דער ציילט: אז אין שטאט איז גרויס יקרות אונ ער וואלט קויפין אגוטע קוא ווען עס וואלט זיך אים מאכין, „קויפט מיין קוא" האט זיך דער ישובניק אן גיחאפט, „וויא קויפט מען אקוא אונטער דיא אויגין" האט דער דאפוטאט גיזאגט, „איר מאגט מיר גלויבין אויף מיין ווארט" — האט דער ישובניק גיזאגט — אז דיא קוא איז פופציג רובל אמציאה גדולה, ביא איין אנדערין וואלט איך גינומען מעהר, דיא קוא גיט פיר טעפעליך מילך אטאג, איר גוף איז אלאנגער אונ אברייטער, דיא פיס זיינען קורצע, דער עק אלאנגער, אונ צווישין דיא ביינער איז ברייט, היינט איז זיא אבילד פארשיין, אין אשטאט איז גאר אריזיקע איר צו האלטן פון עין הרע וועגין.

בקיצור ר׳ יוחנן — איר האט מיר אחשק גימאכט צו אייער קיעלע איך קויף איר אפ, זייא האבין דיא הענט צו גישלאגין, דער דאפוטאט האט אים אפ גיצאלט פופציג רובל פאר גאנץ קהל אין דיא אויגין, דער ישובניק האט דער צו דער לייגט זיינע צעהן רובל אונ האט עס דער לאנגט אין דיא קהלשע הענט, „ווען וועט איר מיר דיא קוא אפ שיקין?" האט דער דאפוטאט גיפרעגט, „לא יאוחר נאך שבת" האט דער ישובניק גיענטפערט, דער ישובניק איז ארויס פון קהל זייער צו פרידין, דען ער האט שוין זיין זון פאר שריבין ער וועט שוין קיין זעלנער אויך ניט זיין, אונ אויף דיא קוא האט אים גאט צו גישיקט אסוחר אונטער דיא אויגין.

אויף דיא אנדערע וואך, איז צוא דעם דאפוטאט וועלכער האט דיא קוא גיקויפט, אן גיקומען אשליח מיט אבריף אן דיא קוא, עפענענדיג דעם בריף איז ארויס גיפאלין פינף אונ פופציג רובל, ער הייבט אן דעם בריף איבער צו לייענען:

לידידי

לידידי הרבני המופלג איא״ב מוהר״ר . . .

אִיךְ קוּם אִיצְט צוּ אַייךְ בִּקְדָה וּבְהִשְׁתַּחֲוָיָה צוּ בֶּעטִין מְחִילָה וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ פַאר פִירְט מִיט דִיא קוּא , אוּנ אִיךְ שִׁיק אַייךְ גָאר אָפּ גֶעלְט פַאר דֶער קוּא , נָאר אִיךְ בִּין דֶערַיין נִיט שׁוּלְדִיג מַעֲשֶׂה שֶׁיִּהְיֶ׳ כַּךְ הָיָה , אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִידוּנְגֶען אַפַּאסְטוּךְ עֶר זָאל דִיא קוּא אַוֶועק טְרַייבִּין צוּ אַייךְ , נָאר וִויא אִיךְ הָאבּ דִיא קוּא אַרוֹיס גִיפִירְט פוּן שְׁטַאל , זַיינֶען מַיינֶע הוֹיז לַייטֶע אַרוּם גִיפַאלִין אַרוּם דִיא קוּא מִיט אַגִיוַויין , מַיינֶע קְלֵיינֶע נוֹפֶעלִיךְ הָאבִּין מִיר מִיט זֵייעֶרֶע הֶענְטֶעלִיךְ דִיא פִּיס אַרוּם גִינוּמֶען אוּנ הָאבִּין בִּיטֶערְלִיךְ גִיוַויינְט אוּנ מִיר דִיא הֶענְט גִיקוּשְׁט אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אַגִישְׁרֵייא : „טַאטִינְקֶע ! זֵיידִישׁוּא ! נֶעם נִיט צוּ אוּנְזֶער לֶעצְטֶע קִיעֶלֶע , וָואס וֶועלִין מִיר טָאן אָן אִיר , דָאס אִיז דָאךְ אוּנְזֶער גַאנְצֶע חִיוּנָה , מֶער וִויא דִיא שְׁטִיקִיל גְרָאבֶּע בְּרוֹיט מִיט מִילְךְ זֶעהְן מִיר דָאךְ נִיט אָן , אוּנ בַּייא וָואס וֶועלִין מִיר עֶרְסְט בְּלַייבִּין ?! בַּייא דִי טְרוּקֶענֶע שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט" —

אִיךְ הָאבּ זֵייא נִיט גִיהֶערְט וַוייל אִיךְ הָאבּ מַיין וָוארְט נִיט גִיוָואלְט מְשַׁנֶּה זַיין , אוּנ אִיךְ הָאבּ דִיא קִינְדֶער פוּן זִיךְ אָפּ גִישְׁטוֹיסִין , אוּנ הָאבּ דִיא קוּא וַוייטֶער גִיפִירְט , נָאר מַיין וַוייבּ מִיט מַיינֶע שְׁנִיר אוּנ אֵיינִיקְלִיךְ וֶועלְכֶע בַּטְרֶעפִין פוּן צְוַואנְצִיג פַארְשׁוֹין הָאבִּין זִיךְ אַרוּם דִי קוּא אַרוּם גִישְׁטֶעלְט אוּנ מִיט אַיָאמֶערְלִיכִן שְׁטִים הָאבִּין זֵייא גִיוַויינְט אַז מִיר הָאט שׁוֹין אוֹיךְ דִיא הַארְץ פַאר קְוֶועצְט אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אוֹיךְ אָן גִיהוֹיבִּין צוּ וַויינֶען , מִיר זַיינֶען אַזוֹ אַלֶע גִישְׁטַאנֶען אַרוּם דִיא קוּא אוּנ גִיוַויינְט , אַז אֵיין גָאט הָאט אוּנְז גִימָאנְט עֶנְטְפֶערִין , דֶער וַוייל אִיז אוּנְטֶער גִיגַאנְגֶען צוּ אוּנְז אַקְרִיסְט אַיין שָׁכֵן אוּנ הָאט גִיפְרֶעגְט : וָואס אִיז דָא פַאר אַמַעֲשֶׂה " ? מַיין וַוייבּ הָאט אִים דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה , הָאט דָאס דֶעם קְרִיסְט אוֹיךְ פַארִין הַארְצִין גִינוּמֶען , עֶר הָאט גְלַייךְ גִיבְּרַאכְט צוּ טְרָאגְין פוּפְצִיג רוּבִּיל אוּנ הָאט עֶס מִיר דֶער לַאנְגְט אוּנ גִיזָאגְט : „נַא דִיר דִיא גֶעלְט דָאס לַייעֶ אִיךְ דִיר דִיא גֶעלְט בִּיז גָאט וֶועט דִיר הֶעלְפִין מִיר אַוֶועק צוּ גֶעבִּין , שִׁיק אָפּ דִיא פוּפְצִיג רוּבִּיל אָנְשְׁטָאט דִיא קוּא , אוּנ דִיא קוּא זָאל בַּייא דִיר בְּלַייבִּין״ , אִיךְ הָאבּ אִים אָבֶער גִיזָאגְט : אַז אִיךְ הָאבּ אַיין מָאל פַאר קוֹיפְט אִיז פַאר פַאלִין , יֶענֶער וֶועט דָאךְ אוֹיף מִיר פַאר אִיבִּיל הָאבִּין" דֶער קְרִיסְט אִיז אַוֶועק אוּנ הָאט גְלַייךְ גִיבְּרַאכְט נָאךְ פִינְף רוּבִּיל אוּנ הָאט גִזָאגְט : „נַא שִׁיק אָפּ פִינְף אוּנ פוּפְצִיג אָנְשְׁטָאט פוּפְצִיג וֶועט שׁוֹין יֶענֶער קַיין פַאר אִיבִּיל נִיט הָאבִּין" מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער זַיינֶען דֶעם קְרִיסְט צוּ דִיא פִּיס גִיפַאלִין אוּנ הָאבִּין אִים גִידַאנְקְט מִיט טְרֶערִין , אוּנ אִיךְ שִׁיק אַייךְ אָפּ דִיא פִינְף אוּנ פוּפְצִיג רוּבִּיל , אוּנ אִיךְ בֶּעט אַייךְ טוֹיזִינְד מָאל מְחִילָה אִיר מוּזְט מִיר מוֹחֵל זַיין , חַייל אִיר זֶעהְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין גִיוֶועזִין אַיין אוֹנֵס דָּר צוּ , אוּנ אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיהְר זָאלְט מִיר גֶעבִּין אַתְּשׁוּבָה דוּרְךְ דֶעם מוכ״ז אוֹיבּ אִיר זַייט מִיר מוֹחֵל . אַייעֶר פְרַיינְד יוֹחָנָן .

דֶעם דַאפּוּטַאטְס תְּשׁוּבָה אִיז גִיוֶועזִין : „אִיךְ בִּין אִים נִיט מוֹחֵל , אַיין מָאל הָאבּ אִיךְ גִיקוֹיפְט אַקוּא אִיז פַאר פַאלִין , עֶר מוּז מִיר אָפּ שִׁיקִין דִי קוּא , נָאר דִיא גֶעלְט נֶעם אִיךְ דֶער וַוייל צוּא אוּנ אִיךְ וֶועל זִיךְ שׁוֹין מִיט אִים זֶעהֶען בַּיין קִירְזְנֶער אוֹיפִין פְלֶעקִיל .

## 22) דֶער רַאבִּינֶער לֶעאָנְטַאל.

אָט דִיא פָארִיגֶע נְשִׁיכְטֶע מִיט דִיא קוּא אוּנ נָאךְ זֶעלְכֶע טִירַאנִישֶׁע וֶוערְק פוּן דִיא דַאפּוּטַאטִין הָאבִּין עֶרְוֶועקְט דֶעם צָאהְרִין פוּן אוּנְזֶער רַאבִּינֶער לֶעאָנְטַאל, עֶר הָאט שׁוֹין נִיט גִיקָאנְט צוּ זֶעהֶן וִויא זַיינֶע בְּרִידֶער וֶוערִין גִיפַּיינִיגְט. אוּנְטֶערִין יָאךְ פוּן דִיא שְׁטָאט פִירֶער, אוּנ חָאטְשׁ אַרַאבִּינֶער לִיגְט דָאךְ אוּנְטֶער זַיי אוּנְטֶער גִידְרִיקְט, אוּנ בִּפְרַט אַז עֶס אִיז שׁוֹין נִיט וַוייט נִיוֶועזִין פוּן אַנַייעֶם וִוירָאר, דָאךְ הָאט אוּנְזֶער רַאבִּינֶער אוֹיף זִיךְ נִיט גִיקוּקְט, עֶר אִיז אַרוֹיף אִין שׁוּל אוֹיפִין בִּימָה אוּנ הָאט אַקוּרְצֶע רֶעדֶע גִיהַאלְטִין, אִין דֶער רֶעדֶע הָאט עֶר גִיזָאגְט אוּנ עֶר הָאט אוֹיס גִידְרִיקְט מִיטִין פִינְגֶער צֵייגִינְדִיג אוֹיף דִיא דַאפּוּטַאטִין דָאס זַייעֶרֶע קְלֵיידֶער אִיז אוֹיס גִיוַוייקְט מִיט אִידִישֶׁע אָרִימֶע בְּלוּט „פוּן אַייעֶרֶע פָּאלֶעס קָאפֶּעט בְּלוּט"! הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן — „אִיר בֶּעפַּייכְטֶעט דִיא עֶרְד מִיט אִידִישֶׁע בְּלוּט אוּנ אִיר פַאר שְׁמוּצְט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט" עֶר הָאט אִין דֶער רֶעדֶע אַלֶעמֶען אָבְּיַאוֶועט: אַז וֶוער עֶס וִויל זִיךְ דַאבַּאוֶועֶן זָאל קוּמֶען צוּ אִים, עֶר וֶועט שׁוֹין אוּמְזָאנְסְט אָן שְׁרַייבִּין דִיא דַאבַּאוֶוקֶע, אוּנ וֶועט מִיט יֶעמַאנְדִין נַיין אִין דוּמֶע, אָפּוּלֶע אָרִימֶע אִידִין הָאבִּין דֶעם רַאבִּינֶער דֶער פַאר גִידַאנְקְט עֶר הָאט זַייא פָּשׁוּט גָאר מְחַיֶה נִיוֶועזִין, אָבֶּער דִיא דַאפּוּטַאטִין זַיינֶען אִים בְּלוּטִינֶע פַיינְדֶע נִיוָוארִין, נִיט אַזוֹי דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט זַייא גִיזִידִילְט, וִויא דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט אַהִיפְּשֶׁע בִּיסִיל גָעלְט דֶער מִיט אִיבֶּער גִיפִירְט, דֶען זַייא הָאבִּין שׁוֹין פוּן דַאן אָן אַלֶעבֶּעדִיגִין הוּנְד אִין דִיא אוֹיגִין נִיט אָנְגִיזֶעהֶן, אוּנ עֶר (דֶער רַאבִּינֶער) הָאט זַיי צוּ שְׁלָאגִין דֶעם יְרִיד, יֶעדֶער אִיד הָאט שׁוֹין אַלֵיין גִיטְרָאפִין דִיא טִיר פוּן דוּמֶע, אוּנ דֶער רַאבִּינֶער הָאט אַכְטוּנְג גִינֶעבִּין דָאס מֶעזָאל זַיי עֶנְטְפֶערִין, אוּנ אוֹיף אָבְּשָׁצֶעסְטְוָוא הָאט מֶען נִיקוּקְט וִויא אוֹיף אַגַאנְץ אִיבֶּערִיגֶע זַאךְ, דֶערוּם הָאבִּין דִיא דַאפִּיטַאטִין גִישַׁארְפְט דִיא צֵיינֶער אוֹיף דֶעם רַאבִּינֶער, בַּיי זַיי אִיז גִיבְּלִיבִּין דָאס צוּ דֶעם נַייעֶם וִוירָאר זָאל מֶען אִים אַרָאפּ וַוארְפִין, נוּר זַייעֶר נְקָמָה הָאבִּין זַיי נִיט נִיקָאנְט אָפּ לֵייגִין, דִיא בְּלוּט הָאט אִין זַיי גִיקָאכְט, הָאבִּין זַיי דֶער וַוייל אִים נְלַאט אַמַאסָער גִימָאן; אַז עֶר אַלֵיין אִיז גָאר אַיין נֶעלֶם, וַוייל דֶער זַאקָאן אִיז דָאךְ אִין דִיא רַאבִּינֶער שׁוּל וִויא אִין אַנְדֶערֶע נוּמְנַאזְיֶעס מוּז מֶען דָאךְ אָנְקוּמֶען צוּ דִיא בֶּעשְׁטִימְטֶע יָארִין, אוּנ וַוייל לֶעאָנְטַאל אִיז שׁוֹין גִיוֶוען אַרִיבֶּער דִיא יָארִין בְּשַׁעַת עֶר הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּ שְׁטוּדִירִין הָאט עֶר דָאךְ גִימוּזְט מַאכִין וִויא מִיר פַאר שְׁטֵייעֶן... אִיז דָאס גִיוֶועזִין פַאר אוּנְזֶערֶע דַאפִּיטַאטִין אַוֶוערְק צֵייג דֶער מִיט אִים צוּ מַאסֶערִין, קוּרְץ עֶס הָאט מִיט אִים גַאנְץ שְׁלֶעכְט גִיהַאלְטִין, עֶס הָאט אִים גִיקָאסְט פִיל גֶעלְט אוּנ יוֹנָה זָאהְנְשַׁיין הָאט פַאר אִים פִיל גִיחַאדֶעטַייסְטֶעוֶועט וַוייל עֶר אִיז גִיוֶועזִין זַיין בֶּעסְטֶער פְרַיינְד, אוּנ מֶעהָאט דֶעם דַאנָאשׁ וִויא עֶס אִיז פַאר שְׁטִיקְט.

נַאכְהֶער אִיז נִיוֶועזִין אַוִוירָאר אוֹיף אָרְב, דֶעם רָבְ'ס פַיינְדֶע הָאבִּין זִיךְ

שׁוֹין

שוֹין גִירִיכְט פוּן עֶם נוֹקֵם צוּ זַיין, נָאר זָאהַנְשַׁיין הָאט אִין זַיין זַייטֶע זַייעֶר פִיל גִידַייסְטְוָועוועט, אוּנ זָאהְנְשַׁיינֶען הָאבִּין דָאךְ אַלֶע גִיפָאלְגְט מֶער וִויא אָבְּשְׁצֶעסְטְוָוא, אוֹיךְ דִיא דַאפִּיטַאטִין הָאבִּין פַאר אִים מוֹרָא גִיהַאט, דֶערוּם אִיז דֶער רַאבִּינֶער לֶעאָנְטַאל גִיבְּלִיבִּין רַאבִּינֶער אוֹיף וַוייטֶער, עֶר הָאט אַלֶע נַאלֶקֶעס וַוייסֶע גִיהַאט נוּר אֵיינֶע אַשְׁוַוארְצֶע, אוּנ דֶער וִוילְנָאר אִיז אַוָועק אִין גוּבֶּערְנֶע אוֹיף אוּטְוֶוערְזְדֶענֶע.

## 23) דֶער דָאקְטָאר סְלוּצְקִי.

דִיא לִיבֶּע פוּן זִימְל וַויינְשְׁטָאק מִיט רֶעבֶּעקָע זָאהְנְשַׁיין הָאט אוּנְטֶער דֶער צַייט גְרוֹיסֶע פָארְשְׁרִיטֶע גִימַאכְט, דִיא לִיבֶּע אִיז וָואס פוּן טָאג אַלְץ שְׁטַארְקֶער גִיוָוארִין, אִין יֶעדִין טָאג הָאבִּין זִיךְ דִי פֶערְלִיבְּטֶע אַ רַאנְדֶעוואוּ גִימַאכְט, אוּנ וֶוען עֶס הָאט גִיטְרָאפִין אֵיין טָאג דָאס דוּרְךְ אַגְיוויסֶע אוּרְזַאכֶע הָאבִּין זַיי זִיךְ נִיט גִיזֶעהֶן, הָאבִּין זַיי שוֹין דֶעם צְוַוייטִין טָאג מִיט אוּנְגִידוּלְט עֶרְוַוארְטֶעט, אוּנ מִיט פְרֵיידִין טְרֶערִין הָאבִּין זַייא זִיךְ גִיהַאלְזְט אוּנ גִיקוּשְׁט, זַייא הָאבִּין אַנְדֶערְס נִיט גִידֵיינְקְט נוּר אַז דִיא לִיבֶּע וֶועט אַגוּטִין רֶעזוּלְטַאט בַּאקוּמֶען, וַוייל אַנְדֶערְס אִיז נִיט מִיגְלִיךְ, דֶער גִידַאנְקֶען אַז דִיא לִיבֶּע זָאל קַיין אוּסְפְּיֶעךְ נִיט הָאבִּין, אִיז בַּיי זַיי גְלַייךְ גִיוֶועזִין וִויא צוּ דַיינְקֶען אָנְטוֹיט, אוּנ וִויא אָנְטוֹיט וִויל קַיינֶער זִיךְ נִיט דֶער מָאנֶען, זָא הָאבִּין זַיי נִיט גִיוָואלְט דַיינְקֶען דָאס עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ זַיי זָאלִין זִיךְ נִיט פַאר אֵייבִּיגִין אוֹיף עֶווִיג, זַייעֶר לִיבֶּע אִיז שוֹין אוֹיךְ מֶער קַיין גִיהֵיים גִיוֶועזִין, זַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין שוֹין אוֹיךְ דֶער פוּן גִיוואוּסְט, זִימִילְס עֶלְטֶערִין זַיינֶען דֶער פוּן צוּ פְרִידִין גִיוֶועזִין, וַוייל זַיי הָאבִּין פַאר זַייעֶר בֵּן יָחִיד קַיין בֶּעסֶער פַארְטַיי נִיט גִיוואוּנְצִין וִויא רֶעבֶּעקָע, אוֹיךְ בַּיי זָאהְנְשַׁיינֶען אִיז שוֹין אוֹיךְ בַּאלְד הַאלְבּ רֶעכְט גִיוָוארִין, וַוייל עֶר הָאט זַיין טָאכְטֶער רֶעבֶּעקִין גִילִיבְּט וִויא זַיין לֶעבִּין, נָאר דָאךְ הָאט אִים דִיא הַארְץ נִיט גִישְׁטִילְט וֶוען עֶר פְלֶעגְט זִיךְ דֶער מָאנֶען אָן אַיין גִישְׁטוּדִירְטִין דָאקְטָאר אָדֶער יוּרִיסְט, דֶען דִיא עֶהְרֶע לוּכְט הָאט בַּיי אִים דִיא גְרֶעסְטֶע רָאלְיֶע גִישְׁפִּילְט, אוּנ וואוּ נֶעמְט מֶען אַגְרֶעסֶערֶע עֶהְרֶע וִויא צוּ הָאבִּין אַיין אֵיידִים מִיט אַסַאבְּלְיֶע אוּנ וָואיֶענֶע אַפֶּעלֶעטִין, אוּנ דִיא טָאכְטֶער זָאל פָארִין אִין קַארֶעטִין.

אִין אֵיין אָבִינְד אִיז זִיךְ זָאהְנְשַׁיין גִיזֶעסִין מִיט זַיין הוֹיז גִיזִינְד אַרוּם דֶעם טֵיי טִישׁ אוּנ הָאבִּין טֵיי גִיטְרוּנְקֶען, אוֹיךְ זַיינֶען צְוַוייא גֶעסְט גִיוֶוען דֶער רַאבִּינֶער לֶעאָנְטַאל מִיט זַיין פְרוֹי זָאפְיֶע, עֶס אִיז גִישְׁפְּרָאכִין גִיוָוארִין וֶועגִין דֶעם פָארִיגִין וִויבָּאר׳, דֶער רַאבִּינֶער מִיט זַיין פְרוֹיא הָאבִּין זָאהְנְשַׁיינֶען פוּן אִינֶערְלִיכֶעס הֶערְץ אַיין דַאנְק אוֹיס גִידְרִיקְט, זָאהְנְשַׁיין פוּן זַיינֶער זַייטֶע הָאט אוֹיף גִיווִיזִין וִויא וַוייט שְׁלֶעכְט אוּנ קְרִיטִישׁ עֶס הָאט גִיהַאלְטִין מִיטִין רַאבִּינֶער. גָאר עֶר (זָאהְנְשַׁיין) הָאט דָאס אַלְץ אוּמְגִימַאכְט מִיט זַיין גוּטִין שֵׂכֶל אוּנ מִיט דִיא וְולְיַיאנְיֶע וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיף דֶעם נַארָאד, אוּנ נוּר דוּרְךְ אִים הָאט דֶער וִויבָּאר זִיךְ גִיעֶנְדִיגְט מִיט אַזָא רֶעזוּלְטַאט, אִין דֶעם אִיז גִיקוּמֶען שְׁמֶערִיל דֶר׳

שוחט

שוהַם, עֶר אִיז אוּנַיילֶע בַּיין מִיר גִישְׁטַאנֶען אוּנ נַאכְהֶער הָאט עֶר זִיךְ מִיט אַמָאל אַשׁוּפְ גִיטָאן צוּם טִישׁ אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיף אַשְׁטוּל גִיזֶעצְט.

אָט דָא וֶועלִין מִיר עֶפֶּעס נַייֶעס וִויסִין, וָואס עֶס הָערְט זִיךְ אִין שְׁטֶעטְל, „נוּ וָואס ר׳ שְׁמָערִיל אִיר הָאט עֶפֶּעס נַייֶעס“?

אִיךְ בִּין לֹא עֲלֵיכֶם גָאר נִיט גִיזוּנְד, אִיךְ בִּין אַנַאנְצִין טָאג פוּן מִיר נִיט אַרוֹיס, הַיינְט פוּן וַואנֶען זָאל אִיךְ וִויסִין נַייֶעס, נָאר דָאס קָאן אִיךְ אַייךְ דֶר צֵיילִין דָאשׁ אָבְּצִיסְטְוָוא הָאבִּין שׁוֹין גִימַאכְט אַנַייֶע קוֹנְדִיצְיָע אוֹיף דִיא קַארָאבְּקֶע וֶועלְכֶע עֶס דַארְף אוּמְגִיזַאמְט זַיין טָארְגֶעס, זַיי הָאבִּין גִיקְלֶערְט וֶועסֶען אָנְצוּא טְרוֹיעֶן דִיא דָאוְוִיֶערֶענָאסְט פוּן דִיא קַארָאבְּקֶע, אִיךְ הָאב זַיי אֲפִילוּ גִיזָאגְט דָאס זַיי הָאבִּין קַיין אַנְדֶערִין נִיט אָן צוּ טְרוֹיעֶן וִויא אַייךְ.

בַּייא דִיא וֶוערְטֶער הָאט זָאהְנְשִׁין אַצוּפְרִידִינְהַייט גִיהַאט „נוּ וָואס הָאבִּין זַייא דֶערוֹיף גִיזָאגְט“? פְרֶעגְט זָאהְנְשִׁיין.

זַיי הָאבִּין גִיזָאגְט אַז זַיי וֶועלִין דִיא דָאוְוִיֶערֶענָאסְט אָנְטְרוֹיעֶן אָשֵׁר יֶעקְלִין וַוייל עֶס קוּמְט גֶעלְט פוּן קָהָל, אוּנ אוֹיךְ זָאגִין זַיי דָאשׁ זַיי הָאבִּין אִים שׁוֹין עֶטְלִיכֶע מָאל אָנְגִיטְרוֹיעֶט אוּנ בַּיי אִים גֵייט צוּ רַאיֶעל, עֶר רִירְט נִיט אַקָהָלְשִׁין גְרָאשִׁין.

אוּנ אִיךְ וָואלְט חָלִילָה אָנְגִירִירְט קָהָלְשֶׁע גֶעלְט? הָאט זָאהְנְשִׁיין מִיט פֶּערְדְרוּס גִיזָאגְט — אַהַא! אִיךְ קָאן דִיא מַאשֶׁענִיקֶעס זֵייעֶר גוּט, דִיא גַנָבִים ווִילִין מִיר נִיט וַוייל זַיי וַוייסִין אַז פוּן מַיינֶע הֶענְט וֶועלִין זַיי נִיט קָאנֶן גַנְבֶענֶען, דְרִיבֶּער ווִילְט זַיי זִיךְ נִיט אִיךְ זָאל זַיין אַדָאוְוִיֶערֶענֶע, נָאר וָואס אִיז דָאס גָאר פַּאר אַקַארָאבְּקֶע? צוּ אִידִין זַיינֶען נָאךְ גַאנְץ וֵויינִיג אָרוּם אַז מֶעדַארְף בַּיי זַיי רַייסִין קַארָאבְּקֶע גֶעלְט אַזֶעקְסֶער פוּן פוּנְט פְלֵיישׁ? צוּ אָשֵׁר יֶעקִיל אִיז נָאךְ וֵויינִיג רַייךְ אַז מֶעדַארְף וַוייטֶער פַּאר אִים מַאכִין אַקַארָאבְּקֶע עֶר זָאל נָאךְ עֶטְלִיכֶע טוֹיזִינְד רוּבִּיל אַרַיין לֵייגִין אִין קֶעשֶׁענֶע אוּנ נָאךְ אַמַאיָאנְטִיק אוֹישׁ שְׁטְרוֹיעֶן? גֵיין עֶס וֶועט נִיט גֵיין! אִיךְ וֶועל אָן גֶעבִּין אַפַּאפִּיר אַז מֶעזָאל דִיא קַארָאבְּקֶע גָאר אוּנִיטְשְׁטָאזֶען (מְבַטֵל זַיין).

אָ, הַלְוַאי וָואלְט אִיר דָאס טָאן — הָאט דֶער רַאבִּינֶער מִיט פְרֵיידֶע גִיזָאגְט — דִיא קַארָאבְּקֶע הָאט שׁוֹין אוֹישׁ גִישְׁמָאקְצֶעט בַּיי אִידִין דִיא לֶעצְטֶע בִּיסִיל בְּלוּט, אוּנ יֶעצְט הָאט פְּרַאוִויטוּלְסְטְוָוא עֶרְלוֹיבְּט אִיר מְבַטֵל צוּ זַיין, נָאר אוּנְזֶערֶע רַאפִּיטַאטִין גִיבִּין אָן פְּרָאזְבֶּעס אַז זַיי סוּזִין דִיא קַארָאבְּקֶע הָאבִּין, אוּנ זַיי וַוייזִין אוֹיף, אוֹיף וָואס זַיי דַארְפִין, אָבֶּער אִיךְ וַויים דָאךְ וואוּ דִיא גֶעלְט קוּמְט אַהִין, דִיא גְרֶעסְטֶע הֶעלְפְט נֶעמְט אַרָאפּ דֶער בַּעַל קַארָאבְּקֶע אַלֵיין, אוּנ דִיא אִיבֶּערִינֶע בְּלַייבְּט בַּיי דִיא שְׁטָאט בַּעֲלֵי טוֹבוֹת צוּ ווִישִׁין דִיא פִינְגֶער, אַמָאהְל הָאבִּין זַיי נָאךְ גִיהַאט אַתֵּירוּץ עֶס קָאסְט זַיי דֶער נָאבָּאר, אַבָּאטְנִיקֶעס קְוִויטַאנְצְיֶעס, חָאטְשׁ דָאשׁ אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזִין אַלִיגִין, אִיךְ וַויים עֶשׁ אִיז אַמָאהְל גִיוֶועזִין גִיחַאפְּטֶע נְפָשׁוֹת פַּאר פוּל ווִיפִיל מֶעדַארְף, אוּנ אַזֶעלְכֶע וֶועלְכֶע זַיינֶען שְׁטָאאִיט אָפּ צוּ גֶעבִּין, נָאר אָשֵׁר יֶעקִיל מִיט דִיא עֶטְלִיכֶע שְׁטָאט פִירֶער הָאבִּין דָאךְ פָארְט גִיוָואלְט אַז עֶס זָאל פֶעלִין נְפָשׁוֹת כְּדֵי מֶעזָאל בַּיי אִים (אָשֵׁר

יָעקְלִין) לַייעֶן נֶעלְט צוּ קוֹיפִין אַבָּאטְנִיקֶעס אָדֶער קְוִויטַאנְצְיֶעס, אַז מֶעזָאל אִים
צָאלִין זֶעקְסֶערְס פוּן רוּבִּיל פְּרִיצֶענְט, אוּנ עֶר זָאל גֶעבִּין פַאר דִיא אִיבֶּער
אַיְאהְרִיגֶע טוֹיזִינְד רוּבִּיל נָאר צְווייא הוּנְדֶערְט, אוּנ מֶעזָאל בַּייא אִים אַלְץ אָפּ נֶעמֶען
פַּאר אוֹישׁ כְּדֵי דֶעם לֶעצְטִין יָאר זָאל מֶען שׁוֹין מוּזִין לַייעֶן גֶעלְט אוֹיף דִי קַארָאבְּקֶע
וָואס וֶועט זַיין, אוּנ עֶשׁ זָאל זִיךְ פְּלֶעגְטִין אַקַרָאבְּקֶע אִין אַקְרָאבְּקֶע מֶעזָאל קַיין
כְּאהָל נִיט פָּטוּר וֶוערִין פוּן איר, הַיינְט וָואס הָאבִּין זֵיי גִיזָאלְט אָבֶּער טָאן אַז
עֶס אִיז אַיין יָאר גִיוֶועזִין אָנְגִיחַאפְּט נְפָשׁוֹת פַאר פוּל? וֶועל אִיךְ אַייךְ זָאגִין דָאס
וָואס מִיר הָאט פַאר טְרוֹיט דֶער שׁוֹמֵר פוּן דִיא רֶעקְרוּטִין, מֶעהָאט אִים אִין דֶר
שְׁטִיל פֶּערְזָאגְט עֶר זָאל אַרוֹיס לָאזִין אַפָּאר נְפָשׁוֹת זֵייא זָאלִין אַנְטְלוֹיפִין, אוּנ
עֶר הָאט טַאקֶע אַזוֹ גִיטָאן, אוּנ דֶער נָאךְ הָאט דֶער אִיסְפְּרַאוְשְׁצִיק גִשְׁרִיעֶן אִין
בֵּית הַמֶדְרָשׁ מִיט אַיָאמֶער שְׁטִימְמֶע, אַז עֶס וֶועט זִיךְ חָלִילָה גִיסִין אִידִישֶׁע בְּלוּט
אִין דִיא גַאסִין אוֹיב מֶעוֶועט נִיט זֶעהֶן דֶעם נַאכְּאר צוּ אִיסְפְּאלְנֵייעֶן, מֶעפְּלֶעגְט
מַאכִין אֲסִיפוֹת, אוּנ פוּן דִי אֲסִיפוֹת פְּלֶעגְט אַרוֹיס, אַז מֶעזָאל לַייעֶן בַּייא אָשֵׁר
יָעקְלִין גֶעלְט אוּנ אִין מַשְׁכּוֹן זָאל מֶען אִים גֶעבִּין, דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט מִיט
בְּהֵמוֹת — מֵיין אִיךְ מִיט מֶענְטְשִׁין, דָאס הֵיישְׁט מֶעזָאל אִים אַרוֹישׁ גֶעבִּין אַכְּתַב
אַז דִיא קַארָאבְּקֶע וָואשׁ עֶשׁ וֶועט זַיין זָאל אוֹיךְ זַיין זַיינֶע, אוּנ בְּאִם לַאו אִיז
דִיא פְלֵייש וָואשׁ מֶעוֶועט עֶסִין כְּבָשָׂר טְרֵיפָה וּבָשָׂר חֲזִיר.

אוּנ אִיצְטֶער אַז דֶער קֵייזֶער הָאט אוּנז בֶּעשֵׁיינְקְט מִיט אַנֵייעֶ רֶעפָארְמֶע
מִיט דֶעם נַייעֶם זִיסְטֶעם, אוּנ קֵיין נְפָשׁוֹת דַארְפִין מִיר שׁוֹין נִיט חַאפִּין, קֵיין
קְוִויטַאנְצְיֶעס אִיז נִיטָא צוּ קוֹיפִין, הַיינְט אוֹיף וָואס דַארְף אִיצְטֶער הָאבִּן
קָהָל גֶעלְט?, דָאס הָאט אָבֶּער אָשֵׁר יָעקִיל פֶּערְקוּקְט אוּנ הָאט דָאס פַאר זָארְגְט
מִיט אַיין אַנְדֶער אוֹפָן.

דָא נִיט לַאנְג אִיז אַהֶער גִיקוּמֶען אַיין בָּחוּר פוּן צִיצַאלַאד צוּ שַׁאצִין זִיךְ
דִיא יָארִין אִין אוּנְזֶער קָאמִיסְיֶע, וַוייל עֶר הָאט גִירֶעכִינְט אַז דָא וֶועט מֶען אִים
אָפּ שַׁאצִין עֶלְטֶער וִויא אַיין אוּנְצְוַואנְצִיג יָאר, צוּם אוּמְגְלִיק הָאט אִים הִיגֶע
פְּרִיסוּטְסְוָוא נִיט צוּ גִינוּמֶען צוּם שַׁאצִין, וַוייל עֶר גִיהֶער צוּ אַיין אַנְדֶער קָאמִיסְיֶע
אוּנ עֶר הָאט נִיט צוּ גִישְׁטֶעלְט קֵיין פָּארְמַאלְנֶע דָאקוּמֶענְטִין וִויא דֶער זַאקָן, דֶער
בָּחוּר הָאט גִישְׁרִיעֶן דָאס עֶר אִיז דֶער פוּן אוּמְגְלִיקְלִיךְ גִיוָוארִין דֶען עֶס הָאט
אִים גִיקָאסְט אַסַך הוֹצָאוֹת בִּיז עֶר אִיז אַהֶער אָנְגִיקוּמֶען, אָשֵׁר יָעקִיל הָאט אִים
אַרַיין גִיחַאפְּט וִויא אַיין אֶבֶן טוֹב, עֶר הָאט אִים אָנְגִירָעט דָאס עֶר זָאל צוּ שְׁטֵיין
צוּ קָהָל זֵיי זָאלִין אִים אוּמְקֶערִין הוֹצָאוֹת אוּנ עֶר זָאל דֶערוֹיף מְעַכֵּב דִי קְרִיאָה
זַיין, עֶר הָאט אַזוֹ גִיטָאן, אוּנ עֶשׁ אִיז דֶערוֹיף גִיוָוארִין אַיין אֲסִיפָה, וֶועמֶען הָאט
מֶען גִירוּפִין אוֹיף דֶער אֲסִיפָה, פַאר שְׁטֵייט אִיר דָאךְ נָאר וֶועמֶען אָשֵׁר יָעקִיל הָאט
גִיהֵייסִין, פוּן יוֹצֵא וֶועגִין הָאט מֶען מִיר אוֹיךְ גִירוּפִין, אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא אַזוֹ
גִיזָאגְט; מֵיין דֵעָה אִיז מֶעזָאל דֶעם בָּחוּר אַגְרָאשִׁין נִיט אוּמְקֶערִין, דֶען וֶוער אִיז
אִים שׁוּלְדִיג אַז עֶר הָאט גִימֵיינְט אַז דָא וֶועט מֶען אִים גוּט אָפּ שַׁאצִין אוּנ עֶר
הָאט גִילֵייגְט דְרוֹיף הוֹצָאוֹת? גְלֵייכֶער אִיז אַז מֶעזָאל זֶעהֶן אוֹיף צוּ מַאכִין

נעלט

גֶעלְט צוּ גֶעבִּין יֶעדֶער נָאוָוא בְּרַאנֶעץ וֶועלְכֶער עֶס גֵייט אַוֶועק אִין סְלוּזְבֶּע אַגִיווִיסֶע סוּמֶע גֶעלְט עֶר זָאל זִיךְ הָאבִּין מִיט וָואשׂ עֶטְוָואס זִיךְ אוֹיסְ צוּ קְלֵיידִין אוּנ אוּנְטֶער דִיא סְלוּזְבֶּע אוֹיף אַיין קְלֵיינֶע הוֹצָאָה, אוּנ נָאךְ הֶער יָוען עֶר וֶועט קוּמֶען אַהֵיים זָאל עֶר גִיפִינֶן אַשְׁטִיקִיל קַאפִּיטַאל עֶר זָאל הָאבִּין מִיט וָואס עֶפֶּעס אַיין עֵסֶק צוּ פַאר פִירִין, אוֹיף דֶעם אוֹפֶן וָואלְט קֵיינֶער פוּן אִידִין זִיךְ נִיט אַרוֹיס מַאכִין פוּן פְּרִיזִיוו אוּנ עֶס וָואלְט פוּן אִידִין נִיט גִיפֶעלְט אַזַא צָאל וִויא יֶעצְט פֶעלְט, צוּ אוּנְזֶער שַׁאנְדֶע דֶער מָאנְט זִיךְ, אַז אִין גַאנְץ רוּסְלַאנְד פֶעלְט סַךְ הַכֹּל פִיר טוֹיזִינְט סָאלְדַאטִין צוּם צָאהְל אִיז דֶערַיין פַארַאן נוּר אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְט פוּן קְרִיסְטִין אוּנ דִי אִיבֶּערִיגֶע אִיז פוּן אִידִין אָנְשְׁטָאט דֶעם וָואס אִידִין זַיינֶען אִין רוּסְלַאנְד אַיין דְרַייסִיגְסְט הֵלֶק וִויא אַלֶע נַאצְיָאנֶען, דָאס אִיז דָאךְ פַאר אוּנְז דֶער גְרֶעסְטֶער שַׁאנְד, אוּנְזֶערֶע פַיינְדֶע שְׁלִיסִין דֶער פוּן דָאס מִיר זַיינֶען נִיט טְרַייא דִיא רֶעגִירוּנְג אוּנ עֶס וֶוערְט דֶער פוּן אִין דִיא גַאזֶעטִין זַייעֶר פִיל גִירֶעט אוּנ גָאט וַויים וָואשׂ מִיר וֶועלִין זִיךְ דֶער מִיט אָנְמַאכִין, אוּנ דִיא פְּרִיצִינֶע דֶער פוּן אִיז נִיט דָאשׂ אַז אִידִין ווִילִין נִיט דִינֶען, נֵיין, אִידִין וָואלְטִין יָאגִין דִיא וָואיֶענֶע סְלוּזְבֶּע, אָבֶּער וֶוען, אַז זַייא וָואלְטִין נָאךְ זַייעֶר דִינְסְט זִיךְ אוּמְקֶערִין צוּ זַייעֶר עֶרְד וִויא אַקְרִיסְטְלִיכֶער סָאלְדַאט, אוּנ וֶוען נִיט צוּ עֶרְד לְכָל הַפָּחוֹת צוּ דִיא אַלְגִימֵיינֶע אִידִישֶׁע קַארְיֶערֶע; אַקְרֶעמִיל אַשֵׁיינְקִיל, אוּנ דֶר צוּ מוּז עֶר דָאךְ הָאבִּין עֶטְוָואשׂ אַיין קַאפִּיטַאל אוּנ דָאשׂ הָאט עֶר נִיט, דֶערוּם בְּלַייבְּט עֶר דָאךְ נָאךְ דֶער סְלוּזְבֶּע גָאר אָן אַתַּכְלִית, אוּנ דֶערִיבֶּער שְׁטֶעלְט זִיךְ דֶעם אִידִין זַייעֶר שְׁטְרַאשְׁנֶע פָאר דִיא וָואיֶענֶע דִינְסְט, אָבֶּער וֶוען מֶעוָואלְט עֶפֶּעס יֶע פֶערְזָארְגְט דִיא סָאלְדַאטִין וֶועלְכֶע גֵייעֶן אַוֶועק אוֹיף דֶער סְלוּזְבֶּע, וֶוען זַיי וָואלְטִין קוּמֶענְדִיג אַהֵיים גִיפִינֶען אַיין עֶטְוָואשׂ סוּמֶע גֶעלְט מִיט וֶועלְכֶע מֶעקָאן דִיא הֶענְט פַאר בִּינְדִין וָואלְט זִיךְ דֶער אִיד גָאר נִיט אַזוֹ שְׁטְרַאשֶׁען פַאר דִיא סְלוּזְבֶּע אוּנ פוּן אִידִין וָואלְט אֵיינֶער נִיט גִיפֶעלְט, דִיא פְּרַאקְטִיקֶע קָאנְט אִיר זֶעהֶען פוּן דִיא שְׁטֶעט אִין וֶועלְכֶע דָאשׂ אִיז אַיין גִיאָרְדִינְט גִיוָוארִין דָאס יֶעדֶער נָאוָוא בְּרַאנֶעץ גִיט מֶען צוּ צְוַוייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, דָארְטִין פֶעלְט נִיט אֵיין אִיד אוּנ אַלֶע יַאוֶועץ זִיךְ צוּם פְּרִיזִיוו, אָט דֶערוֹיף וֶועט אַמִיטִיל, אוּנ אִיךְ גְלוֹיבּ דָאס פְּרַאוִויטֶעלְסְטְוָוא וֶועט דָאשׂ בֶּעשְׁטֶעטִיגִין, אָבֵּר דֶעם צִיצַאלַאדֶער בָּחוּר דַארְף מֶען אַיין קָאפֵּיקֶע גִיט גֶעבִּין.

אִיךְ הָאבּ דָאשׂ פַאר דִיא אֲסִיפָה אָפּ גִיזָאגְט אוּנ אִיךְ בִּין אַוֶועק, מֵיינְט אִיר אֶפְשָׁר אַז מַיינֶע רֵייד הָאט עֶפֶּעס גִיווִירְקְט? נֵיין, אוֹיף מָארְגִין הָאט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט גִיחַאתְמֶעט אַפַּאפִּיר מִיט דֶעם אִינְהַאלְט; הֱיוֹת וִויא דֶעם בָּחוּר מוּז מֶען דִיא גֶעלְט פוּן שְׁטָאט אַוֶועק גֶעבִּין וַוייל אַרַבִּים אִיז דָאךְ קֵין גַזְלָן נִיט, אוּנ דִיא שְׁטָאט הָאט קֵיין גֶעלְט נִיט, בְּכֵן הָאט מֶען גִילִיעֶן פוּן ר׳ אָשֵׁר יָעקְלִין, אוּנ וַוייל דִיא קַארָאבְּקֶע גֶעלְט אִיז שׁוֹין בַּיי אָשֵׁר יָעקְלִין אָפּ גִינוּמֶען עַד פְּרוּטָה אַחֲרוֹנָה, ע״כ וֶועט עֶר דָאס אָפּ נֶעמֶען פוּן דִיא קַארָאבְּקֶע וֶועלְכֶע עֶס וֶועט זַיין אוּנ מִיר זַיינֶען זִיךְ מִתְחַיֵּיב אִים צוּ גֶעבִּין אַדָאווִיעֶרֶענֶע אוֹיף דִיא בּוּדִישְׁצִיָא

קארָאבקע

קַארָאבְּקֶע אונ בְּאָם לַאו אִיז דִיא פְלֵייש כִּבְשַׂר חֲזִיר וּנְבֵלָה וּטְרֵיפָה.

הַיינְט פַאר שְׁטֵייט אִיר שׁוֹין ר' יוֹנָה פַאר וָואס מֶעוִויל אַייך פַאר אַייךְ דָאוויָערֶענֶע נִיט מַאכִין, נוּר אָשֵׁר יַעקְלִין? וַוייל עֶר הָאט שׁוֹין אַכְתַב אונ עֶר אִיז שׁוֹין מִיט דִיא קָהָלְשׁ לַייט דוּרְךְ גִיקוּמֶן, דָערוּם אוֹיבּ אִיר וֶועט זֶעהֶן דִיא קַארָאבְּקֶע צוּ עֶרְנִיכְטִין אִיז דָאס אַגְרוֹיסֶע מִצְוָה אונ אִיךְ וֶועל אִין דֶערַיין אוֹיךְ הֶעלְפִין, דָאס אַלְץ הָאט דֶער רַאבִּינֶער גִיזָאגְט מִיט גְרוֹיס הִיטְץ.

זֶע מַיין — הָאט זָאפְיֶע גִיזָאגְט צוּם רַאבִּינֶער — מִישׁ זִיךְ נִיט אִין קָהָלְשֶׁע גִישֶׁעפְטִין, זָאלִין זֵייא טָאן וָואס זַייא ווִילִין, דֶער פוּן קָאן אוּנְז דִיא גְרֶעסְטֶע נֶעפְּרֵייאטְנָאסְט אַרוֹיס קוּמֶען.

אִיךְ בִּין אָבְּיַאזֶען צוּ טָאן אַלְץ וָואשׁ פוּן מִיר פָאדֶערְט מַיין שׁוּלְד — הָאט דֶער רַאבִּינֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — זָאגַאר אִיךְ שְׁטֶעל מַיין בְּרוֹיט אִין קָאן, אונ אִיךְ קָאן דוּרְךְ דֶעם מַיין שְׁטֶעלֶע פַארְלִירִין, אִיךְ טָאר אָבֶער קֵיין קַארִיסְטָא לוּבְּיֶע נִיט הָאבִּין.

יֶע אִיר הָאט רֶעכְט הֶער רַאבִּינֶער — הָאט זָאהְנְשַׁיין צוּ אִים גִיזָאגְט — אִיךְ וֶועל שׁוֹין זֶעהֶן דִיא פְלֵייש קַארָאבְּקֶע צוּ עֶרְנִיכְטִין.

אוּנְטֶער דֶער צַייט פוּן דֶעם גִישְׁפְּרֶעךְ אִיז שְׁמֶערִיל גִיזֶעסִין דִיא קָאפּ אַרָאפּ גִילָאזִין אונ פֶערְטִיפְט אִין גִידַאנְקֶען, דֶעם רַאבִּינֶערְס רֵייד וֶועגִין דִיא קַארָאבְּקֶע אִיז אִים וִויא פַיילִין אַרַיין אִין צֶעהְנְטִין רִיפּ, „מֶעמוּז זֶעהֶן מִיטִין רַאבִּינֶער כַּפָּרוֹת אָפּ צוּ שְׁלָאגִין“ — הָאט עֶר צוּ זִיךְ גִיזָאגְט „וֶוען נִיט קָאן חָלִילָה דִיא קַארָאבְּקֶע צוּ שְׁלָאגִין וֶוערִין, אִיךְ מוּז פַאר עֶם עֶפֶּעס אוֹיס סְטְרוֹיֶען אַתְלִיָה.

וָואשׁ זַייט אִיר אַזוֹ אוּנְמוּטְהִיג? — הָאט זָאהְנְשַׁיין גִיפְרֶעגְט שְׁמֶערְלִין — אוֹיבּ אִיר זַייט עֶפֶּעס נִיט גִיזוּנְד גַייט אַרַיין צוּם דָאקְטֶער וֶועלְכֶער אִיז צוּ מִיר אַרַיין גִיפָארִין, עֶר אִיז אַגְרוֹיסֶער דָאקְטֶער, עֶר אִיז דָאךְ אַהִיגֶער גִיבִּירְדִיגֶער.

וֶוער אִיז דֶער דָאקְטֶער? הָאבִּין אַלֶע אוֹיף אֵיין מָאל זָאהְנְשַׁיינֶען גִיפְרֶעגְט.

דִיא גִישִׁיכְטֶע מוּזְט אִיר דָאךְ וִויסִין — הָאט זָאהְנְשַׁיין גִיעֶנְטְפֶערְט — אַז טִילֶע וַוייסְטַאהְל הָאט אִיר מַאן פַאר סַאמְט, אונ זִיא זִיצְט פֶעסְט אִין אַסְטְרָאג, אונ דִיא הִיגֶע דָקְטוֹרִים וֶועלְכֶע עֶשׁ הָאבִּין אִים נִפַּאלְמֶעסְט הָאבִּין דֶער וַוייל‌ֶע פְּרִיזְנַאיֶעט אַז עֶר אִיז טַאקֶע פַאר גִיפְטֶעט, דָערוּם אִיז דָאשׁ גִיקוּמֶען אִיר בְּרוּדֶער וֶועלְכֶער אִיז אַגָארָאדְסְקָאיֶער דָאקְטֶער אִין דֶער שְׁטָאט שַׁאוּוֶרֶע עֶר הֵיישְׁט סְלוּצְקִי, צוּ חַאדִיטֵייסְטְוָועוָוען וֶועגִין זַיין שְׁוֶועסְטֶער בֶּעפְרַייאוּנְג נָאךְ אַהָאר וָואלְט אִים שׁוֹין אָפּ גִילְטִין אִיבֶּער צוּ בַּייטִין דִי פֶערְגִיפְטִיגֶע גִידֶערִים וֶועלְכֶע עֶשׁ שְׁטֵייט אִין בָּאלְנִיצֶע אִין אַשְׁלוֹי אוֹיף נִיט פֶערְגִיפְטִיגֶע, אונ וֶוען עֶר וָואלְט דָאס שׁוֹין אָפּ גִיטָאן וָואלְט זַיין שְׁוֶועסְטֶער גִיווִיס בֶּעפְרַייעֶט גִיוָוארִין, דָען ווִיא דִיא גִידֶערִים וָואלְטִין אָנְקוּמֶען אִין וְורַאצֶעבְּנֶע אוּפְּרַאוֶוע וָואלְט מֶען גְלַייךְ עֶר קֶענְט דָאשׁ עֶשׁ אִיז נִיט קֵיין פַאר סַאמְטֶע, נָאר דֶער שָׂטָן הָאט זִיךְ אִין סִיטִין אַרַיין גִימִישְׁט דֶען אַבְרָהָם וַויינְשְׁטָאק וֶועלְכֶער גֵייט אָפְט אַרַיין אִין בָּאלְנִיצֶע הָאט אִים דֶער חַאפְט ווִיא עֶר ווִיל אוּמְבַּייטִין, עֶר הָאט אִים זֵייעֶר

גוּט

גוט אָנְגִיזִידִילְט אוּן הָאט אִים נִיט דֶער לָאזִין אוּם צוּ בַּייטִין, יָעצְט אִיז דֶער דָאקְטָער כְּלוּצְקִי אוֹיף וַוייְנְשְׁטָאקִין אֵשׁ לֶהָבָה, אוּנ וִויא עֶשׂ שַׁיינְט הַאלְט מִיט זַיין שְׁוֶועסְטָער זַייעֶר נִיט גוּט סְלוּצְקִי זוּכְט צוּ דִינְגֶען עֵדוּת זַיי זָאלִין זָאגִין אַז וֶוען וַוייסְטַאהְל אִיז גִישְׁטָארְבִּין אִיז זַיין פְרוּיא טִילָע נָאר צוּ הוֹיזֶע נִיט גִיוֶוען׳ דֶער פְּלַאן וֶועט אִיר אֶפְשֶׁר אַרוֹישׂ רַאטֶעוֶוען.

דָאס וֶועל אִיךְ נִיט צוּ לָאזִין — הָאט דֶער רַאבִּינֶער גִיזָאגְט — אַז אִידִין זָאלִין פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגִין, אוּנ אִיבֶּער הוֹיבְּט וִויא מִיר וַוייסִין אַז נָאר זִיא הָאט אִיר מַאן פַאר סַאמְט צוּ לִיבּ אִיר לֶעבָּאוְנִיק, אַזַא נְבֵלָה טְרֶעפְט גָאר אוֹיף דֶער זֶועלְט נִיט, אַאִידֶענֶע פוּן פִינְף קִינְדֶער זָאל הָאבִּין אַלוּבָּאוְנִיק אוּנ דֶעם מַאן פַאר סַאמֶען! אִיר בְּרוּדֶער סְלוּצְקִי מוּז אוֹיךְ מֶער סָאוֶועסְט פַאר אִיר נִיט הָאבִּין אַז עֶר הַאדֶעטַייסְטְוֶוועוֶועט נָאר פַאר אַזַא פָאדְלֶע שְׁוֶועסְטֶער.

יָע, מִיט זַיין סָאוֶועסְט בִּין אִיךְ שׁוֹין אַבִּיסִיל בַּאקַאנְט — הָאט רֶעבֶּעקָע זָאהְנְשַׁיין גִיזָאגְט אוּנ אִיר גִיזִיכְט אִיז רַייטְלִיךְ גִיוָוארִין. וִויא אַזוֹ בִּיזְטוּ מִיט זַיין סָאוֶועסְט בַּאקַאנְט? הָאט זָאהְנְשַׁיין פַארְוָואוּנְדֶערְט גִיפְרֶעגְט.

רֶעבֶּעקָע אִיז שְׁטַארְק פַאר שֶׁעמְט גִיוָוארִין אוּנ זִיא הָאט גִיזָאגְט; „אִיךְ קָאן דָאשׂ דִיר פּוּבְּלִיצְנֶע נִיט עֶנְדֶעקִין, אַיין פְרוֹיעֶנְצִימֶער אִיז דָאס נִיט פַּאסִינ צוּ דֶער צֵיילִין, נָאר אִיר קָאנְט דָאשׂ זֶעלְבְּסְט פַאר שְׁטֵיין.

אַלֶע הָאבִּין פַאר שְׁטַאנֶען וָואס רֶעבֶּעקָע ווִינְקְט אָן, דָאס דֶער דָאקְטָער סְלוּצְקִי הָאט אַלֶעס פֶערְשַׁייטֶער מַאנְסְפֶּערְזָאן גִיוָואלְט רֶעבֶּעקִין בֶּעאוּנֶעהְרִין, אוּנ אִין דֶער טְהַאט, אִיז טַאקֶע אַזוֹ גִיוֶועזִין מִיט אַטָאג פְרִיעֶר, דֶער דָאקְטֶער הָאט רֶעבֶּעקִין צוּ זִיךְ אִין קְוַוארְטִיר אַרַיין גִירוּפִין אוֹיף אַרֶעבֶענוּנְג, אוּנ עֶר הָאט אִיר גִיגֶעבִּין אָנְצוּמֶערְקִין וָואשׂ שֶׁענְדְלִיכֶעם נָאר זִיא הָאט זִיךְ גִימַאכְט נִיט פַאר שְׁטֵייעֶנְדִיג, נָאר עֶר אִיז אוּנְטֶער גִיגַאנְגֶען צוּם טִיר אוּנ הָאט אִיר גִיוָואלְט פַאר שְׁלִיסִין, דַאן אִיז רֶעבֶּעקָע דוּרְךְ אַפֶּענְסְטָער דוּרְךְ גִילָאפִין.

שְׁמֶערְלִין אִיז רֶעבֶּעקֶעס וֶוערְטֶער טִיף אִין דִיא אוֹיעֶרִין אַרַיין, אוּנ רֶעבֶּעקָע הָאט וַוייטֶער פַאר דִיא פּוּבְּלִיקָא גִיזָאגְט; דֶער מִיט קָאן אִיךְ אַייךְ צַייגִין וִויא וַוייט דֶער סְטוּדְיוּם בִּילְדֶעט אַמֶענְטְשִׁין נִיט אוֹישׂ, דֶען דֶער דָאקְטָער אִיז דָאךְ שׁוֹין אַיין אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט דוּרְךְ גִיגַאנְגֶען אוּנ דָאךְ אִיז עֶר מִיט אַיין הֶעכְסְט פַאר דָארְבֶּענֶעם חַארַאקְטֶער".

אוּנ אִיךְ — הָאט זָאהְנְשַׁיין גִיזָאגְט — וָואלְט זִיךְ עַד הַיוֹם גְלִיקְלִיךְ שֶׁעטְצִין וֶוען דוּא מַיין טָאכְטֶער וָואלְסְט זֶעלְבִּין פַאר אַמַאן הָאבִּין, מִיט אַזָעלְכִין אִיז מֶען פָארְט פֶערְזִיכֶערְט מִיט רַייכְקַייט אוּנ פֶערְגֶעניגִין דֶעם גַאנְצִין לֶעבִּין.

בֶּעסֶער יוּנְגֶער הַייד. אִין דֶער עֶרְד צוּ לִינִין אֵיידֶער צוּ אַזָעלְכִין פַאר אַפְרוֹי אָנְצוּקוּמֶען — הָאט רֶעבֶּעקָע מִיט דְרַייסְט גִיזָאגְט -- דָאס עֶרְשְׁטִין אִיז אַזֶעלְכֶער פְּרֶעמְד פוּן דֶער אִידִישֶׁער נַאצְיָע אוּנ פוּן זַיין רֶעלִיגְיָאן, עֶר אִיז וַוייט פוּן דֶעם גְלוֹיבִּין פַאר וֶועלְכִין אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיךְ גִיאָפְּפֶערְט אוּנ הָאבִּין זַייעֶר בְּלוּט וִויא וַואסֶער פַאר גָאסִין אוּם אִים אוֹישׂ צוּ הַאלְטִין אוּנ דִיא נַאבְקוּמֶען

איבער

אִיבֶּער צוּ גֶעבִּין , אוּנ יֶעצְט זָאל אִיךְ דֶעם גְלוֹיבִּין מִיט מַיין סַאמָא לוּבִּיֶע אַוֶועק וַוארְפִין ? , אוֹיךְ אִיז דֶער מָענְטְשׁ זַייעֶר חַאראַקְטֶער לָאס , נֵיין ! בֶּעסֶער אִין גוֹיט אוּנ אָרִימוּט מִיט אַיין אָרִינְטְלִיכִין אִידִישִׁין מַאן דִיא יָארִין אָפּ לֶעבִּין וִויא מִיט אַזֶעלְכִין אִין דִיא גְרֶעסְטֶע רַייכְטְהוּם צוּ פַארְבְּרֵיינְגֶן . זִיא אִיז גִירֶעכְט ! — הָאבִּין אַלֶע אוֹיסֶער שְׁמֶערִיל אוֹיס גִישְׁרִיעֶן — זִיא רֶעט מִיט אַרִיכְטִיגִין פַארְשְׁטַאנְד .

זָאהֶנְשַׁיין אִיז פֶערְדְרִיסְלִיךְ גִיוָוארִין , אוּנ דִיא גִיזָעלְשַׁאפְט אִיז פַאר הֵיינַאנְדֶער גִינַאנְגֶען .

## 24) דִיא לִיעבֶּעם אִינְטְרִיגֶע.

שְׁמֶערִיל דֶער שׁוֹחֵט אִיז פוּן זָאהֶנְשַׁיינֶען גְלַייךְ צוּ אָשֵׁר יֶעקְלִין גִינַאנְגֶען עֶר הָאט דָארְטִין דֶער צֵיילְט וִויא וַוייט מִיט דִיא קַארָאבְּקֶע הַאלְט שְׁלֶעכְט , אוּנ אַלְץ אִיבֶּער דֶעם רַאבִּינֶער „זֶעט לִיבֶּער ר׳ שְׁמֶערִיל — הָאט עֶלְקֶע צוּ אִים גִיזָאגְט — „וִויא גָאט אִיז אַייךְ לִיבּ זֶעט עֶפֶּעס אַיין עֵצָה אַז דִיא קַארָאבְּקֶע זָאל פָארְט בַּייא אוּנְז בְּלַייבִּין , זִיא זָאל פוּן אוּנְזֶערֶע הֶענְד נִיט עֶנְטְגֵיין , „אִיר דַארְפְט מִיר דֶערוֹיף נִיט בֶּעטִין״ — הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט — דֶען מִיר אִיז דָאס אוֹיךְ נוֹגֵעַ וִויא אַייךְ , אָז דִיא קַארָאבְּקֶע טֵייג מַיין שְׁחִיטָה אוֹיף כַּפָּרוֹת , אִיךְ וָועל שׁוֹין אי״ה גִיפִינֶען אַיין עֵצָה , נָאר קוֹדֶם כָּל דָבָר מוּז אִיךְ צוּ וִוישִׁין דֶעם רַאבִּינֶער מִיט זָאהֶנְשַׁיינֶען מַאכִין אַקְרִיג זֵיי זָאלִין צוּ וִוישִׁין זִיךְ צוּ רִיסִין וֶוערִין , אוּנ דַאן וֶועט שׁוֹין אַלְץ גוּט זַיין אִיךְ זוּךְ נָאר אַמִיטִיל דִיא מַחֲלוֹקוֹת צוּ וִוישִׁין זַייא צוּ מַאכִין .

גִינוּג שׁוֹין אַייךְ צוּ פִירִין אַזֶעלְכֶע אִינְטְרִיגֶעס , זָאל שׁוֹין זַיין אַסוֹף פוּן דִי בְּלוּטִיגֶע קַארָאבְּקִי — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט מִיט אַשְׁוַואכֶע שְׁטִימֶע — גָאט פַאר שְׁוַוייגְט נִיט , עֶר וֶועט אַייךְ חָלִילָה שְׁטְרָאפִין דֶער פַאר , אוּנ פִילַייכְט בִּין אִיךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער קָרְבָּן פַאר אַייעֶרֶע זִינְד , מַיין יוּגֶענְד אִיז פַאר פִינְשְׁטֶערְט , אִיךְ בִּין אַלֶעבֶּעדִיגֶע עֲגוּנָה נָאךְ מַיין טְהַייעֶרִין מַאן , הַלְוַאי זָאל זִיךְ שׁוֹין מִיט מִיר אַייעֶר שְׁטְרָאף עֶנְדִיגִין זִיךְ , נָאר זֶעהְט הִיט זִיךְ פוּן גָאטְס צָאהְרִין , וַוארְפְט שׁוֹין אַוֶועק דֶעם בְּלוּטִיגִין גִישֶׁעפְט , אִיר הָאט אוֹיסֶער דֶעם אוֹיךְ פוּן וַואנֶען צוּ לֶעבִּין .

עֶס אִיז דָא וָואס צוּ הֶערִין וָואס זִיא פְלוֹידֶערְט -- הָאט עֶלְקֶע גִיזָאגְט — אִיר אִיז נִיטָא וָואס צוּ פַאר דַיינְקֶען זִיא רֶעט פוּן הִיץ , גֵייא מַיין חְיֶענֶעלֶע מִיט ר׳ שְׁמֶערְלִין אִין אַיין אַנְדֶער צִימֶער אוּנ רֵייד זִיךְ מִיט אִים דוּרְךְ וָועגִין דִיא קַארָאבְּקֶע , דַיין קֶעפֶּעלֶע פַאנִימַאיֶעט דָאךְ אַלְץ .

חְיֶענֶעלֶע הָאט מִן הַסְתָּם מַסְכִּים גִיוָועזִין אַז מֶעדַארְף מַאכִין אַיין אִינְטְרִיגֶע צְוִוישִׁין רַאבִּינֶער מִיט זָאהֶנְשַׁיינֶען , דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאךְ צוּא לִיבּ דִיא קַארָאבְּקֶע , אוֹיךְ צוּ לִיבּ דֶעם וַוייל דֶער רַאבִּינֶער גֵייט אִין דֶערַיין אַז עֶס זָאל אַשִׁידוּךְ גִישְׁלָאסִין וֶוערִין בַּייא זִימְל וַויינְשְׁטָאק מִיט רֶעבֶּעקִין , אוּנ עֶס הַאלְט שׁוֹין דֶער בַּייא , אוּנ כָּל זְמַן דֶער רַאבִּינֶער אִיז גוּטֶע פְרַיינְד מִיט זָאהֶנְשַׁיינֶען קָאן זִיךְ קֵיינֶער נִיט אַרַיין מִישִׁין דָאס צוּ עֶרְנִיכְטִין אָבֶּער וֶוען צְוִוישִׁין זַייא וֶועט וֶוערִין אַיין רַאזְרִיוו וֶועט מֶען שׁוֹין קָאנֶען מַאכִין דֶער שִׁידוּךְ זָאל צוּ קְרִיכִין .

שְׁמָערִיל הָאט אִיר צוּ גִיזָאגְט אַלְץ מִיט עֶנֶערְגִיע צוּ אַרְבֶּעטִין, אוּנ אַלְץ אוֹיס צוּא פִירִין.

אוֹיף מָארְגִין אִיז ר׳ שְׁמָערִיל צוּם דָאקְטָער סְלוּצְקִי אַרַיין מִיט דֶעם אוֹיס רַייד דָאס עֶר אִיז עֶפֶּעס נִיט גִיזוּנְד, אוּנ נָאךְ דֶעם אַז דֶער דָאקְטֶער הָאט אִים גִירַאטְוֶועגִין זַיין גִיזוּנְד, אִיז דֶער דָאקְטֶער מִיט אִים אִין אַגִישְׁפְּרֶעךְ אַרַיין, אוּנ אַלֶעם עֶר הָאט אִין שְׁמָערְלֶען דֶער קָאנְט אַקִינְד פוּן דֶער הַיים, הָאט עֶר אִים פָּאר גִילֵייגְט דָאס עֶר זָאל זַיין אַיין עֵדוּת פַאר זַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנ דֶער פַאר וֶועט מֶען אִים גוּט בֶּעפְרִידִיגִין.

שְׁמֶערִיל הָאט אִים גִיעֶנְטְפֶערְט; דָאס עֶר וָאלְט דָאס גֶערִין גִיטָאן נָאר דֶער הִיגֶער רַאבִּינֶער הָאט גִיזָאגְט אַז עֶר וֶועט קֵיין אִידִין נִיט דֶער לָאזִין צוּ זַיין אַיין עֵדוּת פַאר אַייעֶר שְׁוֶועסְטֶער, דֶער רַאבִּינֶער גְרָאבְּט אַייעֶר שְׁוֶועסְטֶער וואוּ עֶר קָאן נָאר, דְרִיבֶּער קָאן אִיךְ שׁוֹין נִיט זַיין קֵיין עֵדוּת פַאר אַייעֶר שְׁוֶועסְטֶער, שְׁמֶערִיל הָאט שׁוֹין אֶגַב אוֹרְחָא דֶער צֵיילְט אַז רֶעבֶעקֶע הָאט אִים נֶעבִּין אוֹיךְ גַאנְץ שְׁטַארְק בַּארֶעט, אוּנ הָאט אִים שְׁרֶעקְלִיךְ בַּלֵיידִיגְט, דֶעם דָאקְטֶער הָאט זִיךְ דֶער צָארִין אָן גִיצוּנְדִין וִויא אַצוּנְטֶער „רַאבָּע מוּז אִיךְ נֶעמֶען פוּן זֵיי אַלִימֶען! הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן — נָאר אִיךְ וַויים נִיט וִויא אַזוֹ נֶעמְט מֶען דִיא רַאבָּע?

וֶוען אִיר וִוילְט פוּן זַייא נְקָמָה נֶעמֶן — הָאט שְׁמָערִיל גִיזָאגְט — קָאן אִיךְ אַייךְ אַיין עֵצָה גֶעבִּין, נָאר אִיר וֶועט דוּרְךְ דֶעם מוּזִין נָאךְ אַזֵייטִיגִין מֶענְטְשִׁין אִין דֶעריַין אַרַיין מִישִׁין אוּנ אִים אוֹיךְ שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טָאן.

וֶוער אִיז דָאס דֶער זַייטִיגֶער פֶּערְזָאן? הָאט סְלוּצְקִי גִיפְרֶעגְט.

דָאס אִיז אַבְרָהָם וַויינְשְׁטָאק מִיט זַיין זוּן זִימְל, הָאט שְׁמָערִיל גִיעֶנְטְפֶערְט.

זַייעֶר גוּט — הָאט סְלוּצְקִי מִיט פְרֵיידֶע גִיזָאגְט — אִיךְ וִויל זִיךְ טַאקִי פוּן וַויינְשְׁטָאקִין אוֹיךְ נוֹקֵם זַיין, עֶר הָאט מִיר אוֹיךְ שְׁלֶעכְטֶעס גִיטָאן, נָאר זָאגְט מִיר שׁוֹין וָואס אִיז אַייעֶר עֵצָה?

דִי עֶרְסְטֶע זַאךְ מוּזְט אִיר וִויסִין אַז זִימְל וַויינְשְׁטָאק מִיט רֶעבֶעקָע זָאהְנְשַׁיין זַיינֶען פַאר לִיבְּט אִיבֶּער דִיא אוֹיעֶרִין, אוּנ עֶס הַאלְט דֶער בַּייא דָאס בַּייא זַייא זָאל דֶער שִׁידוּךְ גִישְׁלָאסִין וֶוערִין, נָאר דָאס הַאלְט זִיךְ עֶטְוָואס נָאךְ אָפּ וָואס יוֹנָה זָאהְנְשַׁיין וִויל דַוְקָא אַגִישְׁטוּדִירְטִין, נֶעבְּטִין הָאט עֶר זִיךְ אוֹיס גִירֶעט אַז עֶר וָואלְט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ שֶׁעצִין וֶוען עֶר הָאלְט פַאר זַיין טָאכְטֶער בַּקוּמֶען אַמַאן אִין אַייעֶר גְלַייכִין.

נָאר וָואס אִיז אַייעֶר עֵצָה? פְרֶעגְט סְלוּצְקִי פַאר וואוּנְדֶערְט — פִילַייכְט צוּ נֶעמֶען רֶעבֶעקֶען?, נֵיין, אִיךְ וִויל אוֹיף אַזֶעלְכֶע נִיט שְׁפַּייעֶן.

אִיךְ מֵיין דָאס אוֹיךְ נִיט — הָאט שְׁמָערִיל גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיר זָאלְט מִיט פְּלַיישׁ אַזוֹ טָאן, אִיר זָאלְט שִׁיקִין רוּפִין צוּ זִיךְ אַשַׁדְכָן, אוּנ אִיר זָאלְט אִים שִׁיקִין צוּ זָאהְנְשַׁיינֶען עֶר זָאל אִים זָאגִין אַזוֹ: „דֶער דָאקְטֶער סְלוּצְקִי הָאט מִיר גִישִׁיקְט צוּא אַייךְ אִיךְ זָאל פַאר אִים אוֹיס שַׁדְכֶענֶען מִיט אַייעֶר טָאכְטֶער אִין וֶועלְכֶע עֶר אִיז שְׁטַארְקְלִיךְ פַאר לִיבְּט, עֶר וִויל אִיר נֶעמֶען וִויא זִיא שְׁטֵיט אוּנ

גייט

בײם אן אגראסין געלט", דער שדכן זאל מײנען אז איר מײנט דאס ערינסט , אָבער איר מאגט זיך אין בוזין אוים לאכין , זאהנשין װעט זיך אן דעם אן חאפּין װיא אן אהײשין שטײן , אונ ער װעט שוין זעהן דיא ליבע װעלכע איז צװישין זײן טאכטער מיט װײנשטאקין זאל צוא ערשטערט װערין , אונ רעבעקע מיט װײנשטאקין װעלין דער פון שרעקליך לײדין , אט האט איר שוין אנקמה פון אײערע צװײא פײנד , אונ פון דעם ראבינער װעל איך אײך שוין מיט דער צײט צו שאפין איר זאלט זיך פון אים אויך קאנען נוקם זײן , אונ װען אפילו איר װעט פון היר אפּ פאהרין זאלט איר צוא יונה זאהנשין אפּט שרײבען אונ איר זאלט אים אונטער געבין חשק , אונ דאס װעט זיך ציהען יאהרין לאנג , װײל זאהנשין װעט װארטין ביז ער װעט רעבעקען איבער רײדין , אבער אײך זאל דאס ניט מיאוס װערין .

זײער גוט — האט סלוצקי גיזאגט — איר האט דאך עפּעס אמיניסטערסקע קאפּ , איך האב אײך גידארפט האבין לעבין זיך אין שאװרע , איר װאלט מיר צוא ניץ קומען אין דיא געשעפטין װעלכע איך מאך אין מײן באלניצע , איך װעל שוין טאן װיא ער האט מיר גיראטין , אונ טאקי הײנט װעט דאס גישעהן , װײל איך מוז אומגיזאמט אװעק פאהרין .

## 25) אײן גוטע עצה

צװישין זאהנשײנען מיט זײן טאכטער רעבעקע איז אבלוטיגער שטרײט גיװארין , נאך דעם אלעם דער שדכן האט דעם שידוך מיט סלוצקין פאר גישלאגן , זאהנשין האט מיט סלוצקין אויך מונדליך גירעט , רעבעקע האט דאס אבער גאר ניט גיװאלט הערין , אונ זאהנשין האט שוין אוים גירעט אז אנדערש װעט ניט זײן , אזעטינע קריג איז דעם לעזער גיװיס בעקאנט , װײל עס טרעפט אפּט בײא אידישע עלטערין מיט זײערע קינדער אזעלכע ראזנעגלאסעם , אונ פון בײדע צדדים פעכט מען זיך אטשאאנע (מיט יאוש) דאך אבער איז די קריג שטארקער גיװעזין װיא אלע , װײל זאהנשין האט זיך שטענדיג גיװאונשן אזא שידוך צו מאן , אונ ער איז גיװעזין אײן אופּפארטער מענטש (עקשון) , אויך רעבעקע איז אין זיכלען גיװעזין פערליבט איבער נאטירליך דרום האט זיא ניט גיקאנט פון דאס אירינע אפּ טרעטין , אונ עס האט צו קײן פאר אײניגונג בשום אופן ניט גיקאנט קומען , זאהנשין האט איר אלץ גיװאלט איבער רײדין מאנכע מאל מיט שטראף רײד אונ אמאל מיט בײזין , רעבעקען האט דאס אבער גאר ניט גירירקט זיא האט טאג אונ נאכט פאר בראכט אין װײנען אונ קלאגין .

זיבל װײנשטאק האט פון קײן זאך ניט גיװאוסט איז ער אמאל גיגאנגען צו זאהנשײנען אויף אװיזיט װיא גיװאונליך , װיא ער איז אבער אויפין שװעל ארויף איז אים זאהנשין מיט גרויס צאהרין אנטקעגין גילאפין , רעבעקע האט אים איבער גיזאגט אונ האט זיך גישטעלט צװישין זײא בײדין , זאהנשין האט איר אבער מיט גרויס צאהרין אפּ גישטויסין אונ האט װײנשטאקין דורכין טיר

דוּרְך גִישְׁטְדִיסִין אוּנ הָאט צוּ אִים גִיזָאגְט : דוּ זָאלְסְט זִיך נִיט וַואגִין נָאך אַמָאל מַיין טִיר צוּ עֶפֶענֶן, מַיין טָאכְטֶר וֶועט שׁוֹין עֶוִויג נִיט זַיין דַיינֶע, גֵיי זִיך בְּשֵׁם ד׳.

וַויינְשְׁטָאקִין אִיז דָאס וִויא אַדוּנֶער אַרָאפּ גִיפַאלִין, עֶר הָאט נָאר נִיט גִיוואוּסְט פוּן וַואנֶען דִיא קוֹיל הָאט אִים גִישָׁאסִין, עֶר אִיז גֶעבַּאך אַצוּמִישְׁטֶער צוּ הוֹיז אַוֶועק, עֶר הָאט דִיא עֶלְטֶערִין פוּן קַיין זַאך נִיט דֶער צֵיילְט, פוּן דַאן אָן הָאט עֶר אוֹיס גִיזֶעהֶן וִויא וַואהְנְזִינִיג, עֶר פְלֶעגְט רַק אַרוּם גֵיין פַאר טְרַאכְט אוּנ הָאט אַלְץ גִיקְלֶערְט דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן זַיין אוּמְגְלִיק, אוּנ וִויא אַזוֹ אִיז דִיא זָאהְנֶע אִין אִיר רֶעכְטִין שַׁיינֶען אִין מִיטִין טָאג אוּנְטֶער גִינַאנְגֶען; זַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבִין זִיך פַאר אִים גָאר עֶרְשְׁרָאקִין, וַוייל עֶר הָאט אוֹיס גִיזֶעהְן וִויא אַ מָרָה שְׁחוֹרָה, זַייא הָאבִּין אִיבֶּער אִים גִיוַויינְט דָאס עֶר זָאל זִיך עֶטְוָואס מוּנְטֶערִין „דוּא בִּיזְט נִיט וַוייט מְשׁוּגָע צוּ וֶוערִין“ הָאבִּין זַייא צוּ אִים שְׁטֶענְדִיג גִיזָאגְט — „דֶער צֵייל אוּנְז תָאמְשׁ דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן דַיין אוּנְמוּט, אָדֶער גֵייא אַרַיין צוּ אַדָאקְטֶער, פִילַייכְט אִיז עֶס אַפֶּעלֶער“ עֶר הָאט זַייא אָבֶּער גָאר נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ עֶר הָאט מִיט זַייא קַיין מָאל קַיין וָוארְט נִיט אוֹיס גִירֶעט.

אַיין מָאל הָאט עֶר עֶרְהַאלְטִין פוּן רֶעבֶּעקֶען אַיין בְּרִיף, דָארְטִין הָאט זִיא אִים אוֹיס גִישְׁרִיבִּין דִי סִיבָּה פוּן זַייעֶר אוּמְגְלִיק, אוּנ זִיא הָאט אִים גִישְׁטַארְקְט עֶר זָאל בַּייא זִיך נִיט אַרָאפּ פַאלִין נָאר עֶר זָאל מִיט עֶנֶערְגִיעֶ אַרְבֶּעטִין פִילַייכְט וֶועט עֶר זִיך עֶפֶּעס אַיין עֵצָה גִיפִינֶען, וִויא זִיך אַרוֹיס צוּא דְרַייעֶן פוּן דִיא קְרִיטִישֶׁע לַאגֶע, פוּן דַאן אָן אִיז וַויינְשְׁטָאק עֶטְוָואס פְרַייעֶר גִיוָוארִין עֶר הָאט גִירֶעכִינְט וִויא בַּאלְד אִיך וַויים פוּן וַואנֶען דֶער אוּמְגְלִיק שְׁטַאמְט וֶועל אִיך פִילַייכְט גִיפִינֶען אַיין רַאט וִויא זִיך צוּ הֶעלְפִין.

ר׳ שְׁמֶערִיל וֶועלְבֶער הָאט גִיוואוּסְט פוּן זִימְלְס פֶּערְצְוַוייפְלוּנְג וִויא אוֹיך פוּן וַואנֶען דָאס שְׁטַאמְט, הָאט אוּנְטֶער גִישִׁיקְט אַיינֶעם פוּן זַיינֶע חֶבְרָה לַייט וֶועלְבֶער עֶר שְׁטֶעלְט זִיך כְּלוֹמֶערְסְט פַאר וַויינְשְׁטָאקְס אַגוּטֶער פְרַיינְד אוּנ דָאס אִיז טַאקִי גִיוֶועזִין ר׳ הֶענַאך דֶער מַשְׂגִיחַ, אוּנ הָאט אִים שׁוֹין גִיזָאגְט וָואס עֶר זָאל מִיט אִים רֵיידִין.

וָואס בִּיזְטוּ מַיין קִינְד אַזוֹ אוּנְמוּטְהִיג? — הָאט ר׳ הֶענַאך גִיזָאגְט צוּא זִימְלֶען — בַּייא דִיר דַארְף דָאך בַּאלְד אִין אַגוּטֶע שָׁעָה זַיין תְּנָאִים מִיט יוֹנָה זָאהְנְשַׁיינְס טָאכְטֶער, טוּא פוּן וָואס בִּיזְטוּ אַזוֹ אוּנְרוּהִיג?

אִיר זַייט דָאך פָארְט מַיין אַלְטֶער גוּטֶער פְרַיינְד — הָאט זִימְל גִיזָאגְט — אִיר זַייט דָאך מַיין אַמָאלִיגֶער רַבִּי פַאר אַייך מוּז אִיך דָאך זָאגִין דֶעם אֶמֶת, אִיך וֶועל פַאר אַייך אוֹיס גִיסִין מַיין הַארְץ, אִיר זָאלְט וִויסִין אַז עֶס אִיז נָאך וַוייט צוּ תְּנָאִים בַּייא מִיר מִיט רֶעבֶּעקֶען, אוּנ זִימְל הָאט אִים דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גִישִׁיכְטֶע פוּן אל״ף בִּיז ת״ף.

דוּא עֶסְט זִיך מַיין קִינְד גָאר אוּמְזִיסְט אָפּ דִיא הַארְץ — הָאט ר׳ הֶענַאך גִיזָאגְט — אִיך הָאבּ פַאר דִיר גָאר אַפְּרָאסְטֶע עֵצָה, הֱיוֹת וִויא דֶער גַאנְצֶער מִכְשׁוֹל אִיז דַיינֶער, דֶער דָאקְטֶער סְלוּצְקִי, אוּנ אִיך הָאבּ גִיהֶערְט אַז עֶר אִיז

אַיין

אײן אָרינגְלִיכֶער מֶענְטְשׁ, עֶר װֶעט נִיט מַשִּׂיג גְבוּל זַײן דֶעם צְװײטִין, אונ װֶוען עֶר װָאלְט װִיסִין אַז דוּא מִיט רֶעבֶּעקֶען הָאבִּין זִיךְ הָאלְט װָאלְט עֶר גָאר מַעִיקָרָא דֶעם שִׁידוּךְ נִיט אָן גִיהוֹיבִּין צוּ רֵיידִין נָאר מֶער נִיט עֶר װֵייס נִיט װֶערְט עֶר נָאר אָן גִירוּפִין אַשׁוֹגֵג, אָבֶּער װֶוען אִים זָאל אִיצְטֶער נוֹדַע װֶוערִין פוּן דֶעם עִנְיָן װֶעט עֶר כְּלָל וּכְלָל נִיט װֶועלִין הֶערִין אונ זֶעהֶן דֶעם שִׁידוּךְ, בְּכֵן אִיז מַיין עֵצָה דוּא זָאלְסְט צוּ אִים אַרִיבֶּער פָארִין קֵיין שַׁארְוֶוע דָארְטִין זָאלְסְטוּ אִים מַצִיעַ זַיין דֶעם גַאנְצִין עִנְיָן פוּן אַייעֶר אַהֲבָה מִיָמִים קַדְמוֹנִים, אונ עֶר װֶעט גִיוִויס הָאבִּין אַ חֲרָטָה אוֹיף עָבָר אונ עֶר װֶעט נֶעמֶען אַקַבָּלָה אוֹיף לְהַבָּא אַז עֶר זָאל װֶוענִין דֶעם שִׁידוּךְ גָאר נִיט רֵיידִין, אונ דֶענְסְטְמָאל װֶעל אִיךְ שׁוֹין אוֹיף דִיר זָאגִין שְׂמַח בָּחוּר בְּחֶלְקֶךָ, אָט אַזוֹ אִיז מַיין עֵצָה אונ אוֹיב דוּא װֶעסְט מִיר פָאלְגִין װֶעט זַיין אַגוּטֶער סוֹף.

דִיא עֵצָה אִיז אִין דֶער אֱמֶתִין זִימְלֶען גִיפֶעלִין, עֶר הָאט נִיט גִיזַאמְט אונ אִיז קֵיין שַׁארְוֶוע אַװֶעק גִיפָאהְרִין אִין גִיהֵיים אַז נִימַאנְד הָאט גִיוואוּסְט פוּן זַיין אָפּ רַייזִין, אוֹיסֶער ר׳ שְׁמֶערִיל מִיט ר׳ הֶענַאכִין.

ר׳ שְׁמֶערִיל הָאט טַאקִי גְלַייךְ אַװֶעק גִישִׁיקְט אַבְּרִיף צוּא סְלוּצְקִי דֶעם דָאקְטֶער קֵיין שַׁארְוֶוע, אונ הָאט אִים אָן גִיזָאגְט אַז זַיין רֶעבְּכֶער פַיינְד קְרִיכְט אַלֵיין אַרַיין אִין זַיין פַּאסְטְקֶע, עֶר הָאט אִים גִיבֶּעטִין עֶר זָאל שׁוֹין זֶעהֶן אִים דָארְטִין חֲתוּנָה מַאכִין עֶר זָאל שׁוֹין אֲפִילוּ נִיט קוּמֶען צוּ קְבוּרַת יִשְׂרָאֵל.

## 26) דִיא דְרֵייא דַאחֶוֶערֶענֶע *)

| | |
|---|---|
| תשעה הלקים מן הכסף יזרו לכל רוח | ועל גביהם הדב — כלם שארי בשר |
| להחיות כל סובאי יין כל זוללי בשר | תשעה חלקים יתנו לעזאזל והעשירי יהי קדש |
| מימין הבעל טאקסי, ומשמאל — מוסר העיר | לרפא את נגעי הבשר |

(סדר כפרות לבעל טאקסי צד 74)

דָאס פַאר שְׁטֵייט זִיךְ אַז צַייט בַּייא אוּנְז אִין בֶּענֶעבְּסִיף הָאט זִיךְ פַאר זַאמִילְט אַ אִידִישֶׁע קְהִלָּה, הָאט דִי פְּלֵיישׁ קַארָאבְּקֶע אָן גִיהוֹיבִּין צוּ עֶקְסִיסְטִירִין פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע שָׁעָה, דֶען אַ אִידִישֶׁער צִיבּוּר אָן אַקַארָאבְּקֶע הָאט אַפְּנִים וִויא אַשְׁטֵיינֶער אַמְלַמֵּד אָן אַרַאפְּנִיק, אונ דִיא קַארָאבְּקֶע אִיז אַלֶע מָאל גִילֶעגְין אִין קְהָלְשֶׁע הָענְט אונ קֵיין יָחִיד הָאט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גִיקָאנְט צוּ קוּמֶען צוּ אִיר, דֶען לְבַד וָואס עֶס פְלֶעגְט אוֹיס גִירוּפִין װֶוערִין אַ אִיסוּר הַגָדוֹל מִיט שׁוֹפָר בְּלָאזִין אונ מִיט שְׁוַוארְצֶע לִיכְט אַז קֵיינֶער טָאר דִיא קַארָאבְּקֶע נִיט נֶעמֶען פוּן דוּמֶע אַז עֶר הָאט נִיט קֵיין רְשׁוּת אונ קֵיין דַאוְויָערֶענָאסְט פוּן קָהָל, הָאבִּין נָאךְ דִיא קָהָלְשׁ לַייט גִימַאכְט אַמִיטִיל אַז קֵיינֶעם זָאל טַאקִי נִיט לֵיינֶען דִי קַארָאבְּקֶע צוּ נֶעמֶען פוּן דוּמֶע, אונ דָאס אִיז דֶער מִיטִיל: דִיא אוֹטְוֶוערְזִיטֶע קוֹנְדִיצְיֶע פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג אִיז זֵייעֶר קְלֵיין גִיוֶועזִין מֶער נִיט וִויא זֶעכְצִיג קָאפּ׳ פוּן אַבְּהֵמָה

*) אדראוויערענע איז, דעם וואס דיא שטאט טרויט אן צו נעמען איין טארג, אונ דער ראוויערענע טאר דעם גישעפט פאר זיך ניט צו נעמען נאר ער מוז זיך בעגיין וויא קהל הייסין אים.

דַקָה (אַרִינְד) אַרוּבִּיל פוּן אַנַסָה (אַיין אָקְס), פִינְף קָאפּ׳ פוּן אַקֶעלְבִּיל צְוַויא קָאפּ׳ אַגַאנְז אַהַאלְבֶּע קָאפּ׳ אַהוּן, נָאךְ אַזוֹ אַיין קוּנְדִיצְיֶע נָאךְ הָאט מֶער נִיט גִילוּיגְט צוּ צָאלִין אִין דוּמֶע וִויא טוֹיזִינְד רוּבִּיל אַיָאהְר, הַיינְט אַז קָהָל פְלֶעגְט גֶעבִּין צְוֶועלְף הוּנְדֶערְט רוּבִּיל אַיָאהר הָאט דָאךְ שׁוֹין קֵיינֶער זַייא נִיט גִיקָאנְט אַרִיבֶּער שְׁטַייגִין, דֶער נָאךְ פְלֶעגִין זַייא אַרוֹיס גֶעבִּין זַייעֶר קוּנְדִיצְיֶע מִיט אַ אִיסוּר וְויא עֶס גִיהֶער צוּ זַיין אַז דִי קַצָבִים זָאלִין צָאלִין צְוַויי רוּבִּיל פוּן אַרִינְד, דְרַיי רוּבִּיל פוּן אַיין אָקְס, פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג קָאפּ׳ פַאר אַקֶעלְבִּיל, צֶעהֶן קָאפּ׳ פַאר אַגַאנְז, דְרַייא קָאפּ׳ פַאר אַהוּן, אוּנ מֶעפְלֶעגְט צְוִוישִׁין זִיךְ מַאכִין אַטָארְג אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוּנ דֶער טָארְג אִיז נָאר גִיוֶועזִין לְפָנִים, אָבֶּער בַּייא זַייא אִיז שׁוֹין גִיוֶועזִין פְרִיעֶר גִיקָאנְצֶעט מִיט זַייעֶר שְׁטֶענְדִיגִין בַּעַל קַארָאבְּקֶע, אוּנ וִויפִּיל אֵיינֶער הָאט גִיגֶעבִּין הָאט אַלֶץ דֶער שְׁטֶענְדִיגֶער בַּעַל קַארָאבְּקֶע אִיבֶּער גִישְׁטַייגְט, אוּנ עֶר פְלֶעגְט נִיט גֶעבִּין וִויא עֶר הָאט אַרַיין גִישְׁטַייגְט נָאר וִויא עֶר הָאט שׁוֹין פְרִיעֶר מִיט קָהָל אָפּ גִימַאכְט אוּנְטֶער פִיר אוֹיגִין הַיינוּ: דִיא צְוַוייא אָדֶער דְרַייא קֶעפּ פוּן דִיא דַאפּוּטַאטִין צוּ עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, דִיא שְׁלִימֶעזַאלְנִיקֶעס צוּ פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיגֶער חֲתִימָה גֶעלְט, בְּלִינְצֶעס גֶענְדְזְלִיךְ אוּנ פַּסַחְדִיגֶע שְׁפִּירֶעט פַאר אַלִימֶען אַגַאנְץ יָאהְר, אוּנ דָאס אִיז שׁוֹין גִיוֶועזִין אַמֶקַח וִויא אַגְרָאשִׁין אַבַּייגִיל, אוּנ וֶוען אֵיינֶער פוּן דִיא דַאפּוּטַאטִין הָאט זִיךְ פַאר נַארָאוֶועט אַז עֶר דַארְף דֶעם יָאהְר אַטָאכְטֶער חֲתוּנָה מַאכִין אִיז דֶער חוֹכֵר נִיט גִישְׁטַאנֶען אוּם נָאךְ אַהוּנְדֶערְטֶר, אַיי וואוּ פְלֶעגְט מֶען נֶעמֶען מִיט וָואס אִין דוּמֶע אַיין צוּ צָאהְלִין פַאר דִי קַארָאבְּקֶע? מֶעפְלֶעגְט זִיךְ שׁוֹין אַיין עֵצָה גֶעבִּין, מֶען הָאט גִימַאכְט קְלֵיינֶע קַארָאבְּקֶעלִיךְ פוּן לִיכְט וַויין גַאזֶע, אוּנ דֶער מִיט הָאט מֶען גִידֶעקְט אִין דוּמֶע פַאר דִיא פְלֵייש קַארָאבְּקֶע, מַיינְט אִיר אֶפְשַׁר טַייעֶרֶע לֶעזֶער אַז מֶעפְלֶעגְט אַכְטוּנְג גֶעבִּין אַז פוּן דִיא קַארָאבְּקֶע גֶעלְט זָאל זִיךְ הָאטְשׁ אַרָאפּ רֶעכֶענֶן פוּן דִיא רֶעמוּנֶענְט וֶועלְכֶע עֶס קוּמְט פוּן שְׁטָאט? נַיין! זָאל גָאט אוֹיס הִיטִין, וֶוער אִיז דָאס מְחוּיָב צוּ קוּקִין אוֹיף קָהָלְשֶׁע אִינְטֶערֶעסִין מֶעצָאלְט אַפָּנִים שְׁבִירוֹת וֶועמֶען עֶר זָאל דְרוֹיף אַכְטוּנְג גֶעבִּין? וָואס מִיהַאפְּט אַלַיין נִיט הָאט מֶען נִיט, דְרוּם גִיט קֵיינֶער דְרוֹיף נִיט אַכְטוּנְג, אוּנ עֶס אִיז טַאקִי גִיוֶועזִין אַיין גַאלָאוַוא וֶועלְכֶער הָאט אוֹיף גִיקְלִיבִּין הִיפְּשֶׁע עֶטְלִיכֶע טוֹיזִינְד רוּבִּיל פוּן גַאנְצִין אוֹיעֶזְד אוּנ הָאט גִימַאכְט אַפְּלֵיטָה.

אַזוֹ אִיז שְׁטֶענְדִיג צוּ גִיגַאנְגֶען מִיט דִיא הִיגֶע קַארָאבְּקֶע, אַלֶע דְרַייא אָדֶער פִיר יָאהְר הָאט זִיךְ גִיהֶערְט דֶער שׁוֹפָר בְּלָאזִין פוּן דֶעם אִיסוּר הַגָדוֹל. דִיא אַלְטֶע בַּעֲלֵי קַארָאבְּקֶעס גִידַיינְק אִיךְ שׁוֹין נִיט, נָאר אִין מַיין דוֹר וַוייס אִיךְ מֶער נִיט וִויא פוּן אָשֵׁר יָעקְלִין עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג דֶער הִיגֶער בַּעַל קַארָאבְּקֶע, דָאשׁ גִידַיינְק אִיךְ גְרָאד, יֶע — אַז אַמָאל הָאט זִיךְ גִיפוּנֶען אַיוּנְגַאץ וֶועלְכֶער הָאט דִיא קַארָאבְּקֶע פוּן דוּמֶע אַרוֹישׁ גִינוּמֶען אָן קָהָלְס רְשׁוּת, עֶר הָאט אֲפִילוּ דֶער נָאךְ פַאזְוֶועלֶעט מֶעזָאל מַאכִין אַקָהָלְשִׁין טָארְג אוּנ וֶוער עֶס וֶועט גֶעבִּין מֶער צוּ אִים וֶועט דֶער גִישֶׁעפְט גִיהֶערִין, נָאר עֶר וִויל דֶערוֹיף אַכְטוּנְג גֶעבִּין

דאש

דָאשׂ זָאל צוּ גֵיין אָרִינְטְלִיךְ אָן חַאפּ לַאפּ, נָאר וִויא מֵיינְט אִיר רַבּוֹתַי? אַשְׁטָאט וָועט שְׁוַייגִין אַזַא אַיוּנְגַאץ, דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאךְ הָאט מֶען אִים אִין שְׁטוּבּ אַרַיין גִישִׁיקְט אַאִיסוּר, אוּנ אַז דָאשׂ הָאט אוֹיךְ נִיט גִיהָאלְפִין, הָאט מֶען גִימַאכְט אַאִיסוּר אַז קֵיינֶער טָאר קַיין פְלֵייש נִיט עֶסִין אֲפִילוּ שַׁבָּת, דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט דֶעם גְזַר אָנְגִינוּמֶען, אוּנ מֶעהָאט טַאקֶע קַיין פְלֵייש נִיט גִיגֶעסִין אַפָּאר חֲדָשִׁים בִּיז עֶשׂ אִיז דֶעם יוּנְגַאץ דֶעם עוֹבֵר אֲיסוּרְנִיק מִיאוּס גִיוָוארִין צוּ לֵייגוּנְדִיג גֶעלְט צוּ דֶער קַארָאבְּקֶע אוּנ עֶר הָאט זִיךְ דֶער פוּן אָפּ גִיטְרֵייסִילְט, אוּנ דִיא קַארָאבְּקֶע אִיז צוּרִיק אִין דִיא קָהָלְשֶׁע הֶענְט אַרַיין גִיפַאלִין, אוּנ ר׳ אָשֵׁר יָעקִיל אִיז אַרוֹיף אוֹיף זַיין מְלוּכָה כְּבָרִאשׁוֹנָה אוּנ פוּן יֶענֶם מָאל אָן גִיפִינְט זִיךְ שׁוֹין נִיט מֶער קַיין יוּנְגַאץ אָפּ צוּ טָאן זָא אַיין נְבֵלָה.

דָאךְ אִיז ר׳ אָשֵׁר יָעקְלִין דֶער גוּטֶער בִּיסִין נִיט אַיינְגִינַאנְגֶען, וַוייל עֶר אִיז נִיגֵייט גִיוֶועזִין מִיט דִיא קַצָבִים גוּט צוּ לֶעבִּין, אוּנ אַז אַקַצֶב הָאט גִיקֵיילֶעט אַקְלֵיינֶעם עֶקְסֶעלֶע דַאר וִויא אַשְׁפָּאן הָאט אַמָאל פָארְט אוֹישׂ גִיוַויינְט בַּיי עֶלֶקְען זִיא זָאל אִים אַיין לָאזִין אַגִילְדִין פוּן דְרַיי רוּבִּיל, אוֹיךְ הָאט מֶען נִיט גִיקָאנְט אָנְפַאצִין אַקַצֶב וָוען מֶעוִויל, דֶען וֶוען מֶעפְלֶעגְט זֵיי גוּט צוּ קְוֶועצִין הָאבִּין זֵיי גִישְׁרִיעֶן; מִיר לוֹיפִין צוּם זַאנְדַארְמִסְקִין מַאיָאר מַאסֶערִין אַז מֶענֶעמְט בַּייא אוּנְז פֶּערֶעבָּאר (דָאשׂ הֵיישְׁט מֶער וִויא דִיא קוּנְדִיצְיֶע) דֶער וֶועלְכֶער פְלֶעגְט דָאס סְמֵייעֶן פוּן מוֹיל אַרוֹישׂ צוּ רֵיידִין הָאט שׁוֹין אֲפִילוּ גִימָאגְט ווִידוּי אָפּ זָאגִין, מֶעהָאט אִים דִיא קַצְבֶת גִיאַסֶערְט בִּיז עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גוּט מִתְוַדֶה גִיוֶועזִין, נָאר דָאךְ אִיז דָאשׂ פָארְט קַיין וִוינָאדֶע נִיט פַאר אַבַּעל קַארָאבְּקֶע אַז עֶר קָאן נִיט דֶעם קַצֶב דִיא נְשָׁמָה אַרוֹישׂ קְוֶועצִין, דֶערוּם הָאט אָשֵׁר יֶעקִיל פַאר רוּפִין צוּ זִיךְ קָהָל אוּנ הָאט זֵיי גִיבֶּעטִין דָאשׂ זֵייא זָאלִין אָפּ חַתְמֶענֶען אַפַּאפִּיר אַז מֶעפַארְלַאנְגְט דִיא קוּנְדִיצְיֶע גְרֶעסֶער צוּ מַאכִין דְרַיי מָאהְל אַזוֹ פִיל, אוּנ וֶוען דָאשׂ וֶועט אוּטְוֶוערְזֶעט וֶוערִין, זָאל מֶען דָאשׂ פַארְלֵייקֶענֶען פוּן שְׁטָאט אוּנ מֶעזָאל זָאגִין אַז מֶעהָאט דָאשׂ אַטְקַאזֶעט, כְּבֵן וֶועט מֶען אָנְגֶעבִּין נָאךְ אַפַּאפִּיר אַז צוּ דִיא קוּנְדִיצְיֶע וִויל מֶען אוֹיךְ צָאלִין פוּנְטָאוִויֶע דָאס הֵיישְׁט פוּן יֶעדֶער פוּנְט פְלֵייש אַקָאפִּיקֶע, אוּנ דָאשׂ וֶועט אוֹיךְ גִיוִוישׂ אוּטְוֶוערְזֶעט וֶוערִין, אוּנ בְּכֵן וֶועט קֵיינֶער נִיט וִויסִין פוּן דֶעם אָפְּצָאלוּנְג פוּן רֶעז נוּר פוּן דִיא פוּנְטָאוִויֶע, וֶועט דָאךְ קֵיינֶעם נִיט לֵיינֶען צוּ צָאלִין אִין דוּמֶע אַזוֹ פִיל גֶעלְט וִויפִיל מִיר אוּנ מִיט אַזַא אַיין אוֹפָן וֶועל אִיךְ וֶוערִין אַבַּעל קַארָאבְּקֶע אוֹיף וַוייטֶער, אוּנ חֲתִימָה גֶעלְט וֶועט בַּאצָאלְט וֶוערִין זֵייעֶר רַייךְ, אוּנ אִיךְ וֶועל שׁוֹין קָאנֶען רַייטִין אוֹיף דִיא קַצָבִים וִויא אִיךְ וֶועל שׁוֹין אַלֵיין וֶועלִין.

ר׳ אָשֵׁר יֶעקִילְס פְּלַאן אִיז בַּאלְד גִישֶׁעהֶן, אוּנ עֶשׂ אִיז טַאקֶע אוּטְוֶוערְזֶעט גִיוָוארִין דִיא קוּנְדִיצְיֶע אִי פוּן רֶעז אִי פוּן פוּנְט, אוּנ קֵיינֶער הָאט מֶער נִיט גִיוואוּסְט וִויא פוּן פוּנְטָאוָואיֶע.

קָהָל הָאט זִיךְ גִישְׁלֵייעֶרְט דֶער צוּ צוּ מַאכִין אַאִיסוּר אַז קֵיינֶער טָאר פוּן דוּמֶע דִיא קַארָאבְּקֶע נִיט נֶעמֶען נוּר דֶער דָאוְוַיעֶרֶענֶע, אוּנ דִיא דָאוְוַיעֶרֶענַאסְט

זאל

זאל מען געבין ר' אשר יעקלין חייל עם קומט געלט . . . אונ ער האט שוין אפארטיגין כתב כתוב והתום אז באם לאו איז דיא פלייש כבשר חזיר , נור דער שמועס וועלכער איז גיוועזין ביא זאהנשיינען אין הויז מיט דעם ראבינער וויא מיר האבין פריער גישריבין האט זיי גאר דיא קעפ מבלבל גיוועזין , ווייל ער האט גאר גיזאגט דיא קאראבקע מבטל צו זיין , אונ דאן וועט דאך באמת דיא שטאט אומגליקליך בלייבין (?) בכן איז גיבליבין ביי קהל אז מעזאל דא זאהנשיינען מיט דעם ראבינער אויך אונטער תאנפעגען , מעזאל זיי אויך ארייין שטעלין פאר דאוויערענע , אונ דער כבוד וועט זיי גיוויש פאר בלענדין אז זיי זאלין שוין פאר די קאראבקע האלטין שטאל אונ אייזין , אונ דאס האט זאהנשיינען קיינער ניט חושד גיוועזין , ער זאל חלילה וועלין נהנה זיין פון קהלשע געלט , ווייל מעהאט גירעכינט דאש דיא עהרע לוסט (תאות הכבוד) וועט אים דער צו ניט צו לאזין ער זאל זיך מיאוס מאכין מיט קהלשע געלט .

אין דיא ערשטע זאך האבין זייא טאקע גיטראפין , דען וויא מעהאט זאהנשיינען אנגיזאגט אז ער אונ דער דוכאוונער רב אונ דער ראבינער וועלין אלע דריי דאוויערענע זיין דיא קאראבקע פון דומע צו נעמען , האט ער שוין צו דיא קאראבקע מסכים גיוועזין , אונ האט גיהיישין אויש רופין א איסור לעבין א ספר תורה אז קיינער אויסער דיא דאוויערענע טאר דיא קאראבקע ניט נעמען פון דומע , אונ האטש דער איסור איז א גרויסין טייל פון שטאט ניט גיפעלין , דאך האט קיינער איין ווארט ניט גירעט חייל פאר זאהנשיינען האט יעדערער גיציטערט , אונ קיינער איז טאקע אין דומע ניט גיגאנגען דיא קאראבקע צו נעמען נור עס איז גיבליבין ביא דיא דאוויערענעם אונ טאקע זייער וואלוויל , אונ דעם אידישין טארג וועלכע עס באדארף זיין אין בית המדרש האט מען אפ גילייגט ביז דער טארג וועט שוין אויסגעוועזט ווערין אין גוברניע .

## 27) צום דירעקטער פון גומנאזיע .

איין מאל אין אבינדס צייט איז זיך גיזעסין הער דאקטער סלוצקי אין זיין צימער , ער איז בעזארגט גיוועזין וועגין זיין שוועסטער טילא וועלכע ער האט ניט גיהאלפין מיט זיין רייזע קיין בענעבסיף אה פראקליאטיי שזידי ! האט ער אויש גישריען מיט זיך ריידינדיג — דא וואו א איד מישט זיך ארייין איז אצרה , איך וואלט לאנג אומגיביטין דעם סלוי מיט דיא פאר סאמטע גידערים , אונ דאן וואלט שוין מיין שוועסטער פרייא גיוועזין , נאר פרישאל צארט ! עס האט זיך אריין גימישט א אידעלע פארך אברהם ווינשטאק , אונ האט מיר צו שטערט מיין גאנצין פלאן , אה ווען איך וואלט אים אויף מיין יעצטיגין צארין אין מיינע הענד גיקראגין דאן וואלט ער שוין פון מיינע הענד ניט ארויש אלעבעדיגער , דאש איז א ביסיל א זידאווושצינע מעקאן זייא נאר ניט אויש קארבאניען , אין דעם האט סלוצקים דינער א בריף ארייין גיטראגין „דעם בריף האט יעצט דער פאטשטאליאן ארייין גיטראגין“ האט דער דינער גיזאגט אונ איז ארויש .

פון בענעכסיף — האט סלוצקי צו זיך אליין גיזאגט — גיוויש וועגין מיין אנגישטעלטין שידוך, אט דיא שטיקעלע נקמה היילט מיר מיין הארץ, ווען ניט אברהם ווינשטאק אליין האט לכל הפחות זיין זון זימל דורך מיר צרות, איך וועל מיין פערעפיסקע פון דעם פאלשין שידוך פארט טרייבין, אום דיא פאר פערליבטע זאלין אם ווייניגסטין פיל שמערצין האבין, ער האט דעם בריף אראפעצאטעוועט אונ האט איבער גילעזין מיט אפריידע „אזו וועט דער שעפס באלד קומען" — האט ער צו זיך גיזאגט — „דוא מאגסט שוין זימל ווידוי אפ זאגין איידער דוא פאלסט אריין צו מיר אין דיא הענט דוא וועסט שוין פון מיינע הענט עוויג ניט ערלייזט ווערין, נוא ר' שמעריל איז אמאלאצינע, ער קאן פירין איין אינטערעס, דאס איז אהעלד אויס צו פירין אז זימל זאל צו מיר אליין אין דיא הענד אריין קומען, ער וועט אליין אריין קריכין אין מיין נעץ וויא דער ביבער, אונ שמעריל האט גאנץ גוט גיטאן וואש ער האט דאש מיר אנגיזאגט כדי איך זאל זיך קאנען מיישב זיין וויא אים אויס צו ברייגגען, נור שא — ער וועט דאך באלד קומען זיין פאעזד וועט דאך גלייך קומען, סלוצקי פאס מוט, עמפפאנג אים פאר איין ווילקאמין גאסט מיט אפריינדליכין גיזיכט ער זאל גאר ניט קאנן פאר שטיין אונ אנמערקין, אונ נאכהער וועל איך אים מיט אמאל אריין חאפין אין מיין נעץ פון וועלכין ער וועט שוין ניט קאנען אנטרונען ווערין" — אזו האט סלוצקי מיט זיך גירעט, אונ אין דעם איז אריין זיין דינער אונ גיזאגט: „אשיינער יונגער מאן פון דער שטאט בענעכסיף דאקלאדעוועט זיך צו אייך ער הייסט זימל ווינשטאק", „זאל ער אריין גיין" האט סלוצקי גיזאגט.

אין אווייליע ארום האט זיך בייא סלוצקין אין צימער גיוויזין זימל ווינשטאק, דער דאקטער האט אים פריינדליך עמפפאנגען, אלעס גיבירדיגע פון איין שטאט, ער האט אים גיטראקטירט מיט זאפטין, אונ אלעס זיי האבין זיך אומגיוועקסילט דיא ערשטע עטליכע פראגעס אלעס גוטע פריינד, האט אים סלוצקי גיפרעגט; וואש איז אייער טאן אין שאווריע?, ווינשטאק האט אים גיענטפערט; מיין קומען איז ניט קיין שאוורע נור צו אייך זעלבסט, אונ אלעס דר דאקטער האט אים מיט פערוואונדערונג גיפרעגט; וואס דארפין זיי מיר? אונ ביט וואס קאן איך איהנען דינען? עש וועט מיר העכסט פרייען ווען איך זועל עטוואס נוטעס קאנען פאר אייך טאן, נור ערקלערין זיי מיר אין וואש בעשטייט אייער פערלאנג?.

מיין פערלאנג פון אייך מיין הער — האט זימל גיזאגט — בעטרעפט דיא ווערדע פון מיין גאנצין לעבין, אן אייך היינגט אפ מיין שיקזאל, נור דאש אייך דייטליך צו ערקלערין מוז איך אייך עטוואס פון מיין ביאגראפיע פארשטעלין.

איך וועל אלעס פון אייך מיט פערגניגין, — אויס הערין, — זאגט סלוצקי — אונ ווען נור מעגליך וועל איך אייך אם בעסטין דינען הער ווינשטאק

דאס מוז דאך אייך אויך בעוואוסט זיין — האט זימל אנגיהויבין צו ערציילין — אז איך האב זיך ביי מיינע עלטערין, איין איינציגר אפ גישטעלט

פון דִיא צֶעהֶן קִינְדֶער וָועלְכֶע זַייא הָאבִּין גִיהַאט, דָערוּם אִיז דָאךְ לַייכְט צוּ פַארְשְׁטֵיין אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ עֶרְצֵיילְט וִויא אַבֶּן יָחִיד בַּיי מַיינֶע רַייכֶע עֶלְטֶערִין עֶס אִיז קֵיין פַארְגִינִיגִין נִיט פַארְהַאנְדִין וָועלְכִין זַיי הָאבִּין פַאר מִיר נִיט דֶער לַאנְגְט, מֶעהָאט מִיר נִיט גִילָאזִין גֵיין אִין חֵדֶר צוּ וִוישִׁין נָאךְ קִינְדֶער נוּר זַייא הָאבִּין דֶעם בֶּעסְטִין מְלַמֵד פַאר מִיר אַלֵיין אָפְּגִידוּנְגֶען, מֶעהָאט פִיר מִיר זֶעלְבְּסְט אַלֶעהְרֶער אַרָאבּ גִיבְּרַאכְט, נוּר מַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין עֶרְלוֹיבְּט יוֹנָה זָאהְנְשַׁיין דָאס זַיין טָאכְטֶער רֶעבֶּעקָע זָאל אוֹיךְ דֶעם לֶעהְרֶער בַּאזוּכִין גְלַייךְ מִיט מִיר, וַוייל זִיא אִיז אַיין אַדֶעלֶעס קִינְד גִיוָועזִין אוּנ דָער צוּ אַלֶעס קִינְדֶער זַיינֶען מִיר בֵּיידֶע בֶּעפְרַיינְדֶעט גִיוָועזִין.

לֶעהְרֶענְדִיג בַּייא אַיין לֶעהְרֶער אִיז אוּנְזֶער פְרַיינְדְשַׁאפְט גִידָאפִּילְט גִיוָוארִין, מִיר הָאבִּין בֵּיידֶע גְלַייכֶע פֵייהִיגְקַייט גִיהַאט צוּם לֶערְנֶען, דִיא אוּרָאקֶעס הָאבִּין מִיר בֵּיידֶע צוּ זַאמֶען גִימַאכְט אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ אִיר גִילֶערִינְט דִיא הֶעבְּרֵייאִישֶׁע שְׁפְּרַאךְ וָועלְכֶע זִיא הָאט זַייעֶר גִיגַארְט צוּ קָאנֶען, אוּנ בִּיסְלֶכְוַויס זַיינֶען מִיר פֶערְבּוּנְדִין גִיוָוארִין מִיט פְרַיינְדְשַׁאפְט אַז עֶס אִיז אוּנְז שׁוֹין גִיוֶועזִין שְׁוֶוער דֶער שַׁיידִין זִיךְ אוֹיף אֵייניגֶע שְׁטוּנְדִין, נוּר אוּנְזֶער פְרַיינְדְשַׁאפְט הָאט דַאן נִיט גִיהַאט אַכַּארַאקְטֶער פוּן לִיבֶּע וַוייל מִיר זַיינֶען דַאן נָאךְ יוּנְגֶע קִינְדֶער גִיוֶועזִין, מִיר הָאבִּין קֵיין זַאךְ נִיט פַארְשְׁטַאנֶען, נוּר מִיר הָאבִּין גִישְׁפִּירְט אַז בַּייא אוּנְז אִיז אַיין הַארְץ אוּנ אַיין זֵייל, אַזוֹ הָאבִּין מִיר זִיךְ צוּ זַאמֶען גִיהָאדֶעוֶועט פוּן אוּנְזֶער אַכְט יָארִיגִין עֶלְטֶער בִּיז אוּנְזֶער פוּפְצֶעגְטִין יָאר אוּנ אוּנְטֶער דֶער צַייט הָאט זִיךְ אוּנְזֶער פְרַיינְדְשַׁאפְט וָואשׁ פוּן טָאג גִישְׁטַארְקְט, אַלֶעס מִיר זַיינֶען נָאךְ קִינְדֶער גִיוֶועזִין הָאבִּין אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין גִיזָאגְט אוֹיף אוּנְז קוּקִינְדִיג; „מֶעזֶעט אַז דָאשׁ אִיז אַבֶּעשֶׁערְטֶע פָּאר" אִיךְ הָאבּ אָבֶּער דָאךְ נִיט פַארְשְׁטַאנֶען דֶעם בֶּעדַייטוּנְג פוּן דִיא וָוערְטֶער בִּיז מַיין זֶעכְצֶעטִין יָאר, דַאן הָאבִּין זִיךְ אוּנְזֶער גִיפִילִין אוּמְגִיוֶועקְסִילְט, אוּנְזֶער קִינְדֶערְשֶׁע פְרַיינְדְשַׁאפְט הָאט זִיךְ אוּמְגִיבִּיטִין אוֹיף אַיין אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע לִיבֶּע, אוּנ דַאהֶער אִיז דָאךְ לַייכְט צוּ פַארְשְׁטֵיין וִויא שְׁטַארְק אוּנְזֶער לִיבֶּע אִיז גִיוָוארִין וֶוען זִיא אִיז גִיוֶועזִין גִיפְלָאכְטִין מִיט אַסךְ יָארִין, אוּנ נָאךְ מֶער הָאט מִיר דִיא לִיבֶּע וָואסְפְּלַאמֶענַאיֶעט דִיא פָאלְגִינְדֶע סָאבֵּייטְיֶע.

אֵיין מָאל בִּין אִיךְ שְׁטַארְק קְרַאנְק גִיוָוארִין, דָאס דִיא עֶרְצְטֶע הָאבִּין מַיינֶע עֶלְטֶערִין שְׁוַואכֶע הָאפֶענוּנְג גִיגֶעבִּין אוֹיף מַיין לֶעבִּין, מַיינֶע עֶלְטֶערִין זַיינֶען פוּן עַגְמַת נֶפֶשׁ שִׁיר פוּן זִינֶען נִיט אַרָאפּ, אוּנ דֶערוּם הָאבִּין זַיי מַיין קְרַאנְקְהַייט נִיט גִיקָאנְט אוֹיף פַּאסִין.

נוּר רֶעבֶּעקָע הָאט מוּט גִיפַּאסְט, אוּנ הָאט מִיר דִיא גַאנְצֶע צַייט פוּן מַיין גִילֶעגֶער זַייעֶר פִּינְקְטְלִיךְ אוֹיף גִיפַּאסְט, אוּנ זִיא פְלֶעגְט מַיינֶע עֶלְטֶערִין טְרַייסְטִין מִיט אִירֶע זִיסֶע רַייד, דָאס זַייא זָאלִין נִיט וַויינֶען, אָבֶּער זִיא אַלֵיין פְלֶעגְט זִיךְ פוּן זַייא אָפְּקֶערִין אוּנ טַייכִין טְרֶערִין הָאבִּין פוּן אִירֶע אוֹיגִין גִיפְלִישְׁט, מֶעקָאן זָאגִין דָאשׁ זִיא הָאט אִין דֶעם פֶערְלוֹיף פוּן מַיין קְרַאנְקְהַייט זִיךְ נִיט גִילֵייגְט

שלאפין

שלאפין, נור זיצינדיג לעבין מיר אונ קוקינדיג מיר אין דיא אויגין פלעגט זיא ניט ווילינדיג אנדרעמילט ווערין אויף אקליינע ווײלע, אונ איר מיהע איז ניט אומזונסט גיוועזין, דען דיא ערצטע האבין פריזנאיעט אז נור דער אויפפאסונג האט מיר פון מיין גיפערליכע קריינק גיראטירט. איר פריידע וועלכע זיא האט גיהאט ווען איך האב זיך אנגיהויבין צו בעסערין אין גיזונד, אירע פריידין טרערין וועלכע זיא האט דאן פער גאסין גייט מיר נאך יעצט אויך פון זינען ניט ארויש, אונ מיין הארץ ווערט גיפלאמט מיט ליבשאפט ווען איך דער מאן זיך דאש, אונ ווען איך האב איר גידאנקט פאר איר אוננאטירליכע מיהע וועלכע זיא האט גיהאט ארום מיר האט זיא מיר גיאנטווארטעט מיט אירע זיסע ווארטין; דוא ברויכסט מיר ניט צו דאנקען, דען אלעס וואש איך האב גיטאן איז דאס מיר בעלאנג גלייך וויא דיר, וואש וואלט מיר נוצין מיין לעבין ווען דוא וואלסט גאט בעהיט ניט לעבין בלייבין, צו דען דארף דיא הארץ אפ דאנקען דיא הענט פון דעם זעלבין מענטשין דער פאר וואס דיא הענט האבין דיא רפואות צום מויל דער לאנגט דיא הארץ צו היילין? ווען דיא הארץ וואלט אפ גישטארבין וואלטין דיא הענט נאך פאר הער ניט גילעבט, די זעלבע ברויכסטו מיר אויך ניט צו דאנקען, מיר זיינען ביידע וויא איין קערפער, אונ ווען איין האלבער קערפער זאל אפ שטארבין איז ניט מעגליך דער צווייטער האלבער קערפער זאל בלייבין לעבין, אונ ווען יא — וואס טויג דער לעבין?.

פון דאן אן בין איך איר מיט לעבין שולדיג גיבליבין, דער סלוטשאיי האט אונזערע הערצער צו זאמען גישמיט וויא מיט אייזערנע קלאמערס, איך האב איר דאן צו גישווארין טרייהייט אויף מיין גאנצין לעבין, אונ איך בין גאטאוו מיין לעבין צו אפפערין נור צו איר דאש מינדעסטע שלעכטעס ניט צו צו לאזין, אונ דאך האט אלץ אונזער ליבע גיהאט איין נארוזנעם וויד נור וויא אפארמיליארנע פריינדשאפט, אבער אין הארצין האט גיבליהט איין פלאמינדע אינטערעסנע ליבע.

נאך הער בין איך אין וואלאזין גיפארין, איך האב דארטין אהיפשע צייט גילערינט, אונ אונטער דער צייט איז צו ווישין אונז דיא ליבע גינאנגען שריפטליך, אונ ווען איך בין פון וואלאזין צו הויזע גיקומען האבין מיר שוין ניט גיקאנט פרעסין דיא ליבע פון אונזער פריינדשאפט אויפין הארצין, מיר האבין זיך די ליבע ערקלערט אונ מיר האבין ווידער מאלם זיך צו גישווארין אויף טרייהייט דאס מיר מוזין אנווענדין אלע קרעפטין צו פעראייניגט ווערין אויף עוויג, אונזער ליבע איז אויך אונזערע עלטערין בעקאנט גיווארין, אנפאנגס האט זאהנשיין דערביי גיהינדערט, נור ווייל רעבעקע איז פון די הארץ קלעמענגעס גיפערליך קראנק גיווארין אונ איך האב איר גילעגער אויף גיפאסט אלעס וויא איך בין שוין אביאזעט, האט שוין זאהנשיין אויך גימוזט ניט ווילינדיג מסכים זיין דער צו, אונ פון דאן אן האבין מיר קיין סאפראטיוולעניע (מניעה) ניט בעגעגינט, מיר האבין שוין אין אונזער גליק ניט גיצווייפילט, דער גליק

איז

איז שוין געוועזין וויא אונזערער איין סאבסטיטוטענאסט.

נאר אונזער זאהגע איז אין איהר רעכטין אויפנאנג פערדונקעלט געווארין, אונזער שיקזאל האט זיך צו אונז געווענדעט מיטין שווארצין זייט, פלוצלונג איז אונזער מארטין שטערין אראפ געפאלין אין דער טיפער העלע; איר פאטער זאהנשיין האט צו ווישין פער נאנדער געשייד וויא מיט איין אייזערנע וואנט, עס איז מיר שווער אוים צו דריקין מיט מיין מונד די שרעקליכע שמערצין וועלכע מיר ליידין ביידע, איך וואלט שוין געווים ביז יעצט ניט גערעכנט ווערין אין דעם צאהל פון לעבעדיגע, ווען עס וואלט מיר ניט אריין שיינען אשטראל האפענונג אין מיין פאר וואונדעט הארץ, דער שטראל האפענונג שיינט מיר פון אייער זייטע מיין הער! דיא אורזאכע פון זאהנשיינס שטערין אין אונזער גליק, איז נור וויל איין ברוטאלווערבער האט אים פארגעשטעלט אפארטיי פאר זיין טאכטער רעבעקע אייך מיין הער? איך גלויב דאס אונוויסענד פון אונזער ליבע איז אייך דיא גענויע אויך געפעלין — אונ וויל זאהנשיין האט מער אוים רעכענונג מיט אייך זיין טאכטער גליקליך צו מאכין וויא מיט מיר, האט ער בעשטימט אונזער בעשלום צו ערניכטין, אונ מיט אייך איר צו פעראייניגין.

דערום בין איך צו אייך מיין הער גיקומען פון אייך מיין לעבין אויש צו בעטין מיט גינאדע — דא איז ווינשטאק קלוצקין גיפאלין צו דיא פים אונ דעהמוטיג גיזאגט — ערבארעמט זיך אויף דעם לעבין פון איונגין מענטשין אויף וועלכין עס היינגט דער לעבין פון זיינע צארטע עלטערין, האט מיטלייד מיט איונגעם קינד אמיידכען פון אכטצעהן יאר, וועלכע עש וועט-גיוויש טרויערין דעם גאנצין לעבין נאך איר גיליבטין, יעצט זייט איר אדאקטער וועלכער קאן מיט איין ווארט אייניגע טרופעם לעבעדיג מאכין, אדער האלב גישטארבענע אין גרוב אריין שטויסין.

דער בורליאנט שיינט פאר אלעמען ווער נור אויגין האט, דערום איז ניט קיין וואונדער וואס רעבעקע גיפעלט אייך, אבער איר מוזט ויסין דאש דער בורליאנט איז שוין איין גיפאסט אין אפרעמדינס הארץ וועלכע גיהער ניט צו אייך, רעבעקע ליבט מיר שטערבליך — דאש קאן איך צייגין מיט דיא בריף — זיא איז שוין איין גיפלאנצט ביי מיר אין הארצין, קאן דיא גיוויקסע פרוכטבאר זיין ווען מען זאל איר אוים ווארצלען פון איר אקלים אונ איינפלאנצין אין נאר איין אנדערין פערשיידענעם אקלים וועלכין איר נאטור ליידעט ניט? דיא גיוויקסע וועט נור וועלקין אונ וועט קיינע נוצין ברייגען, זא וועט רעבעקע אייך קיין פערגעניגין שאפין ווען איר וועט איר אין פלאנצין ביי זיך, דער בלום וועט נור צו וויאנעט ווערין אונ ער וועט זייא ניט גישמאק ריכין, זייא וועלין נור מיטלייד האבין קוקינדיג וויא דער בלום ווערט פאר דארבין, דערום לאזט בעסער דעם בלום וואקסין אויף זיין שטעלע, פליקט ניט אפ איונגע זאלע פון דיא ארעמס איר גיליבטין, אונ זייער זאלין וועלין אייך עוויג זעגנען, אונ איך בין דאש דירעקט גיפארין צו אייך, וויל איך האב זיך פארזיכערט אויף אייער

זיין ריינעם

ער אגרויסער, אונ מלות האבין אים אפאנגעוועט וויא בינען , אונ עס האלט מעזאל זיין הויז ליציטירין פאר דיא חובות , דעם קריסט איז דאס טיף אין נאז אריין האטש שמעריל האט דאס גיזאגט אזו וויא פאר ביא גייענדיג.

דער קריסט האט גלייך נאך דעם ביא זאהגשייגען שטריינג אטרעבעוועט גיטאן דיא געלט, ער האט אים נאר גיגעבין איין מאנהייט סראק, אונ ווען ער וועט אים צום סראק ניט אוועק געבין איספאלנא וועט ער ביא אים דיא הויז אוועק נעמען , אונ וייל זאהגשיין איז גראדע אין יענער צייט גיאיינגט גיווען , דען אין עטליכע גישעפטין האט ער אפולע נעלט אריין גישלאגין , דרום איז אים אין יענער צייט אונמעגליך גיוועזין דעם חוב צו דעקין , דרום איז אים טאקי גרייליך איינג אין מוח גיווארין , ער איז דער פון אפאר טעג ארום גיגאנגען וויא א צומישטער, דאן האט אים ערשט זיין פרויא אן גיהויבין צוא גריזין , ווארום ער וויל ניט מאכין דיא קאראבקע מיט אשר יעקלען שותפות אונ נעמען פאר זיין חלק פרנסה שוין מזומנים טויזינד רוביל, ער האט אבער איהר גאר ניט גיוואלט צוא הערין .

עס איז זיך אזו עטליכע טעג אריבער , אונ עס האט אים נאר ניט גישיינט דער האפענונג וואו צו בקומען פאר פול דיא געלט צוא סיליקין דעם קריסט , אונ דער טערמין ווערט זיך אלץ נענטער , ער איז דער פון ארום גיגאנגען שווארץ וויא דיא ערד נאר פאר מענטשין האט ער דאס גיט ארויס גיוויזין וייל זיין עהרע גייציגקיים האט אים ניט ערלויבט צו פאלין מיט מוטה .

וויא דער עולם זאגט: „נויט ברעכט אייזין“ אונ דער ביא אווייב קאן ברייגגען צו אלעס , אונ: אזו איז דאס גיוועזין מיט אונזער זאהגשיינען דאברושע האט אים זיין לעבין פאר טאצעט „איך פארשטיי דאס ניט“ — האט זיא צו אים גיזאגט — צו דוא ביזט ערגער פאר דיא גאנצע שטאט ? יעדער האט פראוו צו נעמען דיא קאראבקע נאר דו טארסט ניט ? אונ בפרט אז ניט דו אליין נאר בשותפות מיט אשר יעקלען , אונ עס וועט דער פון אהאן ניט קרייען , איך וואלט זאגין אשלעכטער גישעפט ? דאס איז דאך איין עסק אן ריזיקע , מעציילט דיר שוין אפ באר טויזינד רוביל פרנסה , אונ נאך ביא אזא צייט וואס דיא טויזינד רוביל וועט אונז ראטעווען דעם גאנצין לעבין , וואס וועלין מיר דאס פארט טאן ווען דער טערמין וועט קומען אונ מיר וועלין ניט האבין מיט וואס דעם חוב צו בצאלין , אונזער קריסט וועט זיך מיט אונז ניט צירעמאנען ער וועט ביי אונז אונזער הויז אוועק נעמען , אונ ביא וואס וועלין מיר בלייבין ?!

איך בין שוין דיר דאס אלץ מוחל , וואס וועלין לייט זאגין ? אונזערע שונאים וועלין דאך דער פרייעט ווערין , אונ פון שאנדע וועט אונז קומען פון בריק אין וואסער , אונ ביא אזא אצייט אז עס מאכט זיך דיר כשרה טויזינד רוביל צוא פארדינען , מיט וועלכע מיר וועלין זיך בעפרייען פון אונזער יעצטינע קריטישע לאגע ווילסטו דאס נאך ניט אן נעמען , איך זאג דיר אז אין דיא בלוט וועלכע עס וועט זיך פון אונז אנשטאט וואסער ניסין ביזטו דער חייב , דוא וועסט זיך

פאר

פַאר גָאט נִיט קָאנֶען מִתְוַדֶה זַיין .

זָאהְנְשַׁיינֶען הָאט דִיא הַארְץ פַאר קְלֶעמְט , אוּנ עֶר הָאט אִיר אַיין וָוארְט נִיט גִיקָאנְט עֶנְטְפֶערְן , אִין דֶעם הָאט עֶר דֶער זֶעהֶען דוּרְכִין פֶענְשְׁטֶער דָאס שְׁמֶערִיל דֶער שׁוֹחֵט גֵייט צוּ אִים אַרַיין , דָא הָאט זִיךְ זָאהְנְשַׁיין מוּטְה גִיפַאסְט אוּנ הָאט זִיךְ צוּ שְׁמֶערְלֶען גִיוֶוענְדֶעט מִיט פְרֵיילִיכֶע מִינֶען , נָאר שְׁמֶערִילְס קָאפּ אִיז נִיט אוֹיס גִידַארְט , עֶר הָאט פַאר שְׁטַאנֶען אַז זָאהְנְשַׁיין טְרָאגְט גְרוֹיסֶע וואוּנְדִין אוֹיפִין הַארְצִין , עֶר הָאט זִיךְ אָבֶער גִימַאכְט נִיט וִויסִינְדִיג פוּן קֵיין זַאךְ אוּנ הָאט נָאר גִירֶעט פוּן אַנְדֶערֶע זַאכִין , אָבֶער פוּן דִיא קַארָאבְקֶע הָאט עֶר גָאר נִיט דֶער מָאנְט , עֶר הָאט שׁוֹין גִיוַוארְט מֶעזָאל מִיט אִים אָנְהוֹיבִין ,

בַּייא דָאבְּרוּשֶׁען אִיז סַם פוּן מוֹיל גִילָאפִין פוּן לַאנְגְוַוילֶע . עֶס הָאט זִיךְ אִיר גִיוָואלְט אַז שְׁמֶערִיל זָאל וַוייטֶער פָאר לֵייגִין וֶועגִין דִיא שׁוּתְּפוּת מִיט אָשֵׁר יֶעקְלֶען אוּנ מִיט דִי טוֹיזִינְד רוּבִּיל , אוּנ זָאהְנְשַׁייגֶען הָאט זִיךְ דָאס כִּמְעַט אוֹיךְ גִיוָואלְט , נָאר שְׁמֶערִיל הָאט זִיךְ אַלֶץ גְמַאכְט כְּלֹא יָדַע אוּנ הָאט אַלֶץ וֶועגִין אַנְדֶערֶע זַאכִין גִירֶעט .

אַם עֶנְדֶע הָאט שׁוֹין דָאבְּרוּשֶׁע נִיט גִיקָאנְט לַאנְגְוַוילִין אוּנ זִיא הָאט בַּייא שְׁמֶערְלֶען אַפְּרֶעג גִיטָאן : „וָואס הֶערְט זִיךְ מִיט דִיא קַארָאבְּקִי ?“ שְׁמֶערִיל הָאט זִיךְ אָבֶער גִימַאכְט נִיט הֶערוּנְדִיג אוּנ הָאט וַוייטֶער גִירֶעט זַיינֶע פוּסְטֶע רַאזְגַאווָארִין , דָאבְּרוּשֶׁע אִיז אַרוֹיס פוּן טֶערְפֶּענֶע , עֶס הָאט אִיר שִׁיר דִיא שְׁלַאג עֶרְשְׁלָאגִין , זִיא הָאט קַאם אִיבֶּער גִיוַוארְט אַקְלֵיינֶע וַויילֶע אוּנ זִיא הָאט מִיט אַהֶעכָערִין טָאן גִיפְרֶעגְט שְׁמֶערְלֶען : „זָאגְט מִיר ר׳ שְׁמֶערִיל וָואס הֶערְט זִיךְ מִיט דִיא קַארָאבְּקֶע“ ? „מִיט דִיא קַארָאבְּקֶע?“ זָאגְט שְׁמֶערִיל — „אִיךְ וַויים ? אַייעֶר מַאן אִיז דָאךְ דֶער גַאנְצֶער בַּעַל דֵעָה , עֶר וַויים דָאךְ בֶּעסֶער פַאר מִיר וֶוען עֶר וֶועט הֵייסִין וֶועט זַיין אַטָארְג , הַיינְט וָואס פְרֶעגְט אִיר בַּייא מִיר ? אוּנ עֶר הָאט זִיךְ וַוייטֶער אוּם גִיקֶערְט צוּ זַיין פוּסְטִין גִישְׁפְּרֶעךְ מִיט גְרוֹיס אַרַיין לֵייג , דָאבְּרוּשֶׁע הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט בֶּענוּגִינְט מִיט שְׁמֶערִילְס עֶנְטְפֶער , זִיא הָאט קוֹים עֶרְוַוארְט בִּיז שְׁמֶערִיל אִיז אוֹיף אַוַויילֶע שְׁטִיל גִיוָוארִין , הָאט זִיא זִיךְ אִין מִיטִין אַרַיין גִיחַאפְּט אוּנ הוֹיךְ גִיזָאגְט : זָאגְט מִיר ר׳ שְׁמֶערִיל , אָשֵׁר יֶעקִיל וֶועט אוֹיפִין טָארְג צוּא נֶעמֶען דִיא קַארָאבְּקֶע ? .

נֵיין , — הָאט שְׁמֶערִיל גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶר אַלֵיין וִויל אִין דֶעם גִישֶׁעפְט נִיט אַרַיין קְרִיכִין , עֶר הָאט גִיוָואלְט שׁוּתְּפוּת מַאכִין מִיט אַייעֶר ר׳ יוֹנָהֶען , נָאר אַייעֶר מַאן וִויל נִיט .

פַאר וָואס וִוילְסְטוּ נִיט יוֹנָה ? — הָאט דָאבְּרוּשֶׁע גִיפְרֶעגְט מִיט צוּא פְרִידִינְהַייט דָאס זִיא הָאט פָארְט דֶער לֶעבְּט אִין דֶעם גִישְׁפְּרֶעךְ אַרַיין צוּ קְרִיכִין — פַאר וָואס זָאלְסְטוּ נִיט נֶעמֶען דִיא קַארָאבְּקֶע שׁוּתְּפוּת מִיט אָשֵׁר יֶעקְלֶען ? . זָאהְנְשַׁיין הָאט דְרוֹיף גָאר נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט .

אִיךְ זָאג אַייךְ ר׳ שְׁמֶערִיל — הָאט דָאבְּרוּשֶׁע צוּ אִים גִיזָאגְט — אִיר קָאנְט זָאגִין אָשֵׁר יֶעקְלֶען אַז מַיינֶער וֶועט מִיט אִים דִיא קַארָאבְּקֶע שׁוּתְּפוּת מַאכִין ,

איך

איך וועל זיך שוין דערויין אריין מישין אונ איך וועל דאס ביא יונהען פועלין, הא וואס זאגסטו יונה איך וועל דאס ביא דיר פועלין ?,

איך וויל אזא גישעפט ניט קאנען — ענטפערט זאהנשיין — איך זאל דארפין האבין צוא טאן מיט דיא קצבים, מער וויא אשר יעקיל מיט זיין ווייב טויגין דער צו ניט, אבער וויא קומט דאס פאר אונז ?.

דוא וועסט זיך גאר ניט דארפין מישין אין דעם גישעפט — האט דאברושע גיזאגט — שמעריל האט דאך מיר גיזאגט אז אשר יעקיל וועט דיר אויס צאלין פאר דיין חלק פרנסה טויזינד רוביל, ניט אמת ר' שמעריל ?.

טויזינד רוביל מזומנים — האט שמעריל גיענטפערט — דאס וועט איך אשר יעקיל אפ ציילין במזומן אויפין האנט אויף מארגין נאכין טארג אויב דיא קאראבקע וועט ביא אים בלייבין.

אמענטשליכער כאראקטער איז גיגליכין צוא איין זעלנער אדער צו איין גאנצין אטראד מיליטער וועלכע שטייען אויפין שלאכט פעלד, עס גיבט איין העלדישע ארמייא וועלכע שטרייטין וויא דיא לייבין מיט אטשאיאנייע, אונ וואס שטארקער אונ פריסטאלנער דער פיינט אטאקעוועט זיי, שלאגן זייא אים צוריק אלץ מוטהיגער אונ מעכטיגער, אונ אין וואס מער קריטישע לאגע זייא גיפינען זיך, שטארקט זיך אלץ מעהר ביא זייא זייער מוטה אונ דרייסט, אונ שלאגין זיך אלץ מער העלדישער אונ חראברער מיט זייער פיינד, אונ דיזעס העלפט זייא דעם פיינד פון זיך אפ צו שטויסין, זא איז עס ווען דער מענטש האט אגיזונטין אשטארקין ארינטליכין כאראקטער טוט ער קיין מאהל קיין גרויזאמע טהאטין, אונ וואס מער זיין לאגע צווינגט אים שלעכטעס צו טאן, שטרייטין אלץ זיינע ריינע גיוויסין העלדישער אונ פאר ניכטין דיא שאנסין וועלכע דיא גיבלענדיטע ליידינשאפט (תאות) האבין אויס גישטרויעט דעם כאראקטער צו צווינגען, אונ זייער שכל ערניכטעט דיא גילדערנע בערג וועלכע דער יצר הרע האט זייא בווייזין, אונ זא וויא אטרוסליוועך אטראד חיל צוא לויפין אונ ווערין צו ערשטרייט ביא דעם ערסטין שאס וועלכין זייא דער הערין פון דיא פיינדעס באטערייעס, זא איז עס מיט דעם מענטשין וועלכער האט אלייכט זיניגין כאראקטער, ווען עס גייט אים נאך גוט האלט זיך נאך וויא עס איז איין זיין ערליכקייט, אבער וויא נאר עס דריקט אים עטוואס צוא, דאן איז ער ספאסאבנע צו טאן אלדאס בייז, נאר צו בעקומען דיא גילדערנע בערג וועלכע דער יצר הרע שטעלט אים פאר.

דאס גלייכין איז מיט אונזער זאהנשיינען אויך גיוועזין, זיין ארינטליכער כאראקטער האט זיך קוים אויף אהאר גיהאלטין אין דיא גוטע צייטין, ער האט זיין סאוועסט אויס גישטעלט — וויא די בהמה טמאה אירע צו שפאלטענע פיש — מיט דעם זיך פאר מענטשין צו ציהרין, כדי ער זאל דער פון ערבין עהרע וועלכע ער ליבט וויא זיין לעבין, אבער וויא זיין אבסטאיאטעלסטווא האט אים עטוואס צו נידריקט, האט ער שוין ניט גיקאנט ביא שטיין ביא דעם נסיון, אונ האט

שוין

שוין מִיטִין נַאנְצִין הַארְצִין גִיוָואלְט גֶעמֶען דִיא טױזִינְד רוּבִּיל בַּייא אָשֵׁר יֶעקְלֶען אוּנ אִים דָער פַּאר דִיא גאנְצֶע שְׁטָאט פַאר קוֹיפִין, גָאר עֶהְרֶע גַייצָע (תַּאֲוַת הַכָּבוֹד) הָאט אִים נָאךְ אַבִּיסִיל אָפּ גִיהַאלְטִין, עֶר הָאט מוֹרָא גִיהַאט מֶעזָאל זַיךְ דֶער פוּן נִיט דֶער וִויסִין, אוּנ דַאן וֶועט עֶר דָאךְ פָּאדְלֶע וָוערִין אִין גַאנְץ שְׁטָאט, אוּנ וֶועט שוֹין נִיט קָאנֶען זָאגִין זַיין בְּרֵייטֶע דֵעָה וִויא בִּיז אַהֶער, אוּנ דָאס הָאט אִים מֶעהֶר גִיקְרֵיינְקְט וִויא אַלֶעס, דְרוּם הָאט עֶר גִיזָאגְט צוּ שְׁמֶערְלֶען: וֶוען דָאס זָאל בְּלַייבִּין בְּסוֹד וֶועל אִיךְ מַאכִין דִי שׁוּתְּפוּת, נָאר אוֹיף דֶעם אוֹפֶן עֶר זָאל מִיר מַיין חֵלֶק פַּרְנָסָה דָאס הַייסְט טוֹיזִינְד רוּבִּיל אָפּ צַיילִין מְזוּמָן אוֹיף מָארְגִין נָאכִין טָארְג.

נַאט אַייךְ מַיינֶע בֵּיידֶע הֶענְט — הָאט שְׁמֶערִיל מִיט אַ פַאר בָּארְגֶענֶע פְרֵיידֶע גִיזָאגְט — אַז אוֹיסֶער אִיךְ אוּנ אָשֵׁר יֶעקִיל וֶועט דֶער פוּן אַ יִלוּד אִשָּׁה נִיט וִויסִין, אַהָאן וֶועט דֶער פוּן נִיט קְרֵייעֶן.

אִיז גִיקָאנְצֶעט — הָאט זָאהְנְשַׁיין צוּ שְׁמֶערְלֶען גִיזָאגְט — נָאר זָאגְט מִיר וָואס פֶּערְלַאנְגְט אָשֵׁר יֶעקִיל פוּן מִיר דֶער פַאר?.

עֶר פֶּערְלַאנְגְט פוּן אַייךְ גָאר נִיט — הָאט שְׁמֶערִיל גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר אֵיין זַאךְ; אַז אִיר זָאלְט זֶעהֶען מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייט אַז דִיא קָארָאבְּקֶע זָאל בַּייא אִים בְּלַייבִּין וָואס הֶעלְוֶועלֶער, אוּנ וִויא אוּנ וָואס דַארְף אִיךְ דָאךְ אַייךְ שוֹין נִיט לֶערְנֶען אִיר פַאר שְׁטֵייט אַלֵיין.

וִויא זָאל אִיךְ דָאס פָּארְט אָנְהוֹיבִּין צוּ וֶועבִּין דֶעם גִישֶׁעפְט? פְרֶעגְט זָאהְנְשַׁיין.

קוֹדֶם כָּל־דָבָר — זָאגְט שְׁמֶערִיל — אִיז מַיין עֵצָה, אַז אִיר זָאלְט זֶעהֶען אַז דִיא אִיבֶּערִיגֶע צְוַוייא דָאוְוֶיעֶרֶענֶעס זָאלִין אַייךְ גִיהָארְכְזַאם זַיין, זַייא זָאלִין אַייךְ נִיט גֵיין דֶער ווִידֶער, מַיילֶע אַרוּם דֶעם רַאבִּינֶער אִיז דָאךְ גָאר גִיטָא וָואס צוּ רֵיידִין, עֶר מוּז דָאךְ פַאר אַייךְ אוֹיף דִיא לַאפְּקַאלִיךְ שְׁטֵיין, דֶען וֶוער הָאט אִים גִימַאכְט פַאר אַרָב אַז נִיט אִיר, אוּנ צוּ יֶעדֶער וִויבָּאר דַארְף עֶר דָאךְ צוּא אַייעֶר לַאסְקִי אָן קוּמֶען, מָאגְט אִיר דָאךְ פוּן זַיינְט וֶועגִין טָאן וָואס אִיר ווִילְט.

נָאר דֶעם דוּכָאוְנֶעם רָב מוּזְט אִיר מִיט עֶפֶּעס מְשַׁחֵד זַיין, אִיךְ מֵיין נִיט חָלִילָה אִיר זָאלְט אִים גֶעבִּין אַחֵלֶק אִין דִיא טוֹיזִינְד רוּבִּיל וֶועלְכֶע אִיר וֶועט גֶעמֶען, נֵיין נִיט דָאס מֵיין אִיךְ, נָאר אִיר קָאנְט אִים מְשַׁחֵד זַיין דֶער מִיט: הֱיוֹת וִויא בַּייא אוּנְז אִיז דָאךְ פַּארַאן אַלִיכְט קָארָאבְּקֶע, אוּנ דִיא קָארָאבְּקֶע הַאלְט שוֹין פוּן אַכְטְצֶעהֶן יָאהְר מָאנֶעשׁ דֶער לִיכְט מַאבֶער, אוּנ עֶר צָאלְט דֶער פַאר סַךְ הַכֹּל פִיר רוּבִּיל אַוָואךְ דֶעם רָב, אוּנ וֶוערְט אִיז דָאס פוּפְצֶעהֶן רוּבִּיל אַוָואךְ, נָאר עֶר מַאכְט שוֹין דָאס דוּרְךְ מִיט דִיא דַאפּוּטַאטִין וִויא דֶער שְׁטֵייגֶער, דְרוּם זָאלְט אִיר בַּייא אִים דִיא לִיכְט קָארָאבְּקֶע אַוֶועק נֶעמֶען, אוּנ אִיר זָאלְט דָאס דֶעם רָב אִין גַאנְצִין אַוֶועק גֶעבִּין, אוּנ דֶער צוּ אוֹיס רוּפִין אַאִיסוּר אַז מֶען זָאל נָאךְ צָאלִין מִיט אַקָאפִּיקֶע אוֹיפִין פוּנְט לִיכְט טַייעֶרֶער, אוּנ דָאס וֶועט אִיר בָּאר לַייכְט קָאנֶען אוֹיס פִירִין, דֶען וֶוער וֶועט זִיךְ גֶעגִין אַייךְ שְׁטֶעלִין, אוּנ בִּפְרַט וֶוען דָאס אִיז נוֹגֵעַ דֶעם רָב, חָאטְשׁ קֵיינֶער הַאלְט פוּן אִים נִיט, נָאר עֶר אִיז

דאך

דָאךְ אַרָב, דֶער רָב וֶועט אַיךְ דֶער פַאר נִיט וִויסִין וִויא אָפּ צוּ דַאנְקֶען, פַאר אִים וֶועט דָאס זַיין אַגְלִיק, דֶען לְבַד וָואס עֶר נֶעמְט שְׁבִירוֹת פוּן בָּאד פוּן אָכְּס פוּן קֶעלְבִּיל פוּן עוֹף. אוֹיךְ פוּן שׁוֹחֲטִים אוּנ פוּפְצִיג קָאפּ׳ פַאר יֶעדֶער שַׁאֲלַת בְּהֵמָה (?!) וֶועט אִים דֶער צוּ דֶער לִיכְט גִישֶׁעפְּט טְרָאגִין צְוַואנְצִיג רוּבִּיל אַוְואךְ, אוּנ וַוייבְּלִיךְ מִיט מֵיידְלִיךְ הָאט עֶר לָרוֹב וֶוער עֶס זָאל אִין דֶעם עֵסֶק טָאן, עֶר וֶועט אַייךְ כָּל יָמָיו דֶער פַאר מַכִּיר טוֹבָה זַיין, אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ שׁוֹין מַאכִין גִים זֶעהֶענְדִיג אַלִין וָואס אִיר וֶועט טָאן מִיט דִיא קַארָאבְּקֶע —.

אִיר זַייט גִירֶעכְט ר׳ שְׁמֶערִיל — הָאט זָאהְנְשַׁיין גִיזָאגְט — אִיךְ וֶועל מַאכִי אַזוֹ טָאן, אוּנ וֶוען אִיךְ וֶועל שׁוֹין מִיט דָאס פַארְטִיג זַיין וֶועל אִיךְ שׁוֹין נַאזְנַאצֶען דֶעם טָארְג, אִיךְ וֶועל פַאר אַלִימֶען אָבְּיַאוֶוען אַז אִיךְ וֶועל דִיא קַארָאבְּקֶע נִיט אִיבֶּער גֶעבִּין פָּארְמַאלְנֶע, אוּנ דְרִיבֶּער וֶועלִין זִיךְ אַפוּלֶע אָפּ טְרֵייסְלֶען פוּן דִיא קַארָאבְּקֶע, אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ גִיהֶערְט אַז יָאסִיל דֶער נַארְבֶּער שְׁלֵייֶערְט זִיךְ צוּ נֶעמֶען דִיא קַארָאבְּקֶע אוּנ עֶר וִויל פַאר אִיר גֶעבִּין אֲפוּלֶע גֶעלְט וַוייל עֶר רֶעכִינְט דָאס עֶר וֶועט בַּייא דִיא קַצָּבִים שְׁטֶענְדִיג דִיא פֶעל אָפּ קוֹיפִין, וֶועל אִיךְ שׁוֹין אַיין שְׁרַייבִּין אִין דִיא קָהָלְשֶׁע קוֹנְדִיצְיֶע אַתַּקָּנָה; אַז דֶער בַּעַל קַארָאבְּקֶע טָאר דִיא פֶעל נִיט קוֹיפִין בַּייא דִיא קַצָּבִים, מִיט דֶעם פוּנְקְט וֶועלִין מִיר שׁוֹין פוּן יָאסְלֶען פָּטוּר וֶוערִין, וַוייטֶער אִיז פַארַאן עֶטְלִיכֶע עַזּוּת פְּנִימֶער יוּנְגֶע לַייט וֶועלְכֶע וִוילִין דִיא קַארָאבְּקֶע נֶעמֶען וֶועל אִיךְ זַייא אָפּ טְרַייבִּין מִיט אַנְדֶערֶע פוּנְקְטִין וֶועלְכֶע אִיךְ וֶועל אִין דֶער קוֹנְדִיצְיֶע אָן שְׁרַייבִּין, אוּנ אַלֶע וֶועלִין שׁוֹין צוּ לוֹיפִין אִין דִי מֵייז לֶעכֶער, נָאר אֵיינֶער שְׁטֵייט מִיר וִויא אַבֵּיין אִין הַאלְז, דָאס אִיז טוּנְקוּלְבֵּיין, עֶר וֶועט גִיוִויס בִּיזִין הַאלְז בְּרָאדְזֶען נָאר דִיא קַארָאבְּקֶע צוּ נֶעמֶען, נָאר אִיךְ הָאבּ צוּא אִים אוֹיךְ אַיין עֵצָה, אִיךְ וֶועל אִים גָאר פָּשׁוּט נִיט צוּא לָאזִין צוּם טָארְג, אוּנ אִיךְ וֶועל זָאגִין אַז דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיס גִירֶעט אַז אֵיין פְּנִיָּה מָאג אִיךְ הָאבִּין אִיז דָאס דִיא פְּנִיָּה אַז טוּנְקוּלְבֵּיין זָאל דִיא קַארָאבְּקֶע נִיט נֶעמֶען, אוּנ מַיין עֵצָה אִיז נָאךְ, אַז אָשֵׁר יֶעקִיל זָאל אוּנְטֶער שְׁטֶעלִין אַפָּאדְסְטַאוְוקֶע וֶוער עֶס זָאל פַאר אִים שְׁטַייגִין אוּנ קֵיינֶער זָאל דָאס נִיט מֶערְקִין, אוּנ אָשֵׁר יֶעקִיל אַלֵיין זָאל אוֹיךְ אַבִּיסִיל שְׁטַייגִין אוּנ וִויא עֶס וֶועט הַאלְטִין בַּיי אַיין הִיפְּשֶׁע סוּמֶע זָאל עֶר זִיךְ אָפּ זָאגִין אוּנ זָאל שְׁוֶוערִין בַּיי בָּארְד אוּנ פֵּאוֹת — וִויא זַיין שְׁטֵיינֶער — אַז עֶס אִיז מֶער נִיט וֶוערְט, אוּנ אוֹיף אִים קוּקִינְדִיג וֶועלִין שׁוֹין אַלֶע אוֹיס קְרִיכִין נָאר דֶער פָּאדְסְטַאוְוקֶע זָאל בְּלַייבִּין אוּנ בַּייא אִים זָאל דִיא קַארָאבְּקֶע בְּלַייבִּין, אוֹיף מָארְגִין נָאךְ דֶעם טָארְג וֶועט מִיר אָשֵׁר יֶעקִיל אוֹיס צֵיילִין מַיינֶע פַּרְנָסָה טוֹיזִינְד רוּבִּיל, אוּנ דֶער פָּאדְסְטַאוְוקִי וֶועט אִים בִּכְתָב דִיא קַארָאבְּקֶע אִיבֶּער גֶעבִּין, אַיי דִיא שְׁטָאט וֶועט שְׁרַייעֶן אַז דָא אִיז גִיוֶועזִין מִיט אַיין אַדְמַאן, הֶער אִיךְ זַייא אַלִימֶען וִויא דִיא הִינְד, אוּנ אִיךְ מִיט יֶענֶע צְוַוייא דָאוְויֶערֶענֶעם וֶועלִין אָשֵׁר יֶעקְלֶען דִי קַארָאבְּקֶע פָּארְמַאלְנֶע אִיבֶּער גֶעבִּין, אוּנ דִיא אַלֶע חוּמְרוֹת וֶועלְכֶע אִיךְ וֶועל אָן שְׁרַייבִּין אִין דֶער קוֹנְדִיצְיֶע וֶועט נִיט חַל זַיין אוֹיף אָשֵׁר יֶעקְלֶען, אוֹיף דֶעם אוֹפֶן וֶועט בַּייא אִים דִיא קַארָאבְּקֶע בְּלַייבִּין גָאר בְּחִנָּם.

זַייעֶר גוּט — הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט — אָט אַזוֹ זָאלְט אִיר ר׳ יוֹנָה דְרֵייעֶן דִיא רֶעדִיל אוּנ עֶס וֶועט אַלֶין גוּט זַיין, נָאר גָאט זָאל אַייךְ זַיין צוּ הִילְף, אוּנ שְׁמֶערִיל אִיז דַאן אַרוֹיס פוּן זָאהְנְשַׁיינֶען מִיט פָאלֶער פְרֵיידֶע.

## 32) דֶער רַאיֶעלֶער טָארְג

אוֹיף מָארְגִין נָאךְ דֶעם פָארִיגִין גִישְׁפְּרֶעךְ, אִיז אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ נָאכִין אִין דֶער פְרִיעֶדִיגִן דַאוֶונֶען גִיוָוארִן אַרֶעדִיל אַרוּם יוֹנָה זָאהְנְשַׁיין — וִויא גִיוואוֹנְלִיךְ אַלֶע מָאל — אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גִיהֶערְט וִויא עֶר דַרְשִׁינְט אוֹיף זַיין בַּאסִין שְׁטִימֶע מִיט דִיא וֶוערְטֶער: „וָואס אִיז דָאס עֶפֶּעס עֶטְלִיכֶע מֶענְטְשִׁין זָאלִין אַשְׁטָאט פַאר קוֹיפִין?! עֶטְלִיכֶע דַאפּוּטַאטִין הָאבִין מָאנֶעשׁ דֶעם לִיכְט מַאכֶער אַוֶועק גִינֶעבִין דִיא לִיכְט קַארָאבְקֶע אוּנ דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט מוּזִין זַיין בַּיי אִים פָאדַאנֶעם לִיכְט צוּ קוֹיפִין אוּנ צוּא צָאלִין וִויא טַייעֶר עֶר וִויל, אוּנ סַךְ הַכֹּל נֶעמְט מֶען בַּיי אִים פִיר רוּבֶּעלֶעס אַוֶּועק, גִינוּג שׁוֹין אִים, עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין אָן גִישְׁמָאקְצֶעט מִיט שְׁטָאטִינֶע בְּלוּט, מֶעדַארְף דֶעם לִיכְט גִישֶׁעפְט אִין גַאנְצִין דֶעם רָב אַוֶועק גֶעבִּין, וואוּ הֶערְט מֶען דָאס אַרְב זָאל לַיידִין דַחֲקוּת אַזוֹ וִויא בַּייא אוּנְז מֶער וִויא גְרֵייפֶּעלִיךְ מִיט אַפִּיצִיל פְלֵייש עֶסְט עֶר נִיט מִשַּׁבָּת לְשַׁבָּת, אַ רָב מוּז מֶען זֶעהֶען צוּ שְׁטִיצִין, בְּכֵן דַארְף מֶען אָן שְׁרֵייבִּין אַכְּתָב אַז מֵהַיּוֹם וָהָלְאָה גִיהֶער דִיא לִיכְט קַארָאבְקֶע צוּם רָב, אוּנ מֶען זָאל אוֹיס רוּפִין אַ אִיסוּר אַז בַּייא אַיין אַנְדֶערִין טָאר מֶען קֵיין לִיכְט נִיט קוֹיפִין אוּנ מֶעזָאל צָאלִין מִיט אַקָאפִּיקֶע אוֹיפִין פוּנְט לִיכְט טַייעֶרֶער וִויא בִּיז אַהֶער.

אַלֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים זַיינֶען גִישְׁטַאנֶען וִויא דִיא בֶּעק אַרוּם אִים אוּנ הָאבִין אִים מִיטִין קָאפּ צוּ גִישָׁאקִילְט, וַוייל חוֹנְפִים אִיז בַּייא אוּנְז פַארַאן פִיל, אוּנ דָערְבַּיי הָאט יֶעדֶערֶער גִיוָואלְט זִיךְ אוּנְטֶער לֶעקִין אוּנְטֶער זָאהְנְשַׁיינֶען וַוייל יֶעדֶערֶער הָאט גִיטְרַאכְט דִיא קַארָאבְקֶע צוּ נֶעמֶען, מִן הַסְּתָם אִיז אִין גַיין — אוּנ — יָע גִיוָוארִין אָפּ גִיהַתְמֶעט אַכְּתַב וֶועגִין דִי לִיכְט קַארָאבְקֶע וִויא זָאהְנְשַׁיין הָאט גִיהֵייסִין, אוּנ שַׁבָּת אִיז אוֹיס גִירוּפִין גִיוָוארִין אַכְרוֹז אַז דִי לִיכְט קַארָאבְקֶע גִיהֶער שׁוֹין צוּם רָב, מָאנֶעשׁ דֶער לִיכְט מַאכֶער הָאט נֶעבַּאךְ גִיוֵויינְט אוּנ גִישְׁרִיעֶן דָאס מֶען נֶעמְט בַּייא אִים אַוֶועק זַיין שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט אוּנ עֶר הָאט שׁוֹין גִיבֶּאטִין צֶעהֶען רוּבִּיל אַוֶּועךְ פַאר דִיא קַארָאבְקֶע, אָבֶער דֶער רָב הָאט שׁוֹין נִיט אָפּ גִילָאזִין, דֶען לְבַד וָואס דָאס אִיז אַטַייעֶרֶער גִישֶׁעפְט, אִיז דָאס אַיין אוֹיס קוּק אוֹיף לְאַחַר מֵאָה שָׁנִים פַאר וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, דֶען וֶוער וֶועט דָאס אַוֶועק נֶעמֶען בַּיין רָב,ס אַלְמָנָה אוּנ יְתוֹמִים זַייעֶר פַּרְנָסָה, אוּנ דֶער רָב הָאט טַאקֶע גַאנְץ גוּט פַאר שְׁטַאנֶען אַז דָאס הָאט אִים נָאר זָאהְנְשַׁיין צוּ גִישַׁארְט, אוּנ אוֹיךְ הָאט עֶר גַאנְץ גוּט פַאר שְׁטַאנֶען וָואס זָאהְנְשַׁיין מַיינְט דֶער מִיט אוּנ הָאט דָאס מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גִיוֶועזִין, עֶר הָאט פוּן דַאן אָן זָאהְנְשַׁיינֶען גִיהֶערְט אוּנ גִישֶׁעצְט עֶר הָאט אִים נָאר פְרָאסְט פַאר גֶעטֶערְט.

אַז זָאהְנְשַׁיין אִיז שׁוֹין דֶער מִיט פַארְטִיג גִיוֶועזִין, הָאט עֶר נַאוְנַאצֶעט אטאג

אַטָאג וָוען עֶס וֶועט זַיין דָער טָארְג פון דִיא קַארָאבְּקֶע אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ.

אִין דִיא צַייט פון טָארְג׳ הָאבִּין זִיךְ אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוֹיף גִיקְלִיבִּין הִיפְּשֶׁע בַּעֲלֵי בָּתִּים אוּנ הָאבִּין זִיךְ גִיפוּדְרָעוֶועט, דֶען יֶעדֶערֶער הָאט זִיךְ גִירֶעכִינְט בַּאלְד צוּ וֶוערֶין אַבַּעַל טַאקְסִי, אוּנ זֵייא הָאבִּין שׁוֹין גִיקְלֶערְט וָואס פַאר אַמַאיָאנְטִיק אוֹים צוּ שְׁטְרוֹיעֶן פון דִיא פַּרְנָסָה, אַזוֹ וִויא אָשֵׁר יֶעקִיל הָאט אַלֶע יָאר דֶער פון אַמַאיָאנְטִיק גִיקוֹיפְט, אוֹיךְ הָאבִּין אַלֶע לְכָל הַפָּחוֹת גִיוָואלְט אַז בַּיי אָשֵׁר יֶעקְלִין זָאל דִיא קַארָאבְּקֶע נִיט בְּלַייבִּין, אוּנ אַלֶע הָאבִּין גִיבּוֹיט אוֹיף זָאהְנְשַׁיינֶס אֶמֶת אַז עֶר וֶועט שׁוֹין דִיא קַארָאבְּקֶע אַרוֹים רֵייסִין פון אָשֵׁר יֶעקִילְס אַייזֶערְנֶע הֶענְט אַזוֹ וִויא עֶר הָאט דִיא לִיכְט קַארָאבְּקֶע אַרוֹישׁ גִירִיסִין פון מָאנֶעשִׁין.

אִין אֵיין ווִינְקִיל פון בֵּית הַמֶדְרָשׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען יָאקִיל בַּאלֶע בֶּעתִיל (אַזוֹ הָאט מֶען עָם גִירוּפִין אִין שְׁטֶעטִיל פון אוֹיף מָארְגִין נָאךְ זַיין חֲתוּנָה, וַוייל עֶר אִיז דַאן אַרַיין גִילָאפִין אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוּנ הָאט גִיטֵיילְט הַארְטֶע קֶעז אוּנ הָאט גִיזָאגְט מִיט אַשִׂמְחָה: גִיט מִיר מַזָל טוֹב, אִיךְ בִּין אַבַּאלֶע בָּעתִיל גִיוָוארִין) אוּנ אַז מֶעהָאט פון אִים דֶער הֶערְט אַז עֶר וִויל אוֹיךְ נֶעמֶען דִיא קַארָאבְּקֶע, הָאבִּין זִיךְ אַלֶע גִיחִידוּשְׁט, דֶען וִויא קוּמְט עֶר דֶער צוּ, נָאר אַלֶע הָאבִּין פֶּה אֶחָד גִיזָאגְט: זָאל זַיין יֶעקִיל אָדֶער בֶּעקִיל אַבִּי נִיט אָשֵׁר יֶעקִיל.

דֶער דוּכָאוְונֶער רַב מִיטִין רַאבִּינֶער זַיינֶען שׁוֹין גִיקוּמֶען אוּנ זַיינֶען שׁוֹין גִיזֶעסִין אוֹיפִין קַאפֶעדְרֶע (בִּימָה) דֶער עוֹלָם אִיז גִיוֶוען שְׁטִיל, נָאר דֶער טָארְג הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט אָנְגִיהוֹיבִּין וַוייל מֶעהָאט גִיוַוארְט אוֹיף זָאהְנְשַׁיינֶען, אַהִיפְּשֶׁע צַייט הָאט מֶען אַזוֹ גִיוַוארְט אוֹיף זָאהְנְשַׁיינֶען, וַוייל עֶר הָאט דֶער וַוייל אִין דֶער הַיים גִידִיקְטֶעוֶועט וִויא אָנְצוּשְׁרַייבִּין דִי קוֹנְדִיצְיֶע וָועלְכֶע עֶר הָאט בְּדֵעָה גִיהַאט.

מִיט אַמָאל אִיז אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אַגִירוּדֶער גִיוָוארִין, „זָאהְנְשַׁיין גֵייט, הָאט אַיינֶער צוּם אַנְדֶערִין גִיזָאגְט, אוּנ עֶס אִיז גְרוֹישׁ וַוארֶע גִיוָוארִין פַאר אִים, בִּיז עֶר אִיז אַרוֹיף אוֹיפִין בִּימָה אוּנ הָאט זִיךְ נִיזֶעצְט צוּ ווִישְׁין רָב אוּנ רַאבִּינֶער וָועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ פַאר אִים אוֹיף גִישְׁטָעלְט, דָער גַאנְצֶער עוֹלָם אִיז גִיוָוארִין שְׁטִיל אוּנ אַלֶע הָאבִּין מִיט אָפָענֶע מַיילֶער גִיוַוארְט צוּ הֶערִין פון זָאהְנְשַׁיינֶען אַוָוארְט.

נוּא, וָוער עֶס וִויל אוֹיף דִיא קַארָאבְּקֶע שְׁטַייגִין זָאל גְלַייךְ זַיין זַאלָאג לַייגִין, הָאט זָאהְנְשַׁיין גִימֶעלְדֶעט.

דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז צוּ גִיגַאנְגֶען אָשֵׁר יֶעקִיל אוּנ הָאט אַרוֹישׁ גִינוּמֶען פון בּוּזִין אַפַּאפוּזֶע פַּאפִּירִין, אַלְטֶע שְׁטַארְטוּטֶעס, אוּנ הָאט דָאס זָאהְנְשַׁיינֶען דֶער לַאנְגְט אוּנ גִיזָאגְט: דָאס אִיז מַיינֶע צֶעטְלִיךְ פון קָהָל אוֹיף וָועלְכֶע עֶס קוּמְט מִיר הִיפְּשֶׁע עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, אוּנ דָאס אִיז מַיין זַאלָאג, „זַייעֶר גוּט הָאט זָאהְנְשַׁיין גִיזָאגְט — דָאס אִיז וִויא בַּארֶע גֶעלְט, נוּ וָוער נָאךְ, וֶוער נָאךְ, דֶער לַאנְגְט דִיא זַאלָאגִין.

דָא אִיז אוּנְטֶער גִיגַאנְגֶען ר׳ יָאקִיל ר׳ צָדוֹק ר׳ יָסִיל אוּנ בֶּעריל שְׁמֶעריל חַיִים טָאדְרֶעשׁ... אוּנ אַלֶע הָאבִּין דֶער לַאנְגְט צוּ הוּנְדֶערְטֶער זַאלָאג, וָועלְכֶע זָאהְנְשַׁיין הָאט דָאס אַלְץ אַרַיין גִילֵיינְט צוּ זִיךְ אִין טַאשׁ, אוּנ הָאט זִיךְ גָאר נִיט גִיקֶערְט צוּ דִיא אִיבֶּערִיגֶע דָאוְויֶערְנֶעס.

דער

דער טָארג הָאט זיך אָנְגִיהוֹיבִּין, אונ עֶר איז זֵייעֶר וַוארים גִיוַואנְגְען, אִין מִיטִין הָאט זָאהָנְשִׁיין אַגִישְׁרַייא גִיטָאן: שַׁא! שַׁא!.

אַלֶע זֵיינֶען שְׁטִיל גִיבְּלִיבִּין אונ הָאבִּין מִיט נֵייגִירְדֶע גִיוָואלְט אוֹישׁ הֶערִין וָואשׁ זָאהָנְשַׁיין וֶועט דָא זָאגִין, „אִיךְ הָאבּ אַייךְ נָאר פַאר גֶעסִין פָאר צוּ לַייעֶנֶען דִיא קוֹנְדִיצְיָע, אִיר דַארְפְט דָאךְ וִויסִין אוֹיף וֶועלְכֶע פּוּנְקְטִין אִיר גֶעמְט דִיא קַארָאבְּקֶע, בְּכֵן הֶערְט אוֹיס דִיא קוֹנְדִיצְיָע:

א) מִיר דָאווִיֶּערְנֶעס וֶועלִין דִיא קַארָאבְּקֶע נִיט אִיבֶּער גֶעבִּין דֶעם וָואס וֶועט אִיר אָנֶעמֶען נוּר זִיא מוּז אוֹיף אוּנְזֶער נָאמֶען בְּלַייבִּין דִיא גַאנְצֶע פִיר יָאר.

דֶער בַּייא הָאבִּין אַלֶע דִיא נֶעזֶער אַרָאפּ גִילָאזִין, וַוייל עֶס הָאבִּין זִיךְ גִיפוּנֶען קְטַנֵי אֱמָנָה וֶועלְכֶע הָאבִּין נִיט שְׁטַארְק גִיטְרוֹיט אוֹיף זָאהָנְשַׁיינֶען, אונ דֶער רַאבִּינֶער אִיז דֶער פוּן הֶעכְסְט צָארִינְד גִיוָוארִין, נָאר עֶר הָאט זַיין צָארִין פֶערְבָּארְגִין אונ הָאט נִילַאסִין גִיפְרֶעגְט זָאהָנְשַׁיינֶען: שְׁטַייט מִיר הָאבִּין זִיךְ דָאךְ אָבְּיַאזֶעווֶעט אִיבֶּער צוּ גֶעבִּין דִיא קַארָאבְּקֶע נָאר וֶועמֶען עֶס וֶועט אִיר אָנֶעמֶען, אונ וִויא אַזוֹ מָאגִין מִיר מְשַׁנֶה זַיין?.

אִיר וֵוייסְט נָאר נִיט וָואס אִיר רֶעט — הָאט אִים זָאהָנְשַׁיין גִיעֶנְטְפֶערְט, דֶער רַאבִּינֶער אִיז הֶעכְסְט עֶרְצוּנְדִין גִיוָוארִין, נוּר עֶר הָאט פַארְשְׁווִיגִין אונ הָאט פוּן כַּעַס דִיא לִיפִּין פַאר בִּיסִין.

ב) דֶער בַּעַל קַארָאבְּקֶע טָאר בְּשׁוּם אוֹפֶן בַּייא דִי קַצָבִים דִי פֶעל נִיט קוֹיפִין.

דָא הָאט יָאסִיל דֶער גַארְבֶּער מִיט פֶערְדְרוּס גִיזָאגְט: אוֹיבּ אַזוֹ וִויל אִיךְ נִיט מִיר מַיין זַאלָאג צוּרִיק.

ג) דֶער קַצָב הָאט פְּרַאוו דֶעם בַּעַל קַארָאבְּקֶע אִין מִיטִין נַאכְט אוֹיף צוּ וֶועקִין עֶר זָאל גֵיין וֶועגִין דִיא פְלֵייש, אונ וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ פוֹילִין צוּ גֵיין מָאג דֶער קַצָב דִיא פְלֵייש אָן קַארָאבְּקֶע פַאר קוֹיפִין.

דָא הָאבִּין זִיךְ כִּמְעַט אַלֶע אָפּ גִיטְרֵייסִילְט, אונ אוֹיךְ ר׳ אָשֵׁר יֶעקִיל אִיז בְּלוּמֶערְסְט אִין כַּעַס גִיוָוארִין, אונ הָאט זַיין זַאלָאג אָפּ גִינוּמֶען, נוּר צָדוֹק אונ יָאקִיל בַּאלֶע בֶּעתִיל זֵיינֶען גִיבְּלִיבִּין.

ד) יֶעדֶער קַצָב מוּז הָאבִּין קָאנְטֶע בַּיין בַּעַל קַארָאבְּקֶע אוֹיף עֶטְלִיכֶע צֶענְדְלִיג רוּבִּיל, אוֹיךְ מוּז דֶער בַּעַל קַארָאבְּקֶע אוֹיס לַייגִין גֶעלְט פַאר אַיְרִיר פַאר דִיא קַצָבִים אוֹיף בְּהֵמוֹת צוּ קוֹיפִין.

ה), ו) — — — נָאךְ אַזֶעלְכֶע חוּמְרוֹת אוֹיפִין בַּעַל קַארָאבְּקֶע, עֶס זָאל אִים אוּנְמֶעגְלִיךְ זַיין אוֹיס צוּ הַאלְטִין.

דָא הָאט זִיךְ שׁוֹין צָדוֹק אוֹיךְ אָבְּגִיזָאגְט אונ עֶס אִיז נוּר גִיבְּלִיבִּין יָאקִיל בַּאלֶע בֶּעתִיל, דָא הָאט זָאהָנְשַׁיין בְּלוּמֶערְסְט עֶרְוֶועקְט דֶעם עוֹלָם אַז מֶען זָאל שְׁטַיינִין, עֶר הָאט גִיזָאגְט דָאס עֶר וֶועט דֶעם בַּעַל קַארָאבְּקֶע שְׁטִיצִין וִויפִיל מִיגְלִיךְ, נוּר וָוער וֶועט שׁוֹין קְרִיכִין אִין אַזַא נִישְׁעפְט מִיט אַזֶעלְכֶע אוּנְגֶערֶעכְטֶע גְלִיכֶע פּוּנְקְטִין, אונ דֶערְבַּיי זֵיינֶען אַלֶע גִיוֶוען צוּ פְרִידִין וָואס לְכָל הַפָּחוֹת דִיא קַארָאבְּקֶע בְּלַייבְּט נִיט בַּייא אָשֵׁר יֶעקְלִין, אונ אַזוֹ אִיז דִיא קַארָאבְּקֶע גִיבְּלִיבִּין בַּייא יָאקִיל בַּאלֶע בֶּעתִיל.

אויף

אוֹיף מָארְגִין צוּם דַאבְנֶען אִיז גִיוָואְרִין אַקָאךְ אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ, עֶס אִיז שׁוֹין נוֹדַע גִיוָואְרִין דָאס יָאקִיל כַּאלֶע בֶּעטִיל אִיז גִיוֶוען אַפָּאדְסְטַאווְקֶע פוּן אָשֵׁר יָעקְלֶען אוּנ הָאט דֶער פַאר גִינוּמֶען אַפִינְף אוּנ צְוַואנְצִינְגֶער, אַלֶעמֶען הָאט דָאס גְרַיילִיךְ פַארְדְרָאסִין.

אַמַעֲשֶׂה אַמַעֲשֶׂה! הָאט זָאהְנְשַׁיין גִיזָאגְט שְׁמוּצֶערִינְדִיג מִיט דִיא לִיפִּין וִויא עֶר הָאט דָאס גִיקְרָאגִין צוּ דָער הֶערִין — דָאס הָאט דָאס אוּנְז אָשֵׁר יֶעקִיל אָנְגִיפַייפְּט מִיט אַשְׁטֵייגֶער, מִיר הָאט זִיךְ גְרַיילִיךְ גִיוָואלְט דִיא קַארָאבְּקֶע פוּן אָשֵׁר יָעקְלִין אַרוֹישׁ צוּ נֶעמֶען, נָאר פְּרָאפַאל! עֶס אִיז מִיר נִיט אַיינְגִיגַאנְגֶען, נָאר עֶרְשְׁט אִיז שׁוֹין פַאר פַאלִין, מִיר הָאבִּין אוֹיף זִיךְ אַיין מָאל גִינוּמֶען אַשְׁבוּעָה אַז עֶס זָאל צוּ גֵיין עֶרְלִיךְ מוּז זַיין עֶרְלִיךְ, אֵיין מָאל אִיז שׁוֹין גִיוֶוען אַטָארְג אִיז שׁוֹין פַאר פַאלִין, נוּ פָּאפַאלְסִיַא!.

פוּן דַאבְנֶען גֵייעֶנְדִיג הָאט זָאהְנְשַׁיין אַרַיין גִישׁוּסְקֶעט דֶעם רַאבִּינֶער אִין אוֹיעֶר „אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיר זָאלְט אִיבֶּער גֶעבִּין אָשֵׁר יָעקְלֶען פָארְמַאלְנֶע דִיא קַארָאבְּקֶע“ דָאס אִיז שׁוֹין דֶעם רַאבִּינֶער אַרַיין אִין נָאז, עֶר הָאט אִים שׁוֹין אָנְגִיהוֹיבִּין חוֹשֵׁד צוּ זַיין אוּנ הָאט אִים גִיעֶנְטְפֶערְט: וֶוען מִיר הָאבִּין אוֹיפִין טָארְג אָבְּיַאוֶועט אַז מִיר גִיבִּין נִיט אִיבֶּער דִיא קַארָאבְּקֶע, הַיינְט וִויא אַזוֹ מָאגִין מִיר יֶעצְט אָשֵׁר יָעקְלֶען דִיא קַארָאבְּקֶע אִיבֶּער גֶעבִּין“? „אָבֶּער אִיךְ בֶּעט אַייךְ“ הָאט זָאהְנְשַׁיין סִירְיָאזְנֶע גִיזָאגְט, „נֵיין אִיךְ קָאן דָאס נִיט טָאן“ — הָאט דָער רַאבִּינֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — „דָאס וֶוערְט אָנְגִירוּפִין זִיךְ אַלַיין פָאדְלֶעגִימַאכְט, נִיט דֶערוֹיף הָאט מֶען אוּנְז פַאר דָאווְיֶערֶענֶעם גִימַאכְט“, „אָט עֶרְשְׁט זֶע אִיךְ אַז אִיר זַייט מִיר נִיט קַיין אֶמֶעתֶער גוּטֶער פְרַיינְד“ הָאט זָאהְנְשַׁיין מִיט צָארִין גִיזָאגְט — „אִיר דִינְט דָאס מִיר אָפּ פַאר דִיא גוּטֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט אַייךְ גִיטָאן“ אוּנ זָאהְנְשַׁיין אִיז פוּן אִים הַאלְבּ בְּרוֹגֶז אַוֶועק.

אִין דֶעם זֶעלְבִּין טָאג אוּר צְווַייא אִיז בַּייא זָאהְנְשַׁיינֶען אִין הוֹיז גִיוֶוען שְׁמֶערִיל דֶער שׁוֹחֵט מִיט אָשֵׁר יָעקְלִין, אוּנ עֶר הָאט דָארְטִין אָפּ גִיצֵיילְט דִיא טוֹיזִינְט רוּבִּיל זָאהְנְשַׁיינְס פַּרְנָסָה, אוּנ מִיט אַוַוילֶע פְרִיעֶר הָאט שְׁמֶערִיל פַאר טְרוֹיט אַיין מֶענְטְשִׁין וֶועלְכִין עֶר הָאט גִיוואוּסְט דָאס עֶר וֶועט דָאס דֶעם רַאבִּינֶער אָפּ זָאגִין, דִיא גַאנְצֶע גִישִׁיכְטֶע מִיט זָאהְנְשַׁיינְס טוֹיזִינְט רוּבִּילְדִיגֶע שׁוּתְּפוּת, אוּנ וִויא שְׁמֶערִיל הָאט אוֹיס גִירֶעכִינְט אִיז טַאקֶע גִיוֶוען, דֶער מֶענְטְשׁ הָאט עֶס גְלַייךְ אָפּ גִיזָאגְט דֶעם רַאבִּינֶער אָבֶּער עֶר הָאט אִים נִיט גִיזָאגְט פוּן וֶועמֶען עֶר הָאט דָאס גִיהֶערְט, דֶער רַאבִּינֶער אִיז דֶער פוּן צוּ קָאכְט גִיוָוארִין, עֶר אִיז פוּן כַּעַס אַרוּם גִילָאפִין אִיבֶּערִין שְׁטוּבּ וִויא אַצוּמִישְׁטָער, אַם עֶנְדֶע אִיז בַּייא אִים גִיבְּלִיבִּין דָאס עֶר זָאל אַרִיבֶּער גֵיין צוּ זָאהְנְשַׁיינֶען פִילַייכְט וֶועט אִים לִינְגֶען אִים אָפּ צוּ וֶוענְדִין פוּן אַזַא אַיין פָאדְלָאסְט, אוּנ וֶוען נִיט וֶועט עֶר מִיט אִים בִּיז בְּלוּט שְׁטְרַייטִין אוּנ וֶועט נִיט דֶער לָאזִין דִי שְׁטָאט פַאר קוֹיפִין פַאר גֶעלְט.

זַיין פְרוֹיא זָאפְיֶע הָט אִים מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶערִין גִיבֶּעטִין עֶר זָאל דָאשׁ נִיט טָאן, אוּנ עֶר זָאל זִיךְ מַאכִין נָאר נִיט וִויסִינְדִיג, דֶען וֶוען נִיט קָאנֶען זַייא

אומגליקליך

אומגליקליך ווערין „דוא קאנסט דאך זאהגעשיינס גיפט – האט זאפיע צום ראבינער גיזאגט — ער וועט דאך ניט רוהען אונ ניט ראשין ביז ער וועט דאס זיינינגע אויס פירין, ברעכט ער האלדז אונ גיניג מיט דיא טויזינד רובעל, צו דען דוא ביזט מחויב פאר דיא שטאט צו אפפערין דיין לעבין מיט דיין ווייב אונ קינדערש לעבין? ווען דוא וועסט דער פון ליידין וועט זיך דיא שטאט פאר דיר ניט אננעמען, זאגאר דיינע בעסטע פריינדע וועלין אונזער הויז אויס ווייכין אין אקריטישע לאגע, זע איך בעט דיר מיין לעבין — האט זיא ווייטער גיזאגט אים ארויף פאלינדיג אויפין האלדז אונ בעגישינדיג מיט הייסע טרערין — האב רחמנות אויף זיך אונ אויף מיר אונ אויף אונזערע זעקס קינדערליך, גיי ניט צו זאהגעשיינען, אונ שיין אונזער לעבין.

דער ראבינער האט אבער זיין ווייב גאר ניט צו גיהערט, ער האט איר פון זיך אפ גישטויסין אונ גיזאגט: „איין מאל האט מיר דיא שטאט אנגיטרויט דיא אנפירונג פון דער שטאט, טאר איך ניט צו לאזין דיא שטאט אביזאיען עם מאג מיר מיין לעבין קאסטין" אונ איז מיט האסט אוועק צו זאהגעשיינען.

ביין טיר פון זאהגעשיינס זאל האט זיך דער ראבינער אפ גישטעלט ווייל ער האט דער הערט זיין נאמען דער מאנענדיג, ער האט זיך איינגיהערט וויא אשר יעקיל זאגט צו זאהגעשיינען: נאט אייך איערע טויזינד רובעל מזומנים, אונ איך וועל דעם ראבינער אויך אונטער ווארפין אהונדערטער לא יחרב געלט.

קדחת! — האט זאהגעשיין גיזאגט — יסורים פון אלע אידין זאלט איר אים געבין, פאר וואס קומט עם אומזיסטע געלט? איי וואס ער פאר נאראוועט זיך דער טייל אונ וויל זיך ניט אונטער שרייבין אויף דער פערעדאצע, נישקשה איך וועל אים אקוועץ טאן פארין גארגיל וועט ער זיך שוין אונטער שרייבין, ווען ניט היינט איז מארגין.

ניט היינט אונ ניט מארגין! — האט דער ראבינער אויס גישריען פלוצלונג אריין קומענדיג צו זאהגעשיינען אין זאל — אט אזו טוט דאס אסאוועסטנער מאן צו פאר קויפין אשטאט פאר געלט? דיא ארימע אידישע בלוט פאר האנדלען פאר טויזינד רובעל! אונ ר' אשר יעקיל איז דאך מן הסתם אויך ניט קיין גראבער נאר, אז ער גיט טויזינד רובעל הוילע שוחד, מן הסתם האנדילט ער אמציאה אין צעהן מאל טויזינד רובעל, אונ אלין דעם ארימין אידעלע אפ צו שינדין וויא דעם זעע הונד, דיא ארימע שטאט לייט האבין אייך גיטרויט דעם שליסיל פון זייער לעצטין ביסין ברויט אונ איר פאר האנדילט זיא וויא שקלאפין! היה לא תהיה! איך וועל דאס ניט דער לאזין! עם מאג בלוט גינאשין ווערין, עם מוז זיין אנייער טארג.

זייט רוהיג ר' אשר יעקיל, האט צו אים זאהגעשיין גיזאגט — אונ דוא קורעלאפ! דוא גנב! דוא ביעגלער. סאלדאט! האט זאהגעשיין צום ראבינער גיזאגט איך וועל זיך מיט דיר אפ רעכענען אויף דער וועלט, אונ שוין ארויש פון מיין שטוב, דוא וועשט נאך ביי מיר גיין רעסטאנקעס ראטע, איך וועל

דיר

דִיר אוּבְּגִיזַאמְט אָן צִירְין מִיט אַגֶעלְעַ לַאטֶע אוֹיפְן פְּלֵייצֶע, אוּנ זָאהְגְשֵׁיין הָאט דֶעם רַאבִּינֶער אַרוֹיס גִישְׁטוֹיסְן פוּן זַיין הוֹיז, אוּנ אוֹיפְן גַאס אִיז עֶרְשְׁט צוּ וִוישְׁן זַייא אַדְרַאקֶע גִיוָוארְין אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גִיעֶנְדִיגְט מִיט דֶעם דָאשׁ דָאבְּרוּשֶׁע הָאט דֶעם רַאבִּינֶער מִיט זוּדִינֶע וַואסֶער אָפּ גִיבְּרִיט.

מִיר מַיינֶע לִיבֶּע לֶעזֶער וַוייסְן דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן זַייעֶר דְרַאקֶע, מִיר וַוייסְן וִויא שְׁמֶערִיל הָאט דָאס אַלְץ אוֹישׁ גִיפְלָאכְטִין, אוּנ דָאס וָואס עֶר הָאט גִינַארְט, הָאט עֶר דֶער וַוארְט, אָבֶּער אוּנְזֶערֶע בֶּענֶעכְסִיפֶער שְׁטָאט לַייטֶע הָאבְּן גָאר נִיט גִיוואוּסְט דִיא פְּרִיצִינֶע דֶער פוּן, אוּנ מֶעהָאט דָאס גִידַארְשִׁינְט אִין כַּמָה פְּנִים, אָבֶּער דֶעם אֶמֶת הָאט קֵיינֶער נִיט גִיוואוּסְט.

## 33) נָאךְ אוֹיסְלַאנְד.

מְנַשֶׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ וֶועלְכְין מִיר הָאבְּן אִין קַאפִּיטִיל זִיבֶּעצִין גִילָאזִין פָארִינְדִיג אִין א... שאק, אִיז קוֹים אִין א... שאק פָּאר פָארִין מִיט זַיין בִּיסִיל קְלֵיין גֶעלְד, עֶר אִיז גִיקוּמֶען פַארִין דַאבְנֶען, עֶר אִיז אַרֵיין אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, אוּנ הָאט אִין אַווינְקֶעלְעַ אָפּ גִידַאבִינְט, עֶר הָאט גִיזֶעהֶען מֶעזָאל אִים נִיט בַּאמֶערְקִין וַוייל עֶר הָאט זִיךְ גִישֶׁעמְט צוּ דַאבְנֶען אָן אַטַלִית, עוַוייל זַיין טַלִית אוּנ תְּפִילִין הָאט עֶר נִיט גִיהַאט מִיט זִיךְ), נָאכְין דַאבְנֶען הָאט עֶר זִיךְ נִיזֶעצְט לֶערְנֶען, אַלֶע דָארְטִינֶע פְּרוּשִׁים הָאבִּין אוֹיף אִים גִיקוּקְט פֶערְדְרִיסְלִיךְ, וַוייל יֶעדֶער פוּן זַיי הָאט מוֹרָא גִיהַאט דָאס פִילַייכְט הָאט דֶער נַייעֶר פָּרוּשׁ דָא אַמִשְׁפָּחָה וֶועלְכֶע עֶס וֶועלִין גֶעבִּין זַייעֶרֶע בְּרִיף, אָדֶער עֶר הָאט אַרֶעקָאמֶענְדַאטְעלְנֶעם בְּרִיף צוּם רַב וֶועט עֶר דָאךְ נִיוֹים קְרִינְין דִיא בֶּעסְטֶע טֶעג, אוּנ מֶעקָאן אַיין פָּרוּשׁ אָפּ זָאגְן אַטָאג דוּרְךְ דֶעם, וִויא דָאס טְרֶעפְט אָפְט אַזֶעלְכֶע מַעֲשׂוֹת, דֶער שַׁמָשׁ פוּן בֵּית הַמֶדְרָשׁ הָאט אִים אוּנְטֶער גִיטְרָאגִין אַשָׁלוֹם עֲלֵיכֶם, — אַשְׁטֵיינֶער וַוייל עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין דָא גִירִיכְט אוֹיף אַהַאלְבּ קֶערְבִּיל — „פוּן וַואנֶען אִיז דָאשׁ אַיוּנְגֶער מַאן"? הָאט דֶער שַׁמָשׁ אַצִיקַאוֶועס אַפְּרֶעג גִיטָאן.

מְנַשֶׁה הָאט אַוַוייל נִיטְרַאכְט אוּנ נָאךְ הֶער הָאט עֶר גִיזָאגְט: „פוּן נַאוְוקֶער גוּבֶּערְנִיֶע", „אָבֶּער פוּן וָואסֶער שְׁטָאט"? הָאט דֶער שַׁמָשׁ וַוייטֶער גִיפְרֶעגְט, מְנַשֶׁה הָאט קוֹים אוֹיס גִירֶעט פוּן מוֹיל: „פוּן וַואלַאס" דֶעם שַׁמָשׁ הָאט נָאךְ אָבֶּער אַלְץ דִיא הַארְץ נִיט גִישְׁטִילְט אוּנ הָאט וַוייטֶער נִיפְרֶעגְט: „וָואס זַייט אִיר אַיוּנְגֶער מַאן צוּ אַפָּנוּי (אַבָּחוּר)"? דָא אִיז מְנַשֶׁה אַרֵיין אִין אַמְבוּכָה, עֶר הָאט נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערִין חַייל עֶר הָאט זִיךְ דֶער מָאנְט אַז עֶר הָאט דֶעם טַלִית נִיט מִיט זִיךְ... עֶר הָאט אַוַוייל נִיקְלֶערְט אוּנ נַאכְהֶער הָאט עֶר אַרוֹיס גִיזָאגְט: „אִיךְ בִּין נָאךְ אַבָּחוּר" הֶערִינְדִינְג דִיא תְּשׁוּבָה הָאט דֶער שַׁמָשׁ דֶעם נָאז פָּאר קְרִימְט אוּנ הָאט זִיךְ פוּן מְנַשֶׁהֶען בִּיסְלִיךְ וַויים אָפּ גִירוּקְט, וַוייל אַבָּחוּר וֶוערְט אִין א... שאק נִיט צוּ גִינוּמֶען פָאר אַוִוילְקָאמֶען גַאסְט, וֶוען מְנַשֶׁה וָואלְט אִים עֶנְטְפֶערִין אַבַּאלֶע בַּעְתִּילִי וָואלְט עֶר נָאךְ פוּן אִים נִיט פָּטוּר וֶוערִין, מִי יוֹדֵעַ וָואס עֶר וָואלְט אִים נָאךְ אוֹיס פְרֶעגִין, אַרוּם „מַה שְׁמֵכֶם" אִיז דָאךְ נָאר קֵיין רֵייד, אוֹיךְ פוּן וַואנֶען

אגיבירדינגער

אַגִיבִּירְדִיגֶער אוּנ וואו אַיין אֵיידִים, אוּנ פַּאר וָואס וַוארְפְט עֶר אַוֶועק דִיא וַוייבִּיל,
אָדֶער גָאר פָּשׁוּט חָשְׁקָה נַפְשׁוֹ בַּתּוֹרָה אוּנ כְּהֻנָה, אוּנ מְנַשֶּׁה וָואלְט אַלְץ דַארְפִין
עֶנְטְפֶערִין אוּנ אוֹיף יֶעדֶער זַאךְ אוֹיסְקְלֶערִין אַלֵיינְ, נָאר מִיט דִיא תְּשׁוּבָה „דָאס
עֶר אִיז גָאר אַבָּחוּר“ הָאט עֶר אַיין עֶנְד גִימַאכְט פוּן אַלֶע שַׁאֲלוֹת, אַלֶע פְּרוּשִׁים
זַיינֶען אַרוּם שַׁמָּשׁ אַרוּם גִילָאפִין וְוִיא בִּינֶען, אוּנ מֶעהָאט אִים גִיפְרֶעגְט אוֹיף
דָעם מְהוּת פוּן דֶעם נַייֶעם פָּרוּשׁ «אַבָּחוּר! אַבָּחוּר! הָאט זִיךְ גִילָאזְט הֶערִין קוֹלוֹת
אִיבֶּערִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ „מִיר הָאבִּין זִיךְ אוּמְזִיסְט פַּאר אִים דֶער שְׁרָאקִין“ הָאבִּין
זַייא גִיזָאגְט צוּ לוּיפִינְדִיג יֶעדֶער אוֹיף זַיין שְׁטֶעטְנֶדֶער, מְנַשֶּׁה הָאט דָאס אַלְץ
בַּאמֶערְקְט, עֶס אִיז אִים בִּיטֶער גִיוָוארִין אוֹיפִין הַארְצִין, וַוייל עֶר הָאט נָאךְ נִיט
אָנְגִיבִּיסִין, אוּנ הָאט אַיין פֶּענִיג נִיט גִיהַאט עֶפֶּעס שְׁפַּייז צוּ קוֹיפִין, עֶר אִיז
גִיזֶעסִין גִישְׁמַאכְטֶער הַייד אוּנ גִילֶערִינְט, טְרֶערִין הָאבִּין פוּן זַיינֶע אוֹיגִין גִיפְלִישְׁט,
נָאר עֶר הָאט אַלֶע גִידַאנְקֶען פוּן קָאפּ אַרוֹיס גִישְׁלָאגִין אוּנ הָאט פַארְשְׁמַאכְטֶער
הַייד גִילֶערִינְט אַגַאנְצִין טָאג, פוּן אָבִינְד אִיז אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַקָאךְ גִיוָוארִין
„דֶער נַייֶער פָּרוּשׁ הָאט דָאךְ נִיט גִיגֶעסִין“! הָאבִּין אֵיינִיגֶע גִישְׁרִיעֶן — „עֶר אִיז
אַגַאנְצִין טָאג פוּן אָרְט נִיט אָפְּגִיטְרָאטִין, אוּנ מִן הַסְתָּם הָאט עֶר נִיט וָואשׁ,
דַארְף מֶען אִים וָואס בְּרֵיינְגֶען צוּ עֶסִין“ נָאר דִיא אַלְטֶע פַּאר שְׁמָאלְצֶענֶע פְּרוּשִׁים
הָאבִּין נִיט דֶער לָאזִין מֶעזָאל אִים עֶסִין בְּרֵיינְגֶען“ זָאל עֶר אַיין טָאג אוּנ דֶעם
אַנְדֶערִין נִיט הָאבִּין וָואס צוּ עֶסִין וֶועט עֶר אַוֶועק פָארִין“ — הָאבִּין זַיי גִיזָאגְט —
„פַאר וָואס זָאלִין מִיר דָאס לָאזִין דָא זִיךְ אַיינְוָוארְצְלֶען בַּחוּרִים? דָא אִיז נָאר
אַיין אָרְט פַּאר יוּנְגֶע לַייט, דִיא עֶטְלִיכֶע בָּחוּרִים וָועלְכֶע עֶס זַיינֶען שׁוֹין דָא
זַיינֶען אוֹיךְ אִיבֶּערִיג“, מְנַשֶּׁה וָואלְט אֶפְשֶׁר פוּן הוּנְגֶער אוֹיס גִיגַאנְגֶען, וֶוען עֶס
וָואלְט זִיךְ אוֹיף אִים נִיט עֶר בַּארֶעמְט אַלִיבְּנֶער בָּחוּר, עֶר — דֶער לִיבְנֶער הָאט
זִיךְ פוּן זַיין אָרְט אוֹיף גִיחַאפְּט וְוִיא אַלֵייבּ פוּן זַיין נָארֶע, אוּנ הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין
צוּ שְׁטְרָאפִין דִיא אַלְט בֶּערְדִיגֶע פְּרוּשִׁים: „מִיט וָואס פַּאר אַרֶעכֶענוּנְג זָאגְט
אִיר דָאס אַבָּחוּר? צוּ דֶען דָא אִיז נָאר אַיין עִיר מִקְלָט פַּאר דִיא וָואשׁ זַיינֶען
מְעַגֵן וַוייבֶּער? צוּ דָא אִיז נָאר אַיין אָרְט פַּאר דִיא וָואס וַוארְפִין אַוֶועק וַוייבּ
אוּנ קִינְדֶער בְּעֵרוֹם וּבְחוֹסֶר כֹּל אוּנ קוּמֶען זִיךְ אַהֶער פְּרוּדֶעזֶען אִיבֶּער פְרֶעמְדֶע
טֶעפְּלֶעךְ? אָדֶער פַּאר אַזֶעלְכֶע וָואס הָאבִּין אָנְגִיזֶעצְט יְתוֹמִישֶׁע גֶעלְט אוּנ מַאכִין
דָא דִיא פְּלֵיטָה? אוּנ אַבָּחוּר וָועלְכֶער הָאט גִימֵיינְטֶע עֶלְטֶערִין אָדֶער גָאר אַיָתוֹם
אוּנ וִויל זִיצִין אוּנ לֶערְנֶען, אִיז פַּאר אִים גָאר קַיין אָרְט נִיטָא? עֶר דַארְף
שְׁטַארְבִּין פוּן הוּנְגֶער? וִויפִיל וֶועט אִיר גִיפִינֶען צוּ וִוישִׁין דִיא אַלֶע הִיגֶע פְּרוּשִׁים
רֶעכְטֶע, וָועלְכֶע זִיצִין אוּנ לֶערְנֶען אוּנ וִוילִין אַצְוָועק דֶער גַיין? אִין דִי זֶעכְצִיג
פְּרוּשִׁים אִיז פַארַאן פִיר אָדֶער פִינְף רֶעכְטֶע, אוּנ דִי אִיבֶּערִיגֶע מֵיינֶען קַיין זַאךְ
נִיט, נָאר צוּ עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען אוּנ דִי צַייט אָפּ צוּ שְׁטוּפִּין, אוּנ דִי עֶטְלִיכֶע
רֶעכְטֶע פְּרוּשִׁים רֵיידִין אַיין וָוארְט נִיט וֶועגִין אַבָּחוּר, זַייא קוּקִין נוּר אוֹיפִין
לֶערְנֶען וָואס דָאס אִיז זַייעֶר תַּכְלִית, אָבֶּער אִיר זַייט מֶערְדֶער! אִיר הָאט קַיין
פוּנְק רַחֲמָנוּת אִין הַארְצִין! וְוִיא פוּעֶלְט אִיר דָאס בַּייא זִיךְ צוּ לָאזִין זִיצִין נִיט

אנגיגעסענעם

אַגִיגֶעסֶענֶעם אַגַאַנְצִין טָאג פַאר אַייךְ אִין דִיא אוֹיגִין, אוּנ יֶעצְט לָאזְט אִיר נָאךְ נִיט מֶעזָאל אִים בְּרֵיינְגֶען עֶסִין! אִיר זַייט נִיט סְטָאִיט אַרוּם צוּא גֵיין צוּ ווִישִׁין מֶענְטְשִׁין, אִיר זַייט ווִילְדָע חַיּוֹת", דִיא פְּרוּשִׁים זַיינֶען פַאר שַׁאנְד צוּ לָאפִין אִין דִיא ווִינְקֶלִיךְ, אוּנ פַאר צָארִין הָאבִּין זַייא מִיט דִיא צֵיין גִיקְרִיצְט, „נוּא יָבֹא יוֹמוֹ" הָאבִּין זַייא צוּ ווִישִׁין זִיךְ גִירָעט, דֶער לִיבְנָער בָּחוּר הָאט דֶער וַוייל גִיבְּרַאכְט שְׁפַּייז אוּנ הָאט דָאס מִיט פְרֵיידָע צוּ מְנַשֶׁהֶען צוּ גִיטְרָאגִין, מְנַשֶּׁה הָאט דָאשׁ מִיט אַשִׂמְחָה בַּייא אִים צוּ גִינוּמֶען, מְנַשֶּׁה הָאט אִים מִיט טְרֶערִין גִידַאנְקְט, אוּנ הָאט דִיא שְׁפַּייז גִיגֶעסִין אָבֶּער פִיל טְרֶערִין הָאט עֶר דֶער בַּייא פֶערְגָאסִין, עֶר הָאט זִיךְ בֶּערֶעכִינְט צוּ וָואס עֶר אִיז יֶעצְט גִיקוּמֶען, דֶער לִיבְנֶער בָּחוּר הָאט אִים גִיטְרֵייסְט, אוּנ הָאט אִים פֶערְשְׁפְּרָאכִין אַז וֶוען עֶר וֶועט דָא זִיצִין אוּנ לֶערְנֶען וֶועט עֶר אִים אוֹיס הַאלְטִין צוּ מִיט אֵייגֶענֶע אָדֶער מִיט פְרֶעמְדֶע, מְנַשֶּׁה אִיז אִין א. . . שׁאק אַכְטָאג גִיזֶעסִין רוּהִיג עֶר הָאט גִיהַאט קוֹים אוֹיס קוּמֶענֶעם דוּרְךְ דִיא הִילְף פוּן דֶעם לִיבְנֶער בָּחוּר, אָבֶּער עֶר הָאט דֶער פַאר אוֹיךְ גָאט גִידַאנְקְט.

נוּר מְנַשֶׁהֶעס מְנוּחָה הָאט נִיט לַאנְג גִידוֹיעֶרְט, דִיא פְּרוּשִׁים וֶועלְכֶע הָאבִּין שׁוֹין אוֹיף אִים גִילוֹיעֶרְט הָאבִּין דֶער גַאנְגֶען אַז עֶר וַואשְׁט זִיךְ אַלֶע טָאג אַיין מִיט זֵייף אוּנ אוֹיךְ פֶערְקֶעמְט עֶר זִיךְ אַלֶע טָאג, אוּנ עֶר קוּקְט אִין לָשׁוֹן קֹדֶשְׁדִיגֶע סְפָרִימְלִיךְ אוֹיךְ אִין רוּסִישֶׁע אוּנ דַייטְשֶׁע בִּיכֶער, זַייא הָאבִּין אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ גִימַאכְט אַלַארֶעם וֶועגִין דֶעם, זַייא הָאבִּין גִישְׁרִיעֶן מִיט קוֹלוֹת אַז דִיא שְׁטָאט וֶועט זִיךְ קֵיין מָאל נִיט קָאנֶען אוֹיס לַייטֶערִין פַאר דִיא עֲבֵירָה, וָואס זֵיי הַאלְטִין אוֹיף דֶעם אַפִּיקוֹרֶס, אוֹיף דֶעם רַעַשׁ זַיינֶען אוֹיף גִיקוּמֶען דִיא בַּעֲלֵי בָּתִּים מִיט דִיא פְּרוּשִׁים פוּן דֶעם צְווֵייטִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אוּנ אַלֶע הָאבִּין זִיךְ אַרוּם גִישְׁטֶעלְט אַרוּם מְנַשֶׁהֶען, אוּנ עֶר אִיז גִישְׁטַאנֶען ווִיא אַיין פֶערְאוּרְטְהֵיילְטֶער אוֹיפִין עֶשַׁאפָאט, דִיא קָאפּ אַרָאפּ גִילָאזִין, אוּנ בְּלֵייךְ ווִיא אַמֵּת, אוּנ יֶעדֶער הָאט אִיבֶּער אִים גִיזָאגְט אַיין אַנְדֶער ווִיצִיל „מֶעדַארְף אִים אוֹיף אַמִיסְטְווֶעגֶעלֶע פוּן שְׁטָאט אַרוֹיס פִירִין" — הָאט אֵיינֶער גִיזָאגְט „אוּנ מִיט אַפּוּיק פּוּיקִין" הָאט נָאךְ אֵיינֶער מוֹסִיף גִיוֶועזִין „אוּנ גוּט אַרַיין הַאקִין אִין בֶּעטַאךְ מְחִילוֹת" הָאט דֶער דְרִיטֶער דַאבַּאוֶועט, „פוּן וַואנֶענְד אִיז עֶר דֶער יוּנְגַאץ? הָאט זִיךְ אֵייטֶער אַפְרֶעג גִיטָאן, „פוּן וַואלַאס" הָאט מֶען אִים גִיעֶנְטְפֶערְט, — „פוּן וַואלַאס! הָאט זִיךְ אַפָּרוּשׁ פוּן צְווֵייטִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַרוֹיס גִיחַאפְּט — אִיךְ בִּין דָאךְ אוֹיךְ פוּן וַואלַאס, לָאמִיר אַקָארְסְט זִיךְ גוּט אַיינְקוּקִין אוֹיף דֶער סְחוֹרָה, פִּילַייכְט וֶועל אִיךְ דֶעם הֶעכְט דֶער קָאנֶען", עֶר אִיז צוּ מְנַשֶׁהֶען צוּ גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאט אִים דֶעם בְּרִילִיק פַאר קָאשֶׁערְט אוּנ הָאט אִים אוּנְטֶער מָארְדָע מִיט זַיין הַאנְט דִיא קָאפּ אוֹיף גִיהוֹיבִּין „עֶפֶּעס נִיט קֵיין בֶּעקַאנְטֶע סְחוֹרָה" — הָאט עֶר גִיזָאגְט — „זָאג מִיר אַקָארְסְט פַיינֶער בְּרִיָּה, אַנְוֶועמֶען גִיהֶערְסְט דוּא אִין וַואלַאס"? הָאט עֶר מְנַשֶׁהֶען גִיפְרֶעגְט, דָא אִיז מְנַשֶּׁעת מָאס צָרוֹת שׁוֹין מִיט אַלֶעם פוּל גִיוָוארִין, עֶר הָאט גֶעבַּאךְ נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערִין, וַוייל עֶר אִיז אִין וַואלַאס אוֹיף

זַיין לֶעבִּין נִיט גִיוֶועז, עֶר הָאט נָאר דִיא קָאפּ נָאכְמֶער אַרָאפּ גִילָאזִין, אוּנ דִי בְּלוּט הָאט אִים אִין גִיזִיכְט אַרַיין גִישְׁפַּארְט.

עֶר אִיז גִיוֶועז אַגַנָב! הָאבִּין אַלֶע מִיט אַמָאל אַגִישְׁרַייא גִיטָאן — חַאפְּט אִים! טוּט אִים אָן אַלֶע עִנוּיִים! עֶס אִיז גִיוָוארִין אַגְרוֹיס לַארֶעם, אוּנ מְנַשֶּׁה הָאט אִין טוּמִיל עֶטְלִיכֶע טַייעֶרֶע פְרֶעשְׁק בֶּעקוּמֶען, מֶען וָואלְט אִים אֶפְשֶׁר אִין לַיילִיכֶער אַוֶועק גִיטְרָאגִין, נָאר אַיין אַלְטֶער מַאן פוּן דִיא נִכְבַּדֵי הָעִיר הָאט אִים אָפּ גִיבְּרָאנֶעט, עֶר הָאט אִים מִיט זַיין קֶערְפֶּער פַאר שְׁטֶעלְט אוּנ הָאט גִישְׁרִיעֶן: וָואס הָאט אִיר זִיךְ צוּ גִיצֶּעפֶּעט צוּ אַמֶענְטְשִׁין וֶועלְכִין אִיר קָאנְט נִיט אוּנ וַייסְט נִיט?! וֶוען עֶר גִיפֶעלְט אַייךְ נִיט הַאלְט אִים נִיט אִין שְׁטָאט אָבֶּער וָואשׁ הָאט אִיר אִים צוּ שְׁלָאגִין", דֶער אַלְטֶער הָאט מְנַשְּׁהֶען דָער לַאנְגְט אַרוּבִּיל אוּנ הָאט גִיזָאגְט: נַא, דֶער פַאר זָאלְסְטוּ דִינְגֶען אַפּוּר אוּנ זָאלְסְט פָארִין וואוּ דוּ ווִילְסְט — מְנַשֶּׁה אִיז פוּן בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַרוֹיס, אוּנ דִיא שְׁטָאט בָּאדִיוּנְגֶען הָאבִּין אִים בֶּעלַייט מִיט אַיין אוּרַא! בִּיז אוֹיסִין שְׁטָאט.

עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּ פָארִין קַיין דִילָא, אוּנ נַאכְדֶעם אַז עֶר הָאט דָארְטִין זִיךְ אַרוּם גִיוַואלְגֶערְט אַוָואסֶער אַכְטָאג, וואוּ אַטָאג אוּנ וואוּ אַנַאכְט, עֶר אִיז אָפּ גִיקוּמֶען מִיט אַשְׁטִיקִיל טְרוּקֶענֶע בְּרוֹיט, הָאט עֶר זִיךְ אַרַיין גִימַאכְט אִין אַרַייכֶע הוֹיז צוּ אַגְבִירִיסִין וָואלְף הַאלְבֶּערְשְׁטַאט, דִיזֶער הַאלְבֶּערְשְׁטַאט הָאט אִין מְנַשְּׁהֶען עֶפֶּעס ווִיכְטִיגְס דָער קָאנְט, דָערוּם הָאט עֶר אִים פַאר רַחֲמָנוּת גִינוּמֶען צוּ זִיךְ אִין הוֹיז אוֹיף אַיינִיגֶע טֶעג.

בַּייא דֶעם הַאלְבֶּערְשְׁטַאטִין אִיז גִיוֶועז אַבֵּן יָחִיד אַדָאלְף, אַיוּנְג פוּן אַיָאהְר אַכְטְצֶעהְן מִיט אַשַׁיינֶעם אוֹיס זֶעהְן אוּנ מִיט אַגוּטֶע עֶרְצִיהוּנְג, עֶר אִיז בֶּעזֶעסִין פִיל בִּילְדוּנְג אוּנ הָאט זִיךְ אִין יֶענֶער צַייט פָאר גִיבְּרַייטֶעט מִיט דִיא דַייטְשֶׁע שְׁפְּרַאךְ אוּם צוּא פָארִין נָאךְ בֶּערְלִין צוּא שְׁטוּדִירִין דָאקְטֶער, דִיזֶער אַדָאלְף הָאט זִיךְ צוּ מְנַשְּׁהֶען ווִיא צוּא אַבְּרוּדֶער צוּ גִיקְלֶעפְּט, ווייל עֶר הָאט אִין מְנַשְּׁהֶען עֶרְקָאנְט פִיל בִּילְדוּנְג מֶעהְר אַלְס בַּייא אִים, אוּנ אִיבֶּער הוֹיבְּט אִין דִיא דַייטְשֶׁע שְׁפְּרַאכֶע, אוּנ דְרוּם הָאט עֶר דֶעם פָאטֶער גִיבֶּעטִין דָאס עֶר זָאל מְנַשְּׁהֶען בַּייא זִיךְ אָפּ הַאלְטִין אַלֶעס זַיינֶער אַיין מִיטְשִׁילֶער, אוּנ דָער פָאטֶער הָאט דָאס גֶערִין גִיטָאן, אִין אַיין פֶערְלוֹיף פוּן אַיינִיגֶע וָואכִין הָאבִּין זַייא זִיךְ מִיט לִיבְּשַׁאפְט אוֹיף גִיקְנִיפְּט, דָאס זַייא הָאבִּין אַיינֶער אָן דֶעם אַנְדֶערִין אַיין מִינוּט נִיט גִיקָאנְט אוֹיס הַאלְטִין, זַייא הָאבִּין צוּ זַאמֶען גִילֶערְינְט אוּנ צוּ זַאמֶען גִיגֶעשִׁין אוּנ גִיטְרוּנְקֶען אוּנ אַיינֶער אָן דֶעם אַנְדֶערִין הָאט אַטְרִיט נִיט גִיטָאן, מִיט דִיא הִילְף פוּן מְנַשְּׁהֶען אִיז אַדָאלְף אִין דִיא דַייטְשֶׁע שְׁפְּרַאכֶע גִישְׁווִינְד פַארְטִיג גִיוָוארִין, אוּנ עֶס אִיז בַּייא הַאלְבֶּערְשְׁטַאטִין אִין הוֹיז גִיבְּלִיבִּין דָאס זַייא זָאלִין מְנַשְּׁהֶען אוֹיף זַייעֶרֶע קָאסְטִין מִיט אַדָאלְפִין שִׁיקִין נָאךְ בֶּערְלִין צוּ שְׁטוּדִירִין, אוּנ דִיא רַייזֶע אִיז אוּם גִיזַאמְט בַּשְׁטִימְט גִיוָוארִין, אוֹיף דִי פְּרַאגֶעס וֶועלְכֶע מֶעהָאט מְנַשְּׁהֶען גִיפְרֶעגְט וֶועגִין זַיין אָבְּסְטָאאַטֶעלְסְטְוָוא אוּנ פוּן וַואנֶען עֶר אִיז, הָאט עֶר אַיין אַנְטְוָוארְט גִיגֶעבִּין נָאר מִיט צְוַוייא פָאלֶע אוֹיגִין מִיט

טרערין

טְרֶערִין, עֶר הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט: „פְרֶעגְט מִיר גָאר נִיט אִיךְ קָאן עֶס יֶעצְט אַייךְ
נִיט עֶנְדֶעקִין, מִיט דֶער צַייט וֶועט אִיר פִילַייכְט דָאס קָאנֶען וִויסִין“.

אָט עֶרְשְׁט אִין דֶער צַייט וֶוען מְנַשֶׁהְ'ן אִיז עֶמְוָואס בֶּעסֶער גִיוָוארִין, וֶוען
עֶס הָאט אִים שׁוין נִיט גִימַאנְגִילְט דֶער פֶעלֶער פוּן הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט, אָט דַאן
הָאט עֶר עֶרְשְׁט אָן גִיהוֹיבִּין צוּ פִילִין זַיינֶע וואוּנְדִין, אַזֶער אִיז פַאר יָאגְט גִיוָוארִין
פוּן זַיין טְהַייעֶרֶע דְרֶעזֶעלִין וֶועלְכֶע עֶר לִיבְּט וִויא זַיין שְׁוַוארְץ אַפְּפֶעל פוּן אוֹיג,
אוּנ עֶר קָאן זִיךְ מִיט אִיר זָאגַאר נִיט זֶעגֶענֶען פַאר זַיין אָפּ פָארִין פוּן רוּסְלַאנְד,
עֶס אִיז אִים אָפְּט אַריין גִיפַאלִין אַגִידַאנְקֶען: נֵיין! אִיךְ וֶועל נָאךְ אוֹיסְלַאנְד נִ״ט
פָארִין, אִיךְ וֶועל פָארִין קֵיין בֶּענֶעכְסִיף, אִיךְ וֶועל פַאלִין מַיין טְהַייעֶרֶע דְרֶעזִילֶען
צוּ דִיא פִיס, אוּנ אִיךְ וֶועל אִיר שְׁוֶוערִין בַּייא גָאט דָאס אִיךְ בִּין רֵיין פוּן
אוּמְרֶעכְט אוּנ אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גִישׁוּלְדִיגְט, אִיךְ וֶועל מִיט מַיינֶע טְרֶערִין
בֶּעפֵייכְטִין דִיא שְׁטֶעלֶע וואוּ זִיא שְׁטֵייט אוּנ אִיר גוּטֶעם וֵוייכֶעם הַארְץ וֶועט
גִיוִוים צוּ גֵיין פוּן מַיינֶע טְרֶערִין, זִיא וֶועט גִיוִוים אוּיס שְׁטְרֶעקִין אִירֶע אָרֶעמְס
מִיר וַוייטֶער צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶען, אָךְ! וִויא גְלִיקְלִיךְ אִיךְ וֶועל דָאס זַיין! אִיךְ פָאר!...
אִיךְ לוֹיף!... נָאךְ בֶּענֶעכְסִיף!... נָאר וִויא אַזוֹ וֶועט זִיא מִיר גְלוֹיבִּין וֶוען
זִיא הָאט מִיט אִירֶע אוֹיגִין מַיין אוּנְרֶעכְט גִיזֶעהֶען? צוּא דֶען וֶועל אִיךְ אִירֶע
אוֹיגִין קָאנֶען פַאר בְּלֶענְדִין? זִיא וֶועט בַּייא מִיר פְרֶעגִין אִיךְ זָאל אִיר גֶעבִּין
אַבְּיַאסְנֶענִיעֶס (עֶרְקְלֶערוּנְגֶען) אוֹיף אַלֶעם וָואס זִיא הָאט גִיזֶעהֶען, אוּנ וֶוען אִיךְ
זָאל אִיר דִיא וַוארְהַייט עֶנְדֶעקִין, וֶועל אִיךְ דָאךְ מַיין שְׁבוּעָה פַאר שְׁוֶועכִין
וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ מַיין מוּטֶער גִישְׁוָוארִין פוּן אִיר נִיט צוּ עֶנְדֶעקִין, אוּנ אִיךְ
זָאל אִיר נִיט אַנְטְוָוארְטִין אוֹיף אִירֶע פְרַאגֶעס וֶועט זִיא מִיר מִיט שַׁאנְדֶע גִיוִוים
פוּן זִיךְ אָפּ שְׁטוֹיסִין, אוּנ דֶער צָאהְרִין פוּן אִיר מִיט אִירֶע עֶלְטֶערִין וֶועלִין מִיר
גִיוִוים פַאר יָאגִין אִין טִיפִין הֶעל, דַייא וֶועלִין מִיר גִיוִוים טִירַאנֶעשׁ בַּהַאנְדְלֶען
אַזוֹ וִויא אִיךְ הָאבּ זִיךְ בֶּעהַאנְדִילְט נָאךְ זַייעֶר מַיינוּנְג, נֵיין! אִיךְ וֶועל נָאךְ
בֶּענֶעכְסִיף נִיט רֵייזִין! אִיךְ וֶועל נָאךְ אוֹיסְלַאנְד רֵייזִין, אוּנ וֶועל דָארְטִין דֶעם
מֶעדִיצִינְסְקִין פַאקוּלְטֶעט דוּרְךְ מַאכִין, אוּנ דַאן וֶועל אִיךְ קֵיין בֶּענֶעכְסִיף קוּמֶען!
אוּנ גְלוֹיבּ אוֹיךְ שׁוין צוּ זַיין אַאִידִילְקָאמִיר נַאסְט, דֶען דִיא צַייט וֶועט אָפּ קִילִין
דֶעם צָאהְרִין וֶועלְכִין דְרֶעזֶעלֶע הָאט אוֹיף מִיר, אוֹיךְ דֶער בְּלַאסְק פוּן אַמַאן
אַדָאקְטֶער צוּא הָאבִּין וֶועט אִיר פַאר בְּלֶענְדִין אוּנ אִיר סוּמְפַּאטְיֶע צוּ מִיר צוּא
גֶעבִּין, אוּנ וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ אִיר דַאן צוּ פַאלִין וֶועל אִיךְ גִיוִוים אִיר הַארְץ
צוּרִיק אָפּ קוֹיפִין, אוּנ וֶוען זָאגַאר אִירֶע עֶלְטֶערִין וֶועלִין אוֹיף מִיר נָאךְ צַארְנֶען,
וֶועל אִיךְ אִיהר פוּן זַייעֶר הוֹיז אַרוֹיס נֶעמֶען אוּנ מִיר וֶועלִין צוּ זַאמֶען אַגְלִיקְלִיכִין
לֶעבִּין פַאר בְּרֵיינְגֶען, דֶען אִיךְ וֶועל דָאךְ זַיין אִין שְׁטַאנְדֶע מַיין פַאמִילְיֶע מִיט
עֶהְרֶע צוּ עֶרְנֶעהְרִין, אוּנ פִילַייכְט וֶועט שׁוין מַיין מוּטֶער אוּנְטֶער דֶער צַייט פוּן
אִיר דְיֶעלֶע רֵיין וֶוערִין, וֶועל אִיךְ דָאךְ שׁוין קָאנֶען דְרֶעזֶעלֶען עֶרְקְלֶערִין אִיר אִירוּנְג
(טָעוּת) דָאס אִיךְ בִּין גָאר אוּמְזָאנְסְט בֶּעשׁוּלְדִיגְט גִיוָוארִין, הַא הַא הַא! מִיר
וֶועלִין דָאס אַבִּיסִיל לַאכִין, אוּנ אִיךְ וֶועל מַיינֶע צָרוֹת אִין פְרֵיידִין דֶער צֵיילִין,
אַךְ

אך ! וויא גליקליך איך וועל זיין ! זא האט מנשה פאנטאזירט אונ עס איז בייא אים געבליבין נאך אויסלאנד צו רייזין .

מנשה מיט אדאלפין זיינען אין ברלין גליקליך געקומען , זייא האבין אריין געטראטין אין מעדיצינסקין פאקולטעט , אונ האבין זיך זייער פלייסיג גענומען צום לערנען .

## 34) מנשה בלומענקראנץ דער צווייטער

אין דיא ערשטע טעג פון מנשהעס אריין טרעטין אין שול , איז פאר אים פאר איבער געגאנגען אלעס וואס עס האט זיך מיט אים געפאסירט ביז אהער , עס האט זיך אים פאר געשטעלט וויא ער איז ערצויגין געווארין בייא זיין זיידין אין הויז , דער ערוואינערונג פון זיין זיידין האט אים דיא הארץ גערירט , דער זיידע דער געטליכער מאן דער ערהאבענער אונ גלייכפערטיגער מענטש , דער מענטש וואס אין זיין הארצין איז פיל מענטשין—פריינדע אונ ליבע צו גאט , אויך דער גידעכעניש פון זיין הימילשין אנגעל זיין טהייערע דרעזעלע האט אים זיין הארץ געבלוטיגט , אך ! מיין טהייערע פייגעלע ! דוא פאר ברייגגסט דאך געווים דיא צייט אין שמערצין , דוא ביזט אין דיינע יונגע יאהרין פאר ווארפין פון דיין דיך ליבענדער מאן , וועלכער טראגט דיר וויא אזיגיל אויפין הארצין אין אויסלאנד אונ פאר געסט דיר ניט איין זעקונדע , אין דיא ערשטע עטליכע טעג האבין דיזע גידאנקען בייא אים געקוואלין , אונ דאס האט אים שטארק גיהינדערט פון לערנען , ביז ער האט זיך בערעבינט דאס מיט דיא גידאנקען טוט ער קיינעם קיין גוטעס ניט , אונ וועט זיין ציל קיין מאל ניט ערייכין , דרום האט ער זיין הארץ געשטארקט וויא איין שטיין אונ האט מיט קראפט אפ געשטויסין זיינע אלע גידאנקען , ער האט זייא ביסליך וויים ערווייטערט , אונ אין זיין הארצין אנשטאט זיי איין אנדער שכן אריין געלאזין ; דאס גירדע צום לערנען (חשק הלמודים) דעם לוסט צוא ערייכין זיין ציל , זיך גליקליך צו מאכין אונ צו בעגליקין זיין געליבטע זעלע , ער האט זיין זעלע פאר זונקען אין זומפ פון לעהרע אונ האט זיך אוועק געלאזין צוא שווימען אין ים פון קענטניש טאג אונ נאכט אונ האט כמעט פאר געסין אן די פאר ביי געגאנגענע , נור איינינגע מאהל אין טאג האט זיך בייא אים ניט ווילינדיג פון זיין הארץ ארויס גיריסין איינינגע זיפצין אין נאמען פון זיין טייערע דרעזעלען , אונ אזו האט ער פלייסיג געארבעט אין זיין לערנען , אונ אלע לעהרער האבין גירימט זיין פייהיגקייט , אונ אלע פריפעסארין האבין אים וויא איין קינד גיליבט , אונ זייא האבין אים האפענונג גיגעבין דאס אין אקורצע צייט וועט ער זיין קורס ענדיגין .

אזו איז אים איבער געלאפין איאהר אין וועלכין ער האט זיך גאר ניט ארום געזעהן וויא ער איז פאר בייא געגאנגען , אונ האט אגרויסין פארשריט געמאכט אין זיין קורס , דיא האפענונג האט אים שוין זיין גליקליכין צו קונפט בעוויזין , עס האט זיך אין אים ביסליך וויים אריין געגאנבעט דער פארשטעלונג

וויא

וויא גְלִיקְלִיךְ עֶר וָועט זַיין קוּמֶענְדִיג צוּ דְרֶעזֶעלִין אַלֶעס דָאקְטֶער מֶעדִיצִין , דִיא לֶעהְרְנוּנְג אִיז שׁוֹין אִיהם אַזוֹ שְׁוֶוער נִיט גִיוֶועֶן , וַוייל עֶר הָאט אִין פֶערְלוֹיף פוּן דֶעם עֶרְשְׁטִין יָאהְר מִיט גְדוֹיס קְרַאפְט אַבְּרַייטֶע וֶועג אוֹיס גִיטְרָאטִין , דְרוּם הָאט עֶר שׁוֹין גִיפוּנֶען לַיידִינֶע צַייטִין צוּ בַּטְרַאכְטִין זַיינֶע פִינְשְׁטֶערֶע פַאר בַּייא גִינַאנְגֶענֶע צַייטִין אוּנ זַיין גְלִיקְלִיכִין צוּ קוּנְפְט וֶועלְכֶער עֶרְוַוארְטֶעט אִים , עֶר הָאט שׁוֹין אָן גִיהוֹיבִּין צוּ שְׁפִּירִין פְּרַיידֶע מִיט פֶּערְנָנִינִין , אוּנ זַיין הַארְץ הָאט מִיט פְרַיידֶע גִיקְוָועלְט , אוּנ הָאט מִיט זִיסֶע טְרוֹימֶען גִיטְרוֹימְט .

אַזוֹ וִויא אַלֶע מֶענְטְשִׁין שֶׁעצִין זִיךְ אַמָאל גְלִיקְלִיךְ אוּנ וַוייסִין נִיט וָואס פַאר אַיין אוּמְגְלִיק עֶרְוַוארְטֶעט זַייא אוּנְטֶערִין פְלֵייצֶע , אַזוֹ הָאט מְנַשֶּׁה מִיט זַיינֶע מֶענְטְשְׁלִיכֶע אוֹיגִין נִיט גִיקָאנְט וִויסִין וָואס פַאר אַיין פַייל עֶס וֶועט אִים שִׁיסִין , אַפִּייל מִיט וֶועלְכִין מֶעהָאט אִין אִים גִיצִילְט פוּן רוּסְלַאנְד , אוּנ עֶס הָאט אִים גִיטְרָאפִין אַז אִין בַּרְלִין פּוּנְקְט אִין הַארְצִין , אַיין מָאל זִיצִינְדִיג אִין שׁוּל בַּייא דֶעם לֶעקְצְיָאן פוּן דֶעם פְּרִיפֶעסָאר , אִיז אַרַיין אִין שׁוּל דֶער פָּאלִיצֵייםַייסְטֶער מִיט אַיינִיגֶע פָּאלִיצְיַאנְטִין „הִיר הַאלְט זִיךְ אוֹיף אַיין שִׁילֶער מְנַשֶּׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ“ ? הָאט דֶער פָּאלִיצֵיי מַייסְטֶער דֶעם פְּרִיפֶעסָאר גִיפְרֶעגְט — „יַא“ הָאט דֶער פְּרִיפֶעסָאר גִיעֶנְטְפֶערְט צַייגוּנְדִיג אוֹיף מְנַשְּׁהֶען , דֶער פָּאלִיצֵיי מַייסְטֶער הָאט גְלַייךְ גִיהֵייסִין דִי פָּאלִיצְיַאנְטִין דָאס זַייא זָאלִין מְנַשְּׁהֶען אָן טָאן קֵייטִין אוּנ אַוֶועק פִירִין אִין דֶער פָּאלִיצֵיי , אוּנ דָאס אִיז אִין אֵיין אוֹיגִינְבְּלִיק גִישֶׁעהָן , מְנַשֶּׁה אִיז פוּן שְׁרֶעק גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין וִויא אַיין שְׁטַאטוּעֶ אוּנ מֶען הָאט אִים כִּמְעַט אַטוֹיטִין פוּן שׁוּל אַרוֹיס גִיטְרָאגִין .

„וָואס אִיז זַיין שׁוּלְד“ ? הָאט דֶער פְּרִיפֶעסָאר דֶעם פָּאלִיצֵיי מַייסְטֶער גִיפְרֶעגְט — „זַיין שׁוּלְד אִיז הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶר הָאט אִין רוּסְלַאנְד אִין דִיזִין יָאהְר פִיל פֶערְבְּרֶעכִין גִיטָאן , עֶר הָאט גִישְׁטוֹילִין אוּנ אַיין מֶענְטְשִׁין עֶרְמָארְדֶעט , אוּנ עֶר אִיז שׁוֹין פַאר פַאקְט אִין גִיפֵיינְקְנִים , נָאר עֶר הָאט זִיךְ פוּן זַיינֶע קֵייטִין אוֹיס גִידִיסִין , אוּנ דֶער צוּ הָאט עֶר נָאךְ אַ זֶועלְנֶער עֶרְמָארְדֶעט אוּנ הָאט דִיא גִיפֵיקְעֶנִישׁ אוֹיס גִיוַוייכְט , אָט דָאשׁ אִיז זַיין שׁוּלְד“ — „דָא מוּז זַיין אַיין פֶּערְווִירוּנְג (אַ טָעוּת)“ הָאט דֶער פְּרִיפֶעסָאר גִיזָאגְט „עֶר הָאט דֶעם יָאהְר דָא בַּייא אוּנְז גִישְׁטוּדִירְט אוּנ הָאט אֵיין טָאג נִיט אוֹיס גִיפֶעלְט דִיא שׁוּל צוּא בֶּעזוּכִין“ — „אִיךְ מוּז עֶרְפִילִין מַיין שׁוּלְד“ — הָאט דֶער פָּאלִיצֵיי מַייסְטֶער גִיזָאגְט — „אִיךְ הָאבּ פוּן דֶעם רוּסִישִׁין קָאנְזוּל בַּקוּמֶען אַבֶּעפֶעל מְנַשֶּׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ נָאךְ רוּסְלַאנְד צוּ טְרַאנְסְפָּאטִירִין , אוּנ אַייעֶר שׁוּלְד אִיז הֶער פְּרִיפֶעסָאר , דָאס אִיר זָאלְט אוֹיס שְׁרַייבִּין אַלֶעס וָואס אִיר וַוייסְט וֶועגִין אִים , וָוען עֶר אִיז צוּא אַייךְ אִין שׁוּל אַרַיין גִיטְרָאטִין אוּנ וִויא זַיין אוֹיף פִיהְרוּנְג אִיז גִיוֶועֶן“ , דֶער פְּרִיפֶעסָאר הָאט אָן גִישְׁרִיבִּין אַלֶעס וָואס צוּ אִים גִיהֶער צוּם בֶּעסְטִין פַאר בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ .

אִיךְ פַארְשְׁטֵיי לִיבֶּע לֶעזֶער ! אַז אִיר זַייט אִין אַנְיֶעדָארַאזְאוּמְנֶענִיֶיע (אוּם פֶערְשְׁטַאנְדִיג) פוּן דֶעם , שְׁטַייץ וִויא קוּמְט מְנַשֶּׁה צוּ הַרְגֶענֶען מֶענְטְשִׁין אוּנ צוּ אַנְטְלוֹיפִין פוּן טוּרְמֶע אִין רוּסְלַאנְד , אִין דֶעם זֶעלְבִּין יָאהְר וָואס מְנַשֶּׁה הָאט

נאר

גָאר גִישְׁטוּדִירְט אִין בַּרְלִין ? דָאס אִיז טַאקֶע אַהַארְבֶּע שַׁאֲלָה, נָאר נָאךְ מֶער פַּאר וואוּנְדֶערְט וֶועט אִיר וֶוערִין וֶוען אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין אַז דֶערַיין אִיז קַיין לִיגִין נִיט פַאַרְהַאנְדִין, דָאס אִיז אַלְץ רִיכְטִיג, מְנַשֶׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ הָאט טַאקִי גִישְׁטוּדִירְט אִין בַּרְלִין, אוּנ הָאט טַאקֶע גִישְׁטוּדִירְט אִין בַּרְלִין אוּנ עֶרְמָארְדֶעט מֶענְטְשִׁין אִין רוּסְלַאנְד אוּנ טַאקֶע אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע צַייט, אוּנ אַז אִיר וֶועט פָּארְט פְרֶעגִין : „וִויא קָאן דָאס זַיין״ ? וֶועל אִיךְ אַייךְ עֶרְקְלֶערִין, דִיא שֵׁדִים דִיא רוּחוֹת דִיא מַלְאֲכֵי חַבָּלָה הָאבִּין אִין רוּסְלַאנְד אַיין מֶענְטְשִׁין פַּאר קְלֵיידֶעט אִין מְנַשְׁהֶעס גִיזִיכְט, אוּנ יֶענֶער מְנַשֶׁה הָאט אַלֶעס גִיטָאן אִין רוּסְלַאנְד אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט וָואס דֶער אֱמֶתֶער מְנַשֶׁה הָאט גִישְׁטוּדִירְט אִין בַּרְלִין —, אוּנ אוֹיבּ אִיר וִוילְט נִיט גְלוֹיבִּין אַז אִיצְטֶער אִיז פַאַראַן מַזִיקִים אוּנ שֵׁדִים, וֶועל אִיךְ אַייךְ וַוייזִין עַיְן בְּעַיְן אַז עֶס אִיז יָע פַאַראַן.

אֵיין שֵׁד אִיז שְׁמֶערִיל דֶער שׁוֹחֵט, אִים הָאט דִיא הַארְץ נִיט גִישְׁטִילְט מִיט דֶעם וָואס עֶר הָאט מְנַשְׁהֶען פַּאר יָאגְט פוּן אָשֶׁר יֶעקִילְס הוֹיז, אִים אִיז נִיט אַיין גִיגַאנְגֶען דָער לֶעבִּין זֶעהֶענְדִיג וִויא בַּייא אָשֵׁר יֶעקְלִין אִין הוֹיז טְרִיקִינְט קֵיינֶעם דִיא אוֹיגִין נִיט וַויינֶענְדִיג נָאךְ מְנַשְׁהֶען, הַיינְט הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁרָאקִין טָאמֶער קוּמְט מְנַשֶׁה, וֶועלִין זַייא דָאךְ מִיט אָפֶענֶע אָרִימְס אִים עֶמְפְּפַאנְגֶען, דְרוּם הָאט עֶר גִימַאכְט יַד אֶחָד מִיט נָאךְ אַ שֵׁד דָאס אִיז מִיט דֶעם אִיסְבָּארְשְׁצִיק פוּן בָּענֶעכְסִיף וואוּ מְנַשֶׁה אִיז אַ פַּאר שְׁרִיבֶּענֶער, אוּנ הָאט אִים גִיגֶעבִּין אַמַטְבֵּעַ, אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטִין עֶר זָאל אוֹיף מְנַשֶׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְצֶס נָאמֶען אַרוֹיס גֶעבִּין אַפַּאסְפָּארְט אַבֶּעוואוּסְטִין גַנָב אוּנ מֶערְדֶער, אוּנ דֶער אִיסְבָּארְשְׁצִי קְהָאט עֶס אַזוֹ גִיטָאן, אוּנ עֶר הָאט בַּייא דֶעם גַנָב אוֹיךְ גִינוּמֶען פַאר דֶעם פַּאסְפָּארְט אַ פִינְף — אוּנ — צְוַואנְצִיגֶר — וִויא דֶער מֶקַח פוּן אַפַּאסְפָּארְט פַאר אַלֶע גַנָבִים — אוּנ יֶענֶער גַנָב — וֶועלְכֶער הָאט אוֹיף מְנַשְׁהֶעס נָאמֶען דֶעם פַּאס גִיהַאט — הָאט גִיגַאנְבֶעט אוּנ גִיגַאזִילְט אוּנ עֶרְמָארְדֶעט אוֹיף מְנַשְׁהֶעס נָאמֶען, עֶר הָאט אוֹיךְ בְּלוּט פַאר גָאסִין אוֹיף מְנַשְׁהֶעס רֶעכֶענוּנְג, אוּנ אִיז אִין טוּרְמֶע גִיזֶעסִין אוֹיף מְנַשְׁהֶעס נָאמֶען, אוּנ אַנְטְלָאפִין אִיז עֶר אוֹיךְ אוֹיף זַיין חֶשְׁבּוֹן, אוּנ פְּרַאוִוִיטֶעלְסְטְוָוא הָאט גִימֶעלְדֶעט אַז וואוּ מֶען וֶועט גִיפִינֶען אַיין מְנַשֶׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ זָאל מֶען אִים צוּ שְׁטֶעלִין וַוייל עֶר אִיז אַמֶערְדֶער, אוּנ דֶער גִיזֶעץ אִיז דָאס זָאגַאר פוּן אוֹיסְלַאנְד גִיט מֶען אַרוֹיס אַמֶערְדֶער, אִיצְט טְהַייֶערֶע לֶעזֶער, אִיז דָאךְ שׁוֹין קַיין חִידוּשׁ נִיט וָואס מֶעהָאט מְנַשְׁהֶען אַרוֹיס גִיטְרֶעבֶּעוֶועט פוּן בַּרְלִין נָאךְ רוּסְלַאנְד צוּ טְרַאנְסְפָּארְטִירִין אַלֶעס מֶערְדֶער. דָאס אַלְץ הָאט שְׁמֶערִיל אוֹיס גִיוֶועבְּט וַוייל עֶר הָאט פְרִיעֶר פֶערְקוּקְט אַז דֶער גַנָב וֶועט פֶּערֶעסְטוּפִין טָאן אוֹיף מְנַשְׁהֶעס נָאמֶען, הַיינְט וִויא צוּ פְרִידִין עֶר אִיז דָאס גִיוָוארִין אַז עֶר הָאט דֶער הֶערְט דָאס דֶער פַאלְשֶׁער מְנַשֶׁה אִיז פוּן טוּרְמֶע דוּרְךְ אַמֶערְדֶערַיי אַנְטְלָאפִין „אִיצְט בִּין אִיךְ מִיט מַיין הֶעכְט זִיכֶער דָאס עֶר וֶועט שׁוֹין נִיט טָארִין צוּרִיק קוּמֶען״ הָאט שְׁמֶערִיל אִין זִיךְ גִיטְרַאכְט, אִיז שׁוֹין פַאַראַן הַיינְטִיגֶע צַייטִין שֵׁדִים מַזִיקִים וֶועלְכֶע שַׁאדִין דֶעם מִין אֱנוֹשִׁי ? עֶס אִיז פִיל פַאַראַן !.

מְנַשֶׁה אִיז פוּן שְׁרֶעק אִין אַיין עֶרְצִינְדִינְדֶע קְרַאנְקְהַייט אַרַיין גִיפַאלִין, עֶר אִיז דְרַיי וָואכִין אִין גְרוֹיס הִיץ גִילֶעגִין אוּנ נַאכְהֶער וָוען עֶר אִיז בֶּעסֶער גִיוָוארִין הָאט מֶען אִים אָפּ גִישִׁיקְט צוּם רוּסִישִׁין גְרֶענִיץ, אוּנ מֶען הָאט אִים צוּ דִיא רוּסִישֶׁע רֶעגִירוּנְג אִיבֶּער גִיגֶעבִּין, עֶר אִיז מִיטִין אַטַאפּ גִינַאנְגֶען פוּן שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט, אִין יֶעדֶער שְׁטָאט הָאט עֶר גִימוּזְט אֵיינִיגֶע טֶעג פַאר בְּלַייבִּין וַוייל עֶר פְלֶעגְט רַק קְרַאנְק וֶוערִין, דֶער גִידַאנְקֶען אַז זַיין לֶעצְטֶער הָאפֶענוּנְג אִיז שׁוֹין אוֹיךְ צוּ עֶרְנִיכְטֶעט גִיוָוארִין הָאט אִים דִיא הַארְץ מִיט בְּלוּט פַאר גָאסִין, אוֹיךְ הָאט אִים גִיבְּרֶענְט דֶער צָארִין אוֹיף זַיין שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִויגֶער, וַוייל נִיט שְׁפִּירֶנְדִיג אוֹיף זִיךְ קֵיין פַאר בְּרֶעךְ פַאר וֶועלְכִין מֶעזָאל אִים אִין קֵייטִין פִירִין וִויא אַגְרוֹיסִין פַאר בְּרֶעכֶער, הָאט עֶר גִירֶעכִינְט אַז דָאס הָאט אִים נָאר אָן גִימַאכְט זַיין שְׁוָוער אוּנ שְׁוִויגֶער „זֵייא הָאבִּין מִן הַסְתָּם אוֹיף מִיר וֶוער וַוייסְט וָואס פַאר אַיין פַאר בְּרֶעךְ אַרוֹיף גִיוָוארְפִין — הָאט עֶר אִין זִיךְ גִיטְרַאכְט — אַז דוּרְךְ דֶעם הָאט מֶען מִיר פוּן אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט אַרוֹיס גִירִיסִין, אוּנ מַיין הָאפֶענוּנְג צוּ עֶרְשַׁיינֶען פַאר מַיין טְהַייעֶרֶע דְרֶעזֶעלִין אַדָאקְטָער זַיינֶענְדִיג אִיז אַוֶועק מִיט ווִינְט אוּנ מִיט רוֹיךְ, אָה! מַיין טְהַייעֶרֶע דְרֶעזֶעלֶע! מַיין זָעלֶע! מֵיילֶע אִיךְ בִּין שׁוֹין פֶערְלָארִין, אִיךְ זֶעה אַז מַיין שִׁיקְזָאל וִויל מִיר מִיט רַאשׁ אוּנ מִיט שְׁטוּרִים אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכִין פוּן דֶער וֶועלְט אַרוֹיס יָאגִין, אָבֶּער אוֹיף דִיר טְהַייעֶרֶע! אוֹיף דִיר הָאבּ אִיךְ מִיטְלֵייד, וֶוער וַוייס אוֹיבּ מַיינֶע אוֹיגִין וֶועלִין שׁוֹין דִיר מֶער אָנְקוּקִין, וֶוער וַוייס אוֹיבּ אִיךְ וֶועל שׁוֹין הָאבִּין דֶעם גְלִיק צוּ זֶעהֶען דֶעם בְּלַאסְק פוּן דַיינֶע לִיכְטִיגֶע אוֹיגִין דוּרְךְ וֶועלְכֶע עֶס שַׁיינְט אַרוֹיס דַיין רַיינֶעס הֶערְץ, אִיךְ וֶועל שׁוֹין נִיט זַיין דַיין לֶעבִּינְס בֶּעגְלַייטֶער, אִיךְ וֶועל שׁוֹין דִיר נִיט זֶעטִיגִין מִיט פְרֵייד אוּנ מִיט פֶערְגֶענִיגִין אַזוֹ וִויא אִיךְ הָאבּ גִיהָאפְט... דוּא בִּיזְט נֶעבַּאךְ אוּנְשׁוּלְדִיג אִין דַיינֶע לֵיידִין, זָא וִויא אִיךְ לַייד גְרוֹיסֶע שְׁמֶערְצִין פוּן מַיינֶע אוּנְשׁוּלְד, דִיא גִידַאנְקֶען הָאבִּין בַּייא מְנַשֶׁהֶען אוֹיס גִישֶׁעפְּט זַיינֶע קְוֶועלֶע פוּן טְרֶערִין, אוּנ עֶס הָאט אִים צוּא דֶער עֶרְד פַאר בַּייגִין.

וִויא דֶער שְׁפְּרִיכְט וָוארְט זָאגְט «מֶעזָאל נִיט גִיפְּרוּבְט וֶוערִין צוּ וָואס מֶען קָאן גִיוואוֹנְט וֶוערִין" אַזוֹ אִיז מְנַשֶׁה גִיוואוֹנְט גִיוָוארִין צוּ גֵיין מִיטִין אַטַאפּ צוּ גִישְׁמִיט צוּ גַנָבִים אוּנ רַאזְבּאוֹיטְנִיקֶעס, אוּנ צוּ וַואלְגֶערִין זִיךְ אוֹיף דִיא פַּאלַאטְקֶעס פוּן אַלֶע אַטַאפּ הַייזֶער, בִּיז מֶעהָאט אִים גִיבְּרַאכְט אִין דֶער לֶעצְטֶער טוּרְמֶע פוּן וַואנֶען מֶען הָאט אִים גִיטְרֶעבֶּעוֶועט, דָאס אִיז אִין בֶּענֶעכְסִיפֶּער טוּרְמֶע, וֶוען מֶע אִיז פֶערְזוּנְקֶען אִין גְרוֹיסֶע צָרוֹת דַאן קָאן דָאס קְלֶענְסְטֶע גוּטֶע בֶּעגֶעבִּינְהַייט מַאכִין פְרֵיידִין, אוּנ דֶערוּם הָאט זִיךְ מְנַשֶׁה גִיפְרֵייט מִיט דֶעם וָואס בֶּענֶעכְסִיפֶּר טוּרְמֶע שְׁטֵייט אוֹיסִין שְׁטָאט, אוּנ מֶעהָאט אִים נִיט בֶּעדַארְפְט דוּרְךְ פִירִין מִיטִין אַטַאפּ דוּרְךְ דִי זֶעלְבֶּע גַאסִין אִין וֶועלְכֶע עֶר הָאט אַמָאהְל וִויא אַבּוּקֶעט גִילוֹיכְטִין, וִויא מֶעהָאט אִים שׁוֹין אִין טוּרְמֶע אַרַיין גִיפִירְט הָאט זִיךְ בַּייא אִים אַנַייעֶ קְוֶועלֶע פוּן טְרֶערִין גִיעֶפִינְט, עֶר הָאט זִיךְ גִיפִיהְלְט נָאהֶענְט פוּן זַיין דְרֶעזֶעלִין אוֹיפִין עֶרְד קְרַייז, אָבֶּער וַוייט פוּן אִיר וִויא דִיא הִימִיל פוּן דֶער עֶרְד,

דער

דָער צִימֶער אִין וֶועלְכִין מֶעהָאט אִים פַאר שְׁפַּארְט הָאט פוּן אִים אוּים גִילָאשְׁין דָעם לֶעצְטִין שְׁטְרַאל הָאפֶענוּנְג, דָעם צִימֶער הָאט מֶען שׁוֹין צוּא גִינְרֵייט פוּן פְרִיעֶר פַאר דָעם שְׁרֶעקְלִיכִין רַאזְבָּאנִיק מְנַשֶׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ, אוּנ וַוייל עֶר אִיז שׁוֹין אֵיין מָאל אַנְטְלָאפִין הָאט מֶען שׁוֹין גִימַאכְט מִיטְלֶען עֶר זָאל שׁוֹין מֶער נִיט אַנְטְלוֹיפִין, מֶעהָאט דָעם צִימֶער אַרוּם גִיזֶועהֶען עֶס זָאל זִיךְ אִין אִים אַשְׁפֶּעלְטֶעלֶע נִיט גִיפִינֶען, אַז דִיא זָאהְנֶע זָאל זִיךְ פַאר קֵיין פַאל אִין אִיר נִיט אַרַיין נַנְבֶענֶען, אוּנ דָער צוּא אֵיין אַייזֶערְנֶע טִיר, אוֹיךְ הָאט מֶען אִים בְּקְלֵיידֶעט אַז עֶר זָאל זִיךְ אַרִיר נִיט קָאנֶען טָאן, מֶעהָאט אִים אָן גִיטָאן קֵייטִין אוֹיף קֵייטִין אוֹיף דִיא הֶענְט אוּנ דִיא פִיס, דֶעם בֶּגֶד פוּן דִיא שַׁארֶע גִיוַואנְט הָאט מֶען אוֹיף אִים אַרוֹיף גִיצוֹיגִין, אוּנ מִיט אוּנְטֶער פִירֶער הָאט מֶען אִים אַרַיין גִיפִירְט אִין דֶעם צוּא גִיצִירְטִין פָּאקָאיי פוּן וֶועלְכִין מֶעהָאט מִיט אַוַויילֶע צוּרִיק אַרוּיס גִילָאזִין אַצֶעהְנְדְלִיג חֲזֵרִים, אָבֶּער זֵייעֶרֶע מִישְׁט אִיז גִיבְּלִיבִּין כְּדֵי מְנַשְׁהֶען זָאל וַוייכֶער זַיין צוּא שְׁלָאפִין, דֶער דַאמְפּ פוּן דֶעם צִימֶער הָאט אִים דֶעם אָטוּם פַאר נוּמֶען, מֶעהָאט בַּייא אִים אָפּ גִירוֹיבְּט דִי פְרַייהַייט צוּ אַטְהֶעמֶען מִיט פְרַייעֶ לוּפְט מִיט וֶועלְכֶע גָאט הָאט דִיא וֶועלְט עֶרְפִילְט אוּנ יֶעדֶערִין אִיז עֶס פְרַייא צוּ בַּקוּמֶען, אוּנ קֵיינֶער פַאר שְׁטֵייט דָאס נִיט וִויא טְהַייעֶר צוּ שֶׁעטְצִין, אוּנְזֶער מְנַשֶׁה הָאט עֶרְסְט פַאר שְׁטַאנֶען וִויא טְהַייעֶר דֶעם פְרַייעֶן וָואזְדוּךְ צוּא שָׁעטְצִין אָבֶּער עֶר הָאט אִים שׁוֹין נִיט גִיקָאנְט בַּקוּמֶען, מֶעהָאט אִים נָאךְ צוּם גַוואנְט צוּ גִישְׁמִיט, אוּנ אַז מֶעהָאט זִיךְ שׁוֹין מִיט אִים אַלְץ אִיסְפְּרַאוֶועט הָאט מֶען דִיא אַייזֶערְנֶע טִיר צוּ גִיהַאקְט. אוֹי! אִיךְ בִּין שׁוֹין פוּן אַלֶעם בֶּערוֹיבְּט! הָאט זִיךְ בַּייא מְנַשְׁהֶען פוּן הַארְצִין אַרוֹיס גִירִיסִין, זַיינֶע פִיס זַיינֶען פַאר זוּנְקֶען גִיוָוארִין אִין דִיא קוֹיט וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ דָארְטִין גִיפוּנֶען, אוּנ דְרוּם הָאט זִיךְ אִים גְרֵיילִיךְ נִיט גִיוָואלְט אַנִידֶער זֶעצִין, נָאר דִיא מַשָׂא פוּן דִיא קֵייטִין הָאט אִים מִיט גְוַואלְד אַרָאפּ גִיזֶעצְט, אִין אַקְלֵיינֶע וַוייל אִיז אִים אוֹיף דִיא גִידַאנְקֶען אַרִיבֶּער גִילָאפִין אַלְץ וָואס עֶס הָאט זִיךְ מִיט אִים דֶעם גַאנְצִין לֶעבִּין גִיפַּאסִירְט, זַיינֶע גְלִיקְלִיכֶע צַייטִין אוּנ זַיינֶע אוּנְגְלִיקִין, עֶר הָאט גִישְׁרִיעֶן פוּן גְרוֹיסֶע שְׁמֶערְצִין, „אִיךְ וֶועל פוּן זִיךְ אַלֵיין מַאכִין אַיין עֶנְד! — הָאט עֶר גִיזָאגְט — אִיךְ וֶועל זִיךְ דֶעם לֶעבִּין אַוֶועק נֶעמֶען אוּנ דַאן וֶועל אִיךְ מִיט אֵיין מָאל בֶּעפְרַייט וֶוערִין פוּן מַיינֶע צָרוֹת, אַדְיֶע מַיין טַייעֶרֶע דְרֶעזֶעלֶע! אַדְיֶע, פַאר בְּלַייבּ שׁוֹין דוּא אַלֵיין אוֹיף דֶער וֶועלְט וֶועלְכֶע אִיךְ ווִינְשׁ דִיר לַייכְטִין אַזוֹ וִויא זִיא אִיז פַאר מִיר פִינְשְׁטֶער גִיוֶועזִין, דוּא וֶועסְט שׁוֹין מִיר לֶעבֶּעדִיג מֶעהְר נִיט זֶעהְן“! מְנַשֶׁה הָאט זִיךְ גִיוָואלְט שְׁטֶעלִין, נָאר דִיא שְׁוֶועֶרע קֵייטִין הָאבִּין אִים דֶער מָאנְט אַז עֶר קָאן זִיךְ אַרִיר נִיט טָאן, דַאן הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן: אוֹי וֵויא אִיז מִיר! אַז אֲפִילוּ פוּן דֶעם פֶּערְגֶענִיגִין בִּין אִיךְ אוֹיךְ גִירוֹיבְּט, אִיךְ קָאן זִיךְ דֶעם טוֹיט אוֹיךְ נִיט פַאר שַׁאפִין וֶוען עֶר אִיז מִיר נֵייטִיג, אִיךְ וָואלְט מִיט מַיינֶע אֵייגֶענֶע הֶענְט מַיין זֶעלֶע בַּפְרַייעֶן פוּן אִיר גִיפֵיינְקְנִים, זִיא וָואלְט זִיךְ אָפּ טְרֵייסְלֶען פוּן מַיין קֶערְפֶּער מִיט דִיא יְסוּרִים צוּא זַאמֶען, נָאר דָאס אִיז שׁוֹין מִיר אוֹיךְ

אוּנמעגליך

אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ דֶער לַאנְגֶען , נָאר גְלַייךְ הָאט זִיךְ מְנַשֶׁה אִיבֶּער צַיינְט •וָואס הָאבּ אִיךְ דָא גִיוָואלְט טָאן ?! — הָאט עֶר צוּא זִיךְ גִיזָאגְט — אַזַאךְ וֶועלְכֶע אִיז בַּייא אוּנְז פַאר כָּאטִין , זֶעלְכֶעס וָואס דָאס אִיז גִירֶעכִינְט פַאר אַקַאפִּיטַאלְנֶע זִינְד , נַיין ! אִיךְ וֶועל דָאס נִיט טָאן , אִיךְ מָאג אִין אַזֶעלְכֶע יְסוּרִים פִיל טֶעג לִיגִין , נָאר וָואס רֵייד אִיךְ •אֵיינִיגֶע טֶעג״ ? וִויפִיל קָאן אִיךְ אוֹיס הַאלְטִין אִין זָא אַיין לַאנְגֶע ? מַיין לֶעבִּין מָאג זִיךְ שׁוֹין אִין שְׁטוּנְדְן צַיילִין , אִיךְ קָאן נָאךְ נוּר אֵיינִיגֶע שְׁטוּנְדִין לֶעבִּין אִין דִיזִין שְׁטִיק שְׁטָאף , מַיינֶע גִיבְּלִיטִין זַיינֶען צוּ הִיצְט אוּנ דֶער שְׁטָאף שְׁטִיקְט מִיר , אִיךְ וֶועל שׁוֹין פִיל נִיט צִיהֶען , מֶעדַארְף זִיךְ חָאטְשׁ אַרוּם זֶעהֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיף מַיין לֶעבִּין גִיטָאן , מֶעדַארְף פַאר פֶערְטִיגִין דִיא אָטְצָאטִין וֶועלְכֶע אִיךְ וֶועל אוּם גִיזַאמְט ׳ דַארְפִין אָפּ גֶעבִּין פַאר דֶעם רִיכְטֶער פוּן דִיא עֶוִויגֶע וֶועלְט!...

## שׁוֹין צַייט גִיהָאלְפִין צוּא וֶוערִין.

עֶס גִיבְּט אוּמְגְלִיקִין וֶועלְכֶע עֶרְצִינְדִין דִיא הַארְץ מִיט בְּרֶענִינְדֶע לַיידִין אָבֶּער נוּר אוֹיף דֶער הַייסֶער וַויילֶע , אוּנ וִויא נוּר דֶער אוּנְגְלִיק גֵייט דוּרְךְ דוּרְכִין קִילְשְׁטָאק פוּן דִיא צַייט , וֶוערְטֶעס אָפְּגִיקִילְט אוּנ בִּיסְלִיכְוַויים פַארְגֶעסִין , אָבֶּער נִיט אַלֶע אוּמְגְלִיקִין קָאן דִיא צַייט קִילִין , דֶער אוּמְגְלִיק וֶועלְכֶער אִיז נִיט סָאסְרֶעדָאטָאצֶעט נוּר אוֹיף דִיא צַייט אִין וֶועלְכֶע עֶר טְרֶעפְט זִיךְ , נוּר עֶר פִירְכְטֶעט אוֹיף עֶוִויג , אוֹיךְ דֶעם אוּמְגְלִיק וָועלְכִין מֶעהָאט אוֹיף זִיךְ אַלֵיין גִיבְּרַאכְט , אָט דִי אוּמְגְלִיקִין קָאן דִיא צַייט נִיט הַיילִין , אִין גֶעגִינְטְהֵייל וָואס מֶער צַייט מֶעלַיידֶעט פוּן אִים אוּנ מֶעהָאפְט וַוייטֶער צוּ לַיידִין קְרֵיינְקְט עֶס אַלְץ נָאךְ מֶער , אוֹיךְ קָאן מֶען זִיךְ אַלֵיין נִיט שֵׁיינְקֶען דֶעם אוּמְגְלִיק וֶועלְכִין מֶעהָאט אַלֵיין אוֹיף זִיךְ גִיבְּרַאכְט .

אוּנ אַזוֹ אִיז עֶס גִיוֶוען מִיט אוּנְזֶער דְרֶעזֶלִין דֶער פֶערְלוֹיף פוּן מֶער אַלֶעס אַיין יָאר הָאט אִיר נִיט גִיבְּרַאכְט קֵיין הֵיילוּנְג , אִין גֶעגִינְטְהַייל עֶס הָאט זִיךְ בַּייא אִיר פֶערְבְּרֵייטֶערְט דִיא ווּאוּנְדִין אִין הַארְצִין זֶעהֶענְדִיג טָאג פַאר טָאג דָאס אִיר הָאפֶענוּנְג אִיז פַאלְשׁ , אִיר טַייעֶרֶער מְנַשֶׁה קוּמְט נִיט , אוֹיךְ אִיז פוּן אִים קֵיין שְׁפּוּר נִיט צוּ דֶער גֵיין , אוּנ דִיא מִיהֶע וֶועלְכֶע מֶעהָאט אָנְגִיוֶוענְדֶעט אִים צוּ דֶער גֵיין אִיז אוּמְזָאנְסְט גִיבְּלִיבִּין , עֶס אִיז פוּן מְנַשְׁהֶען קֵיין סְלְיַאד נִיט גִיוֶוען צוּ עֶר פַארִין אוֹיךְ הָאט אִיר גִיגְרִיזֶעט דֶער סָאוֶועסְט דָאס זִיא הָאט דָאס אַלֵיין אוֹיף זִיךְ גִיבְּרַאכְט , הַיינְט וֶוער וַוייסְט וָואס מִיט מְנַשְׁהֶען הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין ? , זִיא הָאט אִיבֶּער גִירֶעכִינְט וָואס נוּר מֶעגְלִיךְ אִיז , עֶס הָאט אִיר אָפְטֶער בֶּעזוּכְט דֶער גִידַאנְקֶען „פִילֵייכְט לֶעבְּט עֶר שׁוֹין מֶער נִיט״ , אוּנ דֶער גִידַאנְקֶען הָאט אִיר וִויא מִיט אַפַייל דִיא קָאפּ דוּרְךְ גִישָׁאסִין דָאס הָאט אוֹיף אִיר גִיוָוארְפִין אַבֶּהָלָה אוּנ טוֹיט שְׁרֶעקֶענֶעס , אוּנ וֶוען זִיא פְלֶעגְט דֵיינְקֶען דָאס עֶר מוּז לַיידִין הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט מִיט שַׁאנְדֶע פְלֶעגְט זִיא זִיךְ דֶער מִיט שׁוֹין טְרֵייסְטִין , אַבִּיא עֶר לֶעבְּט אִיז דָאךְ מִיגְלִיךְ עֶר זָאל אַמָאל קוּמֶען , הַיינְט פְלֶעגִין אִיר גָאר וִוילְד פְרֶעמְדֶע מֶענְטְשִׁין שִׁיטִין זַאלְץ אוֹיף דִיא ווּאוּנְדִין , יֶעדֶער הַאט אִיר פַאר גִיהַאלְטִין דָאס וויא

וויא אַזוֹ האט זיא גאר גיגלויבט אויף מנשהען דאס ער זאל זיך פער אומצוכטין מיט איין פרעמדע פרוי, דאס אַלעס האט איר צו דער ערד פערבויגין, זיא האט ניט גיקאנט דיא קאפּ אויף הויבין איין מענטשין אין גיזיכט אנצוקוקין פון שאנדע, ווייל זיא הט גירעכינט איר אירטהום פיר דעם גרעסטין פערברעך דערום האט זיא גימיינט אז אַלע קוקין אויף איר וויא אויף איין פערעסטופּניצע, וויא אויף איין טיראנישע פרויא וועלכע האט מיט איר גיפּט איר מאן אין צרות פאר טריבין, אדער גאר פון דער וועלט אויף יענער וועלט ארויס גיאגט, אירע אויגין האבין נימאלס גיטריקינט, עס איז גיוועזן צו בעוואונדערין דאש קיין טרערין האט זיך בייא איר אונטער דיא לאנגע צייט ניט אויש גישעפּט, זיא איז קיין מאל פון איר צִימער ניט ארויס זיא האט זיך קיין מאהל ניט אנגיצייגין, בייא איר איז גאר פּשוט גיוועזן „כּאִשָּׁה חֲגוּרָה שַׂק עַל בַּעַל נְעוּרֶיהָ“ דאס הייסט „וויא איינע צערטליכע פרוי יאמערט נאך איהרעם גימאהלע דעם יוגענד“, נאר וועמען עס איז אטובה צו טאן איז זיא גילאפין וויא אהירש אונ זיא איז ניט מיד גיווארין גוטעס צו טאן, זיא האט ניט גיווארט ביז מעהאט פון איר גיפאדערט אטובה, נור זיא האט זיך אליין אנגישלאגין יענעם צו העלפין אין זיינע נויטין, דערום האט זיא אפט דיא טורמע בעזוכט ווייל דארטין פלעגט זיא אפט גיפינען זעלכע וואס נייטיגין זיך אין הילפע.

איין מאל שבת נאך האלבין טאג אַלעס דרעזעלע האט זיך צו גיקליבין דיא טורמע צו בעזוכין, האט מען איר אנגיזאגט דאש מעהאט הייטע פיל אידין מיטין אטאפּ ניבראכט, זיא האט זיך שבעתדינ אנגיקליידעט אונ איז היילינד גיגאנגען אין טורמע מיט דעם גידאנקען דאס פילייכט וועט זיא עפּעס וועמען קאנען העלפין, דורך יעדער גאס וועלכע זיא איז דורך גיגאנגען איז מען פון דיא הייזער ארויס גילאפין אויף איר צו קוקין „אט גייט דרעזעלע דיא וואלטהעטיגע, גיווים וועמען אטובה צו טאן“ — האט יעדער גיזאגט — „גאט מאג איר שוין ענטפערין ער זאל איר צו שיקין דעם וועמען זיא גארט צו זעהן“ מיט דיא ברכה האט איר יעדער בעגלייט, אונ זיא איז מיט גישווינטע טריט גיגאנגען דיא קאפּ אראפּ גילאזין, אין איר הארץ האבין אירע שפּירונגען גישטורעמט אירע גיפילין האבין גיקאכט וויא אקעסיל, אונ ניט וויסינדיג דיא אורזאכע האבין אירע אויגין גיפליסט טרערין, אירע ליפּין האבין זיך גישאקעלט ווייל זיא האט אפּ גישטאט איין גיבעט מיט דעם אינהאלט: א גאט! מיין טייערר מנשה איז פילייכט אויך ערגעץ אין אטורמע איין גישפּארט, אדער ער ליידעט אנדערע מאנגלען הונגער אונ קעלט אונ שאנדע אויב ער לעבט נאר, בעט איך דיר ליבער שעפּער! דאס זא גלייך וויא איך בעמיהע מיך גוטעס צו טאן מיט ליידינדע זעלין זא זאלסט דוא צו שיקין הילפע דורך ערבארעמליכע מענטשין צו מיין מנשהען! זייא זאלין אים פון זיינע נויטין אויס ציהען, אונ איך זאל דער לעבין זיין לויכטיגין גיזיכט אנצוקוקין!... אה גאט! עס איז שוין צייט מיר צו

ענטפערין

עֶנְטְפֶערִין! . . . מִיט דִיא גִידַאנְקֶען אִיז דְרָעזֶעלֶע גִינַאנְגֶען צוּם טוּרְמֶע בִּיז זִיא אִיז דוּרְכִין טוֹיֶער דוּרְךְ.

## 35) דֶער שְׁטוּדִירֶען מוּז אִין גִיהֵיים בְּלַייבִּין.

וִויא מֶעהָאט מְנַשְׁהֶען אִין זַיין צִימְמֶער פֶּערְפַּאקְט, הָאבִּין אַיינִיגֶע סָאלְדַאטִין גִיזָאגְט פַאר דֶעם נַאצַאלְנִיק פוּן טוּרְמֶע אוֹיךְ פַאר דֶעם סְלֶעדֶעוַואטֶעל— וֶועלְכֶער אִיז גְלַייךְ גִיקוּמֶען וִויא מֶעהָאט אִים אָנְגִיזָאגְט דָאס מֶעהָאט דֶעם אַנְטְלָאפֶענֶעם מֶערְדֶער גִיבְּרַאכְט: אַז דֶער רֶעסְטַאנְט אִיז נִיט דֶער זֶעלְבֶּער בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ וֶועלְכֶער אִיז אַנְטְלָאפִין, אוּנ אוֹיךְ אַלֶע רֶעסְטַאנְטִין הָאבִּין דָאשׁ זֶעלְבֶּע גִיזָאגְט, דֶער סְלֶעדֶעוַואטֶעל הָאט גְלַייךְ וֶועגִין דֶעם גִימַאכְט אַיין פְּרָאטָקָאל אוּנ הָאט גִיוָואלְט דִיא עֵדוּת וֶועגִין דֶעם אוֹיס פְּרֶעגִין, עֶר הָאט גִישִׁיקְט נָאכִין שְׁוַואשְׁצֶענִיק אוֹיךְ נָאךְ דֶעם רַאבִּינֶער זֵייא זָאלִין שְׁוֶוערִין מִיט דִיא עֵדוּת, אוּנ וִויא דֶער רַאבִּינֶער אִיז אִין טוּרְמֶע גִיקוּמֶען אוּנ הָאט זִיךְ דֶער וואוּסְט אַז מֶעהָאט דָא גִיבְּרַאכְט זַיין גוּטִין פְרַיינְד מְנַשֶּׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ, הָאט עֶר גִישְׁוִוינְד אָפּ גִישְׁוָוארִין מִיט דִיא עֵדוּת אוּנ אִיז גְלַייךְ גִינַאנְגֶען אִיבֶּער קוּקִין דִיא פַּאפִּירִין פוּן מְנַשְׁהֶעס דֶיעלֶע, עֶר הָאט דָארְטִין גִיזֶעהֶן מִיט וָואס מֶע אָבְּווִינַאיֶעט (בֶּעשׁוּלְדִיגְט) עֶם, אוֹיךְ הָאט עֶר גִיפוּנֶען דֶעם בֶּערְלִינֶער פְּרָאפֶעסֶערְס דָאקְטָאוְויֶערֶענֶע אַז עֶר הָאט גִישְׁטוּדִירְט אִין מֶעדִיצִינְסְקִין פַּאקוּלְטֶעט דֶעם גַאנְצִין יָאר, עֶר הָאט גְלַייךְ פַארְשְׁטַאנֶען וָואס דָא אִיז פַאר אַיין טָעוּת, אוּנ עֶר הָאט דָאשׁ דֶעם סְלֶעדֶעוַואטֶעל גוּט עֶרְקְלֶערְט, אַז דֶער מֶערְדֶער הָאט זִיךְ נָאר גִיפָּאלְזֶעוֶועט מִיט מְנַשְׁהֶעס פַּאסְפָּארְט, אוֹיךְ הָאבִּין אַלֶע עֵדוּת גִיזָאגְט אַז דֶער אִיז נִיט דֶער זֶעלְבֶּער וִויא יֶענֶער מֶערְדֶער, אוּנ פוּן אַלְץ הָאט דֶער סְלֶעדִיוַואטֶעל עֶרְקַאנְט דָאס דֶער מְנַשֶּׁה אִיז גָאר קֵיין פַארְבְּרֶעכֶער, נוּר דֶער מֶערְדֶער הָאט גִיזִינְדִיגְט אוֹיף מְנַשֶּׁה'ס רֶעכְנוּנְג, דֶערוּם הָאט דֶר סְלֶעדֶעוַואטֶעל גִיהֵייסִין מְנַשְׁהֶען גְלַייךְ בֶּעפְרַייֶען, אוּנ הָאט גִיהֵייסִין מֶעזָאל דֶעם אִישְׁבָּארְצִיק אַרֶעסְטִירִין וַוייל עֶר הָאט אַמֶערְדֶער אַרוֹישׁ גִיגֶעבִּין אַפַּאסְפָּארְט אוֹיף אַפְרֶעמְדִין נָאמֶען, דֶער רַאבִּינֶער יִצְחָק לֶעאָנְטַאל אִיז וִויא אַפַּייל פוּן בּוֹיגִין גִילָאפִין מִיט דִיא בֶּעדִינְטֶע פוּן טוּרְמֶע צוּ עֶפֶענֶען דִיא טִיר פוּן מְנַשְׁהֶעס גִיפֵיינְקְנִישׁ אוּנ לֵייז צוּ לָאזִין אִים פוּן דִיא שְׁוֶוערֶע קֵייטִין, וִויא מֶעהָאט אָנְגִיהוֹיבִּין אָפּ צוּ שְׁלִיסִין דִיא טִיר פוּן מְנַשְׁהֶעס צִימְמֶער הָאט זִיךְ גִיהֶערְט מְנַשְׁהֶעס שְׁטִים פוּן אִינֶעוַוייניג מִיט דִיא וֶוערְטֶער: וַוייא אִיז מִיר! אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִיהָאפְט דָאס מַיין עֶנְדֶע אִיז נָאהִינְט, דָאס אִיךְ וֶועל שׁוֹין דֶער שְׁטִיקְט וֶוערִין אִין דֶעם פִינְסְטֶערִין קֶבֶר, אָבֶּער נֵיין! מֶעוִויל מִיר נָאךְ מַאטֶערִין, מֶע עֶפִינְט יֶעצְט דִיא טִיר אוּנ אִיךְ וֶועל זִיךְ אָפּ פְרִישִׁין מִיט פְרִישִׁין לוּפְט, אֶ גָאט! וֶוער וֵויים וִויפִיל אִיךְ וֶועל זִיךְ אָנְמַאטֶערִין בִּיז דֶער טוֹיט וֶועט מִיך בֶּעפְרַייֶען! . . . דָא נֶעמְט מֶען מִיר אוֹיפִין דַאפְּרָאס, וֶוער וֵוייסְט וָואס פַאר אַשׁוּלְד מַיין שְׁוֶוער הָאט אוֹיף מִיר אַרוֹיף גִיוָוארְפִין?! . . . „נֵיין נֵיין"! הָאט דֶער רַאבִּינֶער פוּן דְרוֹיסִין גִישְׁרִיעֶן — „מֶע נֶעמְט אַייךְ נִיט אוֹיפִין דַאפְּרָאס, נוּר

מיעפינט

מִיעֶפֶּעְנְט אַייךְ דִיא מִיר אוּם פְרַייא צוּ לָאזִין אוּנ פוּן דִיא לִיכְטִיגֶע וֶועלְט עֶטְוָואס פֶערְגְנִיגִין צוּ גִינִיסִין", דִיא מִיר הָאט זִיךְ גִיעֶפִינְט אוּנ דֶער רַאבִּינֶער אִיז צוּ מְנַשְׁהֶען צוּ גִילָאפִין אוּנ אִיז אִים אוֹיפִין הַאלְז אַרוֹיף גִיפַאלִין אוּנ פַאר פְרַיידֶע הָאבִּין בַּיידֶע אַיין וָוארְט נִיט גִיקָאנְט אוֹיס רֵידִין נוּר מִיט אַיינֶעם לַאנְגֶען קוּשׁ הָאבִּין זִיךְ דִיא פְרַיינְד בֶּעווִירְדִיגְט, דִיא דִינֶער הָאבִּין זַיי דֶער מָאנְט אַז עֶס אִיז נַייטִיג פָאר הֶער דִיא קַייטִין אַרָאפּ צוּ נֶעמֶען פוּן דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגִין אַרֶעסְטַאנְט, דִיא קַייטִין זַיינֶען אַרוּנְטֶער גִינוּמֶען גִיוָוארִין אוּנ מְנַשֶּׁה מִיטִין רַאבִּינֶער זַיינֶען אוֹיפִין הוֹיף אַרוֹיס, יֶעדֶער מֶענְטְשׁ קָאן זִיךְ פָאר שְׁטֶעלִין דִיא פְרַיידֶע וֶועלְכֶע מְנַשֶּׁה אוֹיךְ דֶער רַאבִּינֶער הָאבִּין דַאן גִיהַאט, מְנַשֶּׁה הָאט זִיךְ גִיפְרַייעֶט מִיט דֶעם וָואס אִין אַיין אוֹיגִינְבְּלִיק אִיז עֶר אוֹיס גִילַייזְט גִיוָוארִין פוּן טוֹיט צוּם לֶעבִּין, עֶר אִיז דֶעם רַאבִּינֶער אוֹיפִין הַאלְדְז גִיפַאלִין אוּנ הָאט אִים בֶּעשָׁאטִין מִיט קִישׁוּנְגֶע אוּנ פְרַיידִין טְרֶערִין הָאבִּין פוּן אִים גִיפְלִישְׁט ווִיא פוּן אַקְוָואל „אִיךְ וֶועל עֶס אִימֶער נִיט פֶערְגֶעסִין דָאס וָואס אִיר הָאט מִיט מִיר הַייטֶע גִיטָאן" הָאט עֶר גִיזָאגְט צוּם רַאבִּינֶער, אוּנ דֶער רַאבִּינֶער הָאט זִיךְ גִיפְרֵייט, עֶרְסְטִינְס דֶער מִיט וָואס עֶס הָאט אִים גִיגָאלְטִין מְנַשְׁהֶען אַטוֹּבָה צוּ טָאן, אוֹיךְ הָאט עֶר גִיווָאוּסְט ווִיא דְרֶעזֶעלֶע טְרוֹיעֶרְט נָאךְ מְנַשְׁהֶען, הַיינְט ווִיא גְרוֹיס וֶועט דָאס זַיין אִיר פְרַיידֶע וֶוען עֶר (דֶער רַאבִּינֶער) וֶועט צוּ אִיר מְנַשְׁהֶען בְּרֵיינְגֶען גָאר אוּם גִירִיכְט, דֶער רַאבִּינֶער הָאט אַרִיבֶּער גִישִׁיקְט צוּ הוֹיזֶע נָאךְ קְלֵיידֶער מְנַשְׁהֶען אִיבֶּער צוּ קְלֵיידִין, „וואוּ זָאל אִיךְ יֶעצְט גֵיין" — פְרֶעגְט מְנַשֶּׁה — „וֶוען אִיךְ בִּין דוּרְךְ אַייךְ אוֹיס גִילֵייזְט גִיוָוארִין פוּן דֶעם שׁוּלְד וֶועלְכִין מַיין שְׁוֶוער הָאט אוֹיף מִיר גִיבְּרַאכְט פִּירְכְטֶע אִיךְ זִיךְ פִּילַייכְט וֶועט עֶר אוֹיף מִיר אוֹיף דָאס נַייא אַשׁוּלְד אַרוֹיף וַוארְפִין אוּנ דֶערוּם מוּז אִיךְ גְלַייךְ וַוייכִין פוּן הִיר, אוּנ אִיךְ וֶועל זִיךְ נִיט קָאנֶען זֶעהְן מִיט מַיין טַייעֶרֶע דְרֶעזֶעלֶען!... אָ דֶער רַאבִּינֶער הָאט עֶר קָאנְט פוּן מְנַשְׁהֶעס רֵייד, אַז עֶר וֶוייס גָאר נִיט פַאר וָואס עֶר אִיז גִיזֶעסִין, אוּנ אִיז אִין דֶעם חוֹשֵׁד זַיין שְׁוֶוער אוּנ שְׁווִיגֶער, אוּנ אוֹיךְ וַייס נָאךְ מְנַשֶּׁה נִיט אַז עֶשׁ אִיז שׁוֹין עֶרְקְלֶערְט גִיוָוארִין זַיין אוּנְשׁוּלְד דָאס יֶענֶע פְרֶעמְדֶע פְרוֹיא אִיז גָאר זַיין מוּטֶער גִיוֶועְן, דָאס אַלְץ הָאט דֶער רַאבִּינֶער פַארְשְׁטַאנֶען, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ דַאמִיט גִיפְרֵייט, עֶר הָאט אִים קַיין זַאךְ נִיט אוֹיס גִיזָאגְט אוּם דֶעם מְנַשְׁהֶעס פְרַיידֶע זָאל גְרֶעסֶער זַיין אַלֶעס עֶר וֶועט דְרֶעזֶעלֶען דֶער זֶעהֶן, אוּנ וֶועט זִיךְ דֶער ווִיסִין דָאס זַיין אוּנְשׁוּלְד אִיז אִיר שׁוֹין בֶּעקַאנְט, דֶער רַאבִּינֶער הָאט מְנַשְׁהֶען גִיפְרֶעגְט: „אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶן אִין דִיא פַּאפִּירִין פוּן אַייעֶר דְיָעלָא דָאס מֶעהָאט אַייךְ פוּן בֶּרְלִין גִיבְּרַאכְט, אִיר הָאט דָארְטִין דָאקְטֶער גִישְׁטוּדִירְט"? יַא אִיךְ הָאבּ שׁוֹין צַייט אַיָאר גִישְׁטוּדִירְט דָאקְטֶער אִין בֶּרְלִין אוּנ אִיךְ בִּין שׁוֹין גַאנְץ וַוייט אַרֵיין גִיפָארִין, נָאר דִיא סִיבָּה הָאט מִיר גָאר צוּ מִישְׁט, אִיךְ וַייס יֶעצְט גָאר נִיט וואוּ אִיךְ זָאל זִיךְ קֶערִין?.

אִיךְ וֶועל מִיט אַייךְ גֵיין צוּ אַייעֶר פְרוֹיא אוּנ שְׁוֶוער אוּנ שְׁווִיגֶער, — הָאט צוּ אִים דֶער רַאבִּינֶער גִיזָאגְט.

איך

אִיךְ פִירְכְטֶע זִיךְ פַאר זַייא — זָאגְט מְנַשֶּׁה — פִילַייכְט וֶועלִין זַייא מִיר
וַוייטֶער בֶּעהַאנְדְלֶען וִויא פָארְהֶער.

שְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט — זָאגְט דֶער רַאבִּינֶער — אִיךְ וֶועל מִיט אֵייךְ גֵייְן אוּנ
אִיךְ וֶועל צוּ ווִישֶׁין אֵייךְ פְּרִידִין שְׁלִיסִין.

אָבֶּער פָארְהֶער מוּזְט אִיר מִיר צוּ שְׁוֶוערִין אִין נָאמֶען דָאשׁ אִיר
זָאלְט מַיין שְׁטוּדִירִין אִין בֶּרְלִין גִיהַיים הַאלְטִין, אִיר זָאלְט דָאס פוּן אֵייעֶר
מוּנְד נִימַאנְדִין אַרוֹיס זָאגִין, ווָארוּם אִיר וַוייסְט דָאךְ דָאס מַיין פְרוֹיא וִויא אוֹיךְ
אִירֶע עֶלְטֶערִין זַיינֶען אַלְט מָאדֶעס גִיזָאהְנֶען, אוּנ וָוען זַייא וֶועלִין זִיךְ דֶער
וִויסִין פוּן מַיין שְׁטוּדִירִין וֶועט זַייא דֶעם צָארִין אוֹיף רַייצִין, אוּנ אוֹיךְ וֶועט
שׁוֹין מִיר אוּנְמֶעגְלִיךְ זַיין פוּן זַייא זִיךְ אַרוֹיס צוּ רַייסִין מַיין שְׁטוּדְיוּם צוּ עֶנְדִיגִין,
זָעט אִיךְ בֶּעט אֵייךְ שְׁוֶוערְט עֶס מִיר צוּ — הָאט מְנַשֶּׁה דֶעם רַאבִּינֶער גִיבֶּעטִין.

אִיךְ שְׁוֶוער בַּייא גָאט דָאס אִיךְ זָאל עֶס פַאר אַשְׁטְרֵיינְגִין גִיהַיים הַאלְטִין,
הָאט דֶער רַאבִּינֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר זַייא וֶועלִין דָאךְ אֵייךְ גִיווִיס פְרֶעגִין וואוּ
אִיר זַייט דֶעם יָאר גִיוֶועזֶען, וָואס וֶועט אִיר זַייא עֶנְטְפֶערִין?.

אִיךְ וֶועל זַיי וִויא עֶס אִיז פַאר שְׁווִינְדְלֶען, אָבֶּער פוּן שְׁטוּדִירִין טָאר אִיךְ זַיי
פַאר קַיין פַאל נִיט עֶנְדֶעקִין, אוּנ וָוען עֶס וֶועט מִיר יֶעצְט גִילְטִין מִיט אֵייעֶר
הִילְף מִיט מַיין פְרוֹיא אוּנ אִירֶע עֶלְטֶערִין פְרִידִין צוּ שְׁלִיסִין, וֶועל אִיךְ דָא אִיר
נִיט פִיל פַאר זָאמֶען, אִיךְ וֶועל נוּר אַפָּאר מָאנַהַייטִין פַאר בְּרֵיינְגֶען אוּנ נָאכְהֶער
וֶועל אִיךְ אִים גִיהַיים וַוייטֶער קַיין בֶּרְלִין רַייזִין מַיין סְטוּדְיוּם צוּ עֶנְדִיגִין אוּנ אִיר
זָאלְט דִיא גִיהַיימְנִיס הִיטִין בִּיז אִיךְ וֶועל פוּן בֶּרְלִין דָאקְטֶער אַרָאפּ קוּמֶען אוּנ
אַזוֹ רֵיידִינְדִיג זַיינֶען זַייא אִיבֶּערִין הוֹיף פוּן טוּרְמֶע אַרוּם גִיגַאנְגֶען, וַוייל מְנַשֶּׁה
הָאט עֶרְוַוארְט עֶס זָאל אוּנְטֶער גִישְׁרִיבִּין וֶוערִין זַיין בֶּעפְרַייאוּנְגְס קַארְט.

## 36) פִּדְיוֹן שְׁבוּיִם.

דְרֶעזָעלֶע אִיז נֶעבַּאךְ מִיט אִיר פַאר בִּיטֶערְט הַארְץ אַרֵיין אוֹיפִין הוֹיף פוּן
טוּרְמֶע, דִיא קָאפּ אַרָאפּ גִילָאזְין אוּנ פֶערְטִיפְט אִין אִירֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע גִידַאנְקֶען,
מִיט אַמָאל הָאט זִיא אִיר קָאפּ אוֹיף גִיהוֹיבִּין אוּנ זִיא הָאט גְלַייךְ דֶער זָעהֶן וִויא
דֶער רַאבִּינֶער מִיט מְנַשֶּׁהְן שְׁטַייעֶן גֶעגִין אִיר, דִיזֶע פְּלוֹצְלוּנְגֶע עֶרְשַׁיינוּנְג הָאט
אִיר דִיא אוֹיגִין פַארְבְּלַאנְקְט, זִיא אִיז פַאר גְרָאס פְרֵיידֶע גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין אוֹיפִין
אָרְט וִויא אַצוּ גִישְׁמִידְטֶע, אוּנ זָא גְלַייךְ אִיז מְנַשֶּׁה גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין וִויא אַשְׁטַאטוּעֶ
פַאר פְרֵיידֶע אוּנ שְׁרֶעק, נָאר דֶער רַאבִּינֶער הָאט זַייא עֶרְמִינְטֶערְט מִיט זַיין
גִישְׁרֵייא: אִיר גְלִיקְלִיכֶע פָּאר! פֶערְבְּרֵיינְגְט נִיט אֵייעֶרֶע גְלִיקְלִיכְסְטֶע זֶעקוּנְדִין
אִין שְׁטִיל שְׁווַייגִין! דָא הָאט דְרֶעזֶעל פֶערְשְׁפְּרֵייט אִירֶע הֶענְט צוּם הִימְעֶל אוּנ
הָאט אוֹיס גִישְׁרִיעֶן: אָ גָאט! דוּא הָאסְט מִיר גִיעֶנְטְפֶערְט! אוּנ נָאכְהֶער זַיינֶען זַיי
בֵּיידֶע זִיךְ גִיפַאלִין אוֹיף דִיא הֶעלְדְזֶער אוּנ הָאבִּין זִיךְ אוֹיף גִקְלַאמֶערְט וִויא אַיין
קֶערְפֶּער מִיט אַלַאנְגִין הֵייסִין קוּשׁ אוּנ זַייעֶרֶע פְרֵיידִין טְרֶערִין הָאבִּין זִיךְ צוּ זַאמֶען
גִימִישְׁט אוֹיף זַייעֶרֶע גִיזִיכְטִין, מַיין טַייעֶרֶער מְנַשֶּׁה! מַיין לִיבְּטֶע אוּנ מַיין הִילְף!

האט

הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִישְׁרִיעֶן פַּאלִינְדִיג אִים צוּ דִיא פִּיס — פֶּערְצַיְהֵייֶע מִיר מַיין לַייכְטְזִינִיגְקַייט! דוּרְךְ מַיינֶע נַארִישְׁקַייט הָאסְטוּ גִיוִויס פִּיל גִילִיטְן, אִיךְ הָאבּ דָאס אָבֶּער גִיטָאן אוּנְוִויסִינְדִיג... אִיךְ הָאבּ נִיט גִיוואוּסְט אַז דָאס אִיז דַיין מוּטֶער... אָבֶּער פֶּערְצַיְהֵייֶע מִיר דֶערוֹיף וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען דִיר צוּ פֶּערְדַאכְטִין... „מְנַשֶּׁה הָאט אִיר אוֹיף גִישְׁטֶעלְט אוּנ הָאט אוֹיש גִישְׁרִיעֶן: „מַיין לִיבֶּע דְרֶעזֶעלֶע! מַיין אֵיינְצִיגֶער טְרַייסְט! אִיךְ בִּין יֶעצְט אִין צְוֵוייֶען גְלִיקְלִיךְ! מִיט דֶעם וָואס אִיךְ זֶע דִיר מַיין זֶעלֶע! אוּנ אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ גִיפוּנֶען דַיין הַארְץ אִיבֶּער גֶעבִּין אוּנ טְרַייא צוּ מִיר, דוּא וֵוייסְט שׁוֹין מַיין אוּנְשׁוּלְד!...» דִיא גְלִיקְלִיכֶע פָּאר הָאבִּין זִיךְ וִוידֶערְם אוּמְגִיאַרֶעמְט אוּנ הֶערוֹיסְגִיבְּרַאכְט פְרֵיידִין וֶוערְטֶער, נָאר וֶוער אִיז דָאס אִים שְׁטַאנְדֶע אוֹיס צוּ שְׁרַייבִּין דִיא רִירִינְדֶע פְרֵיידֶע שְׁצֶענֶע וָועלְכֶע אִיז דָארְטִין גִיוֶוען, מִיר קָאנֶען זִיךְ נוּר פוּן דֶעם פָּארְשְׁטֶעלִין וִויא טְרַאגַאטֶעלְנֶע דִיא שְׁצֶענֶע אִיז גִיוֶוען דָאס זָאגַאר דִיא סָאלְדַאטִין אוֹיךְ דִיא מֶערְדֶערְשֶׁע רֶעסְטַאנְטִין וֶועלְכֶע זַיינֶען דֶער בַּייא גִישְׁטַאנֶען זַיינֶען אוֹיךְ נִיט גִיבְּלִיבִּין גְלַייכְגִילְטִיג בַּייא דִיזֶער שְׁצֶענֶע, אַקְוָועלֶע טְרֶערִין הָאט זִיךְ פוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגִין אַרוֹיס גִיגָאסִין, אוּנ עֶס אִיז דֶער בַּייא פִּיל פְרֵיידִין טְרֶערִין פַאר גָאשִׁין גִיוָוארִין.

אוּנְזָער בֵּייֶע גְלִיקְלִיכֶע פָּאר פָאלְג זַיינֶען זִיךְ גִיגַאנְגֶען מִיט דִיא בֶּעגְלַייטוּנְג פוּן דֶעם רַאבִּינֶער פוּן טוּרְמֶע צוּ הוֹיזֶע, פוּן אַלֶע הַייזֶער אִיז מֶען אַרוֹיס גִילָאפִין אוּנ פַאר פְרֵיידֶע הָאט מֶען מִיט דִיא הֶענְט גִיפַּאצְט, אוּנ נִיט וִויסִינְדִיג וָואס צוּ טָאן הָאט מֶען מִיט אֵיין קוֹל פוּן אַלֶע זַייטִין גִישְׁרִיעֶן צוּ זֵייא „מַזָל טוֹב! מַזָל טוֹב“! בַּייא יֶעדִין הָאט זִיךְ פוּן דִיא אוֹיגִין גִיקַייקִילְט טְרֶערִין פַאר שִׂמְחָה, יֶעדֶערִין הָאט דִיזֶער גַאסְט שְׁטַארְק אִינְטֶערֶעסִירְט, אוּנ יֶעדֶער הָאט זִיךְ גִיהַיילְט צוּ דֶער מִצְוָה צוּ לוֹיפִין אָנְזָאגִין אִין אֲשֶׁר יַעֲקִילְס הוֹיז פוּן דֶעם נִיט גִירִיכְטִין גַאסְט, דִי גְלִיקְלִיכֶע פָּאר זַיינֶען אוֹיךְ פֶערְבַּייא גִיגַאנְגֶען דִיא הוֹיז פוּן שְׁמֶערִיל דֶעם שׁוֹחֵט, אוּנ שְׁמֶערִיל אִיז אוֹיךְ גְלַייךְ צוּ זֵייא אַרוֹיס גִילָאפִין מִיט אַגִימַאכְט פְרֵיידֶע אוּנ אִיז מְנַשֶּׁהֶען אוֹיפִין הַאלְדְז גִיפַאלִין אוּנ הָאט אִים גִישְׁוָוארִין בַּייא בָּארְד אוּנ פֵּיאוֹת; דָאס עֶר הָאט צַייט זַיין לֶעבִּין נִיט גִיהַאט אַזַא אַשִׂמְחָה וִויא אִיצְטֶער מִיט זַיין צוּרִיק קוּמֶען, מְנַשֶּׁה הָאט אִים פַאר זַיין סַאצוּאוּסְטִוֶועע גִידַאנְקְט אוּנ הָאט גִיזָאגְט: דָאס עֶר הָאט נָאךְ נִיט פַאר גֶעסִין דִיא טוֹבָה וָועלְכֶע שְׁמֶערִיל הָאט מִיט אִים גִיטָאן פַאר זַיין אַנְטְלוֹיפִין מִיט דִיא עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל וֶועלְכֶע עֶר הָאט אִים גִיגֶעבִּין, וָוען דִיא פָאר פָאלְג זַיינֶען צוּ הוֹיזֶע גִיקוּמֶען הָאבִּין זֵייא שׁוֹין גִיפוּנֶען דִיא שְׁטוּבּ גִיפַּאקְט מִיט מֶענְטְשִׁין, וַוייל יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער הָאט זִיךְ מִיט מְנַשֶּׁהֶען גִיפְרֵייט, עֶר אִיז גִילִיבְּט גִיוֶוען פוּן אַלֶעמֶען, אוּנ מִיר קָאנֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט פָארְשְׁטֶעלִין דִיא פְרֵיילִיכֶע שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם וָועלְכֶע מְנַשֶּׁה הָאט בֶּעקוּמֶען, עֶס אִיז דָארְטִין גִיוֶוען פְרֵיידֶע אִיבֶּער פְרֵיידֶע פִּיל גִיוַויינְט אוּנ גִילַאכְט, עֶס אִיז דָארְטִין וִוידֶער הָאלְט גִיוָוארִין דִיא גַאנְצֶע שְׁצֶענֶע פוּן מְנַשֶּׁהֶעס מוּטֶער וֶועלְכֶע אִיז זֵייא פָאר גִיקוּמֶען אַלֶעם אֵיין פְרֶעמְדֶע אוּנ מֶעהָאט דָאס דֶער צֵיילְט אִין פְרֵיידִין, אוּנ חַיֶענֶעלֶע הָאט

אויך

אויך גימוזט שפילן דיא ראלע גלייך מיט אלעמען .

אין דעם זעלבין טאג וואס דיא שבאט האט גיקאכט מיט דעם נאסט , וואז מע איז גיגאנגען אונ גישטאנען האט מען אלץ גיהערט וויא מע דערציילט מיט פריידע דיא ניסים וועלכע גאט האט גיטאן מיט דיא פרומע דרעזעלין אונ גראדע אין דער ווײלע וואס זיא איז גיגאנגען אין אדבר מצוה, אין דעם זעלבין טאג איז אביסיל דיא שמחה פארשטערט גיווארין דורך דעם וואס מע האט פון עלער הויט דעם איסבארשציק אין קייטין אראפ גיפירט אין טורמע , ביא נאכט איז גלייך גיווארין אגרויסע אסיפה, דיא דאפוטאטין האבין גישריען אז עס איז ארציהה פון אשטאט אז דער איסבארשציק זאל ליידין פאר קהלשע אנטערסין אונ מעזאל אים לאזין פאלין, אם כן וועט דאך קיינער ניט וועלין זיין קיין איסבארשציק (!!) האבין זייא גישריען — אונ פון דער אסיפה איז ארויס... דוא פאר שטייסט וואס מיין ליבער לעזער? מן הסתם אז מעזאל מאבין אקראבקע אויף גאזע, אונ אז דאס האט אויך ניט גיקלעקט האט מען גיקלאפט דיא ארימע אידעליך איבער דיא פוסטע קעשענעס מיט ראסקלאדין , אונ מע איז אויפין לאנד אויך ארום גיפארין אויף דיא מצוה פדיון שבוים, אונ דער איסבארשציק איז גיבליבין איין איסבארשציק דען ער איז באלד פרייא גיווארין , — אונ אין דער אמת וואז איז דער יושר מעזאל לאזין פאלין אמענטשין איבער קהלשע גישעפטין? ער איז דאך פארט איין עוסק בצרכי ציבור (באמונה ?) , איי פאר וואס האט ער אין קהל ניט אפגיגעבין דעם פינף אונ צוואנציגער וועלכין ער האט פארין פאספארט גינומען ביא דעם גנב ? דאס איז טאקע אקשיה, אונ דער תירוץ איז נאר דער פארצייטיגער עבדים היינו... דאס הייסט : מיר זיינען אמאל גיוועזן קנעכט צו פרעה'ן , אונ היינט דינען מיר פאנשציזנע צום איסבארשיק אונ דאפוטאטין .

## 37) דאס בעקלאגין.

זימל וויינשטאקס פלוצלונגער פערשוואונדין ווערין איז ביא אלעמען איין רעטזאל גיוועזין, קיינער האט ניט גיוואוסט וואו ער איז אהין גיקומען, מאנכע האבין גיזאגט דאס ער איז פון הארץ קלעמענעס פון דעם וואס זאהנשיין וויל שליסין מיט רעבעקין איין אנדער פארטייא אנטלאפין גיווארין , אום זיינע אויגין זאלין ניט זעהן זיינע שמערצין , אונ מאנכע האבין גיזאגט דאס ער האט זיך גיוויס דער טרונקען פון שמערצין , אונ אטייל האבין גיזאגט, דאס ער האט זיך אומגעברין דער טרונקען , אונ יעדערער נאך זיין שיטה האט גיהאט גינוג ראיות צו ברייינגען .

אלע מענטשין וועלכע האבין אים נאר גיקאנט, אונטער וועלכע עס וואר אויך אונזער מנשה בלומענקראנץ , האבין אים שטארק בעדויערט , אבער מער פאר אלעמען האבין נאך עם זיינע עלטערין אונ אויך רעבעקע גיקלאגט אונ גימיינט, דיא עלטערין וויא נאך אטייערין בן יחיד, אונ רעבעקע וויא נאך

אגליבטן

אַגִילִיבְּטִין הָאבִּין מַייכִין טְרֶערִין פֶערְגָאסִין , דִיא אוֹיגִין הָאט זַיי נִיט גִיטְרִיקִינְט , אוּנ הָאבִּין פַאר זִיךְ קַיין טְרֻויסְט נִיט גִיפוּנֶען .

זַיינֶע עֶלְטֶערִין זַיינֶען פוּן יְסוּרִים גְרָאה אוּנ אַלְט גִיוָוארִין, אוּנ הָאטְשׁ אַבְרָהָם וַויינְשְׁטָאק אִיז נָאךְ אַמִיטֶעלֶער אִיד גִיוֶועזֶן אִיז עֶר פוּן זַיין צָרָה גִיוָוארִין אַיינְגִיבֵּייגִין אִין דְרַייעֶן אַז קֵיינֶער הָאט אִים נִיט דֶער קָאנְט, שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ שׁוֹיעֶרְלִיךְ אִיז גִיוֶועזֶן צוּ זֶעהֶן וֶוען זַיין מוּטֶער לִיפְּשֶׁע פְלֶעגְט גֵיין אוֹיפִּין גַאס אוּנ פְלֶעגְט דֶער זֶעהֶן אַיינֶעם פוּן אִיר זִימִילְס חֲבֵירִים, זִיא פְלֶעגְט דִיא הֶענְט פַאר בְּרֶעכִין אוּנ דִיא הָאר פוּן קָאפּ רַייסִין אוּנ פְלֶעגְט שְׁרַייעֶן מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין: וואוּ אִיז מַיין קִינְד!... וואוּ אִיז מַיין קִינְד!... וואוּ אִיז מַיין טַייעֶרֶער בֶּן יָחִידִיל... וואוּ הָאבִּין זִיךְ דַיינֶע בֵּיינְדֶעלִיךְ פֶערְוַואלְגֶערְט!... אִיךְ הָאבּ דָאךְ דִיר מִיט טְרֶערִין אוֹיס גִיבָּאדִין! צֶעהֶן קִינְדֶער הָאבּ אִיךְ בֶּעגְרָאבִּין בִּיז אִיךְ הָאבּ דִיר מַיין אֵיינְצִיגִין טְרֵייסְט דֶער הַארְט אוֹיס צוּ הָאדֶעוֶוען! אִיךְ הָאבּ גִיהָאפְּט פוּן דִיר נַחַת צוּ הָאבִּין, אִיךְ הָאבּ גִיהָאפְט אַז דוּא וֶועסְט זַיין מַיין טְרֵייסְט צוּ דִיא עֶלְטֶערֶע יָארִין... אַלֶע הָאבִּין מִיר מְקַנֵא גִיוֶועזֶן אַזַא אַגִילְדֶערְנֶע קִינְד, אָבֶּער וואוּ בִּיזְטוּ אִיצְטֶער מַיין נֶחָמָה!... וֶוער הָאט דִיר פוּן מִיר אָפּ גִירִיסִין?! וֶוער הָאט דָאס אָפּ גִיפְּלִיקְט דִיא בְּלוּם פוּן מַיין הוֹיז? אוּנ אַזוֹ פְלֶעגְט זִיא אִין מִיטִין גַאס שְׁרַייעֶן בִּיז זִיא פְלֶעגְט אִין חַלָאשֶׁעְס בְּלַייבִּין, אַלֶע פְּרִיסוּטְסְטְווִיאוּשְׁצִי, (דֶער בַּייא שְׁטֵייעֶר) בַּייא דִי שׁוֹיעֶרְלִיכֶע שְׁצֶענֶע הָאבִּין טַייכִין טְרֶערִין פֶערְגָאסִין, אוּנ אַזֶעלְכֶע שְׁצֶענֶעס פְלֶעגְט זִיךְ אָפְט טְרֶעפִין .

נָאךְ בִּיטֶערֶער פַאר זַיינֶע עֶלְטֶערִין אִיז רָעבֶעקִין גִיוֶועזֶן, דֶען זַייא הָאבִּין לְכָל הַפָּחוֹת זִיךְ גִיקָאנְט אוֹיס וַויינֶען זַייעֶר פַארְבִּיטֶערְטֶע הַארְץ אָבֶּער רָעבֶעקֶע הָאט גִימוּזְט אִין זִיךְ אִירֶע וואוּנְדִין שְׁטִיקִין, אִין דֶער שְׁטִיל פְלֶעגְט זִיא זִיךְ אוֹיס וַויינֶען, זִיא פְלֶעגְט נִיט וַוייגִיג לַיידִין פוּן אִיר פָאטֶער וֶוען עֶר פְלֶעגְט אִיר גִיפִינֶען פֶערְוַויינְט, עֶס אִיז אִיר פִינְשְׁטֶער גִיוֶועזֶן אִין אַלֶע ווִינְקֶעלִיךְ זִיא הָאט זִיךְ קַיין אָרְט נִיט גִיפוּנֶען, דִיא בֶּעסְטֶע צַייט אִיז בַּייא אִיר גִיוֶועזֶן וֶוען זִיא פְלֶעגְט זִיךְ אַרַיין חַאפִּין בַּייא אַבְרָהָם וַויינְשְׁטָאק אִין הוֹיז, דָארְטִין פְלֶעגְט זִיא אִיר פֶער בִּיטֶערְטֶע הַארְץ אוֹיס גִיסִין מִיט טְרֶערִין צוּ זַאמֶען מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערִין, זִיא פְלֶעגְט זִיךְ מִיט זַייא מֶעשְׁטִין דִיא קְלָאג, דֶען יֶעדֶערֶער פוּן זַייא הָאט אַלִין גִיזָאגְט אַז אִים אִיז דִיא קְלָאג גְרֶעסֶער, אוּנ רָעבֶעקֶע פְלֶעגְט אִיר קִינָה קָאנְצִין דֶער מִיט: אַייעֶר בְּרָאךְ אִיז נָאךְ נִיט גְלַייךְ צוּ מַיינֶעם, אִיר זַייט שׁוֹין בֶּעיַארְהֶרְטֶע מֶענְטְשִׁין דִיא וֶועלְט הָאט שׁוֹין אַייךְ גִישְׁמֵייכִילְט נַיינְצֶעהֶן מִיט אַזַא קִינְד, אָבֶּער מַיינֶע יוּנְגֶע יָארִין זַיינֶען פֶערְשְׁנִיטִין, אִיךְ הָאבּ נָאךְ קַיין לִיכְטִיגְקַייט אוֹיף מַיין לֶעבִּין נִיט גִיזֶעהֶען אוּנ וֶועל שׁוֹין נִיט זֶעהֶן, דִיא יָארִין מִיט וֶועלְכֶע דֶער שָׁעפֶּער וֶועט מִיר שְׁטְרָאפִין צוּ לֶעבִּין אוֹיף דֶער וֶועלְט וֶועלִין מִיר פִינְשְׁטֶער אוּנ בִּיטֶער זַיין, מַיין טְרֵייסְט אִיז נָאר דִיא גְרַאבֶּע, אָבֶּער וֶוער ווֵייס אוֹיף וִויא לַאנְג מַיין דֶעקְרֶעט אִיז צוּ מַאטֶערִין זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט?!...

אונ

אונ אַזוֹ הָאט זיך בַּייא זַייא דֶער טְרוֹיעֶר גֶישְׁטַארְקְט פוּן טָאג צוּ טָאג, דֶען וָואס וַייטֶער אִיז אַלְץ שְׁוַואכֶער גִיוָוארִין זַייעֶר הָאפֶענוּנְג אוֹיף זִימְלְס קוּמֶען.

זָאהְנְשַׁיין הָאט זִיךְ מִיט רֶעבֶּעקְעֶן מִיט אַלֶע מִיטְלֶען גִימַאטֶערְט אִיר צוּ בֶּערוּהִיגִין אוּנ זִיא זָאל אַיין שְׁטִימְמֶען צוּ נֶעמֶען דֶעם דָאקְטָער סְלוּצְקִי, אַמָאל מִיט גוּטִין אַמָאל מִיט בֵּייזִין, אָבֶער זִיא הָאט עֶס גָאר נִיט גִיוָואלְט הֶערִין, דֶערוּם הָאט עֶר גִיטְרַאכְט דָאס צוּ לָאזִין אִין לַאנְגִין בַּאנְק אוּנ מִיט דֶער צַייט וֶועט זִיא שׁוֹין צוּם שֵׂכֶל קוּמֶען.

## 38) אַנַייעֶר פְּלַאן

נוּא וָואס חָיֶענֶעלֶע? — הָאט שְׁמֶערִיל צוּא אִיר גִיזָאגְט — אַ מוֹרָא אַרָאפּ אַ מוֹרָא אַרוֹיף, פוּן זִימְלֶען זַיינֶען מִיר ב"ה פָּטוּר גִיוָוארִין, צְווִישִׁין רַאבִּינֶער מִיט זָאהְנְשַׁיינֶען אִיז שׁוֹין גִיוָוארִין אַקְרִיג אַלְץ וִויא מִיר הָאבִּין גִיוואוּנְשִׁין לְטוֹבַת הַקָּארָאבְּקֶע, מִיר זַיינֶען שׁוֹין בַּאלְד פַארְטִיג גִיוָוארִין מִיט אַלֶע אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים, מִיט אַמָאל — וַיָבֹא הָמָן... אִיז גִיקוּמֶען מְנַשֶּׁה, אַמַפָּלָה וָואלְט אִיךְ זִיךְ שׁוֹין רִיכְטִין עֶר זָאל אַהֶער קוּמֶען, דוּכְט זִיךְ אִיךְ הָאבּ גוּט פַאר פֶלֶעקִילְט, נָאר אַז גָאט וִויל נִיט אִיז אֵין עֵצָה וְאֵין תְּבוּנָה, גָאט רֶייצְט זִיךְ מִיט אוּנְז, מִן הַסְּתָם נִיט אוּמְזִיסְט, עֶס אִיז אַסִימָן אַז מִיר זַיינֶען נָאךְ מִיט אַלִימֶען נִיט פְּרוּם, אִיךְ פַארְשְׁטֵייא אֲפִילוּ נִיט מִיט וָואס? אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין פוּן לַאנְג אָן אַרוּם גִיטַאפְּט אוּנ הָאבּ אוֹיף זִיךְ קַיין עֲבֵירָה נִיט גִיפוּנֶען, אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער גִיזֶעהֶן מַיינֶע מְזוּזוֹת מִיטִין אֱמֶת זָאגִינְדִיג הָאבּ אִיךְ גִיפוּנֶען אַיינֶע אַ פְּסוּלֶע אוּנ אִיךְ הָאבּ אִיר אוּם גִיבִּיטִין אוֹיף אַנַייעֶ, הַיינְט הָאט שׁוֹין גָאט צוּ מִיר גָאר נִיט, נָאר טָאמֶער בִּיזְטוּ עֶפֶּעס זִינְדִיג? זַייא זִיךְ מִתְוַדֶּה נִישְׁקָשֶׁה פַאר מִיר שֶׁעם זִיךְ נִיט.

אִיךְ זִינְדִיג? — הָאט חָיֶעגֶעלֶע גִיזָאגְט — אִיךְ וַויים נִיט מִיט וָואס, דוּכְט זִיךְ אַז דִיא אָרִימֶע בַּחוּרִים עֶסִין חַאפּ אִיךְ זִיךְ אַלֶע מָאל דֶער לַאנְגֶען, אֵיידֶער דִיא מַאדִין טוּעֶן זִיךְ נָאר אַרִיר, נִיט אוּיס גִירֶעט זָאל זַיין אִיךְ דַאבִּין אַלֶע טָאג, אוּנ אַז דֶער סְמַאטְרִיטִיל אִיז גִינַאנְגֶען קְלַייבִּין הַתִּימוֹת צוּא מַאכִין דָא פַאר מֵיידְלִיךְ אַקְלַאס הָאבּ אִיךְ דֶעם טַאטִין נִיט גִילָאזִין הַתְמָנֶען, נִיט אַזוֹ וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט פַאר גוּנֶען אַז אַיין אָרִימֶע מֵיידִיל זָאל וָואס קָאנֶען, וִויא הַייל פוּן פְּרוּמְקַייט, מֶעוָואלְט דָאךְ דָארְטִין צוּ לָאזִין וֶוערִין, אִיךְ זָאל זָאגִין אַז דָאס אִיז עֶפֶּעס אַיין עֲבֵירָה; דָאס וֶועט מֶען דֶער לַאנְגְט אַפְּרִיץ אִין פָּאקִיי פָּארְטֶער סַאמְפַּאנְיֶער אִיז גִיוואוֹינְלִיךְ וִויא אַפְּרִיץ אוּנ בִּפְרַט אַשַׁיינֶע מֵיידִיל, אִין אַפַּרְנָסָה קָאן מֶען דָאךְ אַזוֹ גְרָאבּ נִיט זַיין מֶעקָאן דָאךְ נִיט אַנְטְלוֹיפִין מֶען מוּז אַלְץ מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה זַיין גָאט וֶועט דָאס גִיוִויס פַאר אַזִינְד נִיט רֶעכֶענֶען.

אָבֶער דוּא וַוייסְט חָיֶעגֶעלֶע — הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט — אַז מִיר קָאנֶען אוּמְגְלִיקְלִיךְ וֶוערִין, מְנַשֶּׁה וֶועט מִיט דֶער צַייט אוֹיךְ דֶער גֵיין אַז מִיר הָאבִּין אַ יַד גִיהַאט אִין זַיין אַרוּיס טְרַייבִּין, עֶר וָועט דֶער גֵיין אַז דֶער בְּרִיף וֶועלְכֶער

איז

איז צו זיין מוטער אָן גיקומען זיא זאָל גלייך אָפּ פאָרין וואקסט דאס פון אונז , אויך וועט דאך אַרויף אויפין טעלער אַז דיין טאַטע איז אים ניט גילאָפין יאָגין מיט פּאָליציע וויא איך האָב אים גיזאָגט , עס האַלט מיט אונז גאַנץ שמאָל .

שלעכט איז שלעכט גלייך — זאָגט חיענעלע — אונ וויא קאָן איך דאס צו זעהן מיין שוועסטעריל'ס נחת , זיא קוועלט דאך אין פערגעניגין , אונ צום פּאַהיבול איז מנשה נאָך שענער גיוואָרין וויא פריער , היינט רעט ער דייטש גיצייכינט , וואו האָט ער דאס גיקאָנט זיך אויס לערנען ? . צו דער ניין בייא אים וואו ער איז דעם יאָהר גיוועזין איז בשום אופן ניט , וואס דרעזקע מאַטערט זיך ניט אוים בייא אים צוא דער ניין אָבער ער זאָגט איר אויך קיין קלאָרע תשובה , וויא איינער פרעגט בייא אים וואו ער איז דעם יאָהר אויסין גיוועזין , ווערט ער רויט אונ הייבט זיך אָן צוא טומלען מיט דיא רייד , דאָ זאָגט ער אין דער שטאָט אונ דאָ אין איין אַנדער שטאָט , אונ קיין אמת איז ניט צו דער ניין , איך רעכין מעדאַרף גאָר אויף אים אוים טראַכטין אַז ער האָט זיך ערגעץ ניטויפט , אפשר וואָלט דאָס העלפין , מעוועט דאָס אויף אים גלויבין ווייל ער זאָגט ניט וואו ער איז גיוועזן אונ ער ווערט רויט וויא מען פרעגט אים דאָס .

ניין ניין — זאָגט שמעריל — דאָס איז קיין פּלאַן ניט , מעוועט דאָס שוין אויף אים ניט גלויבין , נור חיענעלע דו גרייט אַקאָרט אָן דעם גראָסין , וועדאַיי דיא קאָפּ וועט אויף מיר ניט זיין איך וועל עפּעס אויס זוכין אַנייעם פּלאַן , מנשה וועט דאָ קיין טון זאָלין ניט אויף עסין , מיין ניט דיא וועלט קאָנצעט זיך שוין , גישקשה שמעריל לעבט נאָך .

אין עטליכע טעג אַרום האָט שוין ר' שמעריל בייא חיענעלין אַהיפּשע סטבע גינומען „אפּלאַן האָב איך שוין אונ טאַקע אַגיצייכינטן" — האָט ער צו איר גיזאָגט — דוא וועסט אַליין זאָגין דאָס קיין בעסערין דאַרף מען שוין ניט , דוא וועסט קוקין אונ לאַכין אָן אַשיר , נאָר געלט וועט מען דאַרפין היפּשע , אונ דער ווייל̇ע קוק אונ שווייג .

## 39 דיא זיטאָמירע ווייביל .

דיא פריידע פון דרעזעלין צייט מנשה איז גיקומען איז אומבעשרייבליך , אין אַקורצע צייט האָט זיא זיך אין גיזונד אין גאַנצין פאַריכט דאס קיינער האָט איר כמעט ניט דער קאָנט , נאָר איין זאַך האָט איר דיא האַרץ גיטאָצעט , דאָס וואָס זיא האָט בייא מנשהען ניט גיקאָנט דער ניין וואו ער איז דעם יאָהר גיוועזן , אונ נאָך מער — וואָס מנשה האָט איר וועגין דעם קאָנטראַסטנע אַנטוואָרטין גיגעבין , דאָ האָט ער גיזאָגט דאס ער איז אין סובאַלק גיוועזן אונ דאָ אין זיטאָמיר אונ נאָך געמען פון שטעט האָט ער אָן גיחאַפּט , אונ זיא האָט פאַר שטאַנגע אַז דאָס איז אַלץ ניט קיין ריכטיגע אַנטוואָרטין .

מנשה האָט דיא ריכטיגקייט ניט גיקאָנט זאָגין : ערסטינס ווייל ער האָט פאַר שטאַנען אַז דער מיט וועט ער בייא זייא פאַר האַסט ווערין , אונ אויך וועלין זייא

זייא אים ניט לאזין צוריק נאך בּרלין רייזין זיין שטודיום צו ענדיגין, אונ ער האט אנדערס ניט גידיינקט וויא נאך בּרלין צוא רייזין אום זיין שטודיום צוא ענדיגין, ער האט אָבער קיין ראטה ניט גיפונען מיט וואס פאר איין אויס רייד ער זאל אוועק פאהרין, אויך איז אים שווער גיוועזין זיך צו שיידין פון דרעזעלען, דרום איז ער אלץ וועגין דעם בּזארגט גיוועזין, ער האט זיך מיישב גיווען מיטין ראבּינער לעאנטאל אונ זייא האבּין בּיידע קיין עצה ניט גיפונען.

איין מאל איז זיך אשר יעקילס גיזינדעל אין הויז גיזעסין אונ האבּין זיך גאנץ פריילך בּעסעדעוועט, דען בּיז מנשהעס צוריק קומען זיינען אלע קראנק גיוואָרין פון דרעזעלס וויינען אונ קלאגין, זייא האבּין פון איר קיין בּערוהטע מינוט ניט גיהאט, אונ צייט מנשה איז גיקומען איז בּייא זייא אין שטוב פריילך גיוואָרין, דרום זיינען זיך אלע גיזעסין ארום טייא טיש אונ האבּין זיך פאר בּראכט, מנשה איז גיזעסין אויבּין אן לעבין אים דרעזעלע אונ ארום זייא אשר יעקיל מיט עלקען אונ די גאנצע גיזינדיל, אונ עס איז גשפּראכין גיוואָרין וועגין דעם אירטהום פון מנשהעס מוטער אונ עס איז דער בּייא פיל גילאכט גיוואָרין, אונ דרעזעל האט זיך ניט פאר גונען איין מינוט פון מנשהען דיא אוינין אראפּ צוא נעמען, אונ מנשה האט דאס בּמערקט אונ דאס האט אים גיקריינקט ווייל ער ווייס דאך אז ער וועט זיך מיט איר דארפין זעגנען אויף גאנצע דרייא יאהר די צייט וועלכע ער מוז אין בּרלין שטודירין, אונ ער האט גיפירכטעט דאס דרעזעלע וועט דאס ניט אויס האלטין.

אין דעם איז אריין גיקומען צערנע דיא קלייבּערקע מיט איהר קאשיק בּרויט „גיט ליב דיר דיין נאסט דרעזעלע" האט צערנע אויף איהר בּיי קעלבּיל גיזאגט — אהא איך האב גיזאגט. אז ער וועט קומען ווייל דער בּורא האט גימוזט צוא הערין דיינע טרערין, וויא עס איז גישריבּין אין אונזער היילגע תורה, אז אלע טויערין זיינען פאר שלאסין נאר דער טויער פון טרערין ניט, אוי ר' מנשה ווען איר וואלט וויסין וויפיל מיר האבּין נאך אייך צו בּיינקט? עס איז גיווען צו וויינען קוקינדיג וואס פון דיא תלמוד תורה איז גיוואָרין אן אייך, דער וואס איך האב דיא הענט ניט גיוואשין האט אייך גימוזט דער וועקין דעם זכות פון תלמוד תורה אונ אייך אהיים אומקערין, אזו וויא אונזער פאטער יעקב אבינו האט מען אין קיטין גיבּראכט קיין מצרים ווייל דער וואס אין הימיל האט אזו גיוואלט, אזו וויא דיא היילגע ספרים שרייבּין, אונ אז דער לעבּעדיגער האט גיוואלט איר זאלט אהער קומען דיא אריסא יתומים עפּעס אידישקייט אויס לערנען זייא זאלין האטש קאנען מאביר קערי (מעביר קריאה) זיין דיא סדרה האט מען אייך אויך וויא אונזער פאטער יעקבין גיבּראכט אין קיטין, זאגט ניט אז איך בּין אנאם הארעץ (עם הארץ) איך ווייס פון יעקב אבינוס קיטין, איז דאס אייער דרעזעלע אפרומע נשמה גיוואָרין אן אשיר אן אנערעך, אשפּאס אירע צדקות וואס זיא האט צו טאן, וואו נאר אשוועכע גימיט האט זיא אויס גיהאלפין, האט מיר נאר פּסוט מסעבול (מסיג גבול) גיוועזין, אונ דער פאר איז זיא

טַאקֶע גִיהָאקְפִּין גִיוָוארִין, אונ דֶער וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג הָאט אַיךְ אִין קֵיטִין גִיבְּרַאכְט צוּא אִיר אונ זִיא דַארְף נִיט אַרוּם וַואנְדְרֶעוָוען דִיא וֶועלְט אַיךְ צוּא זוּכִין, אַזוֹ וִויא דִיא זִיטָאמִירֶער נֶעגוּנָה (עֲגוּנָה).

אַלֶעמֶען הָאט זִיךְ גִישְׁמֵייכִילְט פוּן צֶערְנֶעס דְרָשָׁה „וָואס אִיז דָאס פַאר אַזִיטָאמִירֶער עֲגוּנָה"? הָאבִּין אַלֶע צֶערְנֶען גִיפְרֶעגְט.

נָאט אִיז מִיט אַיךְ אִיר וֵוייסְט גָאר נִיט? — הָאט צֶערְנֶע אוֹיפִין פִּיסְק גִיפְרֶעגְט — אִיר מוּזְט דָאס פוּן מִיר לַאכִין, שְׁטֵייט דִיא שְׁטָאט אִיז דָאךְ אוֹיף מִיט דֶער וַוייבִּיל מִיט דֶער עֲגוּנָה, דָאס אִיז אַבִּיסִיל אַוַוייבִּיל אַצִיקַאוֶוע אַפִּיקְחֶת, עֶס אִיז זִיךְ מִיט אִיר פְּאסֶעט נִיט אָפּ צוּ רֵיידִין, הַיינְט אִיז זִיא אַשַׁיינֶעדִיגֶע וַוייבִּיל זִיא לוֹיכְט וִויא דִי זוּהְן, אונ גֵייט אַזוֹ כָּשֵׁר מִיט דִיא הָאר, זִיא אִיז סַאחַאקֶעל (סַךְ הַכֹּל) אַלְט אַיָאהְר אַכְטְצֶעהֶן, הַיינְט גֵייט זִיא פַאר פּוּצְט קֶענְטִיג אַגְבִירֶעסֶע וַוייבִּיל, שְׁטֵייט אִיר הָאט אִיר נָאךְ נִיט גִיזֶעהֶן?!

וָואס אִיז דָאס פָּארְט פַאר אַוַוייבִּיל אַז דִיא שְׁטָאט אִיז מִיט אִיר אוֹיף? הָאט מֶען וַוייטֶער צֶערְנֶען גִיפְרֶעגְט.

וָואס זָאל זַיין פַאר אַוַוייבִּיל? זָאגְט צֶערְנֶע — אִיךְ זָאג אַייךְ אַז זִיא אִיז אַפִּיקָאוֶוע וַוייבִּיל מִיר דוּכְט זִיךְ אַז אַמַאן דַארְף אִיר הָאבִּין הָאלְט.

הַא הַא! הָאבִּין זִיךְ אַלֶע צוּ לַאכְט פוּן צֶערְנֶעס רֵייד, „נוּא, וָואס אִיז מִיט אִיר פָּארְט דֶערְמֶער? וָואס טוּט זִיא דָא? הָאבִּין אַלֶע מִיט נַייגִירְדֶע גִיפְרֶעגְט.

אִיר וֵוייסְט נִיט וָואס זִיא טוּט דָא? הָאט צֶערְנֶע פַאר וואוּנְדֶערְט גִיפְרֶעגְט — זִיא זוּכְט דָאךְ אִיר מַאן, דוּכְט זִיךְ אַז אַקִינְד אִין וִויג וֵוייס שׁוֹין פוּן דֶער וַוייבִּיל.

וואוּ אִיז דָאס אִיר מַאן וָואס זִיא זוּכְט אִים? הָאבִּין אַלֶע גִיפְרֶעגְט.

דִיא מַעֲשֶׂה אִיז אַזוֹ — הָאט צֶערְנֶע גִיזָאגְט — אִיךְ וֶועל אַייךְ שׁוֹין אוֹיף קְלָאהְר דֶער צֵיילִין, אִיךְ גֵייא מִיר אַזוֹ אַרוּם מִיט מַיין קָאשִׁיק, אִיר וֵוייסְט דָאךְ אַלֶע אַז אִיךְ הָאבּ קֵיין מְנוּחָה שָׁעָה נִיט וִויא דֶער רָשָׁע אִין גֶענֶעם (גֵיהִנָם), עֶס הַיינְגֶען דָאךְ אוֹיף מִיר זָאל נִיט אוֹיס גִירֶעט זַיין גַאנְצֶע גִיזִינְטִין, אַלֶע טָאג מֶעסְט אִיךְ דָאךְ אוֹיס דִיא שְׁטָאט פוּן עֶק צוּ עֶק, אונ אַנְדָבָה קְרִיגְט מֶען אִין דִיא צֶעהֶנְטֶע שְׁטוּב, מַיין גַאנְצֶע פְּרִיטוּלִישְׁצֶע אִיז נָאר בַּייא אַייךְ, פוּן אַייךְ לָאזְט מֶען מִיר קֵיין מָאל טְרוּקִין נִיט אַרוֹיס, לְבַד דִיא נְדָבָה אִיז מֶען מִיר נָאךְ מְכַבֵּד מִיט אַבִּיסֶעלֶע בְּרַאנְפִין מִיט אַשְׁטִיקִיל בַּאבְקֶע, אִיר מֵיינְט אֶפְשָׁר אַז בַּיי גַארְצִסְטוּ דֶעם נָגִיד קְרִיג אִיךְ אָמָאל עֶפֶּעס? נֵיין — עֶס אִיז מִיר שׁוֹין מִיאוּס אונ מְאוּס גִיוָוארִין בְּרֶעכִינְדִיג דִיא פִּיס גֵייעֶנְדִיג צוּ אִים, גִיפִין אִיךְ אִים, זָאגְט עֶר דִיא שְׁלִיסֶעלַאךְ אִיז בַּייא אִיר, אונ — אִיר, זָאגְט זִיא קֵיין קְלֵיין גֶעלְט אִיז נִיטָא, אונ אַז אִיךְ בֶּעט הָאטְשׁ אַשְׁטִיקִיל בְּרוֹיט, זָאגִין זֵייא אַז קֵיין בְּרוֹיט קוּמְט צוּא זֵייא אִין שְׁטוּבּ נִיט אַרַיין, זֵייא עֶסִין נָאר גִיבֶּעק, חְלֶעבִּין וֶוערִים מָאגִין זֵייא עֶסִין...

אָבֶּער וָואס אִיז מִיט דִיא וַוייבִּיל? הָאבִּין אַלֶע אִין מִיטִין צֶערְנֶען דִיא רֵייד אִיבֶּער גִיהַאקְט.

יָע, אִין מַחְשָׁבָתִין הָאבּ אִיךְ זִיךְ פַאר רָעט, גַייא אִיךְ מִיר אַזוֹ מִיט מַיין קָאשִׁיק, דִיא הַארְץ אִיז מִיר פַאר בִּיטֶערְט, מִיט אַמָאל דָער זָעה אִיךְ אַיין אַיינְגִילַאפְ, אִיךְ גַייא מִיךְ אוּנְטֶער הָאבּ אִיךְ דָער זָעהֶן וִויא דִיא וַוייבִּיל לִיגְט אַגִיחַאלְשְׁטֶע, מֶעהָאט אִיר גִידְרִיבִּין דִיא שְׁלֵייפִין מִיט עֶסִיק אוּנ שְׁפִּירְעטֶעס אוּנ קַאם ווָאס מֶעהָאט אִיר אָפּ נִיחַאיֶעט, אוּנ וִויא זִיא אִיז צוּ זִיךְ גִיקוּמֶען, הָאט זִיא זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אוּנ גִישְׁרִיעֶן: וואוּ אִיז עֶר?! עֶר אִיז דָאךְ אַקָארְסְט דָא גִיגַאנְגֶען! אוּנ אַז מֶעהָאט בַּייא אִיר גִיפְרֶעגְט וֶועמֶען זִיא מַיינְט, אוּנ ווָאס אִיז מִיט אִיר פַאר אַ מַעֲשֶׂה, הָאט זִיא אַזוֹ דָער צֵיילְט: אִיךְ בִּין פוּן זִיטָאמָער אוּנ אִיךְ הָאבּ עֶרְסְט פַאר אַיָארִין חֲתוּנָה גִיהַאט מַיין פָּאטֶער הָאט מִיר גִיגֶעבִּין טוֹיזִינְד רוּבִּיל נַדַן, אוּנ כָּל זְמַן דִיא נַדַן אִיז גִיוֶועזֶען אַיין גִילֵייגְט הָאט מִיט מִיר מַיין מַאן גִיהַאט אַגוּט לֶעבִּין, אִיךְ הָאבּ אִים לִיבּ גִיהַאט וַוייל עֶר אִיז גִיוֶועזֶען אַשַׁיינֶער אוּנ אַקְלוּגֶער, נָאר מִיט זַיינֶע גוּטִינְקֶע רֵיידֶעלִיךְ הָאט עֶר בַּייא מִיר דִיא נְשָׁמָה אַרוֹיס גִינוּמֶען, עֶר הָאט דֶעם נַדַן פוּן שְׁלִישִׁית אַרוֹיס גִינוּמֶען, אוּנ הָאט מִיט דִיא גֶעלְט גִימַאכְט פְּלֵיטָה אוּנ אִיז וִויא אִין פַייֶער אַרַיין, אוּנ אִיצְטֶער פָאר אִיךְ דָאס אַרוּם אִים זוּכִין, אוֹיפִין וֶועג הָאבּ אִיךְ דֶער הֶערְט אַז מֶעהָאט אִין סִימָנִיק אַזֶעלְכִין אַרַיין גִיזֶעצְט אוּנ מֶעהָאט אִים אַהֶער צוּ מִיטִין אַטַאפּ נִבְּרַאכְט, דְרִיבֶּער בִּין אִיךְ דָאס גִיקוּמֶען אַהֶער אִים זוּכִין, אוּנ וִויא אִיךְ בִּין דָא אַזוֹ גִיגַאנְגֶען הָאבּ אִיךְ פוּן וַוייטִין דֶער זָעהֶען פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ אַרוֹיס גֵייעֶנְדִיג מִיט אַ טַלִּית אוּנ תְּפִלִּין, אִיךְ הָאבּ גִיוָואלְט צוּ אִים צוּ לוֹיפִין, נָאר עֶס אִיז מִיר פַאר שְׁרֶעק פִינְשְׁטֶער גִיוָוארִין אִין דִיא אוֹיגִין אוּנ אִיךְ בִּין אִין חַאלָאשֶׁעת גִיבְּלִיבִּין, אוּנ דֶער וַויילֶע אִיז עֶר שׁוֹין אַוֶועק, אַזוֹ הָאט דִיא וַוייבִּיל דֶער צֵיילְט, אוּנ אִיצְטֶער גֵייט דִיא וַוייבִּיל אַרוּם פוּן שְׁטוּבּ צוּא שְׁטוּבּ צוּא אִים צוּא זוּכִין אוּנ אַחַאלַאסְטְרֶע קִינְדֶער שְׁלֶעפִּין זִיךְ נָאךְ אִיר נָאךְ, אִיךְ זָאג אַייךְ אַז עֶס אִיז דֶעם צַעַר נִיט צוּ זָעהֶן פוּן דֶער וַוייבִּיל דָאס אִיז עֶפֶּעס אַבִּיסִיל יוּנְגַאצֶעס פַארַאן אוֹיף דֶער וֶועלְט!.

בְּשַׁעַת אִיךְ בִּין פוּן דַאבְנֶען גִיגַאנְגֶען — זָאגְט מְנַשֶּׁה — הָאבּ אִיךְ טַאקֶע אִין גַאס אַלַארֶעם גִיהֶערְט דָאס הָאט גִימוּזְט זַיין וֶוען דִי וַוייבִּיל הָאט גִיחַאלֶעשְׁט.

דוּא זָאגְסְט דָאךְ מְנַשֶּׁה אַז דוּא בִּיזְט גִיוֶועזֶען אִין זִיטָאמִיר — הָאט דְרֶעזְעלֶע גִיזָאגְט — אֶפְשָׁר וֶועסְטוּ דִיא וַוייבִּיל דָער קָאנֶען. מְנַשֶּׁה אִיז פוּן דִיא שַׁאֲלָה רוֹיט גִיוָוארִין.

אִיךְ קֶען אַייךְ זָאגִין — הָאט וַוייטֶער צֶערְנֶע גִיזָאגְט — אַז עֶס אִיז גָאר נִיט צוּ זָעהֶן דֶעם עֶלוּנְד פוּן דֶער וַוייבִּיל, זִיא גֵייט אַרוּם אִין אַלֶע הַייזֶער זִיא וֶועט מִן הַסְּתָם אַהֶער אוֹיךְ אַרַיין, אִיר וֶועט שׁוֹין אַלֵיין זָעהֶען דָעם רַחֲמָנוּת פוּן אִיר... מִיט אַמָאל הָאבִּין זִיךְ אַלֶע אַקֶער גִיטָאן צוּם פֶענְשְׁטֶער, אוּנ צֶערְנֶע אִיז אוֹיךְ צוּם פֶענְסְטֶער צוּ גִיגַאנְגֶען „אָט דָאס גֵייט טַאקֶע דִיא וַוייבִּיל — הָאט צֶערְנֶע מִיט אַשִׂמְחָה גִיזָאגְט — אִיר זֶעהְט וִויפִיל בָּאד יוּנְגֶען לוֹיפִין אִיר נָאךְ, זִיא גֵייט טַאקֶע אַהֶער. אִיר וֶועט שׁוֹין זָאגִין אַז אִיךְ בִּין אַ מֵבִין, אַז דִיא וַוייבִּיל אִיז טַאקֶע אַפִּיק חָכְמָה.

דיא

דִיא וַוייבִּיל אִיז טַאקֶע אַרַיין צוּא אָשֵׁר יֶעקְלֶען אִין פָאדֶער הויז אוּנ זִיא הָאט גִיזָאגְט צוּ עֶלְקֶען וָועלְכֶע אִיז אִיר אַנְטְקֶעגִין אַרוֹיס : „אִיר דַארְפְט אוֹיף מִיר קַיין פַּאר דְרוּס נִיט הָאבִּין וָואס אִיךְ גֵייא צוּא אַייךְ אִין שְׁטוּבּ מַיין מַאן זוּכִין , עֶס קָאן זַיין אַז בַּייא אַייךְ אִין הויז הַאלְטִין זִיךְ אַזֶעלְכֶע נִיט אוֹיף , נָאר אִיךְ בִּין דָאךְ דָא גָאר אַ גֶער אוּנ אִיךְ בִּין דָאךְ נֶעבַּאךְ אֲמָרָה נֶפֶשׁ דַארְפְט אִיר אוֹיף מִיר קַיין פַּאר־אִיבִּיל נִיט הָאבִּין , אוּנ אִיךְ בֶּעט אַייךְ עֶרְלוֹיבֶּנִיס צוּא אַייךְ אִין הויז אַרַיין צוּ גֵיין .

אִיךְ הָאבּ צוּ אַייךְ גָאר נִיט — הָאט אִיר עֶלְקֶע גִיעֶנְטְפָערְט — אִיר קָאנְט אִין מַיין הויז זוּכִין וִויפִיל אִיר ווילְט אַלֵיין .

דִיא וַוייבִּיל אִיז צוּא אָשֵׁר יֶעקְלֶען אִין הויז אַרַיין אוּנ אִיז אִין אַלֶע פָּאקוֹיֶעס דוּרְךְ גִיגַאנְגֶען , אוּנ נַאכְהֶער אִיז זִיא אִין זַאל אַרַיין וואוּ אַלֶע הויז לַייטֶע הָאבִּין בֶּעסָעדֶעוֶועט , אוּנ וִויא זִיא אִיז אוֹיפִין שְׁוֶועל אַרוֹיף אוּנ הָאט זִיךְ אַרוּם גִיקוּקְט אוֹיף אַלִימֶען , הָאט זִיא אַוֶוילְדִין גִישְׁרַייא גִיטָאן : מְנַשֶּׁה ! מְנַשֶּׁה ! אוּנ אִיז צוּ מְנַשְּׁהֶען צוּ גִילָאפִין אוּנ אִים אוֹיפִין הַאלְדְז אַרוֹיף גִיפַאלִין מִיט אַיין גִישְׁרַייא : מַיין מַאן ! ... מַיין קְרוֹין פוּן מַיין קָאפּ ! ... אוּנ אִיז גְלַייךְ אִין אוּנְמַאכְט גִיבְּלִיבִּין .

מְנַשֶּׁה אִיז עֶרְשְׁרָאקִין גִיוָוארִין , אוּנ אִיז בְּלַאס גִיוָוארִין וִויא קַאלְךְ , אוּנ אַלֶע הויז לַייטֶע הָאבִּין זִיךְ אָן גִיקוּקְט אַייגֶר אוֹיף דֶעם אַנְדֶערִין מִיט בֶּעשֶׁעגְסְטְוָוא (צוּמִיסְטַקַייט) , נָאר אוּנְזֶער דְרֶעזֶעלֶע אִיז צוּ טוּמוּלְטָער הַייד צוּ גִילָאפִין דִיא וַוייבִּיל צוּא מִינְטָערִין .

זִיא מוּז אַטָעוּת הָאבִּין — הָאט מְנַשֶּׁה גִיזָאגְט וָוען עֶר אִיז אַבִּיסִיל צוּא זִיךְ גִיקוּמֶען — נִיט אַנְדֶערְס אַז זִיא מוּז מֵיינֶען אַז אִיךְ בִּין אִיר מַאן , וַוייל אִיךְ מוּז עֶהְנְלִיכְקַייט הָאבִּין צוּ אִיר מַאן .

אוּנ דֶער וַוייל אִיז אוֹיף דְרוֹיסִין צְווִישִׁין דִיא בָּאדִיוּנְגֶען אַקָאךְ גִיוָוארִין דָאס זִיא הָאט דָא גִיחַאפְּט אִיר מַאן , הָאבִּין זַייא זִיךְ מִן הַסְתָּם אַרוּם גִישְׁטֶעלְט אַרוּם דִיא פֶּענְסְטֶער אוּנ הָאבִּין גִישְׁרִיעֶן „אוּרַא“ מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין אַז דִיא עֶרְד הָאט זִיךְ גִישְׁפָּאלְטִין פוּן זֵייעָרֶע קוֹלוֹת , אוּנ וָואס פוּן וַויילֶע הָאט זִיךְ אַלְץ מֶער נַארָאד פַאר זַאמִילְט אַרוּם אָשֵׁר יֶעקִילְס שְׁטוּבּ , אוּנ אַנְדֶערֶע הָאבִּין זִיךְ טַאקֶע אַרַיין גִיקְוֶועצְט אִין־שְׁטוּבּ , קוּרְץ עֶס אִיז דָארְטִין אַלַארֶעם אוּנ אַטוּמוּל גִיוָוארִין , עֶלְקֶע הָאט גִישְׁרִיעֶן : צוּ מַיינֶע צָרוֹת אִיז דָאס עֶפֶּעס אוֹיךְ אַ פַּאר דְרַייעֶנֶעס , אוּנ וָוען דְרֶעזִיל הָאט שׁוֹין דִיא וַוייבִּיל אָפּ גִימִינְטָערְט , אִיז דִיא וַוייבִּיל גְלַייךְ ווִידֶער אוֹיף מְנַשְּׁהֶעס הַאלְדְז אַרוֹיף גִיפַאלִין אוּנ הָאט מִיט אַיָאמֶערְלִיכֶע שְׁטִימֶע צוּ אִים גִיזָאגְט : מַיין טְהַייעֶרֶער מַאן ! דוּא זֶעהְסְט דָאךְ אַז אִיךְ הָאבּ דִיר שׁוֹין גִיפוּנֶען , בֶּעט אִיךְ דִיר דוּא זָאלְסְט הָאבִּין גָאט אִין הַארְצִין אוּנ זָאלְסְט אָן דַיין פְרוֹיא נִיט פַאר גֶעסִין , לָאמִיר צוּ הוֹיזֶע צוּא זַאמֶען פָארִין , אוּנ מִיר וֶועלִין לֶעבִּין וִויא גָאט הָאט גִיבָּאטִין , אוּנ אוֹיבּ אֲפִילוּ דוּא הָאסְט שׁוֹין אוּנְזֶער נַדַן פָּאטֶערַאיֶעט (אִיבֶּער גִיפִירְט) דַארְפְּסְטוּ אוֹיךְ נִיט זָארְגִין , דוּא וַוייסְט דָאךְ אַז מַיין

זיין פּאַטער איז גינוג רייך, ער וועט אונז אַנדערע געלט געבּין, אונ וואָס זאָסטו פּאַרט צו מיר אַז דוא האָסט מיר אַוועק גיוואָרפין אַדרבּה זאָג אויב עס איז דיר עפּעס ניט גיפעלין, וועל איך אָן ווענדין אַלע מעגליכקייט דאָס צו פאַר ריכטין, זיא האָט זיך שרעקליך פאַר נאַנדער גיוויינט אונ מען האָט שוין מער ניט גיקאָנט איין הערין וואָס זיא רעט.

אַלע האָבּין אירע רייד אויס גיהערט אונ עס האָט זייא דיא האַרץ גירירט, זייא האָבּין גיוואַרט צו הערין וואָס מנשה וועט איר ענטפערין.

איהר האָט אַטעות ווייבּיל — האָט מנשה גיזאָגט אונ עס האָט אים גיטרייסילט אַצאָן אָן אַצאָן — איך בּין ניט אייער מאַן, קוקט זיך אין מיר אַקאָרט גוט איין.

אָה ווייא איז מיר! — האָט זיא גישריען — דוא לייקינסט זיך גאָר?! צו איך דער קאָן דיר ניט? דו בּיזט דאָך מנשה בּלומענקראַנץ! וועה מערדער, וואָס האָסטו צו מיר מיינע יונגע יאָהרין צו פאַר שניידין, קום אַריין צום רב איך וועל אים זאָגין אַסימן וועלכין איך האָב אויף דיר, עס פּאַסט ניט פאַר מענטשין אין דיא אויגין דאָס פון מויל אַרויס צוא בּריינגען, גינוג פון דיר אַז דוא האָסט מיר מיין קאָפּ פאַר דרייט, מיין פּאַטערס געלט האָסטו איבּער גיפירט, ווילסטו נאָך מיר אויף אייביג מיינע יאָהרין פאַר שניידין, נאָט איך רבותי אַמעטריקע פון זיטאָמירער רב אָט זעהט אַז ער ניט קיין אַנדערער האָט מיט מיר חתונה גיהאַט, אונ איצט וויל ער אָפּ לייקענען שטיין אונ בּיין, זעט האָט אויף מיר רחמנות, האָט רחמנות אויף אַיונגע ווייבּיל וועלכע דער גזלן האָט איר דיא קאָפּ אַראָפּ גישנימין, עס פּאַסט אפילו ניט צו זאָגין נאָר דיא וואונדין פון אַמענטשין ריידין אַליין, איך בּין שוין פון אים אין דריי חדש, ממה נפשך אָדער זאָל ער זיין צוריק אַלעבּין, אָדער גיבּ גט, — אָה ווייא איז מיר וואָס איך האָב דער לעבּט! — איך בּין דיר שוין מוחל מיינע געלט וועלכע דוא האָסט בּייא מיר גיחאַפּט, אונ אויב דוא ווילסט וועל איך דיר אויך אַוועק געבּין דיא געלט וועלכע איך האָב בּייא זיך, אונ זיא האָט איר פּאָרטמאָנע אַרויס גינומען.

דאָס איז עפּעס אַ צו צעפּענעס — האָט מנשה גיזאָגט ניט וויסינדיג וואָס צו טאָן אונ וואָס צוא ענטפערין — .

דיא ווייבּיל האָט פון איר טייסטער אַרויס גינומען הונדערט רובּיל, אונ האָט עס מנשהען אין צורה אַוואָרף גיטאָן »נאַ דיר נאָך הונדערט רובּיל אונ מעהר האָב איך בּייא זיך ניט" האָט זיא צו אים גיזאָגט — אונ ווען עס איז דיר נאָך תּיינינג וועל איך מיינע אַלע זאַכין וועלכע איך האָב מיט זיך פאַר קויפין איך וועל זיך אין איין העמד אויס טאָן נאָר עס זאָל נעמען אַסוף" אַלע זיינען גישטאַנען אונ גיקוועטשט מיט דיא פּלייצעס, עס איז ניט גיוועזען צו זעהן דעם צער פון דיא ווייבּיל.

זעהט ראַטעוועט מיר — האָט זיך מנשה בּייא אַלימען גיבּעטין — נעמט

פון

פון מיר צו דיא מְשׁוּלַחַת, איך שְׁוֶוער בַּייא גָאט אַז אִיךְ קָאן אִיר נָאר נִיט, זיא הָאט נָאר אַטָעוֹת, נִיט מִיר זוּכְט זִיא.

קֵיינֶער הָאט מְנַשְׁהֶען נִיט גֶיעֶנְטְפֶערְט, נוּר אַלֶע הָאבִּין אִים בְּיסְטְרֶע אָנְגִיקוּקְט, נוּר דְרֶעזֶעלֶע הָאט שׁוֹין מֶער נִיט גִיקָאנְט אוֹיס טְרָאגִין דֶעם צַעַר פון מְנַשְׁהֶען, הָאט זיא צוּ דִיא וַוייבִּיל גִיזָאגְט:

נֶעמְט נִיט פַאר אוּמְגוּט וַוייבִּיל, אִיר הָאט אַטָעוֹת, אִיר הָאט זִיךְ גָאר אוּמְזִיסְט צוּ נִיצֶעפֶּעט צוּ אַמֶענְטְשִׁין, עֶר אִיז גָאר מַיין מַאן, אוּנ עֶשׂ אִיז שׁוֹין אַפָּאר יָאר נָאךְ אוּנְזֶער חֲתוּנָה.

אִיר זָאגְט לִיגִין — הָאט דִיא וַוייבִּיל צוּ אִיר גִיזָאגְט — עֶר הָאט מִיט אַיָאר צוּרִיק מִיט מִיר חֲתוּנָה גִיהַאט, אוּנ אִיז בַּייא אוּנְז גִיוֶוען בִּיז מִיט אַפָּאר חֲדָשִׁים צוּרִיק, הַיינְט וִויא קֶענְט אִיר זָאגִין אַז עֶר אִיז שׁוֹין צְוַוייא יָאר בַּייא אַייךְ?!.

דֶעם יָאר אִיז עֶר טַאקֶע נִיט הִיא גִיוֶוען — הָאבִּין אַלֶע גִיזָאגְט.

אוֹיב אַזוֹ! — הָאט דִיא וַוייבִּיל גִישְׁרִיעֶן — הָאט עֶר דָאס אִין דֶעם יָאר אַצְוַוייטֶע חֲתוּנָה אוֹיף גִישְׁפִּילְט, אָה! אַקְלָאג הָאט מִיר גִיהַאפְּט! אוּמְגְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ! אִיךְ בִּין שׁוֹין בַּייא אִים דִיא צְוַוייטֶע וַוייבּ וִויא עֶס שַׁיינְט, גְוַואלְד אִידִין רַאטֶעוֶועט מִיר! זֶעט בַּייא אִים פַאר מִיר אַרוֹיס צוּ קְרִיגִין אַגֶט, וָוען נִיט בְּלַייבּ אִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ.

מְנַשְׁהֶן אִיז פוּן דֶער מַעֲשֶׂה גְרֶיילִיךְ אִיבִּיל גִיוָוארִין, דִי הַארְץ הָאט אִים פַּאר קְוֶועצְט, אוּנ פוּן קְלֶעמֶענֶעשׁ הָאט עֶר גִינוּמֶען וַויינֶען וִויא אַקְלֵיין קִינְד, דְרֶעזֶעלִין הָאט אוֹיךְ דִיא הַארְץ פַּאר קְלֶעמְט אוֹיף מְנַשְׁהֶען קוּקִינְדִיג, אִיז זִיא מִיט דְרַייסְט צוּ גִינַאנְגֶען צוּ דִיא וַוייבִּיל, אוּנ הָאט צוּ אִיר גִיזָאגְט: הֶערְט וַוייבִּיל, צֶעפֶּעט זִיךְ אָפּ פוּן מַיין מַאן, אִיר הָאט גִיוִויס אַטָעוֹת נִיט עֶר אִיז אַייעֶר מַאן, אוּנ מִיט אַייעֶר אִיהְרוּנְג פַאר גִיסְט אִיר אוּמְזִיסְטֶע בְּלוּט, זֶעט זִיךְ אַקָארְפְּט גוּט אַרוּם.

טַייעֶרֶע פְרוֹיא! — הָאט דִיא וַוייבִּיל מִיט טְרֶערִין צוּ אִיהְר גִיזָאגְט — אִיךְ פַאר שְׁטֵייא אַייעֶרֶע יְסוּרִים עֶס אִיז אַייךְ נֶעבַּאךְ אוֹיךְ נִיט גוּט צוּ זֶעהֶן דָאס אַייעֶר מַאן הָאט נָאךְ אַוַוייבּ גִינוּמֶען, דָאךְ קָאנְט אִיר מִיר נִיט פַארְבְּלֶענְדִין מַיינֶע אוֹיגִין, צוּ אִיךְ דֶער קָאן אִים נִיט וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיט אִים גִילֶעבְּט בַּאלְד אַיָאהְר אַלֶעס מַאן אוּנ וַוייבּ, צוּ אִיהְר וִוילְט מִיר אַטוּמַאן אִין דִי אוֹיגִין אַרַיין לָאזִין? אוּנ אוֹיבּ אִיר וִוילְט אוֹיף קְלָאהְר וִויסִין קוּמְט מִיט מִיר אַבִּיסֶעלֶע אָן אַזַייט. דִיא וַוייבִּיל הָאט דְרֶעזֶעלֶען אָן אַזַייט אָבּ גִיפִירְט אוּנ הָאט אִיהְר אִין אוֹיעֶר אַרַיין גִישׁוּשְׁקֶעט אַפָּאר וֶוערְטֶער פוּן וָועלְכֶע דְרֶעזֶעלֶע הָאט אַשְׁפְּרוּנְג גִיטָאן אוּנ הָאט אוֹיס גִישְׁרִיעֶן: גָאט רֶעטֶע אִיךְ בִּין אוּמְגְלִיקְלִיךְ!

נָאכְהֶער אִיז דְרֶעזֶעלֶע מִיט צָארִין צוּ גִינַאנְגֶען צוּ מְנַשְׁהֶען וָועלְכֶער אִיז גִיזֶעסִין וִויא אַיין אָנְגִימָלְטֶער בִּילְד, נוּר טְרֶערִין הָאבִּין זִיךְ גִיקַייקִילְט אוֹיף זַיינֶע בַּאקִין, אוּנ הָאט צוּ גִישְׁרִיעֶן: דוּא מֶערְדֶער! דוּא פֶערְבְּרֶעכֶער! דוּא הָאסְט

שׁוֹין

שוין מיר לאַנג אומגליקליך גימאַכט, אונ יעצט האָסטו נעבאַך דיא פרוי אויך
דיא קאָפּ אַראָפּ גינומען, אונ דוא האָסט נאָך פארשטאָכענע אויגן זיך אָפּ צו
לייקענען פון דיינע שויערליכע מערדערישע טהאַטין, גייא מערדער אונ בעפרייא
חאַטש דיא וויבל פון דיא קייטין אין וועלכע דוא האָסט איר גישמידט, גיי
שיין אין דיא אונגליק צום רב אונ גיב איר אַגט, דוא הערשט וואָס איך פאַר
זאָג דיר ווען ניט וועסטו פאַר זוכין דעם צאָרין פון מיין פערביטערטע האַרץ.
מנשה איז פון קלעמענעס ניט אין שטאַנדע גיוועזן איר אַוואָרט צו ענטפערין,
נור ער האָט אויף איר אַפּאָר ליבליכע בליקין אַוואָרף גיטאָן אונ האָט
גישאָקילט מיטין קאָפּ.
וויא אַלע דער בייא שטייער אויך אָשר יעקיל מיט עלקען האָבין פון
דרעזלין דיא ווערטער דער הערט, אונ זיא האָט דאָך גיווים מן הכתם ערפאַרין
דאָס דיא ווייביל האָט רעכט, אויך דער צו דיא מיטלייד וועלכע זייא האָבין
גיהאַט אויף דיא אומגליקליכע ווייביל, האָט זייא ערוועקט אונ אַלע זיינען אַרויף
גיפאַלין אויף מנשהען וויא דיא ווילדע טיהרין, אונ האָבין אים אין דער לופטין
גיטאַשצעט צום רב ער זאָל דאָרטין די ווייביל גט געבין, אונ נאָך זיי זיינען נאָך
גילאָפין אַלע שטאָט באַדיונגען אונ גישריען „אורא" די הונדערט רובל האָט מען די
ווייביל אַוועק גיגעבין, זיא האָט מיט טרערין גידאַנקט יעדערין בעזונדער,
„אידין זאָלין גיזונד זיין„ האָט זיא גיזאָגט — „אָט וואו מעקומט נאָר צו ווישין
אידין איז מען שוין ניט פאַרפאַלין, זייא העלפין אויס פון אַלע צרות" אונ זיא
איז צום רב אַוועק.

## 40) דער צווייטער גלות.

וויא מעהאָט מנשהען צום גט אַוועק גישלעפּט, האָט זיך ערסט דרעזעלע
איר הורבן אַרום גיזעהן, זיא האָט גישריען, די הענט גיבראָכין, אונ די האָר
פון קאָפּ גיריסין, אונ איר מוטער עלקע האָט גיזאָגט, איך האָב גלייך פאַר
שטאַנען אַז מיט עם איז עפּעס ניט גלאַט, ער איז אַגאַנצין יאָר אויסין גיוועזן
אונ נאָכהער האָט מען אים מיטין אַטאָפּ גיבראַכט, אונ וואו ער איז גיוועזן
איז ניט גיוועזן בייא אים צו דערגיין, ווער האָט דאָש פריער ניט בעדאַרפט
פאַרשטיין אַז ווער ווייסט וואָס פאַר אַאַקצעס דער יונג האָט אָפּגיטאָן איך האָב
דאָך פון אָנהייב אָן גישריען: „זע דרעזעלע שלאָג מיט אים אָפּ כפרות", נור
דוא האָסט מיר ניט גיפאָלגט, הַיינט זע וואָס פאַר אַסוף פון דיר האָט זיך
אויס גילאָזין, עס איז דאָך שוין פאַר אונז אַגאַס ניט איבער צו גיין פון חרפות
ביושים, אוי וויא איז מיר! אַז מיטער אַין איידים האָט צוויי ווייבער גינומען,
אַדוגער האָט מיר ניט אַין גישלאָגין צו וואָס מיר זיינען גיקומען, הער דרעזעלע
דיא הוראָען וועלכע מעשרייט נאָך דיין מאַנעלע!
עלקעס רייד האָבין אויף אָשר יעקלען אַשטאַרקין איינדרוק גימאַכט, ער
איז צו גילאָפין צו דרעזעלין אונ האָט איר פאַרין האַנד גינרייפט אונ צו איר

גִיזָאגְט: קוּם מִיט מִיר צוּם רָב, פַאר אַיין גַאנְג וֶועט עֶר שׁוֹין דִיר אוֹיךְ אָפּ גֶעטִין, אוּנ דוּא וֶועסְט שׁוֹין עֶר לַייזְט וֶוערִין פוּן דַיין צָרָה.

גַיין טַאטִינְקֶע! — הָאט דְרֶעזֶעלֶע מִיט אַיָאמֶערְלִיכֶע שְׁטִימְמֶע אוֹיש גִישְׁרִיעָן — זַייא גִיט אַזוֹ גִיהַיילְט, מֶעדַארְף זִיךְ פָארְהֶער גוּט אַרוּם קוּקִין, פִילַייכְט אִיז עֶר אִין דֶער אֱמֶת נִיט שׁוּלְדִיג, פִילַייכְט הָאט פָארְט דִיא וַוייבִּיל אַטָעוּת, דֶער מָאן זִיךְ אָן דִיא פַאר אַיָאהְרִיגֶע גִישִׁיכְטֶע, אַז אִיךְ הָאבּ דוּכְט זִיךְ מִיט מַיינֶע אוֹיגִין אַלַיין גִיזֶעהֶן וִויא עֶר הָט אַשׁוֹיֶערְלִיכִין טְהַאט גִיטָאן הָאבּ אִיךְ דָאךְ גִיוִויס פְרַאוו גִיהַאט צוּ טָאן מִיט אִים וָואס אִיךְ וִויל, אָבֶּער וָואשׁ הָאט זִיךְ אוֹיס גִילָאזִין דֶער פוּן, דָאס עֶס אִיז גָאר אַיין אִירְטְהוּם גִיוֶוען, עֶר הָאט גָאר קַיין פֶערְבְּרֶעךְ נִיט גִיטָאן, דִיא פְרוֹיא אִיז גִיוֶוען זַיין מוּטָער, אוּנ אִיךְ הָאבּ דוּרְךְ אַזַא אַטָעוּת גִילִיטִין אַיָאר, דֶערוּם דַארְף מֶען זִיךְ יָעצְט גוּט בֶּעטְרַאכְטִין אוֹיבּ דָא לִיגְט עֶפֶּעס אוֹיךְ נִיט קַיין טָעוּת, מֶעקָאן אַבִּי אַוָואסֶער מֶענְטְשִׁין אוֹיךְ גִיט פֶער אוּרְטְהֵיילִין בִּיז עֶס אַקַאזֶעט זִיךְ יַאסְנֶע זַיין פֶערֶעסְטוּפּ (פַארְבְּרֶעךְ), אוּנ בִּפְרַט נָאךְ אַמַאן, אוּנ וָואס פַאר אַמַאן.

וָואס קָאן שׁוֹין דָא זַיין פַאר אַזְכוּת פַאר עֶם וַויים אִיךְ שׁוֹין נִיט — הָאט אָשֵׁר יֶעקִיל גִיזָאגְט — אַוַוייבִּיל וֶועלְכֶע אִיז מִיט אִיר מַאן גִיוֶוען בַּאלְד אַיָאר וֶועט זִיא אִים גִיוִויס דֶער קֶענֶען, אוּנ בִּפְרַט דִיא מֶעטֶערְקֶע שְׁטֶעכְט גָאר אוֹישׁ דִיא-אוֹיגִין, אוּנ דֶער צוּ אִיז נָאךְ אַגְרוֹיסֶע כְאַיָה דָאס וָואס עֶר פְלֶעגְט נִיט זָאגִין וואוּ עֶר אִיז דָעם יָאר גִיוֶוען, אוּנ וֶוען מֶעפְלֶעגְט אִים וֶועגִין דָעם פְרֶעגִין פְלֶעגְט עֶר רוֹיט וֶוערִין, אוּנ אַיין מָאל הָאט עֶר זִיךְ טַאקֶע אוֹיס גִירֶעט אַז עֶר אִיז אִין זִיטָאמִיר גִיוֶוען גָאר עֶר הָאט זִיךְ גְלַייךְ פַאר חַאפְּט אוּנ הָאט גִיזָאגְט גָאר אַיין אַנְדֶער שְׁטָאט עֶר הָאט זִיךְ אַלְץ גִיטוּמִילְט מִיט דִיא רַייד.

אִיהְר ווַייסְט וָואס מִיר הָאבִּין פַאר אַיין עֵצָה — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט — לָאמִיר גַיין אָבְּאִיסְקֶעוֶוען (זוּכִין) זַיינֶע אַלֶע פַּאפִּירִין, פִילַייכְט וֶועלִין מִיר פוּן דִיא פַּאפִּירִין דֶער גַיין וואוּ עֶר אִיז דָעם יָאר אוֹיסִין גִיוֶוען.

טַאקֶע אַפְּלַאן — הָאבִּין אַלֶע גִיזָאגְט, אוּנ אַלֶע הָאבִּין זִיךְ גִינוּמֶען צוּ מְנַשְׁהֶעם צַאמֶעדַאן אוּנ קֶעשֶׁענֶעשׁ, מֶע הָאט אָבֶּער קַיין פַּאפִּיר גִיט גִיפוּנֶען וַוייל מְנַשֶּׁה הָאט אַלֶע פַּאפִּירִין אוֹיף גִירַאמְט דָאס מֶעזָאל פוּן זַייא גִיט דֶער גַיין דָאס עֶר הָאט אִין בֶּערְלִין גִישְׁטוּדִירְט, אָבֶּער אַם עֶנְדֶע הָאט דְרֶעזֶעלֶע פָארְט דֶער טַאפְּט אִין אַפָּאטָאיֶעמְנֶע קֶעשֶׁענֶע אַבְּרִיף, זִיא הָאט אִים אָנְגִיפַאנְגֶען צוּ לֶעזִין, נָאר וִויא זִיא הָאט אִין אִים אַיינִיגֶע צַיילִין אַרַיין גִילֶעזִין אִיז אִיד פִינְשְׁטֶער גִיוָוארִין אִין דִיא אוֹיגִין אוּנ הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן: גְוַואלְד עֶס אִיז מִיר שְׁלֶעכְט, אוּנ זִיא אִיז אִין אוּנְמַאכְט גִיפַאלִין.

וֶוען מֶע הָאט אִיר עֶטְוָואס צוּ זִיךְ גִיבְּרַאכְט, הָאט אָשֵׁר יָעקִיל זַיינֶע בְּרִילִין אָנְגִיטָאן אוּנ הָאט זִיךְ גִינוּמֶען דָעם בְּרִיף אִיבֶּער צוּ לֶעזִין, אוּם עֶר זָאל וִויסִין פוּן וָואס דְרֶעזֶעלֶע חַאלֶעשְׁט, אוּנ הָאט אִיבֶּער גִילֶעזִין פָאלְגִינְדֶע

ה. מנשה בלומענקראנץ פה זיטאמיר.

הֱיות וִויא איך הָאבּ פַאר אַייך אַלֶעם רִכְטִיג נִיטָאן, אִיךְ הָאבּ אִין אַייֶער מוּטֶערְס נָאמֶן אַבְּרִיף גִישְׁרִיבִּין דָאס זִיא אִיז בַּאיי אַייךְ אִין בֶּענֶעכְסִיף נִיוֶועֶן, אוּנ אִיךְ הָאבּ דֶעם בְּרִיף נִימוּזְט לַייגִין אוֹיף בֶּערְחַאָקֶער פָּאצְט כְּדֵי דֶער פָּאצְט זִיגִיל זָאל פוּן בֶּערְחַאק זַיין אוּנ דֶער מִיט הָאט אִיר זִיךְ אָפּ גִיכַּאשֶׁערְט פוּן אַשְׁוֶוערֶע זִינְד, אוּנ אִיר זַייט מִיט אַייֶער עֶרְשְׁטֶע פְרוֹיא אוֹיף גִיקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם בְּרִיף אוּנ זֵייא הָאבִּין שׁוֹין אוֹיף אַייךְ קַיין פַארְדַאכְטוּנְג נִיט, אוּנ דָאס אִיז אַלְץ גִישֶׁעהֶן דוּרְךְ מַיין הִילְף, בְּכֵן דַארְפְט אִיר מִיר אָפּ שִׁיקִין דִיא גֶעלְט וָועלְכֶע אִיר הָאט מִיר פֶערְשְׁפְּרָאכִין צוּא דֶער לַיינִין דֶער פַאר, אוּנ אִיךְ גְלוֹיבּ דָאס אִיר וֶועט מִיר אַנְדֶערְס נִיט טָאן דֶען אִיר וַוייסְט דָאס אִיךְ קָאן עֶנְדֶעקִין אַייֶער פָּאדְלָאסְט פַאר דִיא עֶרְשְׁטֶע וַוייבּ, אוּנ אִיךְ קָאן אוֹיס זָאגִין וואו אִיר גִיפִינְט זִיךְ פַאר דִיא צְוַוייטֶע וַוייבּ, פוּן מִיר ב. פ.

אָשֵׁר יֶעקִיל אוּנ אַלֶע וָואס הָאבִּין דֶעם בְּרִיף דֶער הֶערְט הָאבִּין זִיךְ גָאר אוֹיף גִיטְרֵייסִילְט אוּנ הָאבִּין גִיזָאגְט: אָט דָאס אִיז עֶפֶּעס אַטְרַיפָענֶער בֵּיין, נוּא דְרֶעזֶעלֶע, אִיצְטֶער הָאסְטוּ עֶפֶּעס פַאר עֶם אַזְכוּת?.

וָואס זָאל אִיךְ שׁוֹין זָאגִין אוּנ וָואס זָאל אִיךְ רֵיידִין? הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט פַאר שֶׁעמְטֶערְהֵייד — אִיךְ שֶׁעם זִיךְ שׁוֹין אַייךְ גְלַייךְ אִין דִיא אוֹיגִין צוּ קוּקִין, וַוייא אִיז צוּ דִיא קִינְד וֶועלְכֶע אִיז נִיט הָארְכְזַאם צוּ אִירֶע עֶלְטֶערִין, אוּנ וַוייא אִיז מִיר פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ נִיט גִיפָאלְגְט, דֶער הוּלְטַאיי הָאט מִיר פַאר פִירְט מִיט זַיין נְלַאטִין צִינְגֶעלֶע, עֶר הָאט זִיךְ מִיר פָאר נִישְׁטֶעלְט אַלֶעם אַיין אַנְגֶעל, מִיט אַרֵיינֶעם סָאוֶועסְט אוּנ מִיט אָרִינְטְלִיכֶע נִיוִויסִין, נָאר יֶעצְט זֶע אִיךְ דָאשׁ עֶר הָאט מִיר נָאר פֶערְבְּלֶענְדֶעט מִיט זַיינֶע פָאקָאס, עֶר הָאט מִיר פַאר צְמוּטֶעט, אָבֶּער וָואס קָאן אִיךְ זִיךְ יֶעצְט הֶעלְפִין?! אִיךְ בִּין שׁוֹין אוֹיף עֶוִויג פַאר פַאלִין, אִיךְ דַארְף שׁוֹין קָאנְצֶען מַיין בִּיסִיל יָארִין אִין פִינְשְׁטֶערְנֶעשׁ אוּנ שְׁמֶערְצִין, אָבֶּער אִיךְ וֶועל שׁוֹין פִיל נִיט לַיידִין פוּן דֶער וֶועלְט, דִיא וֶועלְט וֶועט מִיר שׁוֹין אִין גִיכִין אַרוֹיס קְוֶועצִין, וֶוען אִיךְ זָאל שׁוֹין הָאבִּין אַייזֶערְנֶע כּוֹחוֹת וֶועל אִיךְ דָאס אוֹיךְ לַאנְג נִיט אַרִיבֶּער טְרָאגִין, צוּ וָואס זָאל אִיךְ זִיךְ מִיט אִים נָטִין? צוּ דֶען קָאן מִיר טְרֵייסְטִין דֶער הָאפֶענוּנְג מִיט אַצְוַייטִין צוּ הֵיירָאטִין? נֵיין, דָאס אִיז פַאר מִיר קֵיין טְרֵייסְט נִיט מַיין טְרֵייסְט אִיז נוּר דֶער זִיסֶער טוֹיט, אַלֶע זַיינֶען בֵּייז אוֹיף אָדָם הָרִאשׁוֹן פַאר וָואס דוּרְךְ אִים אִיז דֶער טוֹיט אוֹיף דֶער וֶועלְט גִיקוּמֶען, אָבֶּער אִיךְ מָאג אִים דֶער פַאר דַאנְקְבַּאר זַיין, דֶען נוּר דֶער טוֹיט קָאן מִיר פוּן מַיינֶע צָרוֹת אוֹיס ווִיקְלֶען אוּנ נִיט קֵיין אַנְדֶערֶער, דֶערוּם וֶועל אִיךְ זִיךְ מִיט אִיהְם נִיט גֶטִין, נוּר אִיךְ וִויל עֶם דֶעם אוֹיס וואוּרְף שׁוֹין מֶער אִין דִיא אוֹיגִין נִיט זֶעהֶן.

דְרֶעזֶעלֶע הָאט זִיךְ נִישְׁטַארְקְט, אוּנ הָאט אָנְגִישְׁרִיבִּין צוּ מְנַשְׁהֶען אַקְלֵיינֶעם צֶעטֶעלֶע מִיט דֶעם אִינְהַאלְט:

מַיין אֵיינְצִיגֶער מֶערְדֶער פֶערְקְלֵיידֶעט אִין נָאמֶען גִימַאהְל!

אַזוֹ וִויא דֶער קְלֵייבֶּער וָואס קְלֵייבְּט אַרוּם דִיא פְרוּכְט פוּן אַבּוֹים זָא קָאמֶע אִיךְ יֶעצְט אַרוּם צוּ קְלֵייבִּין מַיינֶע וֶוערְטֶער מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר גִירֶעט אִין פֶערְלוֹיף פוּן אוּנְזֶער — פָארְגִישְׁטֶעלְטִין — נוּטִין זִיסִין לֶעבִּין, אִיךְ הָאבּ דִיר גִינַאנְט: מַיין גִימַאל! מַיין זֶעלֶע! מַיין טְרוֹיסְט! אוּנ דוּא הָאסְט מִיר מִיט דַיין פַּאלְשִׁין מוּנְד גִיעֶנְטְפֶערְט: מַיין הִילְף! מַיין לִיכְט! מַיין אֶנְגֶעל!, אִיךְ נֶעם אָבֶּער יֶעצְט צוּרִיק מַיינֶע פָארִיגֶע וֶוערְטֶער אוּנ אִיךְ פֶערְוֶועקְסִיל זַייא אוֹיף דִיא: מַיין מֶערְדֶער! מַיין טִירַאן! דַיין לֶעפְצִין זַיינֶען מִיר זִים גִיוֶוען וִויא גָארְטִין בְּלוּמֶען אָבֶּער דִיא אִינֶערְלִיכֶעס דַיין הַארְץ אִיז וִויא שְׁטֶעכֶעדִיגֶע דֶערְנֶער, אָהּ! דוּא הָאסְט פִיל שְׁוֶוערְלִיכֶע טְהַאטִין אָפּ גִיטָאן, עֶס אִיז גָאר נִיט אוֹים צוּ צֵיילִין, דוּא הָאסְט מִיר מַיינֶע יוּנְגֶע יָאהְרִין פַאר שְׁנִיטִין, דוּא הָאסְט מִיר גִיבְּרַאכְט דָאס אִיךְ ווִינְץ זִיךְ דֶעם טוֹיט יֶעדֶער וַויילֶע, אוּנ הָאסְט נִיט גִיווָאוּסְט צוּ עֶרְבַּארֶעמֶען דַיין פְרוֹיא וֶועלְכֶע אִיז דִיר אִיבֶּערְגֶעבִּין מִיט לַייבּ אוּנ לֶעבִּין, דוּא הָאסְט אוֹיךְ נִיט עֶרְבַּארֶעמְט דַיין פְרוּכְט וֶועלְכִין דוּא הָאסְט גִיפְלַאנְצְט אוּנְטֶער מַיין הֶערְץ... נוּר פִילֵייכְט פַאר מָאגְט, נָאךְ דַיין הַארְץ אַפּוּנְק סָאוֶועסְט, בֶּעט אִיךְ דִיר אִין דֶעם נָאמֶען פוּן מַיין פָארִיגֶע לִיבֶּע צוּא דִיר, דוּא זָאלְסְט מִיר דִיא טוֹבָה טָאן: דוּא זָאלְסְט זִיךְ אוֹיף עֶווִיג פַאר מֵיינֶע אוֹיגֶין נִיט וַוייזִין, דוּא זָאלְסְט זָאגַאר דִיא שְׁטָאט אוֹים וַוייכִין דָאס אִיךְ זָאל דִיר נִימַאלְס אָנְטְרֶעפִין, אִיךְ בֶּעשְׁווֶער דִיר דָאס מִיט מַיין עֶרִינְסְטֶע לִיבֶּע וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גִיהַאט, אוּנ מִיט דַיין בִּיז אִיצְטִיגֶע קַאווַארְנֶע לִיבֶּע וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט גִיצַייגְט, אִיךְ זָאל שׁוֹין בַּייא דִיר פַאר רֶעכִינְט זַיין וִויא אַיין פֶערְשְׁטָארְבֶּענֶע פְרוֹיא. דרעזיל

דְרֶעזֶעלֶע הָאט דֶעם צֶעטֶעלֶע אַוֶועק גִישִׁיקְט דוּרְךְ אַמַאד מְנַשֶׁהְ'ען דָאשׁ גְלַייךְ אָפּ צוּ גֶעבִּין.

מְנַשֶׁהְ אִיז בַּיין רָב גִיזֶעסִין וִויא אַצוּמִיסְטֶער עֶר אִיז גִיוֶוען אוֹיסֶער זִיךְ עֶר הָאט זִיךְ גָאר נִיט גִיקָאנְט בֶּעקְלֶערִין וואוּ עֶר אִיז אִין דֶער וֶועלְט, אִין אָנְהוֹיבּ הָאט עֶר זִיךְ אֲפִילוּ גִישְׁטֶעלְט נִיט צוּ גֶעבִּין קֵיין גֶט ווייל עֶר ווייס גָאר נִיט פוּן וָואס צוּ זָאגִין, נוּר דֶער רָב הָאט עֶם גִיוִוייזִין דָאס עַל פִּי דִין דַארְף עֶר יָע גֶעבִּין אַגֶט, אוֹיךְ זַיינֶען אַלֶע אוֹיף עֶם אַרוֹיף גִיפַאלִין וִויא לֵייבִּין אוּנ הָאבִּין אִים גִיצְווָאוּנְגֶען דָאס נִיט אַנְדֶערְשׁ עֶר זָאל גֶעבִּין גֶט, עֶר אִיז גִיוֶוען צוּ מִישְׁט עֶר הָאט דֶעם גֶט אָפּ גִיפְּרַאוֶועט אוּנ הָאט דָאס אַלֵיין נִיט בֶּעמֶערְקְט, מֶעהָאט אִים גִיהֵייסִין זָאגִין „יָע" הָאט עֶר גִיזָאגְט „יָע" — „נֵיין" — „נֵיין" נִיט זָאגִין צְווֵיי מָאל „יָע" אוּנ צְווֵייא מָאל „נֵיין" הָאט עֶר נִיט גִיזָאגְט, אַזוֹ הָאט זִיךְ דֶער גֶט גִישְׁווִינְד גִיעֶנְדִיגְט, אוּנ עֶר אִיז פוּן רָאבְּס שְׁטוּבּ אַרוֹיס אַצוּפַּארֶעטֶער וִויא אַחָסִיד פוּן בֶּעדִיל, אוֹיף דְרוֹיסִין הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גִישְׁטֶעלְט אוּנ גִיקְלֶערְט וואוּ עֶר זָאל זִיךְ יֶעצְט קֶערִין, אִין דָעם הָאט מֶען אִים דֶער לַאנְגְט דְרֶעזֶעלֶעס צֶעטִיל, עֶר הָאט אִים גִילֶעזִין אוּנ טְרֶערִין הָאבִּין זִיךְ פוּן אִים גִיקַייקִילְט, דֶער צֶעטִיל הָאט אִים אַבִּיסִיל עֶרְמוּנְטֶערְט פוּן זַיין צוּ מִישְׁטְקַייט, „עֶלִינְטֶע דְרֶעזֶעלֶע!

הָאט

הָאט עֶר אוֹיס גִישְׁרִיעֶן — דוּא בִּיזְט נֶעבַּאך פַאר בְּלָאנְדְזֶעט, דוּא בִּיזְט נִיט שׁוּלְדִיג דוּא דַארְפְסְט אַזוֹ שְׁרַייבִּין, אָבֶּער גָאט אִיז מַיין עֵדוּת אַז אִיךְ בִּין אוֹיךְ גָאר נִיט שׁוּלְדִיג, מִן הַסְתָּם אִיז עֶס אַזוֹ פוּן גָאט אוּנ יֶעצְט הָאט שׁוֹין מְנַשֶּׁה מֶער נִיט גִיקְלֶערְט וואוּ הִין צוּ גֵיין, וֶוען צוּ דְרֶעזֶעלִין טָאר עֶר שׁוֹין נִיט גֵיין, אִיז דָאךְ שׁוֹין פַאר אִים קֵיין אַנְדֶער וֶועג נִיטָא וִויא צוּ פָארִין נָאךְ בֶּרְלִין זַיין שְׁטוּדְיוּם צוּ עֶנְדִיגִין, אוּנ בִּיז דַאן וֶועט פִילַייכְט דִיא צַייט עֶרְקְלֶערִין זַיין אוּנְשׁוּלְד, עֶר הָאט דָאס פַאר רֶעכִינְט פַאר גָאטֶעס גִינַאדֶע צֵייכִין, דֶען זָאנְדֶערִין וָואלְט עֶר זִיךְ פוּן דְרֶעזֶעלִין נִיט קָאנֶען אוֹיס רַייסִין אוֹיף דְרַייא יָאר נָאךְ בֶּרְלִין צוּ רַייזִין, דֶערוּם הָאט עֶר דֶעם שְׁלֶעכְטִין סְלוּטְשַׁאיי גִירֶעכִינְט פַאר אַיין גֶעטְלִיכִין פֶּערְקוּק אִים צוּם גְלִיק צוּ פִירִין, עֶר אִיז אַוֶועק צוּ זַיין בֶּעסְטִין גוּטִין פְרַיינְד צוּם רַאבִּינֶער לֶעאָנְטַאל, אוּנ הָאט אִים פַאר טְרוֹיט דָאשׁ עֶר רַייזְט יֶעצְט נָאךְ בֶּרְלִין זַיין סְטוּדְיוּם צוּ עֶנְדִיגִין, אָבֶּער עֶר הָאט אִים גִימוּזְט צוּא שְׁוֶוערִין דָאס עֶר זָאל עֶס אִין אַיין שְׁטְרַיינְגִין גִיהֵיים הַאלְטִין, אוּנ זָאל פַאר קֵיין פַאל דָאס גִימַאנְדִין עֶנְדֶעקִין.

## 41) וַוייטֶער גֶעלְט.

נוּ ר׳ שְׁמֶערִיל נוּ ר׳ שְׁמֶערִיל! — הָאט צוּ אִים הֶענֶעלֶע גִיזָאגְט בַּיי זַיין אַרַיין קוּמֶען אוֹיף מָארְגִין נָאךְ דֶער פָארִיגֶער פְרָאאִיסְשֶׁעסְטְווִיֶע — אִיר זַייט אַמַלְאַךְ נִיט קֵיין מֶענְטְשׁ, אֶמֶת דָאס קָאסְט גֶעלְט אָבֶּער עֶס אִיז וֶוערְט גֶעלְט, נוּ אַשְׁטוּקֶע! אִיר מָאגְט מִיר גְלוֹיבִּין בַּיי מַיין עֶהְרֶע וָוארְט אַז אִיךְ הָאבּ אִין אָנְהֵייבּ אוֹיךְ גִימֵיינְט אַז דָאשׁ אִיז אַיין עֶרִינְסְטֶע זַאךְ, דָאס מְנַשֶּׁה הָאט בֶּאֱמֶת חֲתוּנָה גִיהַאט מִיט דִיא וַוייבִּיל אִין זִיטָאמִיר, נָאר וִויא דִיא וַוייבִּיל הָאט אַוֶועקְגִיטָאן דִיא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל הָאבּ אִיךְ דֶער קָאנְט אַז דָאס אִיז דִיא זֶעלְבִּיגֶע בִּילֶעטִין וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אַייךְ גִיגֶעבִּין אוֹיף הוֹצָאוֹת, אָט דֶער פוּן הָאבּ אִיךְ עֶרְשְׁט פַאר שְׁטַאנֶען אַז דִיא וַוייבִּיל אִיז אַיין אָנְגִישְׁטֶעלְטֶע פוּן אַייךְ, אָבֶּער וִויא קְלוּג זִיא הָאט דֶעם גִישֶׁעפְט אָפּ גִיפְרַאוֶועט, מֶעהָאט אָנְפַאנְגְס מֶער נִיט גִירֶעכִינְט דָאס זִיא הָאט פִילַייכְט אַטָעוּת, אָבֶּער וִויא זִיא הָאט דְרֶעזְקִין אִין אוֹיעֶר אַרַיין גִישׁוּסְקֶעט אַפָּאר וֶוערְטֶער אִיז שׁוֹין בֶּעשְׁטִימְט גִיוָוארִין בַּיי אַלֶעמֶען אַז זִיא הָאט שׁוֹין קֵיין טָעוּת נִיט, נוּר אַז דָאס אִיז עֶר, זָאגְט מִיר ר׳ שְׁמֶערִיל, וָואס אִיז דָאס פַאר אַפָּאר וֶוערְטֶער וֶועלְכֶע זִיא הָאט דְרֶעזְקֶען אַרַיין גִישׁוּסְקֶעט.

דִיא פָּאר וֶוערְטֶער אִיז דָאס גִיוֶוען — הָאט שְׁמֶערִיל גִיעֶנְטְפֶערְט — בְּשַׁעַת אִיךְ בִּין גִיוֶוען בַּייא מְנַשֶּׁהֶעס זֵיידִין דֶעם שִׁידוּךְ צוּ רֵיידִין מְנַשֶּׁהֶען מִיט דְרֶעזֶעלֶען, הָאט מִיר זַיין זֵיידֶע גִיזָאגְט אִין אַגְלַייךְ וֶוערְטִיל, דָאס מְנַשֶּׁה אִיז אַגִיצַייכִינְטֶער קִינְד, וַוייל עֶר הָאט אַזַא אוּנ אַזַא סִימָן אוֹיף יֶענֶעם אָרְט, אִיךְ הָאבּ דֶעם סִימָן דִיא וַוייבִּיל אִ״ֶער גִיגֶעבִּין, אוּנ זִיא הָאט דָאס אַרַיין גִישׁוּסְקֶעט דְרֶעזֶעלֶען, אוּנ דֶער פוּן הָאט דְרַעזִיל אַנְדֶערְש נִיט גִירֶעכִינְט וִויא זִיא הָאט מִיט

אים

אים טאקע חתונה גיהאט און דער פון ווייס זיא דעם סימן.

נו ר' — שמעריל האט חיענעלע גיזאגט — קיין מעשה איז אייך ניט צו קליין, איר וואלט זעהן וויא דרעזקע ליגט שוין וויא אפדלע און זיא יאמערט נאך איר בינטיל יארין, עס איז נאך עד היום ביא איר אין הארצין איין גיזעצט אז מנשה האט מיט דיא ווייביל חתונה גיהאט, זיא שרייט אין איין קול דאש עס שטעקט ניט אין מנשהן אזא אפאדלאסט צו טאן, עס האט אין אים גימוזט אריין אמשוגעת אין דער ווייבע וואס ער האט דאס גיטאן און יעצט האט ער גיוויס חרטה, איר פאר דריסט וואס זיא האט אים אויף אויביג פון זיך פאר טריבין, נור זיא קאן זיך שוין ניט העלפין, מנשה איז שוין ניטא און מיר דוכט אז ער וועט שוין מער ניט קומען, „דיר ניט מיר ניט" איך וועל אים שוין אויך אפילו ניט קריגין, נאר איך קוועל אז ער גייט שוין ביי אונז אין שטוב ניט ארום און ער שטעכט מיר שוין מער ניט אין דיא אויגין.

חיענעלע! — האט צו איר שמעריל גיזאגט — זייא ניט מאריך אין דיינע רייד, און גיב ווייטער געלט, עס האט זיך אונז גימאכט אנייע צרה, עס האלט מיט אונז שלעכט, בכן גיב געלט׃ אבער וואס צום גיכסטין.

וואס איז שוין ווייטער? — האט חיענעלע פארוואונדערט גיפרעגט.

דיא ווייביל מנשהעס גרושה — האט שמעריל גיענטפערט — האט מן הסתם פאר איר אוועק פארין בעגאנבעט אין דיא אכסניא אין וועלכע זיא איז איין גישטאנען „זיא האט ארויש גינומען זילבער און צירונג, און מעהאט איר אויפין וועג גיבראכט אהער אין פאליציע, מיילע דאס ארט מיר ניט וואס מעוועט דער ניין דאס מנשה איז גיוועז אומשולדיג, אבי ער איז שוין ניטא, מיר ארט מער ניט וויא טאמער וועט דיא ווייביל וואס זאגין דאס מיר האבין איר גידונגען אויף דער שטוקע, און דאן וועט מיט אונז שלים זיין, זיא האט צו מיר אנגיזאגט אז איך זאל איר געבין געלט, און וועט ניט וועט זיא זיך מודה זיין, און דאן וועט ענדעקט ווערין... איך וויל שוין נאר פון מיין מויל ניט ארויס ריידין.

איי! וואס וויל נאט פון אונז?! — האט חיענעלע גישריען — עס ציט זיך אלץ ביא אונז וויא פון פעך, דער נישעפט קאסט שוין מיר אסך געלט, איך האב דעם טאטין בדלות נישטעלט, און היינט גיב ווייטער געלט!...

עס איז אבער קיין תירוץ ניט — זאגט שמעריל — גיב וויפיל דוא קאנסט עס איז נאר מיט אונז שלעכט עס האלט פאסקודנע.

חיענעלע האט אים דער וויל גינעבין אביסיל געלט און האט אפ נירעט נאך צו דער ליינין.

## 42) נאר אבחור.

אין שטעטיל איז אקאך גיווארין אז דיא ווייביל מנשהעס ענונה אדער גרושה, האט בעגאנבעט און מעהאט איר אין פאליציע ניבראכט, דער זעלבינער גאראד וועלכע איז נעכטין ארום אשר יעקילס שטוב נישטאנען און נישריען

„אוּרַא“ זַיינֶען יֶעצְט גִישְׁטַאנֶען אַרוּם פַּאלִיצְיֶע אוּנ גִיזֶעהֶן וִויא מֶעהָאט אִיר אִין פַּאלִיצְיֶע גִיאָבִּיסְקֶעוֶועט, דֶער עוֹלָם הָאט שׁוֹין אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ פֶער דַאכְטִין דִיא וַוייבִּיל דָאס זִיא הָאט זִיךְ צוּ מְנַשְׁהֶען אוּמְזִיסְט צוּ גִיצֶעפֶּעט, „זִיא הָאט נָאר גִימוּזְט וֶועלִין בַּאיי אִים גֶעלְט אוֹיס צַאפִּין אָדֶער גָאר בֶּעגַאנְבֶענֶען“. הָאבִּין אַיינִיגֶע גִיזָאגְט.

וֶוען אַזוֹ — הָאט זִיךְ אַיינֶער פוּן טָאלְפַּא אָפּ גִירוּפִין — פַּאר וָואס הָאט זִיא מְנַשְׁהֶן גִיוָואלְט גֶעבִּין הוּנְדֶערְט רוּבִּיל?

דָאס אִיז אוֹיךְ קֵיין רַאֲיָה נִיט — הָאט אַיין אַנְדֶערֶער גִיעֶנְטְפֶערְט, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ וֶועגִין דֶעם צוּ ווִישִׁין דֶעם נַארָאד פֶּערְבְּרֵייטֶעט אַוִיכּוּחַ.

מִיט אַמָאל זַיינֶען אַיינִיגֶע אַרוֹיס גִילָאפִין פוּן פַּאלִיצְיֶע מִיט אַשַׁאלוּנְדִין גִילֶעכְטֶער אוּנ הָאבִּין אוֹישׂ גִישְׁרִיעֶן: „דָאס אִיז גָאר נִיט קֵיין וַוייבִּיל“!.

וָואס דֶען אַמֵיידִיל? — הָאבִּין אַלֶע גִיפְרֶעגְט מִיט נַייגִירְדֶע.

נֵיין! קֵיין מֵיידִיל אוֹיךְ נִיט — הָאט מֶען גִיעֶנְטְפֶערְט.

טוּא וָואס דֶען? אַטוּמְטוּם אַאַנְדְרוֹגִינוֹס? — הָאבִּין אַלֶע מִיט אַגִילֶעכְטֶער גִיפְרֶעגְט.

נֵיין! גָאר פָּשׁוּט אַ בָּ... בָּחוּר, אַבָּחוּר אַקֶעשֶׁענִיק — אִיז דֶער אַנְטְוָוארְט גִיוֶוען.

אַבָּחוּר?! אַבָּחוּר! הָאבִּין אַלֶע מִיט אַגִילֶעכְטֶער גִישְׁרִיעֶן, אוּנ דִי בָּאדְיוּנְגֶען הָאבִּין גִיגֶעבִּין אִין בַּארַאבַּאן אַ„אוּרַא“, נוּ וָואס הָאט זִיךְ דֶער לַיידַאק אוּמְזִיסְט צוּ גִיצֶעפֶּעט צוּ מְנַשְׁהֶען?! אַזַא אַיין אַקְט פַּאסִירְט גָאר נִיט אוֹיף דֶער וֶועלְט — הָאבִּין אַלֶע גִישְׁרִיעֶן אוּנ זַיינֶען גִילָאפִין אִין שְׁטָאט דֶעם נַייֶעם אוֹיס צוּ פּוּיקִין.

אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט וָואס דָאס אִיז גִישֶׁעהֶן, אִיז בַּייא אָשֵׁר יֶעקְלִין אִין שְׁטוּבּ נָאר אַיין אַנְדֶער פְּרָאצֶעס גִיוֶוען, דְרֶעזֶעלֶע הָאט גִיוַויינְט אוּנ הָאט זִיךְ שְׁטַארְק בֶּערַייהֶעט אוֹיף דֶעם וָואס זִיא הָאט מְנַשְׁהֶען פֶערְטְרִיבִּין, אוּנ אָשֵׁר יֶעקִיל מִיט עֶלְקֶען הָאבִּין אִיר דִיא בְּלוּט גִיצַאפְּט פַאר וָואס זִיא הָאט זִיךְ מִיט עֶם נִיט גִינֶעט, „אַזוֹ וֶועסְטוּ בְּלַייבִּין אַיין אוֹיבִּיגֶע עֲגוּנָה, — הָאבִּין זַייא גִיזָאגְט — עֶר וֶועט שׁוֹין קֵיין מָאל נִיט קוּמֶען, עֶר קֶען דָאךְ עֶרְגֶעץ וואוּ נָאךְ אַדְרִיטֶע וַוייבּ נֶעמֶען אָבֶּער דוּא בְּלַייבְּסְט שׁוֹין נָעבַּאךְ אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע.

זֶעט אִיךְ בֶּעט אַייךְ — הָאט דְרֶעזֶעלֶע בַּייא זַיי גִיבֶּעטִין — רֶעט אוֹיף אִים קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט, אַייעֶר רֵייד שְׁטֶעכִין מִיר אִין הַארְצִין, אִיךְ וַוייס אַז מְנַשֶּׁה קָאן קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט טָאן, אִיךְ הָאבּ אִים נָאר אוּמְזִיסְט פַאר טְרִיבִּין, דִיא וַוייבִּיל הָאט גִיוִוים אַטָעוּת גִיהַאט...

וָואס זִיא קָאן נָאךְ רֵיידִין? — הָאט עֶלְקֶע גִישְׁרִיעֶן — דוּא קָאנְסְט נָאךְ אוֹיף אִים מְלַמֵד זְכוּת זַיין?, אוּנ וָואס אִיז מִיט דִיא וַוייבִּיל? אוּנ וָואס אִיז מִיט דֶעם בְּרִיף וֶועלְכִין מֶעהָאט בַּייא אִים אִין קֶעשֶׁענֶע גִיפוּנֶען?.

דְרֶעזֶעלֶע הָאט נֶעבַּאךְ נִיט גִיהַאט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערִין אוּנ הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין בִּיטֶערְלִיךְ צוּ וַויינֶען.

אין דעם זייטען אריין מיט האסט עטליכע מענטשין, און זיי האבין דער ציילט דיא מעשה אז פון דער ווייביל איז געוואָרין אבחור, דרעזעלע איז צו טומילט געוואָרין, און אשר יעקיל מיט עלקען האבין דאס גאר ניט געוואלט גלויבין, ווייל ביא זייא איז גאר קיין ספיקות ניט געוועזן אז מנשה האט נאך אמאל חתונה געהאט, דערום איז זייער ערשטע פראגע געוועזן: „וויא קאן דאס זיין? האט מנשה חתונה געהאט מיט אמאנסביל?.

וואש רעט איר? האט מען זיי געענטפערט — מנשה האט גאר ניט חתונה געהאט נאך אמאל, נור דאס איז געוועזן אפאלשער אנשטעל, פון וואנען דאש וואקסט ווייסין מיר ניט, נאר דאס איז קלאהר אז מנשה איז געבאך אונשולדיג, דער בחור האט זיך צו אים צו געצעפעט נור אום דעם ביא אים געלט אויס צו צאפין אדער אים צו בעגאנבענען.

אה גאט! וואס הערין אונזערע אויערין! האבין זיי געשריען, און דרעזיל האט זיך גינומען שלאגין קאפ אן וואנט און געשריען: הימיל עפין זיך! צוא מיינע צרות איז קיין גרונט ניטא. — אין דעם איז צו זיי אפאליצייסקער אריין און האט זייא דער לאנגט אפאפיר געשריבין אויף אידעש און האט גיזאגט: דעם פאפיר האט מען געפונען ביי דיא ווייביל און ווייל דא ווערט דער מאנט אייער אידימס נאמען האט מען אים געשיקט צו אייך איר זאלט מיר אָבּיאסנאיען (ערקלערין) אין וואסער אינהאלט ער איז געשריבין, דער ווייל איז דער דיב זיך ניט מודה ווער עס האט אים אויף אייער אידים אנגערייצט.

דרעזעלע האט דעם פאפיר גינומען איבער לעזין, און וויא ענציגט זיא איז דאס געוואָרין אז זיא האט דער זעהן, אז דאס איז איין צארנע פון דעם בריף וועלכין מעהאט נעכטין געפונען ביי מנשהען אין קעשענע, זיא האט גלייך פאר שטאנען אז דער בריף איז געוועזן אונטער געווארפין פון דיא זעלבע פאלשע ווייביל, רעטע גאט! האט זיא אגעשרייא געטאן — דער נעכטיגער בריף פון דעם זעלבין אונטער געווארפין אין מנשהעס אקעשענע! איך בין אומגליקליך! איך האב מנשהען אומזאנסט פאר טריבין פון מיר, דער שטן איז פון דער העלע ארויס גינאנגען מיט מיר זיך צו רייצין, מנשה מנשה! וואו גיפינשטו זיך יעצט! לויף ניט ווייטער, קער זיך צו מיר איך וועל דיר מיט אפענע ארימס עמפפאנגען, איך וועל שוין ניט מער לעבין פון צרות, מיינע טעג זיינען שוין געציילטע, אה גאט! איך פארלאנג פון דיר דוא זאלסט מיר צו שיקן וואש גיכער דעם זיסין טייט, נור פאר מיין שטארבין זאל איך חאטש מנשהען איין מאל זעהען אום אים איבער צו בעטין פאר דיא שמערצין וועלכע איך האב אים אנגיטאן אונוויסינד, טייערע עלטערין! זעט וואס פון אייער קינד איז געוואָרין, אונזערע הויז לייטע האבין אויך געזוים אטייל גינומען אין דיזע בלוטיגע שטרייכין, רעטעט מיר, עס איז מיר איביל, אה גאט! ... דאס האט דרעזעלע מיט אווילדע שטימע אויס געשריען און איז אין אונמאכט געבליבין.

עס איז אין זייער הויז טומיל אונגלארעם געוואָרין, דא האט מען גימינטערט

דרעזלען

דְרֶעזְלֶען, און אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיךְ דִיא הָאר פוּן קָאפּ גִירִיסִין אוּנ הָאבִּין אַלֶע וַוייְלֶע גִיהַאלֶעשְׁט, קוּרְץ דָארְטִין אִיז גִיוֶועזֶען אַרִידִינְדֶע טְרַאגֶעדִישֶׁע שְׁצֶענֶע אוּנ חָיָענֶעלֶע הָאט גֶעבַּאךְ אוֹיךְ גִיטוּזְט הֶעלְפִין מִיט שְׁפִּילִין דִיא רָאלְיֶע.

## 43) אוּים רַבָּנוּת

צַייט בַּייא אוּנְז אִין שְׁטָאט אִיז גִיוָוארִין דֶער רַאזְרִיוו צְווִישִׁין דֶעם רַאבִּינֶער מִיט זָאהֶנְשַׁיינֶען הָאט זִיךְ דִיא שְׁטָאט צוּ טֵיילְט אִין צְוַוייא פַּארְטֶעס, אֵיינֶע אִיז גִיוֶועזֶען דִיא שְׁמֵיכְלֶער (חוֹנְפִים) וֶועלְכֶע זֵיינֶען גִישְׁטַאנֶען אִין זָאהֶנְשַׁיינְס זַייטֶע נָאר אִים דֶער מִיט צוּ חַנְפֶענֶען, אוּנ דִיא צְוֵוייטֶע פַּארְטֶע אִיז גִיוֶוען דֶעם רַאבִּינֶערְס, אוּנְטֶער זֵייא אִיז גִיוֶוען אָדֶער גְרוֹיסֶע נְגִידִים אָדֶער בְּיֶעזְדֶעטְנִיקֶעס וֶועלְכֶע הָאבִּין פַּאר זָאהֶנְשַׁיינֶען נִיט גִידַארְפְט פִירְכְטִין ... בֵּיידֶע צְדָדִים הָאבִּין מִיט גְרוֹיס עֶנֶערְגִיֶע גִישְׁטְרִיטִין, נָאר אַם עֶנְדֶע הָאט זָאהֶנְשַׁיין גִיזָאגְט, דֶען עֶס אִיז פוּן גוּבֶּערְנֶע גִיקוּמֶען אַיין אַטְקַאז אוֹיף דֶעם רַאבִּינֶערְס ווִיבָּאר וַוייל עֶס אִיז גִיט פְּרַאוִוילְנָא גִימַאכְט גִיוָוארִין אוּנ מֶעהָאט גִיהֵייסִין מַאכִין אַנַייעֶם ווִיבָּאר, אַשְׁרֶעקְלִיכֶער פוּרְכְט אִיז אוֹיף אַלֶעמֶען גִיפַאלִין פוּן זָאהֶנְשַׁיינֶען וֶועהֶענְדִיג דָאס עֶר אִיז זָא אַיין רִיטֶער דָאס עֶר הָאט אוּיס גִיהַאדֶעטַייסְטְוָועוֶעט אִין גוּבֶּערְנֶע דֶעם רַאבִּינֶערְס ווִיבָּאר צוּא פַּאסְלֶען, אוּנ דִיא פוּרְכְט הָאט פוּן רַאבִּינֶערְס צַד אָפּ גִירוּיבְּט פִיל צְלֶענֶעס, דָא הָאט זִיךְ זָאהֶנְשַׁיין גִיפַּאצְט אִין בַּייכֶעלֶע אַז אִין דֶעם נַייעֶם ווִיבָּאר וֶועט שׁוֹין גִיווִיס דֶער רַאבִּינֶער דוּרְךְ פַּאלִין, עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין אוּסְלָאווֶעט מִיט אַנְדֶערֶע רַאבִּינֶער וֶועלְכֶע עֶר הָאט צוּ גִיזָאגְט צוּ מַאכִין אִין בֶּענֶעכְסִיף, נָאר דֶערַיין הָאט עֶר אַטָעוּת גִיהַאט, דֶען נָאר עֶפִּינְטְלִיךְ הָאבִּין אִים אַלֶע גִיהַאנֶפֶעט וַוייל יֶעדֶערֶער הָאט זִיךְ פַּאר אִים גִיפִּירְכְטֶעט, אָבֶּער צוּ דִיא גַאלְקֶעס וַוארְפִין וָואס יֶעדֶערֶער אִיז זִיכֶער גִיוֶוען דָאס עֶס וֶועט בְּסוֹד בְּלַייבִּין וואו עֶר וַוארְפְט הָאבִּין אַלֶע פַאר דֶעם רַאבִּינֶער לֶעאָנְטַאלִין גִיוָוארְפִין וַוייסֶע גַאלְקֶעס אוּנ עֶר הָאט נִיט אֵיינֶע אַשְׁווַארְצֶע גִיהַאט, אוּנ אוֹיף דִיא קַאנְדִידַאטִין וֶועלְכֶע זָאהֶנְשַׁיין הָאט פַאר זִיכֶערְט דָאס זֵייא וֶועלִין אוּיס פִּירִין, הָאט זִיךְ נִיט גִיפוּנֶען נִיט אַיין וַוייסֶע גַאלְקֶע, אוּנ דֶער רַאבִּינֶער לֶעאָנְטַאל אִיז וַוייטֶער גִיבְּלִיבִּין.

דֶער רַאבִּינֶער הָאט אָן גִיוֶוענְדֶעט אַלֶע קְרֶעפְטִין עֶס זָאל זַיין אוֹיף דִי קַארָאבְּקֶע אוֹיף דָאס נַייא אַטָארְג אוּנ עֶר הָאט עֶס אוּיס גִיפִירְט, אוֹיף דֶעם צְווֵייטִין טָארְג הָאט שׁוֹין דִיא קַארָאבְּקֶע נִיט גִינוּמֶען אָשֶׁר יָעקִיל נָאר צָדוֹק הַכֹּהֵן וַוייל עֶר הָאט מִיט אַסַךְ מֶער גֶעלְט גִינֶעבִּין פַאר אִיר, נָאר קַאזְנַאצֵיי אִיבֶּער דִיא קַארָאבְּקֶע גֶעלְט אִיז אַלְץ זָאהֶנְשַׁיין גִיבְּלִיבִּין, אוּנ עֶר אִיז גִיוֶוען דֶער קַאסִיר פוּן דִיא קְהָלְשֶׁע גֶעלְט.

אוּנ אַז קָהָל זַיינֶען אַמָאל בַּייא זָאהֶנְשַׁיינֶען גִיקוּמֶען צוּא בֶּעטִין עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל פוּן דִיא קַארָאבְּקֶע קַאסֶע וֶועלְכֶע בַּייא אִים גִיפִינְט זִיךְ וַוייל זֵייא הָאבִּין גִידַארְפְט אוֹיף אַנֵייטִיגִין צָרְכֵי צִבּוּר, הָאט עֶר זֵייא אַזוֹ גִיעֶנְטְפֶערְט: „בַּייא

מִיר גִיפִינְט זִיךְ נִיט אַיין קָהָלְשֶׁער גְרָאסִין , דִיא עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל וָועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אַיין גִיקַאסִירְט הָאבּ אִיךְ אוֹיס גִיגֶעבִּין אוֹיף אַיין בִּילְכֶערִין צָרְכֵי צִבּוּר וִויא אִיר בַּדַארְפְט , אִיךְ הָאבּ דָאס פַאר בְּרַאכְט אוֹיף הוֹצָאוֹת דֶעם רַאבִּינֶער דֶעם וִויבָּאר צוּא פַּאסְלֶען אוּנ אִים אַרָאפּ צוּא וַוארְפִין , אוּנ וִויפִיל גֶעלְט דִיא קַארָאבְּקֶע וֶועט נָאךְ אַיין טְרָאגִין וֶועל אִיךְ דָאס אַלְץ דְרוֹיף פַאר בְּרֵיינְגֶען , דֶען דָאס אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער תִּיקוּן אִין שְׁטָאט אַזוֹ אַוִּוּרֶעדְנֶעם מֶענְטְשִׁין אוֹיס צוּא בְּרֵיינְגֶען" , אוּנ אַז דִיא קָהָלְשׁ לַייט הָאבִּין אִים גִיזָאגְט דָאס זֵייא פַאר לַאנְגֶען גָיט אַזֶעלְכֶע תִּיקוּנִים , הָאט עֶר זֵייא פוּן זַיין שְׁטוּבּ אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין .

דָא הָאט זִיךְ דִי מַחֲלוֹקֶת אִין שְׁטָאט שְׁטַארְק פַאר נַאנְדֶער גִיפְלַאקֶערְט , דֶען דֶער רַאבִּינֶער הָאט בַּייא זָאהְנְשַׁיינֶען גִימָאנְט דִי שְׁטָאטִינֶע גֶעלְט פוּבְּלִיצְנֶע אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אוּנ אִין גַאס , אוּנ דִיא מַחֲלוֹקֶת אִיז גִיוָוארִין וָואס וַוייטֶער שְׁטַארְקֶער אוּנ גְרֶעסֶער .

אִיךְ זָאל אוֹיס שְׁרַייבִּין , מַיין לִיבֶּער לֶעזֶער ! פָאדְרָאבְּנֶע וִויפִיל מֶענְטְשִׁין עֶס הָאבִּין פוּן דִיא מַחֲלוֹקֶת גִילִיטִין אִיז מַיין פֶעדֶער נִיט אִין שְׁטַאנְדֶע , מִיט אַיין וָוארְט קָאן אִיךְ זָאגִין ; אַז אִידִישֶׁע בְּלוּט הָאט גִירוּנֶען אִין דִיא גַאסִין עֶס אִיז נִיט גִיוֶוען אַיין מֶענְטְשׁ אִין שְׁטָאט וֶועמֶען דִיא מַחֲלוֹקֶת הָאט נִיט שְׁלֶעכְטֶס גִיטָאן , נָאר אֵיינִיגֶע לַיידִינְדֶע דֶער פוּן וֶועל אִיךְ דִיר פָאר שְׁטֶעלִין .

דִיא עֶרְשְׁטֶע כַּפָּרָה אִיז גִיוֶוען דֶער רַאבִּינֶער , דֶען וִויא זָאהְנְשַׁיין הָאט גִיזֶעהֶן אַז עֶר קָאן דוּרְךְ אַוִויבָּאר אִים קַיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט טָאן , הָאט עֶר אוֹיף אִים דֶער לַאנְגְט בֶּעז אִימֶענֶע דַאנָאסִין אַז עֶר אִיז גָאר אַיין נֶעלָם , אוּנ הָאט דֶער וֶועקְט דִי אַלְטֶע וואוּנְדִין וַוייל עֶר הָאט גִיוואוּסְט וִויא דָאס אִיז פַאר לֶעפֶּעט גִיוָוארִין , עֶר הָאט פַּאקְטִישׁ אוֹיף גִיוִויזִין אִין זַיינֶע דַאנָאשִׁין אַז עֶר אַלֵיין הָאט גָאר נִיט גִישְׁטוּדִירְט נָאר עֶר אִיז גָאר אַיין אַנְטְלָאפֶענֶער סָאלְדַאט , אוּנ עֶר הָאט דִיא דָאקוּמֶענְטִין בַּייא דֶעם אַרוֹיס גִינַאנְבֶעט בַּייא דֶעם אֶמֶתִין לֶעאָנְטַאלִין וָועלְכֶער אִיז שׁוֹין לַאנְג גִישְׁטָארְבִּין , אוֹיךְ הָאט עֶר דֶעם הִינִין אִיסְפְּרַאוְונִיק אוֹיף אִים אוֹיף גִירַייצְט , עֶר הָאט אוֹיפִין אִיסְפְּרַאוְונִיק אוֹיךְ בֶּעז אִימֶענֶע דַאנָאסִין דֶער לַאנְגְט צוּם מִינִיסְטֶער , אוּנ הָאט דֶעם אִיסְפְּרַאוְונִיק אַיין גִירֶעט אַז דָאס הָאט דֶער רַאבִּינֶער אִים גִימָאסֶערְט , דְרוּם הָאט דֶער אִיסְפְּרַאוְונִיק דֶעם רַאבִּינֶער אוֹיךְ שְׁטַארְק גִיָאגְט , עֶר הָאט וֶועגִין אִים זַייעֶר שְׁלֶעכְטֶע פָאר שְׁטֶעלוּנְגֶען גִינֶעבִּין אוּנ דְרִיבֶּער אִיז דֶער רַאבִּינֶער אַרוּנְטֶער אוּנְטֶער אַשְׁוֶוערֶע דְיֶעלָא .

דֶער וַוייל אִיז פוּן פַּאלַאטֶע אַרָאפּ גִיקוּמֶען אַז לֶעאָנְטַאל טָאר קַיין רַאבִּינֶער נִיט זַיין בִּיז נַאנֶען דִיא דְיֶעלָא וֶועט זִיךְ רַאזְבִּירַאיֶען , אוּנ מֶען הָאט בַּייא אִים דוּרְךְ פָּאלִיצַיי דִיא מֶעטֶערִיצֶעסְקֶע בִּיכֶער אַרוֹיס גִיטְרֶעבֶעוֶועט .

דֶער רַאבִּינֶער אִיז גִיקוּמֶען אִין זַייעֶר אַקְרִיטִישֶׁע לַאגֶע , עֶר הָאט שׁוֹין זִיךְ גִיצֶערְט פוּן פַּארְטִינִין רוּבִּיל וָועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ בַּייא אִים אָפּ גִישְׁטֶעלְט דְרוּם הָאט עֶר מוֹרָא גִיהַאט דָאס פִילַייכְט וֶועט עֶר אִין נוֹיטִין קוּמֶען אוּנ דַאן וֶועט עֶר מוּזִין אָן רִירִין דִיא קָהָלְשֶׁע קַארָאבְּקֶע גֶעלְט , וַוייל עֶר הָאט דָאךְ אַטֵייל

אין דאווינעראַנאַסט, ער אַליין האָט זיין סאָוועסט ניט גיוואָלט טרוזיען, האָט ער צו זיך פאַר רופין בעלי בתים אונ האָט זייא ניפרעגט וועמען ער זאָל זיין טייל דאווינעראַנאַסט איבער געבין, אונ ער האָט טאַקע גלייך איבער גינעבין וועמען זייא האָבין גיהייסין.

אונ ער איז אין דער אמת אין גרויסע נויטין גיקומען וויא מיר וועלין אין דיא פאָלגינדע קאַפּיטלען שרייבין, אונ דאַן האָבין זיך זיינע אַלע גוטע פריינד פון אים אָפּ גירוקט, ער איז נאָר גיבליבין מיט זיין שוועסטער דיעלא אונ מיט זיין דלות, אונ עס איז אויס גיקומען אויף זיין פרויא זאָפיעס וואָרטין: דאָס אין אונזערע נויטין וועט דיא שטאָט פאַר אונז ניט פאָר שטיין וויא דו ביזט פאַר דיא שטאָט גישטאַנען.

## 44) דער אָפּ מאַך

צדוק הכהן האָט דיא קאַראָבקע ניהאַלטין, נאָר ווייל דאָס איז ניט ניחא גיוועזען זאַהנשיינען האָט ער אים גירודעפט אין אַלע זייטין, דער איסור פון שחוטי חוץ וועלכער איז פאַר אשר יעקילס צייטין זייער שטריינג גיוועזען, איז אין צדוקס צייט זייער גרינג גיוואָרין מעהאָט גיפירט פלייש פון אויסין שטאָט זייער פיל, אונ קיינעם האָט דאָס ניט גיאַרט, אונ אַז צדוק פלעגט דאָס דער חאַפּין האָט ער ניט גיהאַט צו וועמען צו שרייען, אַז מען פלעגט האַפּין פאַר אשר יעקילס רעגירונג אַז עס האָט גיקוילעט אשוחט וועלכר איז ניט באַשטעטיגט פון בעל קאַראָבקע, האָט מען אים גינונג גישלאָגין אונ נאָכהער פאַר אַסאָלדאַט אָפּ גינעבין, אָדער גימאַכט אַפּרינאַטוואָר אים צו פאַר שיקין, אָבער פאַר צדוקס רעגירונג איז פראַנק אונ פרייא גיוועזען צוא קילענען נאָר דער וואָס האָט קבלה בייא אַרב אויס גינאַרט אום דעם עס זאָל נאָר צדוקין אַהיזיק אין קאַראָבקע זיין, אויך האָט דער גוטער ר' שמעריל דער שוחט פון אים מעלים גיוועזען קאַראָבקע געלט, מיט איין וואָרט מעהאָט אים גירדיקט פון אַלע זייטין אַז ער איז פון דער קאַראָבקע טאַקע בדלות גיוואָרין, ער האָט נעבאַך גוואַלד גישריען אָבער קיינער האָט אים ניט גיקאָנט העלפין ווייל זאַהנשיין האָט גירוגירט מיט דיא גאַנצע שטאָט, אונ דער ראַבינער וועלכער האָט צדוקין צו גיזאָגט בייא זיין נעמען דיא קאַראָבקע דאָס ער וועט אים העלפין, איז אויף זיין מזל גיוואָרין אַ שוכן עפר.

דיא שטאָטישע מחלוקת האָט גיקלונגען רונד אונ אַרום, זיא האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ נשטאַרקט, מעהאָט זיך איינער דעם אַנדערין אַלץ גימאַסערט, אונ צום אידישין שאַנדע איז אַלץ גינאַנגען דאַנאָסין פון איין אידין אויף דעם אַנדערין וועגין מיליטער פּפליכט אונ טאַמוי פּאָדאַבנע, אונ דורך דעם איז אין אונזער פריסוטסטוואַ אַפּאַפּיר גיקומען דאָס אַ אידישע ליגאַטע זאָל אַנדערש ניט אַן גינומען ווערין שיידין פּאָליצייא זאָל איר באַשטעטיגין, אונ דאָס איז גיוועזען פאַר זאַהנשיינען אַוועק צינג דער מיט שלעכטעס צו טאָן דיא שטאָט דער פאַר

וָואס זַייא קְרִיגִין מִיט אִים , עֶר הָאט מִיט דֶעם אִיסְפְּרַאווְנִיק זֵייעֶר גוּט גִילֶעבְּט הָאט עֶר אִים אַיין גִירֶעט אַז אַלֶע לִיגָאטֶעס פוּן בֶּענֶעכָסִיף זַיינֶען פַאלְשֶׁע אוּנ דֶער אִיסְפְּרַאווְנִיק הָאט זַייא נִיט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט . דֶער פוּן אִיז בַּייא אוּנְז אִין שְׁטָאט אַחוּרְבָּן גִיוָוארִין , דֶען צְוֶועלְף בְּנֵי יְחִידִים הָאבִּין אִין דִיזִין יָאהְר גִידַארְפְט גַיין צוּם פְּרִיזִיוו אוּנ מֶעהָאט קֵיינֶעמְס לִיגָאטֶע נִיט אָן גִינוּמֶן וַוייל דֶער אִיסְפְּרַאווְנִיק הָאט נִיט אוּנְטֶער גִישְׁרִיבִּין , עֶס אִיז גִיוֶוען יָאמֶערִין אוּנ קְלָאגִין אִין דִי גַאסִין מֶעהָאט פוּן זַייעֶר וַויינֶען אִין דִיא הַייזֶער נִיט גִיקָאנְט אַיין זִיצִין , דָא הָאט גִיוַויינְט אַפָּאטֶער נָאךְ זַיין בֶּן יָחִיד אוּנ דָא אַמוּטֶער אוּנ דָא הָאבִּין זִיךְ נָאךְ גִישְׁלֶעפְּט נָאךְ אַיין אָפּ גִיגֶעבֶּענֶעם אַפָּאטֶער מִיט אַמוּטֶער מִיט אַוַוייבּ אוּנ אַדְרַייא קִינְדֶערְלִיךְ אוּנ אַלֶע הָאבִּין דִיא עֶרְד גִירִיסִין מִיט זַייעֶר גִיוַויין עֶס הָאט פְּרָאסְט גִיגְרוּזִילְט קוּקִינְדִיג , עֶס אִיז גִיוֶוען אַגַאס נִיט אִיבֶּער צוּ גַיין וואוּ מֶעהָאט נִיט בַּגֶעגִינְט דִיא עֶלִינְטֶע עֶלְטֶערִין אָדֶער וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער וֶועלְכֶע הָאבִּין גִיוַויינְט נָאךְ זַייעֶרֶע בְּנֵי יְחִידִים , מַאנֶען , טַאטֶעס , שַׁבָּת צוּם לַייעֶנֶען פְלֶעגִין אַרַיין פַאלִין אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַגַאנְצֶער טָאלְפַּא מִיט וַוייבֶּער קְלֵיינֶע קִינְדֶער זַייא פְלֶעגִין אַרַיין פַאלִין אִין אָרוֹן הַקֹּדֶשׁ מִיט אַשׁוּידֶערְלִיכִין הַארְץ רִידֶענְדִין גִיוַויין אוּנ דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער הָאבִּין אוֹיךְ נֶעבַּאךְ גִיוַויינְט אוֹיף זַייעֶרֶע יוּנְגִינְקֶע שְׁטִימֶעלִיךְ , אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אִיז נִיט גִיבְּלִיבִּין אֵיינֶר וֶועלְכֶער הָאט קֵיין טְרֶערִין פַאר גָאסִין אוֹיף זַייא קוּקִינְדִיג הֶערִינְדִיג וִויא דִיא מוּטֶערְס פְלֶעגִין זִיךְ פַאר נַאנְדֶער טַעֲנֶען אִין אָרוֹן הַקֹּדֶשׁ פַאר וָואס מֶעהָאט אָפּ גִיגֶעבִּין זַייעֶרֶע בְּנֵי יְחִידִים זַייא הָאבִּין אַלֶעמֶעס הֶערְצֶער פָּשׁוּט צוּ רִיסִין , אוּנ זַייא פְלֶעגִין אַזוֹ לַאנְג לִיגִין אִין אָרוֹן הַקֹּדֶשׁ בִּיז מֶען פְלֶעגְט זַייא אַוֶועק טְרָאגִין גִיחַאלֶעשְׁטֶע , מֶעהָאט זִיךְ צוּ נוֹיף גִילֵייגְט גֶעלְט אוֹיף הוֹצָאוֹת צוּ פָארִין אִין גוּבֶּערְנֶע אוּנ מֶעהָאט פַאר זַייא אוֹיס גִיהַאדֶעטַייסְטְוָועוֶועט אַז מֶעזָאל פָארְט זַייעֶרֶע לִיגָאטֶעס אָן נֶעמֶען , אוּנ חָאטְשׁ אִין אָנְהוֹייבּ הָאט עֶס אוֹיךְ נִיט גִיהָאלְפִין אַרוֹיס צוּ רַאטֶעוֶוען דִיא צְוֶועלְף בְּנֵי יְחִידִים נָאר מֶען אִיז פָארְט צוּ גִיפַאלִין צוּ זָאהְנְשַׁיינֶען אוּנ עֶר הָאט זַייא דוּרְךְ גִידְרֵייט , אוּנ דֶער מִיט הָאט עֶר זִיךְ גִישַׁאפְט דִיא פְרַיינְדְשַׁאפְט פוּן פִיל מֶענְטְשִׁין נִיט קוּקִינְדִיג וָואס פְרִיעֶר הָאט עֶר אַלֵיין קַיילֶע גִימַאכְט אָבִּי דֶער נָאךְ הָאט עֶר פַאר רִיכְט .

אוּנ אַלֶעם דִיא מַחֲלוֹקֶת הָאט שׁוֹין אוֹיפְין שְׁפִּיץ גִיהַאלְטִין , דִיא שְׁטָאט הָאט גִיהַאלְטִין אִין דֶער הֶעלֶע צוּ גַיין , הָאט מֶען גִישִׁיקְט נָאךְ אַ דֶער בַּייאִיגִין גְרוֹיסִין רָב עֶר זָאל שָׁלוֹם מַאכִין , דֶער רָב אִיז גִיוֶוען אַקְלוּגֶער אוּנ הָאט פַאר שְׁטַאנֶען אַז דָא קָאן אַנְדֶערְשׁ קֵיין שָׁלוֹם נִיט זַיין שֵׁיידִין מֶען זָאל זָאהְנְשַׁיינֶען נָאךְ גֶעבִּין מִיט אַלֶעמֶען , דְרוּם הָאט עֶר אָפּ גִימַאכְט אַז דִיא קָארָאבְּקֶע זָאל זִיךְ אוּמְקֶערִין צוּ אִיר אַלְטִין טַאטִין ר׳ אָשֵׁר יָעקְלֶען , אוּנ אָשֵׁר יֶעקִיל זָאל גֶעבִּין זָאהְנְשַׁיינֶען פַאר זַיין שׁוּתְּפוּת (?) טוֹיזִינְד רוּבִּיל , אוּנ אַז אָשֵׁר יָעקִיל הָאט נִיט גִיוָואלְט גֶעבִּין , הָאט דֶער רָב אָפּ גִימַאכְט אַז מֶעזָאל אִין גִיהַיים אָשֵׁר יֶעקְלֶען דִיא טוֹיזִינְד רוּבִּיל אַוֶועק גֶעבִּין פוּן קָהָלְשֶׁע דַאחָאדִין , אוּנ דַאן אִיז עֶטְוָואס

דִּיא מַחֲלוֹקֶת אָפּ גִילָאשִׁין גִיוָוארִין, וִויא אָשֵׁר יָעקִיל הָאט זִיךְ אוּם גִיקֶערְט צוּ זַיין קַארָאבְקֶעלֶע אִיז שׁוֹין אַלֶע אִיסוּרִים צוּרִיק שְׁטְרֵיינְג פַאר בָּאטִין גִיוָוארִין, קַיין שְׁחוּטֵי חוּץ הָאט שׁוֹין דֶער רָב נִיט גִילָאזִין אַרַיין פִירִין, אוּנ אִין אַפָּאר טֶעג אַרוּם הָאט מֶען אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוֹיס גִירוּפִין אוֹיף אַיין שׁוֹחֵט וָועלְכִין מֶעהָאט גִיחַאפְּט קֵיילֶענְדִיג אָן אַקַארָאבְקֶע צֶעטִיל, אַז זַיין שְׁחִיטָה אִיז אָסוּר אוּנ דִּיא כֵּלִים וָועלְכֶע מֶעהָאט גִינִיצְט פוּן זַיין שְׁחִיטָה אִיז טְרֵיפָה, אוּנ בַּייא נַאכְט אִיז גִיוֶוען אַיין אֲסִיפָה אוּנ עֶס אִיז גִיבְּלִיבִּין מֶעזָאל אוֹיף דֶעם שׁוֹחֵט מַאכִין אַפְּרִיגַאוָואר פוּן שְׁטָאט אַרוֹיס צוּ שִׁיקִין, אוּנ אַלְץ וַוייל עֶר הָאט גִיקוֹילֶט אַהוּן אָן אָשֵׁר יָעקִילְס אַצֶעטִיל, „פַאר וָואס פַאר צָדוּקִים צַייטִין אִיז נִיט אַזוֹ שְׁטְרָאנְגֶע גִיוֶוען“? וֵוייס אִיךְ נִיט.

נָאר דִּיא מַחֲלוֹקֶת צְווִישִׁין רַאבִּינֶער מִיט זָאהַנְשַׁיינֶען אִיז נִיט גִישְׁטִילְט גִיוָוארִין, וָואס דֶער רָב הָאט זִיךְ נִיט גִימַאטֶערְט צְווִישִׁין זֵייא שָׁלוֹם צוּ מַאכִין הָאט אִים אַלְץ נִיט גִינָאלְטִין, וַוייל זָאהַנְשַׁיינֶען הָאט דִּיא רַאבֶע נֵייצֶע אוֹיף אִים גִיבְּרֶענְט, אוּנ ר׳ שְׁמֶערִיל הָאט אַלְץ גִיזֶעהֶען זָאהַנְשַׁיינְס צָארִין אוֹיף אִים אוּנְטֶער צוּא בְּלָאזִין.

## 45) דִּיא אַרְמוּט.

צַייט אוּנְזֶער רַאבִּינֶער יִצְחָק לֶעאָנְטַאל אִיז אוּדַאלְיֶעט גִיוָוארִין פוּן דִּיא רַאבָּנוּשֶׁע שְׁטֶעלֶע הָאט עֶר אִין אַקוּרְצֶע צַייט זַיין קַאפִּיטַאל פַאר צֶערְט, וַוייל זַיין פַאמִילְיֶע אִיז גִיוֶוען אַהִיפְּשֶׁע זִיא אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן אַכְט פַארְשׁוֹין; עֶר אוּנ זַיין פְרוֹיא אוּנ דֶער צוּ זֶעקְס קִינְדֶער, זַיין עֶלְטְסְטֶער זָאהְן יוֹסֵף הָאט אִין שַׁאוְורֶע אִין גִימְנַאזְיֶע גִישְׁטוּדִירְט, אוּנ עֶר הָאט נָאךְ פוּן פָאטֶער שְׁטִיצֶע גִיפָאדֶערְט, בַּייא זִיךְ הָאט עֶר גִיהַאט דְרַייא טֶעכְטֶער אוּנ צְוֵייא אִינְגְלִיךְ, זֵייא אַלֶע קִינְדֶער קָאן מֶען פָאר שְׁטֶעלִין מִיט אֵיין וָוארְט: זֵייא זַיינֶען אַלֶע פָארְטְרֶעפְלִיךְ שֵׁיין גִיוֶוען דָאס יֶעדֶער הָאט זִיךְ פוּן זֵייעֶר שֶׁענְהַייט נִיט גִיקָאנְט אָפּ וואוּנְדֶערִין, אוּנ אוֹיךְ זֵייעֶר קְלוּג, נָאר מִיר הָאבִּין נֵייטִיג דִּיא עֶלְטֶערֶע צְוֵויי קִינְדֶער אַבִּיסִיל פָאר צוּ שְׁטֶעלִין, אוּנְטֶער דֶעם בְּכוֹר יוֹסֵף וֶועלְכֶער הָאט אִין שַׁאוְורֶע גִישְׁטוּדִירְט וַואר אַיין טָאכְטֶער רָאזֶע אַהֶערְלִיכֶעם מֵיידְכֶען פוּן אַיָאהְר זֶעכְצֶעהֶן זֵייעֶר קְלוּג אוּנ מִיט אַרֵיינֶעם כַּארַאקְטֶער, אוּנְטֶער אִיר וַואהְר אַיין זָאהְן גַבְרִיאֵל אַקְנַאבּ פוּן אַיָאהְר דְרַייצֶעהֶן אַלֶעבֶּעדִיגֶער קִינְד מִיט אַשֵׁיינֶעם פַארְשְׁטַאנְד אוּנ אִיז שְׁטֶענְדִיג פְרֵיילִיךְ אוּנ מוּנְטֶער גִיוֶוען, אוֹיךְ גָאר דִּיא מוּזִינְקֶע בְּלוּמִינְקֶע אִיז פִיל שֶׁענֶער אוּנ קְלִיגֶער גִיוֶוען פַאר אַלֶע קִינְדֶער, דִיזֶע בְּלוּמִינְקֶע הָאט אִין אִיר צְוַוייא יָארִין עֶלְטֶער אוֹיס גִיצֵייכִינְט זִיךְ מִיט אִיר פַאר שְׁטַאנְד, אוּנ דְרוּם אִיז זִיא גִיוֶוען דִּיא שְׁפִּיל צַייג פוּן אִירֶע עֶלְטֶערִין.

וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין פוּן זֵייעֶר קַאפִּיטַאל גָאר נִיט גִיבְּלִיבִּין הָאט מֶען זִיךְ גִינוּמֶען צוּם יִשׁוּב הַדַעַת וָואס זָאל מֶען פוּן שְׁטוּבּ פְרִיעֶר פַאר קוֹיפִין — אַזוֹ וִויא בְּשַׁעַת דֶער בֶּער פַאלְט אַרוֹיף אוֹיף אַמֶענְטְשִׁין אִיז עֶר זִיךְ מְיַישֵׁב פוּן וַואנֶען

ער

עֶר זָאל אִים אָנְהוֹיבִּין צוּ עֶסִין , חָאטְשׁ אַם עֶנְדֶע עֶסְט עֶר אִים אוֹיף אִין נַאנְצִין — דער גוֹרָל אִיז גִיפַאלִין אוֹיף זָאפְּיֶעס צִיהוּנְג , וַוייל זִיא הָאט קֵיין אַנְדֶער זַאךְ פוּן שְׁטוּבּ נִיט גִיוָואלְט פַאר קוֹיפִין נָאר דִיא צִירוּנְג „צוּא וָואס בְּרוֹיךְ אִיךְ דִיא צִירוּנְג וָוען מַיינֶע קִינְדֶערְלִיךְ בֶּעטִין בְּרוֹיט ? — הָאט זִיא גִיזָאגְט, אוּנ וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין דִיא צִירוּנְג אוֹיךְ פַאר צֶערְט גִיוָוארִין הָאט מֶען בִּיסְלִיךְ וַויים אַלֶע קְלֵיידֶער פַאר קוֹיפְט אוּנ מֶעהָאט זִיךְ אַזוֹ דִיא שְׁטוּבּ גַאנְץ רֵיין אוֹיף גִירַאמְט פוּן כְּלֵי בַּיִת אוּנ אַלֶע בַּעֲלֵי בַּתִּישְׁקַייט בִּיז עֶס אִיז שׁוֹין גִיט גִיוֶוען וָואס צוּא פַאר קוֹיפִין . אִין שְׁטָאט הָאט פוּן זַיין דַלוּת קֵיינֶער גִיט גִיוואוּסְט וַוייל דִיא שׂוֹנְאִים זַיינֶען דָאךְ גִיוִוים צוּ אִים נִיט אַיין גִיגַאנְגֶען , אוּנ גוּטֶע פְרַיינְד הָאבִּין שׁוֹין אוֹיךְ דֶעם רַאבִּינֶערְס הוֹיז גִיוַוייכְט , זָאגַאר דִיא בֶּעסְטֶע פְרַיינְד וֶועלְכֶע עֶס פְלֶעגִין אָפּ הִיטִין יֶעדִין טָאג אִים צוּ בֶּעזוּכִין אִין טֵייא צַייט זַיינֶען אוֹיךְ בִּיסְלִיךְ וַויים אוֹיס גִיקְרָאכִין זַיי הָאבִּין גִיוַוייכְט וִויא זַייא הָאבִּין דָארְטִין דֶער שְׁמֶעקְט דֶעם רֵיחַ פוּן דַלוּת , דְרוּם אִיז דָאךְ קֵיין חִידוּשׁ נִיט אַז נָאךְ אַלֶעם אַז מֶעהָאט שׁוֹין פוּן שְׁטוּבּ אַלְץ פַאר קוֹיפְט זַיינֶען זַייא גִיזֶעסִין צַייטִין וַויים אָן בְּרוֹיט אָן הָאלְץ , עֶר הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּ שְׁרַייבִּין סְטַאטְיַאעֶן אִין דִיא רוּשִׂישֶׁע נַאזֶעטִין אוּנ דָאס הָאט אִים אַיין גִיטְרָאגִין אַפָּאר רוּבִּיל אַוָואךְ אוּנ דֶער מִיט הָאט זִיךְ גִישְׁפַּייזְט אַיין גִיזִינְד פוּן זִיבִּין פַּארְשַׁיין , בֶּעטִין פוּן צְוַוייטִין הִילְפֶע הָאט זַיי דֶער כַּארַאקְטֶער נִיט דֶער לָאזִין , זַייא הָאבִּין אִין דִיא גְרֶעסְטֶע נוֹיטִין זַייעֶר מוּט גִיט פַאר לָארִין , נָאר זָאפְּיֶעס פָאטֶער וֶועלְכֶער הָאט גִיוואוּנְט אִין דֶער שְׁטָאט אַיָלוֹן הָאט זִיךְ פוּן זַייעֶר אַרְמוּטְה דֶער וואוּסְט הָאט עֶר זַייא אָפְטֶער שְׁטִיצֶע אוּנְטֶער גִישִׁיקְט , אוּנ זָאגַאר עֶר אִיז שׁוֹין אַלְט גִיוֶוען אוּנ גִיט רַייךְ דָאךְ הָאט עֶר פוּן דָאס לֶעצְט זַייא אוּנְטֶער גִישִׁיקְט פִיל וִוינְצִיג אוּנ הָאט דֶער מִיט זַייעֶר נְשָׁמוֹת דֶער הַאלְטִין .

דֶער עֶלְטְסְטֶער זָאהְן יוֹסֵף הָאט זִיךְ אִין שַׁאוְורֶע אוֹיךְ דֶער וואוּסְט פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערִינְס אָרִימֶע לַאגֶע , הָאט עֶר זִיךְ בֶּעלַאסְטֶעט מִיט פִיל שְׁטוּנְדִין אָפּ גֶעבִּין עֶר הָאט נִיט גִישְׁלָאפִין אוּנ נִיט גִיגֶעסִין אוּנ הָאט פִיל וִוינְצִיג דִיא עֶלְטֶערִין גִישְׁטִיצְט , אוֹיךְ הָאט עֶר זַייא גִיטְרַייסְט אִין זַיינֶע בְּרִיף , דָאס עֶר וֶועט אוּם גִיזַאמְט דִיא גִימַנַאזְיֶע עֶנְדִיגִין אוּנ עֶר וֶועט צוּ הוֹיזֶע קוּמֶען אוּנ עֶר וֶועט דֶעם פָאטֶער אַרוֹיס דְרַייעֶן פוּן זַיין דְיֶעלָא , אוּנ וֶועט נֶעמֶען רַאכֶע פוּן דִיא פַיינְדֶע וֶועלְכֶע הָאבִּין אוֹיף זַיין פָאטֶערְס הוֹיז זָא אַיין אוּמְגְלִיק גִיבְּרַאכְט , „אִיךְ הָאבּ פַאקְטִין מִיט וָואס מַיין פָאטֶערְס דְיֶעלָא אַרָאפּ צוּ נֶעמֶען , אוּנ יוֹנָה זָאהְנְשַׁיין דֶער מֶערְדֶער פוּן מַיין פָאטֶערְס הוֹיז — אִין אַיין אוּמְגְלִיק אַרוּנְטֶער צוּ שְׁטִירְצִין , דֶען וֶוען דִיא רֶעגִירוּנְג וֶועט עֶרְקֶענֶען דָאס מַיין פָאטֶער אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג וֶועל אִיךְ יַאסְנֶע דֶער וַוייזִין אַז אַלֶע בֶּיעז אִימֶענֶע דַאנָאסִין וַואקְסְט אַלְץ פוּן זָאהְנְשַׁיינֶען אוּנ דִיא רֶעגִירוּנְג וֶועט אִים דֶער פַאר נִיט פַאר שְׁוַוייגִין , נָאר פִילַייכְט וֶועל אִיךְ פוּן אִים קֵיין רַאכֶע נִיט נֶעמֶען נָאר צוּלִיבּ זַיין טָאכְטֶער רֶעבֶּעקֶע וֶועלְכֶע אִיז וִויא אַבְּלוּם אוֹיף. אַדָארִין אוֹיס גִיוַואקְסִין דֶען אִיר חַארַאקְטֶער אִיז פַאר שַׁיידִין

פון איר פּאַטערס, צו ליב איר וועל איך פּילייכט איר פֿאָטער אויך פֿערצײַהיען, און איבער הויבט ווייל זיא איז די גיליבטע פון מיין גוטין פריינד דאס קינדהייט זימל ווײַנשטאָק, פילייכט קאָנען דיא צוויא ריינע זעלין שמערצין האבין פון דיא שלעכטעס וועלכע איך קאן טאן זאהנשיינען צו ליב זייא וועל איך אים פילייכט פערצײַהיען" אזוי פלעגט שטענדיג יוסף שרייבין אין זיינע בריף צו דיא עלטערין און דאס האט גיהיילט וויא בוימאייל זייערע פּאר וואונדעטע הערצער, דיא בריף פלעגט שטענדיג ראזע האלטין אין קעשענע, און ווען זיא פלעגט דער זעהן אירע עלטערין טרויעריג פלעגט זיא גלייך פאר זייא לעזין יוסף'ס בריף מיט אפריילכע זיסע שטימע און דער מיט פלעגט זיא זייא שטענדיג ברוהיגין „דוא הערסט מאמינקע וואס יוסף שרייבט"? האט גבריאל אגישרייא גיטאן ביין איבער לעזין דיא בריף — ער וועט אומגיזאמט קומען און וועט ברייננגען ראזען אטהייערע קלייד און מיר אגארניטער! אהא! וויא שיין ראזע וועט דאס אויס זעהן אין דער נייער קלייד? ! ווען זיא שיינט יעצט אין זא איין ארימע קלייד, און וויא איך וועל דאס אביסיל אשפּאציר טאן איבערין שטעטיל מיט מיין נייעם גארניטער, אנשטאט דעם וואס איך שעם זיך יעצט ארויס צו גיין אין נאס מיט מיינע צו ריסענע הויזין, זארג ניט מאמינקע! מיר וועלין שוין אקורצע צייט נאר ליידין ביז יוסף וועט קומען, אבער דאן וועלין מיר אלעב טאן „פּא יוסע איוואנאוויסקי", מיט אזעלכע פריינדליכע רייד פלעגין דיא קינדער ארויס שלאגין דעם דול פון דיא עלטערין, ווען ניט דער טרייסט פון דיא קינדר וואלטין זייא שוין לאנג אויס גיגאנגען פון ליידין און שמערצין.

---

שמעריל דער שוחט האט גיקראגין צו וויסין פון דיא בריף וועלכע יוסף האט פון שאורע גישריבין צו זיינע עלטערין, און ער האט דער פון גלייך זאהנשיינען דאלאזעט, און דאס האט זייא ביידין ניט גוט גישמעקט „מעמוז עפּעס זעהן וויא דאס צו פּאר ריכטין, האט זאהנשיין גיזאגט, דיא ערשטע זאך האב איך גיוויסינס ביסע וואס איך האב דעם ראבינער זא אומגליקליך גימאכט, אויך פירכטע איך זיך פילייכט וועט טאקע זיין זון יוסף קומען און ער וועט דעם אומגליק אויף מיר ארויף קערין, מעדארף זעהן מיטין ראבינער פרידין צו שליסין, איך קאן שוין מער דעם צער פון אים ניט זעהן.

דאס וואס איר זאגט אז עס איז אויף דעם ראבינער אַרַחֲמָנוּת — האט שמעריל גיזאגט — איז ניט ריכטיג, אויף אשלאנג טאר מען קיין רַחֲמָנוּת ניט האבין, און דאס וואס איר שרעקט זיך פאר זיין זון יוסף, זאלט איר זיך שוין גאר ניט שרעקין, דאס איז שוין מיין ארבעט איך וועל מיר שוין בעקלערין אפלאן אז איר וועט זיך שוין פאר יוספין ניט דארפין שרעקין.

## 46) דער שנאָרער.

דיא וועלט זאגט: „ווען עס איז אמענטשין שלעכט זאל ער ניט זארגין,

וָוארוּם עֶס קָאן נָאךְ עֶרְגֶער זַיין" אַזוֹ אִיז גִיוֶועְן מִיט דֶעם רַאבִּינֶער לֶעאָנְטַאלְ'ס הוֹיז, עֶס אִיז שׁוֹין גִינוּג שְׁלֶעכְט גִיוֶועְן אַז מֶעהָאט שׁוֹין אַלְץ פוּן שְׁטוּבּ אוֹיס גִירַאמְט, אוּנ הָאט גִילֶעבְּט פוּן זַיין שְׁרַייבְּין אִין דִיא צַייטוּנְגֶען אוּנ פוּן דִיא קְלַיינֶע הַסְפָּקָה וָועלְכֶע עֶר הָאט בַּקוּמֶען פוּן זָאפְיֶעס פָּאטֶער וָואס דָאס אַלְץ הָאט קוים נִיקְלֶעקְט אוֹיף בְּרוֹיט מִיט וַואסֶער אוּנ דָאס נִיט צוּ זַאט, דִירָה נֶעלְד צוּ בֶּעצָאלִין הָאט מֶען פוּן זִיךְ אַרָאפּ גִינוּמֶען דִיא לֶעצְטֶע הָעמְד. עֶס הָאט זִיךְ בַּייא זַייא נָאר אָפּ גִישְׁטֶעלְט לֶעאָנְטַאלְס וָואכֶעדִינֶע קְלֵיידֶר, עֶר זָאל הָאטְשׁ הָאבִּין אִין וָואס אִין גַאס אַרוֹיס צוּ גֵיין, אוּנ זַייא הָאבִּין דָאס אַלְץ מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גִיוֶועְן, זַייא זַיינֶען שׁוֹין מִיט אַזַא לֶעבִּין צוּ פְרִידִין גִיוֶועְן, נָאר זַייעֶר הַארְץ הָאט זַייא נִישְׁטוּרִימְט אוּנ גִירוֹישְׁט, זַייא הָאבִּין זִיךְ פַאר וָואס עֶפֶּעס שְׁרֶעקְלִיכֶעס גִיפִירְכְטֶעט, אוּנ פַאר דָאס וָואס זַייא הָאבִּין זִיךְ גִישְׁרָאקִין אִיז זַייא אִין דֶער טְהַאט גִיקוּמֶען.

אֵיין מָאל פְרֵייטִיג אִין דֶער פְרִיא אִיז גִישְׁטַאנֶען זָאפְיֶע מִיט לֶעאָנְטַאלִין אוּנ הָאבִּין גִיזָארְגְט וואוּ מֶען נֶעמְט עֶפֶּעס קְלֵיין נֶעלְט אָן צוּ גְרֵייטִין עֶפֶּעס אוֹיף שַׁבָּת „גְוַואלְד זָאפְיֶע וָואס דַארְפְסְטוּ זָארְגִין? — הָאט לֶעאָנְטַאל גִיזָאגְט — פַאר קוֹיף מַיין צִילֶענְדֶער הוּט, נִישְׁקָשֶׁה אִיךְ וָועל קָאנֶען גֵיין אִין מַיין הִיטִילִ'.

„נֵיין, אִיךְ וֶועל פוּן דַיין קָאסְטְיוּם נָאר נִיט פַאר קוֹיפִין — הָאט זָאפְיֶע גִיעֶנְטְפֶעְרְט — אִיךְ וִויל דֶעם לֶעצְטִין פוּנְק שְׁטָאלְצְהַייט פוּן מַיין הַארְץ נִיט אוֹיס לֶעשִׁין, אִיךְ וִויל הָאטְשׁ צְוִוישִׁין מֶענְטְשִׁין זָאלְסְטוּ אַלֶעם מֶענְטְשׁ אוֹיס זֶעהְן, אִין שְׁטוּבּ שְׁטִיקִין מִיר זִיךְ מִיט אוּנְזֶער דַלוּת, אַ אָךְ אוּנ אַז וֶוייא אִיז אוּנְז, נֵיין, עֶס מָאג וֶוער וֵוייסְט וָואס זַיין וֶועל אִיךְ פוּן דַיינֶע אָרִימֶע קְלֵיידֶער נָאר נִיט פַאר קוֹיפִין, וִויא לַאנְג וֶועט דָאס אוּנְז גָאט אִזוֹ שְׁטְרָאפִין! מִיר הָאבִּין אַנְטְקֶעגִין אִים אַזוֹ שְׁטַארְק פַאר זִינְדִיגְט, עֶרְסְט אִיז אוּנְז פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער, זֶעה מַיין יִצְחָק וִויא אַמֶענְטְשׁ טָאר נִיט זִינְדִיגִין, מִיר הָאבִּין דִיא פָארִיגֶע צַייט נִישְׁרִיעֶן אַז מִיר זַיינֶען אוּמְגְלִיקְלִיךְ, דָאךְ זַיינֶען מִיר אִין אַזֶעלְכֶע נוֹיטִין נִיט גִיוֶועְן וִויא יֶעצְט, מַיין פָאטֶער הָאט דָאךְ פָארְט אוּנְז אַבִּיסִיל גִישְׁטִיצְט, נוּא, דַארְף עֶר אוֹיף אוּנְזֶער מַזָל אָפּ שְׁטַארְבִּין, אוּנ עֶס אִיז נָאךְ צוּ נִיקוּמֶען אַצְלֶען אִין אוּנְזֶער אָרִימֶע פַאמִילְיֶע, מַיין מוּטֶער זָאל גִיזוּנְד זַיין, אוּנ זִיא הֶעלְפְט אוּנְז אוֹיךְ לַיידִין הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט, וֶוען זִיא וָואלְט הָאטְשׁ גִיוֶועְן גִיזוּנְד וָואלְט אִיךְ שׁוֹין נִיט גִזָארְגְט, אִיךְ וָואלְט אִיהְר דֶעם לֶעצְטִין בִּיסִין פוּן מוֹיל אַוֶועק גֶעבִּין, דַארְף זִיא פוּן נְרוֹיס קְלֶעמֶענִישׁ מְשׁוּגָע וֶוערִין אוּנ מִיר לַיידִין פוּן אִיהְר אָן אַשִׁיר צוֹא אוּנְזֶער צָרוֹת אִיז גָאר קֵיין גְרוּנְט נִיטָא, נָאר אַדַאנְק דִיר גָאט דֶער פַאר, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין מוֹרָא מִיט מַיינֶע רֵייד צוּ זִינְדִיגִין, עֶס קָאן חָלִילָה נָאךְ עֶרְגֶער זַיין, אִיךְ בֶּעט דִיר נָאר לִיבֶּער גָאט דוּא זָאלְסְט אוּנְזֶער יוֹסִיפְלֶען הָאטְשׁ אוֹיס הִיטִין פוּן צָרוֹת עֶר זָאל זַיין גִיזוּנְד אוּנ זָאל גִיזוּנְטֶער הֵייד קוּמֶען צוּ אוּנְז וִויא עֶר הָאט אוּנְז גִישְׁרִיבִּין, דוּא וַוייסְט יִצְחָק אַז אִיךְ בִּין צוּ טְרָאגִין וָואס מִיר הָאבִּין שׁוֹין אַזוֹ לַאנְג פוּן אִים קֵיין בְּרִיף נִיט

וָוער

וָוער וֵוייסְט וָואס עֶר מַאכְט, דָער וַוייל אָבֶּער וָואס טוּט מֶען וואוּ נֶעמְט מֶען קְלֵיינְגֶעלְט אוֹיף שַׁבָּת, דַיין הוּט וָועל אִיךְ בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט פַאר קוֹיפִין.

אִירֶע רֵייד הָאבִּין לְעָאנְטַאלְס הַארְץ גִירִירְט אוּנ עֶר הָאט מִיט טְרֶערִין אִיר גִיהַאלְדְזְט אוּנ גִיזָאגְט: אַיין זַאךְ הָאט גָאט פוּן אוּנְז נָאךְ נִיט אָפּ גִירוֹיבְּט, אוּנְזָערֶע רֵיינֶע הֶערְצָער אוּנְזֶער טְרַייהַייט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערִין, דָאס וֶועט בַּייא אוּנְז אֵייבִּיג בְּלַייבִּין, שַׁיידִין דָער טוֹיט וֶועט אוּנְז פַאר נַאנְדֶער שֵׁיידִין, אִין דֶעם הָאט זִיךְ דִיא טִיר גִיעֶפִינְט אוּנ עֶס אִיז אַרַיין אַיין אָרִימַאן פוּן דִי שְׁנָארֶער אוּנ הָאט זִיךְ בַּיין טִיר גִישְׁטָעלְט „שֵׁיינְקְט עֶפֶּעס אַנְדָבָה — הָאט עֶר גִיזָאגְט, „הָאט נִיט קַיין פַאר אִיבִּיל מַיין פְרַיינְד — הָאט זָאפְיֶע גִיזָאגְט — עֶס אִיז יֶעצְט נִיטָא וָואס אַייךְ צוּ גֶעבִּין“ דָער אָרִימַאן הָאט זִיךְ אָבֶּער גִימַאכְט נִיט הָערִינְדִיג אוּנ אִיז וַוייטֶער גִישְׁטַאנֶען, „נֶעמְט נִיט פַאר אוּם גוּט — הָאט לֶעאָנְטַאל מִיט אַהֶעכֶערִין טָאן גִיזָאגְט — אִיךְ הָאבּ אַייךְ נִיט וָואס צוּ גֶעבִּין“ — „אִיךְ קָאן אַייךְ גַאנְץ גוּט — הָאט דָער אָרִימַאן גִיזָאגְט — אִיךְ קָאן אַייעֶרֶע בְּרִידֶער דִיא גִישְׁטוּדִירְטֶע, וֶוען מֶעזָאל בַּייא זַייא עֶפֶּעס אַמָאל קְרִיגִין? נַייט הָארֶעוָוען וֶועט אִיר הָאבִּין בְּרוֹיט, עֶנְטְפֶערִין זַייא אַלְץ, מִיט אַשְׁטֵיין אִין קָאפּ קָאן מֶען פוּן זַייא בֶּעקוּמֶען, זָאלִין זַייא גֶעבִּין וואוּ צוּא הָארֶעוֶוען אוּנ צוּ פַאר דִינֶען דֶעם שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט וָואלְט מֶען נִיט דַארְפִין זַייעֶרֶע טְרֵיפֶענֶע צוּרוֹת אָן קוּקִין, אוֹיס גֶעאִיפֶּעשְׁט זָאלִין זַייא שׁוֹין וֶוערִין פוּן דָער וֶועלְט, צוּ וָואס דַארְף גָאט טַייצְלִיךְ אוֹיף דָער וֶועלְט, נָאר נִשְׁקָשֶׁה גָאט הָאט שׁוֹין אָן גִיהֵייבִּין זַייא אוֹיס צוּ רַאמֶען מִן הַסְתָּם וֶועט שׁוֹין פוּן זַייא קַיין שָׂרִיד וּפָלִיט נִיט בְּלַייבִּין, זַייא וֶועלִין אַוֶועק מִיט פַייעֶר אוּנ מִיט וַואסֶער, אָט הָאבּ אִיךְ מִיט מַיינֶע אוֹיגִין נִיט לַאנְג גִיזֶעהֶן וִויא מֶעהָאט אַרוֹיס גִישְׁלֶעפְּט אַאִידֶעשִׁין שְׁטוּדֶענְט וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ דֶער טְרוּנְקֶען, אָט אִיז שׁוֹין מִיט אַיין אַפִּיקוֹרֶס וַוייניגֶער, בַּייא דִיא רֵייד הָאבִּין זִיךְ אָן גִיקוּקְט אִין דִיא אוֹיגִין דָער רַאבִּינֶער מִיט זָאפְיֶען, אוּנ פוּן זָאפְיֶעס הַארְץ הָאט אַשְׁרֶעקְלִיכֶער זִיפְץ אַרוֹיס גִירִיסִין, לֶעאָנְטַאל הָאט דֶעם אָרִימַאן אַפְרֶעג גִיטָאן: „אִין וָואסֶער שְׁטָאט אִיז דָאס דֶער שְׁטוּדֶענְט דֶער טְרוּנְקֶען גִיוָוארִין“? דֶער טַייפִּיל קָאן גִידֵיינְקֶען דִיא נֶעמֶען פוּן אַלֶע שְׁטֶעט אִיךְ בִּין ב״ה נַע וְנָד אַלֶע טָאג אִין אַיין אַנְדָער שְׁטָאט, נָאר הַא? — יָע — טַאקִי — דָאס אִיז גִיוֶוען פַאר צְוֵוייא וָואכִין אִיךְ בִּין דַאן אִין שַׁאוּורֶע גִיוֶוען, יָע אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶער מָאנְט אִין שַׁאוּורֶע עֶר הָאט זִיךְ אִין טַייךְ וַוייסִיל דֶער טְרוּנְקֶען.

וִויא בְּלַאס יִצְחָק מִיט זָאפְיֶען זַיינֶען שׁוֹין שְׁטֶעהְנְדִיג גִיוֶוען, זַיינֶען זַייא אִין דֶער מִינוּט נָאךְ בְּלֵייכֶער גִיוָוארִין, שֶׁענֶערֶע פוּן זַייא לַייגְט מֶען אִין קֶבֶר אַרַיין, עֶס הָאט זַייא דִיא הֶענְט מִיט דִיא פִיס אוּנְטֶער גִיהַאקְט, זָאפְיֶע הָאט מִיט אַווילְדֶע שְׁטִימֶע אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן: אוֹי וַוייא אִיז אוּנְז יִצְחָק! זֶעה וואוּ מִיר הַאלְטִין אִין דֶער וֶועלְט!...

וַוייסְט אִיר נִיט מַיין לִיבֶּער פְרַיינְד — הָאט יִצְחָק דֶעם אָרִימַאן גִיפְרֶעגְט — וִויא דָער שְׁטוּדֶענְט הָאט גִיהַייסִין“? — „פַארַיילִיס קָאן זַייעֶרֶע נֶעמֶען גִידֵיינְקֶען,

מערופט

מֶערוּפְט זַיי דָאךְ אַלְץ נִיט מִיט אִידִישֶׁע נֶעמֶען — הָאט דֶער אָרִימַאן גִיעָנְטפֶערְט — אִיךְ וֵויס... דוּכְט זִיךְ מֶעהָאט עֶפֶּעס גִיזָאגְט לֶעוֶוענְסָאן צוּ לֶעאָנְסָאן אָדֶער גָאר לֶעאָנְטַאל, זָאל אִיךְ פוּן מַיינֶע צָרוֹת... עֶר הָאט נָאךְ נִיט אוֹיסְגֶעפַייעט צוּ קָאנְצֶען זַיינֶע רֵייד הָאט אִים אִיבֶּער גִיהַאקְט אַגִישְׁרַייא וֶועלְכִין זָאפְיֶע הָאט אוֹיס גִישְׁרִיעֶן.

גָאט! מִיר זַיינֶען שׁוֹין מִיט אוּנְזֶער יוֹסִיפְלֶען אוֹיךְ פַארְטִיג! אוּנְזֶער לֶעצְטֶער הָאפֶענוּנְג אִיז פֶערְלָארִין... אוּנ זִיא אִיז אִין אוּנְמַאכְט גִיפַאלְן אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנ יִצְחָק אִיז אוֹיךְ גִיבְּלִיבִּין הַאלְבּ אִין חַאלָאשֶׁעס, נָאר דֶער קְלַאפּ פוּן זָאפְיֶעס פַאל הָאט אִים אוֹיף גִימִינְטֶערְט, עֶר אִיז צוּ אִיר צוּ גִילָאפִין אוּנ הָאט אִיר אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּ מִינְטֶערִין, עֶס הָאט אַצַייט גִידוֹיעֶרְט בִּיז עֶר הָאט אִיר צוּ זִיךְ גִיבְּרַאכְט, אוּנ דֶער וַוייל אִיז שׁוֹין דֶער אָרִימַאן אַוֶועק, וֶוען זָאפְיֶע הָאט דִיא אוֹיגִין גִיעֶפִינְט הָאט זִיא זִיךְ עֶרְשְׁט דֶער מָאנְט אָן אִיר נַייעֶ קְלָאג, קַיין פֶעדֶער אִיז נִיט אִין שְׁטַאנְדֶע אוֹיס צוּ שְׁרַייבִּין זַייעֶרֶע בִּיטֶערֶע רֵיידִין אוּנ קְלָאגִין אִין וֶועלְכֶע זַייא הָאבִּין פַארְבְּרַאכְט, מִיט אַיין וָוארְט זַייא הָאבִּין זִיךְ גִיבָּאדִין אִין זַייעֶרֶע טַייכִין טְרֶערִין.

נָאר דָאס אִיז בַּיי זַייא גִיבְּלִיבִּין דָאס זַייא זָאלִין פוּן זַייעֶר נַייעֶ צָרָה נִיט אוֹיס זָאגִין דִיא קִינְדֶער, דֶען וָוארוּם זָאל מֶען נָאךְ זַייא אוֹיךְ פֶערְבִּיטֶערִין זַייעֶר לֶעבִּין, אוּנ זַייא הָאבִּין גְלַייךְ אַבְּרִיף אַוֶועק גִישְׁרִיבִּין קַיין שַׁאוֶולֶע צוּ דֶעם וֶוירְט וואוּ יוֹסֵף הָאט גִילַאזִירְט עֶר זָאל זַייא גְלַייךְ אָפּ שְׁרַייבִּין רִיכְטִיג וָואס זַייעֶר יוֹסִיפִין אִיז גִישֶׁעהֶן.

## 47) דִיא קְלָאג פַאר פוּל.

אִין אַכְטָאג אַרוּם נָאךְ דִיא פָארִיגֶע פְּרָאאִיסְשֶׁעסְטְוִויֶע (טְרֶעפִּינְשׁ), נָאךְ דֶעם אַז אוּנְזֶערֶע אָרִימֶע גִיזִינְטִיל פוּן דֶעם רַאבִּינֶער הָאבִּין אָפּ גִיגֶעסִין זַייעֶר גִימַיינֶעם שַׁבָּתְדִיגִין מִיטָאג, רָאזֶע מִיט גַבְרִיאֵלִין זַיינֶען זִיךְ אַוֶועק אַוַוילֶע דוּרְךְ נַיין, יִצְחָק מִיט זָאפְיֶען הָאבִּין זִיךְ צוּ גִילֵייגְט שְׁלָאפִין, נָאר זַייעֶרֶע לַיידִין הָאבִּין זַייא נִיט גִילָאזִין אַיין שְׁלָאפִין, דִיא גִידַאנְקֶען פוּן זַייעֶר אַרְמוּטְה, דִיא שְׁוֶוערֶע דֶעלֶא וֶועלְכֶע לֶעאָנְטַאל הָאט אוֹיף זִיךְ, דֶער טוֹיט פוּן זָאפְיֶעס פָאטֶער, דִיא בְּרֶעמְנֶע פוּן אִיר מְשׁוּגָעֶנֶע מוּטֶער וֶועלְכֶע אִיז אוֹיף זַייעֶר קַארְק גִילֶעגִין וִויא אַגִישְׁווִיר אוֹיף אַמַכָּה, אוּנ וְעַל כּוּלָם דֶער טוֹיט פוּן זַייעֶר יוֹסִיפִין זַייעֶר לֶעצְטֶער טְרַייסְט, דָאס אַלְץ הָאט זַייא אוֹיף אַיין מִינוּט נִיט גִילָאזִין רוּעֶן.

יִצְחָק לֶעאָנְטַאל הָאט זִיךְ נָאךְ אַצוּשְׁטֶערְטִין שְׁלָאף זִיךְ אוֹיף גִיחַאפְּט, זָאפְיֶע אִיז אוֹיךְ אוֹיף גִישְׁטַאנֶען, אוּנ אַז זִיא הָאט אִיר רָאזֶען מִיט גַבְרִיאֵלִין לֶעבִּין זִיךְ נִיט גִיפוּנֶען הָאט זִיא זַייעֶר בִּיטֶערְלִיךְ גִיוַויינְט אוּנ גִיקְלָאגְט נָאךְ אִיר יוֹסִיפְלֶען, דֶען פוּן זַייא פְלֶעגְט זִיא זִיךְ הִיטִין צוּ וַויינֶען דָאס זַיי זָאלִין זִיךְ נִיט דֶער וִויסִין פוּן יוֹסוֹפְּס טוֹיט, יִצְחָק הָאט אִיר גִיבֶּעטִין זִיא זָאל נִיט וַויינֶען זִיא זָאל עֶטְוָואס רוּהִיגֶער וֶוערִין אוּנ זָאל שַׁבָּת נִיט פֶערְשְׁטֶערִין.

וויא

װִיא קָאן אִיךְ זַיין רוּהִיג ? ! הָאט זָאפְיֶע גִיעֶנְטְפֶערְט — װֶען עֶס אִיז גָאר קַיין גְרוּנְט נִיטָא צוּ אוּנְזֶערֶע צָרוֹת, אוּנְזֶער גַאנְצֶער הָאפֶענוּנְג אִיז גִיוָוען אוֹיף יוֹסִיפְלֶען, עָלָיו הַשָּׁלוֹם — כָּל זְמַן דֶער שְׁטְרַאל הָאפֶענוּנְג הָאט נָאךְ אוּנְז גִישַׁיינְט אִיז גִיוָוען צוּ דֶער לַיידִין דִיא צָרוֹת, אוּנ אַז יֶעצְט הָאט זִיךְ דֶער פוּנְק הָאפֶענוּנְג אוֹיךְ פֶערְלָאשִׁין, װִיא זָאל אִיךְ נִיט װַיינֶען װִיא זָאל מִיר מַיינֶע אוֹיגִין טְרִיקֶענֶען ? ! — אוּנְזֶער פַיינְד זָאהְנְשַׁיין זִיצְט זִיךְ גַאנְץ רוּהִיג, אוּנ זַיין הֶעלִישֶׁע מוֹיל הַאלְט עֶר נָאךְ אָפִין אוּנְז מִיט אַלֶעמֶען אַיין צוּ שְׁלִינְגֶען, זַיין בְּרֶענִינְדִין צָארִין הָאט עֶר נָאךְ נִיט אַיין גִילָאשִׁין מִיט דִיא בְּלוּט װֶעלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ פוּן אוּנְז גִיגָאסִין, אוּנ אוֹיף עֶס קוּמְט קַיין צָרָה נִיט, װֶען דַיין בְּרִיף װֶעלְכִין דוּא הָאסְט צוּ אִים גִישִׁיקְט דִיא װָאךְ הָאט זַיין עֶרְבַּארֶעמוּנְג אוֹיף אוּנְז נִיט עֶרְוָועקְט, װֶעט אִים שׁוֹין קַיין דוּנֶער נִיט עֶרְוָועקִין, שַׁיידִין אַיין צָרָה נָאךְ דִיא אַנְדֶערֶע מִיט אַיין מָאל זָאל אוֹיף אִים קוּמֶען, גִיבּ אִים גָאט חָאטְשׁ אַיין טָאג עֶר זָאל קוּמֶען צוּ אוּנְזֶער הַארְצִין, עֶר זָאל לַיידִין הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט װִיא מִיר, עֶר זָאל פַאר װָארְפִין װֶערִין פוּן זַיינֶע קִינְדֶער װִיא מִיר פוּן אוּנְזֶער יוֹסִיפְלֶען, עֶר זָאל אוֹיךְ טְרִינְקֶען דֶעם גִיפְטִיגִין בֶּעכֶער פוּן גָאטֶעס צָארִין, עֶר זָאל אַזוֹ פִיל טְרִינְקֶען בִּיז עֶר װֶעט שׁוֹין אוֹיס בְּרֶעכִין, אוּנ עֶר זָאל פוּן דֶעם בֶּעכֶער שִׁכּוֹר װֶערִין װִיא מִיר, עֶרְשְׁט דַאמָאלְס װֶעט אֶפְשֶׁר זַיין שְׁטֵיינֶערְנֶע הַארְץ װַייךְ װֶערִין אוּנ עֶר װֶעט שׁוֹין אוּנְז קַיין לַיידִין מֶער נִיט אָן טָאן, אָבֶּער יֶעצְט אַז פוּן שְׁלֶעכְטֶעס װַייס עֶר גָאר נִיט רִירְט עֶס נִיט דִיא אָרִימֶע טְרֶערִין, עֶר הָאט אֲפִילוּ יֶעצְט אוֹיךְ שְׁמֶערְצִין פוּן זַיין טָאכְטֶער רֶעבֶעקָע, זִיסִל אִיז פַאר שְׁוואוּנְדִין גִיוָוארִין מֶעוּיֵים נִיט וואוּ עֶר אִיז אַהִין גִיקוּמֶען, רֶעבֶעקֶען טְרִיקִינְט נִיט דִיא אוֹיגִין פוּן טְרֶערִין, נָאר דָאס טְרַייסְט מִיר גָאר נִיט, אִירֶע שְׁמֶערְצִין קְרֵיינְקֶען מִיר אוֹיךְ וַוייל זִיא אִיז אַטַייעֶרֶע קִינְד, אוּנ זִיא דַארְף נִיט לַיידִין אִיר פָאטֶערְס זִינְד. אוֹיךְ װָאס קָאן מִיר טְרַייסְטִין יֶענֶעמְס צָרוֹת װֶען צוּ אוּנְזֶערֶע יְסוּרִים אִיז קַיין בְּרֶעג נִיטָא, גָאט הָאט מִיט אַלֶע זַיינֶע הַארְמַאטִין אַרַיין גִישָׁאסִין אִין אוּנְזֶער הוֹיז װֶעלְכֶע שְׁווִימְט װִיא אַשִׁיף אִין אַשְׁטוּרֶעמְדִיגִין מֶעהְר, װִיא אַשִׁיף װֶעלְכֶע הָאט זִיךְ אוֹיף אַשְׁפִּיצִיגִין שְׁטַיין אַרוֹיף גִישְׁלָאגִין, אִיר זַאגִיל אִיז אָפְּגִיבְּרָאכִין אוּנ אִיר רוּדֶער הָאט זִיךְ דֶער טְרוּנְקֶען, אוּנ אִירֶע פַּאסֶעזִירִין קְלָאגִין אוּנ שְׁרַייעֶן בִּיטֶערְלִיךְ אִין מִיטִין יַם פֶערְטְרוּנְקֶען בִּיז הַאלְדְז אִין װַאסֶער ! אוּנ דוּא טַייעֶרֶער יִצְחָק ! דוּא שִׁיפְס קַאפִּיטַאן לִיגְסְט אָן קְרֶעפְטִין, דוּא הָאסְט קַיין מִיטִיל דַיין שִׁיף צוּ רֶעטִירִין, אוּנ דוּא װִילְסְט טְרַייסְטִין דִיא װָאס זַיינֶען שׁוֹין בִּיזִין הַאלְדְז פֶערְטְרוּנְקֶען אִין װַאסֶר, מַיין טַייעֶרֶער יוֹסִיפּוּל הָאט זִיךְ שׁוֹין דֶער טְרוּנְקֶען, װָאס קָאן אִיךְ שׁוֹין הָאפִין פוּן אוּנְזֶער רָאזֶען דִיא רַיינֶע זֶעלֶע, װֶעלְכֶע אִיז שׁוֹין זַאט מִיט צָרוֹת אוּנ קַיין גוּטֶעס הָאט זִיא נָאךְ נִיט אָנְגִיזֶעהְן ; אוּנ װָאס אִיז דִיא הָאפֶענוּנְג פוּן אוּנְזֶער נַבְרִיאֵלִין װֶעלְכִין גָאט הָאט אִים בֶּעשֵׁיינְקְט מִיט אַגוּטִין פַארְשְׁטַאנְד, יוֹסֵף אִיז שׁוֹין נִיטָא ! אִיז דָאךְ נִיטָא װֶער עֶס זָאל אוֹיס אַרְבֶּעטִין דֶעם טַייעֶרִין וַויינְגָארְטִין עֶשׁ זָאל פוּן אִים װַאקְסִין פְרוּכְט, עֶר װֶעט פֶערְוִוילְקְט װֶערִין, אוּנ דוּא זָאגְסְט צוּ

מיר

מִיר: „הָאפ מַיין וַוייב“, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קַיין קְרַאפְט נִיט צוּ הָאפִּין, אוּנ וָואס קָאן אִיךְ שׁוֹין הָאפִּין וָוען אִיךְ וֶועל מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין שְׁווִימֶען אִין יַם וֶועלְכֶער פְלֵישְׁט פוּן מַיינֶע אוֹיגִין אִין דִיא וֶועלִין פוּן טְרֶערִין? צוּ דֶען וֶועל אִיךְ דֶער מִיט מַיין יוֹסִיפְלֶען פוּן קֶבֶר אוֹיס גְרָאבִּין? צוּ קָאן אִיךְ אִים שׁוֹין לֶעבֶּעדִיג מַאכִין? עֶס אִיז שׁוֹין אַסךְ גְלַייכֶער אִיךְ זָאל דֶער טְרוּנְקֶען וֶוערִין אִין יַם פוּן צָרוֹת.

אִיךְ בֶּעט דִיר מַיין טַייעֶרֶע פְרוּיא — הָאט לֶעאָנְטַאל גִיזָאגְט אַיין זַאמְלֶענְדִיג אַלֶע קְרֶעפְטִין — קְרִיג נִיט אוֹיף גָאט, עֶר טוּט קַיין אוּנְרֶעכְט נִיט, אוּנ וֶוען דִיא וֶועלְט הָאט עֶר פַאר אוּנז פִינְסְטֶער גִימַאכְט, וֶועט אוּנְז גִיוִויס לַייכְטִין אִין דֶער עֶווִיגֶער וֶועלְט, אִין דִיא וֶועלְט וֶועלְכֶע זִיא שַׁיינְט שׁוֹין אוּנְזֶער יוֹסִיפוּן, אוּנ וֶועלְכֶע עֶס וֶועט זַיין פִינְסְטֶער פַאר אוּנְזֶער פַיינְד זָאהְנְשַׁיינֶען, אוּנְזֶער זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט אִיז נִיט קַיין עֶווִיגְקַייט נָאךְ נִיט דֶער רֶעכְטֶער תַּכְלִית, עֶס אִיז נָאךְ פַארַאן אַקְוֶועלֶע פוּן עֶווִיגֶע לֶעבִּין, גָאט אִיז נוּר גוּט, אוּנ נִיט עֶווִיג וֶועט עֶר מִיט אוּנְז קְרִיגִין, הָאפ מַיין פְרוֹי עֶר וֶועט נָאךְ מִיט אוּנְז פְרִידִין שְׁלִיסִין.

אִין דֶעם אִיז רָאזֶע מִיט גַבְּרִיאֶלִין אַריין גִיקוּמֶען, רָאזֶע אִיז אוּנְטֶער גִינַאנְגֶען צוּ אִיר פָאטֶער אוּנ הָאט גִיזָאגְט: פָאטֶער, שְׁטְרָאף אָן גַבְּרִיאֶלִין, וָוארוּם אוֹיפִין מִיטִין גַאס זִינְגְט עֶר דִיא שִׁירִים וֶועלְכֶע עֶר הָאט גִימַאכְט פַאר אוּנְזֶער יוֹסִיפוּן, אוּנ וֶוען עֶר זִינְגְט זַייא מַאכְט עֶר תְּנוּעוֹת מִיטִין גִיזִיכְט אוּנ מִיט דִיא הֶענְט, אוּנְז אִיז גָאר נִיט אַזוֹ פְרַיילִיךְ אוֹיפִין הַארְצִין, אוּנ עֶר פַאר שְׁטֵייט דָאס נִיט.

פָאטֶערִיל — הָאט גַבְּרִיאֵל גִיזָאגְט — פֶערְצַייעֶ מִיר דַאפִיר, וַוייל מַיין בְּרוּדֶער יוֹסֵף אִיז בַּייא מִיר זֵייעֶר טַייעֶר, אוּנ אִין דִיא שִׁירִים הָאבּ אִיךְ פַאר אִים אוֹיס גִיגָאסִין מַיין גַאנְצֶע הַארְץ, אוּנ וֶוען אִיךְ זִינְג זַייא עֶרְוֶועקִין זִיךְ אִין מִיר מַיינֶע גִיפִילִין, אוּנ אִיךְ קָאן נִיט בְּלַייבִּין רוּהִיג נוּר אִיךְ מוּז מִיט קֶערְפֶּערְלִיכֶע בֶּעוֶועגוּנְגֶען זַייא אַרוֹיס גֶעבִּין, דוּא וֶועסְט זֶעהֶן פָאטֶערִיל, אַז וֶוען אוּנְזֶער יוֹסֵף וֶועט אוּמְגִיזַאמְט קוּמֶען וִויא עֶר הָאט אוּנְז גִישְׁרִיבִּין, אוּנ עֶר וֶועט מַיינֶע שִׁירִים אִיבֶּער לֶעזִין וֶועט עֶר פַאצִין בְּרַאוָוא אוּנ אִיךְ וֶועל פוּן אִים גִיוִויס בֶּעקוּמֶען דַאפִיר אַפָּאר בְּרִידֶערְלִיכֶע קוּשִׁין.

יִצְחָק הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז גַבְּרִיאֶלְס רֵייד בּוֹיעֶרִין זָאפְיֶעס הַארְץ, הָאט עֶר אִים אִין מִיטִין דִיא רֵייד צוּ שְׁלָאגִין אוּנ הָאט גִיזָאגְט: דֶער פָּאצְטֶעלְיָאן הָאט מִיר הַיינְט גִיזָאגְט אַז עֶס אִיז פַארַאן אַיין בְּרִיף צוּ מִיר, מֶעדַארְף גֵיין דֶעם בְּרִיף אָפּ נֶעמֶען.

זָאפְיֶע הָאט קַיין קְרֶעפְטִין גִיהַאט זִיךְ אָפּ צוּ הַאלְטִין פוּן וַויינֶען אִיז זִיא אַרַיין אִין אַקַאמֶער אוּם זִיךְ אִין דֶער שְׁטִיל אוֹיס צוּ וַויינֶען, רָאזֶע הָאט גִיזָאגְט צוּ גַבְּרִיאֶלִין: דוּא זֶעסְט דָאךְ וִויא אוּנְזֶער מוּטֶער גֵייט אַרוּם שְׁוַוארְץ וִויא דִיא עֶרְד, אוּנ דִיר לִיגְט אִין זִינֶען שִׁירִים צוּ זִינְגֶען.

רָאזֶע אִיז אַרַיין צוּ דִיא מוּטֶער אִיר צוּ טְרַייסְטִין, זִיא הָאט אִיר גִיפוּנֶען וַויינֶענְדִיג, הָאט זִיא אִיר דִיא הֶענְט אוֹיס גִיקוּשְׁט, אוּנ אִיר גִיפְרֶעגְט: וָואס

איז דיר מאמינקע? ווארום וויינסטו? שוין צייט אכטאג בעמערק איך אז דוא וויינסט נאר, אונ איך ווייס ניט פאר וואס, אויב אונזער ארמוטה קרענקט דיר אזו שטארק, איז דאך פאראן איין מיטיל: אט אונזער פיינדס פרויא האט דאך אויך אמאל גידינט, אונ ער אליין איז אמאל אמלמד גיוועזן, נאר אז גאט האט זייא גיהאלפין איז גאר פאר געסין גיווארין וואס עס איז אמאל גיוועזן אונ יעצט זיינען זייא דיא גיערהרטע אונ מעחאנפעטע זייא פון אלע זייטין, היינט וואש דארף איך זיין דיר צום לאסט, איך קאן שוין מיין שטעטיל בעשטיין, צו אומזאנסט האט מיר גאט גיגעבין הענט מיט קראפט מיט וועלכע איך קאן ארבעטין, לאז מיר נאר טייערע מוטער, איך וועל זיך שטעלין אויף איין ארט דינגען, אונ ווען ניט היא אין בענעכסיף וועל איך אין איין אנדער שטאט אוועק פארין, איך וועל מיט גאטעס הילף בעקומען אשטעלע, ווען מעוועט ערפארין מיין ערינסטהייט, מיין קעסט וועל איך מיר שוין האבין אונ מיין פארדינסט וועל איך אייך שיקין, ביז אונזער יוסף וועט קומען, אונ וועט מיין פאטער פון דער דיעלא ריין מאכין; דאן וועלין מיר ווערין צוריק מענטשין, אונ מיין דינסט וועט מיין עהרע ניט בעשמוצין — אין דעם איז גבריאל אויך אריין, האט צו אים ראזע גיזאגט: דוא זעסט, אונזער מוטער וויינט אונ דוא זינגסט גאר שירים, ווארום זעסטו ניט בעסער איר צו טרייסטין.

איך בעט דיר מיין טאכטער — האט זאפיע צו איר גיזאגט — דוא זאלסט זיך ניט מיען מיר צו טרייסטין, פון דער צייט אן וואס אונזער אומגליק האט זיך אנגיהייבין דיין פאטערס דיעלא, מיין פאטערס טויט, אונ מיין מוטערס וואנזיניגקייט, איז שוין פאר מיר קיין טרייסט ניטא.

וויא גבריאל האט דער זעהן זיין מוטערס טרערין, איז ער איר אויפין האלדז גיפאלין אונ האט גיזאגט: וויין ניט מוטעריל, אונ אויב איך האב דיר דיא הארץ אפ גיגעסין מיט מיינע שירים וועל איך דאס שוין ווייטער ניט טאן, דוא האסט דאך מיר גיזאגט אז יוסף איז אין מיינע יארין אויך אשטיפער גיוועזן, פון דעסט וועגין האסטו איצטער פון אים נחת, ניט ערגער פון מיר אין זיינע יארין, הערסטו מאמינקע, איך בין היינט אזו אומעטיג גיוועזן פון דעם וואש מיין סורדוט איז צו ריסין, אונ מיינע שטיוויל האבין דיא מיילער גיעפינט אזו וויא זייא וואלטין אויך הונגעריק זיין וויא איך, אונ איך האב ניט קיין אנדערע אום צו בייטין, איך האב יוספ'ס בריף איבער גילעזין בין איך גאר פריילכער גיווארין, יוסף שרייבט ער וועט מיר ברייגען אנייעם גארניטער, זייא דוהיג מאמינקע, מיט יוסיפס קומען וועלין אלע אונזער וואונדין גיהיילט ווערין.

אוי וויא איז מיר! מיין הארץ איז צו וואונדעט! — האט זאפיע אויש גישריען פון אירע יסורים וועלכע האבין איר שטריינג אנגינומען, אונ זיא איז אנטשוויגין גיווארין ווייל איר שטיממע איז פערשטיקט גיווארין, אונ פון אירע אויגין האט ארויש גיפלישט אשטראם טרערין, ראזע מיט גבריאלין זיינען פערציטערט גיבליבין פון שרעק.

מאמינקע, האט ראזע אגישריא גיטאן אנתאפינדיג איר פארין האנד, ערבארימדיגע מוטער! האט גבריאל גישריען, „זאג דיינע קינדער וואס דיר איז גישעהן, ווארום דיין גיזיכט איז פערביטין גיווארין? צייט אכטאג האט זיך אנידיכטער וואלקינדיגער טרויער פערקליבין אויף דיין גיזיכט — האט ראזע ניזאגט מיט אביטערליכין גיוויין — דאס איז נאר איין בלייזער אויס רייד וואס דוא היינקסט דאס אן אונזער ארמוטה, דען דאש איז דאך ניט ערשט גיווארין, אונ ווארום ביזטו ביז אהער אזו טרויעריג ניט גיוועזן? דאס איז ניט דאש, נור עש מוז עפעס זיין איין אנדער צרה, אוויטע צרה פון וועלכע מיר ווייסין נאך ניט, אונ וועלכע איז וויכטיגער פון אלע ביז אהעריגע אונגליקין, ווארום זאלסטו פון אונז פאר דעקין דיין אנגסט? פיליכט האסטו עטוואס שלעכטעס גיהערט פון אונזער טייערין יוסיפלען?! זאג אונז טייערע מוטער, דאן וועלין מיר דיר העלפין שלעפין דיא ברעמנע טרויער, ווארום זאלסטו אליין פאלין אונטער דעם לאסט פון דיין טרויער?.

זאפיע האט איר גאר ניט ניקאנט ענטפערין ווייל איר הארץ איז וויא וואסער צו נאנגען, אונ גבריאל האט גיבראכין דיא הענט אונ גישריען: אוי וויא איז צו מיינע שירים! וואו איז מיין ברודער יוסף! אונ ער מיט ראזען האבין זיך שרעקליך צו ווינט, ווען יצחק וואלט דערויף ניט אנקומען וואלט זאפיע פיליכט שוין זייא אויש זאגין פון יוסיפס קלאג, נור יצחק האט ניט גיוואלט זיי שמערצין אנטאן, האט ער אויף זייא אנגישריען: וואס איז מיט אייך וואש איר קלאגט אזו ביטערליך?!.

וואו איז אונזער ברודער יוסף! האבין דיא קינדער גישריען — זאג אונז פאטעריל וואו איז ער? עש מוז עפעס מיט אים זיין! ווען ניט, טא ווארום וויינט ערשט אונזער מוטער מער וויא ביז אהער? מיט אונזערע אלטע צרות זיינען מיר דאך שוין גיוויינט גיווארין, דאס איז ניט אנדערש וויא עפעס אנייע קלאג, דיא קלאג פון אונזער ברודער יוסף!!.

וויא זאפיע האט בעמערקט אז איר יצחק, וויל דיא קינדער ניט ענדעקין דעם אומגליק, האט זיא זיך מוט גיפאסט, אונ האט גיפונען איין אויסרייד אויף איר טרויער אונ האט צו דיא קינדער גיזאגט: וויא זאל איך ניט וויינען אונ קלאגין ווען איך דער מאן זיך אן פאר צייטיגע יארין, דיא יארין וועלכע עש האבין מיר גישיינט, דיא צייט ווען איך בין אברויטע גיוועזן; טוט אקוק קינדערליך אויפין וואנט אונ זעט מיין בילד מיט אייער פאטערס בילד וויא מיר האבין דאן אויש גיזעהן, מיט צוואנציג יאר צוריק אין דער זעלבע צייט האב איך גיגלענצט אין דער גראציע, דיא צייט וועל איך נימאלס פארגעסין, אח וויא נעכטין אין דער צייט, (אויף דעם שבת פון דער זעלבער סדרה) איז מיין פאטער ארויס גיפארין אין אקארעט איבער צו נעמען מיין חתן (אייער פאטער) ווייל מיר האבין אים גילאדין אויף דעם שבת צו זיך, איך האב גיקוקט דורכין פענשטער אונ האב מיט אונגידולד ערווארט זיין אנקומען, וויא פריילך איז דאש מיר גיווארין

וויא

וויא איך האב דער זעהן אז דיא קארעט איז צו גיפארין צו אונזער הויז אונ פון איר איז ארויס מיין פאטער אונ נאך אים — אשיינער יונגער מאן מיט אהעלדישען אויס זיכט, מיין פאטער האט אים אונטערין האנד אין שטוב אריין גיפירט אונ האט אים פאר מיר פאר גישטעלט; דאס איז דיין גיליבטער ברייטיגאם דיין לעבינס בעגלייטער. אונ ווער איז אין שטאנדע פאר צו שטעלין דיא פריילינע שפרינגן וועלכע מיינע אונ יצחקס הערצער האבין דאן גיפילט! מיר זיינען פאר בלענדעט גיוואָרין פון דיא פריילינע ערשיינונג אונ אונזערע הערצער האבין דאן גאט גידאנקט, אונ אויך מיין פאטער וועלכער איז גישטאנען אונ גיקוקט אויף אונז ביידין מיט פאלע אויגין מיט פריידין טרערין, אונ מיין מוטער איז אויך גיוועזן מונטער אונ פריילאך, זיא האט אזו גיזאגט: וויא שיין זעהן אויס דיא פאר קינדערליך, ווער עס וועט זיי זעהן מאג זאגין דאס זיי זיינען נור בעשאפין איינער פאר דעם אנדערין! מיר האבין דאן אויס גיזעהן וויא צוויא שיינע בוקעטין פער פלאנשטע אין איין בלומען טאפ. מיין פאטער האט אונז גיקושט אונ גיהאלזט, ער האט אויף גיהייבין דיא הענט צום הימיל אונ גיזאגט: איך דאנק דיר גאט, דוא טוסט מיט מיר פיל גינאדע מער אלעס וויא איך בין ווערט, נוען איך האב שוין דאס דער לעבט צו זעהן מיט מיינע אויגין איז שוין מיר גינוג! אייער פאטער יצחק האט צו מיר דאן גינעהנט מיט פיל רייץ אונ דרייסט, אונ האט מיר בעשאטין מיט גישאנקען: טייערע פעריל, דימאנטענע אויערינגען מיט האנט רינגען, אגאלדענע אוהר גיזעצט מיט בורלאנטין אונ נאך פיל שמוק, אונ אויף יעדער גישאנק באזונדער האט ער אויס גידריקט עטליכע קלוגע ווארטין וועלכע האבין זיך גיטאשירט מיטין גישאנק, אונ איך האב אים אויך גיגעבין פיל טייערע מתנות, אונ ער האט מיר דאן אויס גידריקט: „דאש אלע גישאנקען וועלכע מיר האבין זיך יעצט אומגיוועקסילט האבין דיא ווירדע פון איין ווארט וועלכין דוא רעדסט אויס פון דיין מונד, ווייל דוא ביזט מיין גאנצער שאץ, צו דיר ברויך איך שוין קיין זאך גיט אויף דער וועלט; צו גיבט עס, דאש אפריילין זאל הערין וויא איר גיליבטער רעט זעלכעס אונ איר הארץ זאל ניט ווערין אין פאלער פריידע? .

איך האב גיטרונקען דעם בעכער פערגניגין, איך האב זיך גיזעטיגט מיט זיסע פריידע, איך האב מיט פולע הויפינס גישעפט גאטעס זעגנונג, נאר אקורצע צייט האב איך זיך דער מיט גיפערגניגט, מיין זאהנע איז אונטער גינאנגען אין איר מיטין שיינען, מיינע טעג זיינען פאר פינשטערט גיוואָרין אונ איך זע שוין קיין שיין ניט.

אונ איר קינדערליך פרעגט מיר: ווארום וויין איך? וויא זאל איך ניט וויינען אז איך דער מאן זיך אז אייער פאטער איז אונטער אשווערע דיעלא, עם אונגראזאיעט (פירקבטעט) — גאט בעהיט — רעסטאנסקי ראטע, דורך אבילבול פון אומזיסטע פיינדע, אונ איך קאן חלילה בלייבין אלעבעדיגע אלמנה אונ איר לעבעדיגע יתומים, אונזער ארמוטה איז ניט אויס צו ליידין, מיין פאטער איז

אפ

אָפּ גִישְׁטָארְבִּין, מַיין מוּטֶער אִיז וַואנְזִינִיג, מִיר לַיידִין אַלֶע הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט, אוּנ אַייֶער פָאטֶער מַיין אוֹיג פוּן מַיין קָאפּ נַיים אוּם אַפֶערְשְׁמַאכְטָר!! אוּנ אִין אוּנְזֶער הוֹיז גִיפִינְט זִיךְ נִיט מִיט וָואס אִים צוּ עֶרְקְוִויקִין.

וִויא זָאל מִיר נִיט צוּ וואוּנְדֶערְט וֶוערִין מַיין הַארְץ קוּקוּנְדִיג אוֹיף דִיר מַיין טָאכְטֶער, וִויא דוּא בְּלִיהְסְט וִויא אַבְּלוּם אִין דֶער מִדְבָּר, דוּא גְרַייכְסְט שׁוֹין בַּאלְד דַיין פָאלִין עֶלְטֶער אוּנ אִיךְ בִּין נִיט אִין שְׁטַאנְדֶע דִיר צוּ בֶּעקְלֵיידִין וִויא לַייטִישֶׁע טֶעכְטֶער, אִיךְ הָאבּ גִיזָאגְט וֶוען דוּא בִּיזְט גִיבָּארִין גִיוָוארִין, אַז מַיינֶע צִירוּנְג וֶועל אִיךְ דִיר אָפּ גֶעבִין, אָבֶּער עֶס אִיז אוֹיף אוּנְז גִיקוּמֶן פִינְשְׁטֶערֶע טֶעג אוּנ דִיא צִירוּנְג הָאט זִיךְ אִין דֶער פִינְשְׁטֶער אַרוֹיס גִיגַאנְבֶעט פוּן אוּנְזֶער הוֹיז, אוֹי וַויא אִיז מִיר! אוּנְזֶער בְּלִיסְטַאטֶעלְנֶע פַאמִילְיֶע אִיז פוּן הִימִיל צוּ דֶער עֶרְדֶע גִישְׁלַיידֶערְט גִיוָוארִין, מַיינֶע קִינְדֶער זַיינֶען פַאר וִויסְטֶע, אוּנְזֶערֶע פַיינְדֶע גְרוֹיסִין זִיךְ אוֹיף אוּנְז, אוּנ זַייא הָאבִּין פֶערְוֶועקְסִילְט אוּנְזֶער עֶהְרֶע אוֹיף שַׁאנְדֶע, זַייא הָאבִּין אוּנְז פֶער שְׁמוּצְט, אוּנ גִימַאכְט צוּ גִילֶעכְטֶער, אוּנ אַלְץ דוּרְךְ דֶעם וַוייל אַייֶער פָאטֶער הָאט פֶערְלַאנְגְט דָאס קֵיין אוּמְרֶעכְט זָאל נִיט גִיטָאן וֶוערִין, אוּנ הָאט נִיט גִילָאזִין בֶּערַאבֶּעוֶוען דִיא אָרִימֶע אִידִישֶׁע בְּלוּט, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין מַיין לֶעבִּין גִיאָפְּפֶערְט, נוּר מַיין הַארְץ שְׁרַייט פוּן אִירֶע וַוייטִיגִין נוּר פַאר אַייךְ מַיינֶע קִינְדֶערְלִיךְ, אוּנ אִיר פְרֶעגְט נָאךְ מִיר: וָוארוּם קְלָאגְסְטוּ מוּטֶערִיל? וִויא זָאל אִיךְ נִיט וַויינֶען אוּנ בִּיטֶערְלִיךְ קְלָאגִין?!.

אוּנְטֶער דֶער צַייט וָואס זָאפְיֶע הָאט דִיא פָארִיגֶע רַייד מִיט גְרוֹיס עֶנֶערְגִיע אוֹיס גִירֶעט אִיז יִצְחָק גִיזֶעסִין דִיא קָאפּ אָנְגִישְׁפַּארְט אוֹיף דִיא הֶענְט, טַייכִין טְרֶערִין הָאבִּין פוּן זַיינֶע אוֹיגִין גִירוּנֶען, אוּנ נַאכְהֶער הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטַארְקְט אוּנ גִיפַאסְט אוּנ הָאט צוּ זָאפְיֶען גִיזָאגְט: צוּ שַׁבָּת אִיז אַצַייט אוֹיף אַזֶעלְכֶע רַייד? גִינוּג שׁוֹין צוּ דֶער מָאנֶען דִיא פַארְנַאנְגֶענֶע, פַארְגֶעס אָן זַייא וִויא אָן אַמְרוֹים לָאמִיר זִיךְ אַבִּיסִיל דוּרְךְ גַיין, לָאמִיר אַבִּיסִיל אַרוֹיס אוֹיפִין פְרַייעֶן לוּפְט אוּם דִיר דֶעם דוּל פוּן קָאפּ אַרוֹיש צוּ שְׁלָאגִין, נָאךְ אַנֶם וָואס אוּנְזֶער נַאס אִיז אַפּוּסְטֶע אַז מִיר דַארְפִין זִיךְ פַאר קֵיינֶעם נִיט שֶׁעמֶען מִיט אוּנְזֶערֶע קְלֵיידֶער, דִיא קִינְדֶער זָאלִין צוּ הוֹיז בְּלַייבִּין, אִיךְ הָאבּ דֶעם פָאצְטֶעלְיָאן נִיט גִיפוּנֶען פִילַייכְט וֶועלִין מִיר אִים אָנְטְרֶעפִין.

יִצְחָק מִיט זָאפְיֶען זַיינֶען זִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאבִּין בִּיז נַאכְט גִישְׁפַּאצִירְט, דִיא קִינְדֶער זַיינֶען צוּ הוֹיז גִיבְּלִיבִּין אוּנ הָאבִּין זִיךְ אַיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין גִיטְרַייסְט מִיט דֶעם הָאפֶענוּנְג דָאשׁ אוּמְגִיזַאמְט וֶועט יוֹסֵף קוּמֶען אוּנ דַאן וֶועט שׁוֹין אוּנְז דִיא וֶועלְט אָנְהֵייבִּין צוּ שַׁיינֶען.

מַיין עֵצָה מוּז פָארְט גִישֶׁעהְן — זָאגְט רָאזֶע — וִויא לַאנְג נָאךְ וֶועלִין מִיר זַיין אוּנְזֶערֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערִין צוּם לַאסְט? אִיךְ וֶועל אַוֶועק גַיין דִינֶען, אוּנ דוּא גַבְרִיאֵל זֶע פַאר זִיךְ אוֹיךְ עֶפֶּעס אַשְׁטֶעלֶע, דוּא וֶועשְׂט שׁוֹין קָאנֶען דַיין בְּרוֹיט פַאר דִינֶען, אוּנ וֶוען אוּנְזֶער בְּרוּדֶער יוֹסֵף וֶועט קוּמֶען אוּנ וֶועט אוּנְזֶערֶע

עלטערין

עֶלְטֶערִין פוּן זַייעֶרֶע נוֹיטִין אַרוֹיס נֶעמֶען דַאן וֶועלִין מִיר זִיךְ אוּמְקֶערִין צוּא אוּנְזֶערֶע לִיבֶּע עֶלְטֶערִין ׃

דִיא קִינְדֶער הָאבִּין אַזוֹ פַארְבְּרַאכְט בִּיז אָבִינְד, אוּנ דַאן הָאט זֵיי דֶער פָּאצְטָאלְיָאן אַבְּרִיף אַרֵיין גִיטְרָאגִין, זֵייא הָאבִּין אִים גִיבֶּעטִין דָעם בְּרִיף עֶפֶּענֶען דָאס זַייעֶר פָאטֶער זָאל אִים גְלַייךְ קֶאנֶען לֶעזִין, דֶער פָּאצְטָאלְיָאן הָאט אִים גִיעֶפִינְט, "פוּן שַׁאוֶורֶע"! הָאט גַבְרִיאֵל אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן דֶער זֶועהֶענְדִיג דֶעם פָּאצְט זִיגִיל — פוּן אוּנְזֶער יוֹסִיפוּן! הָאט רָאזֶע אוֹיס גִישְׁרִיעֶן מִיט פְרֵיידֶע — לֶעז גַבְרִיאֵל גִיכֶער אִיבֶּער" גַבְרִיאֵל הָאט דָעם בְּרִיף אִין הַאנְד גִינוּמֶען "נֵיין נֵיין! — הָאט עֶר עֶרְשְׁרָאקִין אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן — דָאס אִיז נִיט יוֹסִיפְס הַאנְד שְׁרִיפְט, דָא שְׁרֵייבְּט זִיךְ גָאר אוּנְטֶער יוֹסִיפְס וִוירְט, אוּנ וִויא נָאר עֶר הָאט אִיבֶּער גִילֶעזִין דִיא עֶרְשְׁטֶע עֶטְלִיכֶע צֵיילִין, הָאט עֶר מִיט אַבִּיטֶערֶע שְׁטִימֶע אַגִישְׁרֵייא גִטָאן ׃ וֵוייא אִיז מִיר! אִיךְ בִּין אוּמְגְלִיקְלִיךְ.

וָואס אִיז דִיר מַיין בְּרוּדֶער אַז דוּא בִּיזְט אַזוֹ עֶרְשְׁרָאקִין גִיוָוארִין? הָאט רָאזֶע מִיט שְׁרֶעק גִישְׁרִיעֶן, זֶועהֶענְדִיג וִויא אִיר בְּרוּדֶער אִיז צוּ שְׁרָאקִין אוּנ בְּלַאס גִיוָוארִין פְּלוּצְלוּנְג, "אָה וֵוייא! אַדוֹנֶער הָאט אוּנְז אַיין גִישְׁלָאגִין! הָאט גַבְרִיאֵל גִישְׁרִיעֶן מִיט אַשׁוֹיעֶרְלִיכֶע צִיטֶערְנֶעס — אָה! עֶס אִיז מִיר פִינְסְטֶער אִין דִיא אוֹיגִין! אִיךְ קָאן שׁוֹין מֶער נִיט לֶעזִין!.

זָאג מִיר אָבֶּער מַיין בְּרוּדֶער וָואס אִיז דָאס? הָאט דִיא שְׁוֶועסְטֶר גִישְׁרִיעֶן אִים פַאלִינְדִיג אוֹיפִין הַאלְדְז אוּנ הַאלְדְזִינְדִיג מִיט צִיטֶערִינְדֶע הֶענְט — זָאג מִיר שׁוֹין דִי אוּרְזַאכֶע פוּן דַיין שְׁרַייעֶן, לָאז מִיר נִיט שְׁטַארְבִּין אִין דֶעם אוֹיגִינְבְּלִיק, לֶעז פַאר מִיר אוּמְגִיכְטִין דֶעם בְּרִיף אִיבֶּער אוּנ לָאמִיר שׁוֹין וִויסִין אוּנְזֶער קְלָאג, לֶעז שׁוֹין גִיכֶער וָוארוּם אִיךְ קָאן נִיט לֶעזִין מִיר אִיז פִינְשְׁטֶער אִין דִיא אוֹיגִין, לַייעֶן שׁוֹין דֶען פִילַייכְט אִיז גָאר נִיטָא פַאר וָואס צוּא שְׁרֶעקִין נָאר דוּא בִּיזְט אִין אִירְטְהוּם.

אָה וֵוייא! עֶס אִיז שׁוֹין קֵיין טְרֵייסְט נִיטָא צוּ אוּנְזֶער בְּרָאךְ! — הָאט גַבְרִיאֵל אוֹיס גִישְׁרִיעֶן בְּרֶעכִינְדִיג דִיא הֶענְט, אוּנ אִיךְ וֶועל דִיר דֶעם בְּרִיף פָאר לֶעזִין אוּנ אִיךְ וֶועל בִּיטֶערְלִיךְ קְלָאגִין, לָאמִיר צוּ זַאמֶען קְלָאגִין אוֹיף אוּנְזֶער אוּמְגְלִיק דֶער אוּמְגְלִיק פוּן אוּנְזֶער בְּרוּדֶער יוֹסֵף, וָוארוּם עֶר אִיז שׁוֹין נִיטָא! הֶער זִיךְ אַיין מַיין שְׁוֶועסְטֶער וָואס מֶעשְׁרַייבְּט אִין דָער טְרוֹיעֶרִיגֶער מְגִילָה.

ה. יִצְחָק לֶעאָנְטַאל! — וָואס זָאל אִיךְ פַאר אַיךְ לֵייקֶענֶען אַייעֶר קְלָאג וֶוען דָאס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ פוּן אַיךְ דָאס עֶוִויג צוּ בֶּעהַאלְטִין, אַייעֶר זוּן יוֹסֵף אִיז שׁוֹין מֶעהְר נִיטָא! עֶר אִיז אִין אַיין טָאג גֵייעֶנְדִיג אִין שׁוּל צוּא רִיק נִיט גִיקוּמֶען, עֶר אִיז אֵיינִיגֶע טֶעג נִיט בֶּעוואוּסְט גִיוֶוען, אוּנ אִין אֵיינִיגֶע טֶעג אַרוּם הָאבּ אִיךְ דָאס דָער הֶערְט דָאס מֶען הָאט אִים גִיפוּנֶען אַ דָער טְרוּנְקֶענֶעם אִין טַייךְ ווַייסִיל . . .

אוֹי וֵוייא! אַדוֹנֶער הָאט אוּנְז עֶרְשְׁלָאגִין! הָאט רָאזֶע מִיט אַוִוילְדֶע שְׁטִימֶע גִישְׁרִיעֶן אוּנ הָאט דִיא הֶענְט גִיבְּרָאכִין אוּנ אִיז אִיבֶּערִין שְׁטוּב אַרוּם

 גילאפין

גילאָפִין וִויא וַואנזִינִיג — פַאר דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גִישְׁרָאקִין אִיז טָאקִי אוּנְז אָן גִיקוּמֶען, אָה מַיין גָאט! דוּ הָאסְט אוּנְז צוּ ווּאוּנְדֶעט צוּ בִּילְט אוּנ אוֹיף צוּא לְהַכְעִיס לֶעבִּין גִילָאזִין דָאס מִיר זָאלִין הֶערִין דִיא הֶעלִישֶׁע בְּשׂוּרָה אַז אוּנְזֶער יוֹסִיפִיל אִיז נִיטָא! מַיין בְּרוּדֶער יוֹסֵף! יוֹסֵף יוֹסֵף! וואוּ בִּיזְטוּ אִיצְט!...

אוֹי וַויא אַרוֹיבּ אוּנ אַבְּרָאךְ! הָאט גַבְרִיאֵל גִישְׁרִיעֶן אוּנ זִיךְ דִיא הָאר פוּן קָאפּ גִירִיסִין — בֶּעסֶער וָואלְט אִיךְ שְׁטַארְבִּין אָנְשְׁטָאט דִיר מַיין טְהַייעֶרֶער בְּרוּדֶער! מַיין בְּרוּדֶער יוֹסֵף!

וַויא אִיז מִיר! הָאט רָאזֶע גִישְׁרִיעֶן מִיט אַהַארְץ רַייסִינְדֶע שְׁטִימֶע — עֶס אִיז אַרָאבּ אַפַייעֶר פוּן הִימִיל אוּנ הָאט פַאר בְּרֶענְט אוּנְזֶער טְרַייסְט אוּנ אוּנְזֶער הָאפְנוּנְג אוּנ מִיר הָאבִּין זִיךְ יֶעצְט אָפּ גִישְׁטֶעלְט וִויא פַאר רוֹיכֶערְטֶע הַאלֶעוֶועסְקֶעס!

אָ! נִיט מִיט פַייעֶר אִיז אוּנְזֶער בְּרוּדֶער פַאר לֶענְדֶעט גִיוָוארִין, נָאר דוּרְךְ וַואסֶער — הָאט גַבְרִיאֵל גִישְׁרִיעֶן מִיט יָאמֶער — עֶר אִיז אִין טַייךְ דֶער טְרוּנְקֶען גִיוָוארִין!... „אוּנְזֶער בְּרוּדֶער יוֹסֵף אִיז דֶער טְרוּנְקֶען גִיוָוארִין?!” — הָאבִּין אַלֶע קִינְדֶער אוֹיךְ דִיא קְלֵיינִינְקֶע מִיט שְׁטוּרִים גִישְׁרִיעֶן — „אָה! עֶר אִיז אִין טַייךְ דֶער טְרוּנְקֶען גִיוָוארִין אוּנ מִיר וֶועלִין זִיךְ דֶער טְרִינְקֶען אִין אוּנְזֶערֶע טְרֶערִין!

הָאט רָאזֶע גִישְׁרִיעֶן — אוּנְזֶערֶע צַארְטֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין שׁוֹין פוּן אַכְטָאג גִיוואוּסְט פוּן דֶעם אוּמְגְלִיק, זַייא הָאבִּין דִיא שְׁוֶוערֶע קְלָאג אִין הַארְצִין גִיפְּרֶעסְט אוּנ פוּן אוּנְז הָאט מֶען דָאס בַּהַאלְטִין, יֶעצְט וֶועלִין מִיר שׁוֹין אַלֶע צוּ זַאמֶען קְלָאגִין, אִין אוּנְזֶער הוֹיז וֶועט שׁוֹין נִיט אוֹיף הֶערִין דֶער בַּקְלָאגִין, אִיצְטֶער וֶועלִין אוּנְזֶערֶע פַיינְדֶע עֶרְפְרַייט וֶוערִין, זַייא וֶועלִין זִיךְ פְרַייעֶן מִיט אוּנְזֶר בְּרָאךְ, אוּנְזֶר שְׁטִיצֶער אִיז שׁוֹין נִיטָא, וִויא וֶועלִין מִיר דָאס לֶעבִּין נָאךְ יוֹסֵף׳ס טוֹיט?

אַזוֹי הָאבִּין אַלֶע קִינְדֶער גִיָאמֶערְט אוּנ גִיקְלָאגְט, דִי דְרַייא קְלֵיינֶע קִינְדֶער זַיינֶען פוּן טְרוֹיעֶר אִין דִיא ווִינְקֶעלִיךְ צוּא פַאלִין אוּנ זַיינֶען אַיין גִישְׁלָאפִין פוּן קְלֶעמֶענִישׁ, אוּנ רָאזֶע מִיט גַבְרִיאֶלִין זַיינֶען גִיפַאלִין אָן קְרָאפְּט אוֹיף דִיא מוּטֶערִס בֶּעטִיל, אוּנ זַיינֶען אִין אוּנְמַאכְט גִיבְּלִיבִּין.

יִצְחָק מִיט זָאפְיָען זַיינֶען צוּ הוֹיזֶע גִיקוּמֶן אַלֶעס עֶס אִיז שׁוֹין גוּט פִינְשְׁטֶער גִיוֶועזִין, זַייא הָאבִּין גִירֶעכִינְט אַז אַלֶע קִינְדֶער שְׁלָאפִין שׁוֹין, זָאפְיֶע הָאט פַייעֶר אָן גִיצוּנְדִין אוּנ דַאן הָאט יִצְחָק דֶער זֶעהֶן דֶעם בְּרִיף לִיגִינְדִיג אוֹיפִין טִישׁ, זַייא הָאבִּין דֶעם בְּרִיף אִיבֶּער גִילֶעזִין אוּנ זַייעֶר קְלָאג הָאט זִיךְ אָפּ גִיפְרִישְׁט.

אוּנְזֶער אוּמְגְלִיק אִיז בְּשְׁטֶעטִיגְט אוֹי וַויא אִיז אוּנְז! יוֹסֵף אִיז שׁוֹין נִיטָא! וואוּ וֶועלִין מִיר זִיךְ יֶעצְט אַהִין טָאן! צוּא וָואס שְׁטְרָאפְסְט דוּא אוּנְז גָאט אוּנ לָאזְט אוּנְז לֶעבִּין?! וַוארְף אוֹיף אוּנְז אַרוֹיף אַבַּארְג אוּנ מִיר זָאלִין אוּנְטֶער אִים בַּגְרָאבִּין וֶוערִין מִיט דִיא יְסוּרִים צוּ זַאמֶען! וָוארוּם הָאשְׁטוּ אוּנְזֶער זֶעלִין צוּ גִישְׁמִיט צוּ אוּנְזֶערֶע קֶערְפֶּערְס מִיט אַייזֶערְנֶע קֵייטִין? וָואס נוּצְט אוּנְז שׁוֹין דֶער לֶעבִּין וֶוען אוּנְזֶער לֶעצְטֶער טְרַייסְט אִיז שׁוֹין נִיטָא?!... אִין דֶעם הָאט זִיךְ יִצְחָק אַשׁוּידֶער גִיטָאן, דֶער מָאנֶענְדִיג זִיךְ אַז דֶעם בְּרִיף הָאבִּין גִיווּיס דִיא

קינדר

קִינְדֶער שוין גִילֶעזִין „דֶער שְׁלָאף פוּן דִיא קִינְדֶער אִיז מִיר נִים גִיפֶעלִין — הָאט עֶר צוּ זָאפְיָען גִיזָאגְט, זָאפְיָע הָאט גְלַייך אַשְׁפְּרוּנְג גִיטָאן צוּא אִיר בֶּעטִיל אוּנ הָאט אָן גְהוֹיבִּין צוּ רוּפִין: רָאזֶע! גַבְרִיאֵל! אָבֶּער עֶס אִיז קַיין אַנְטְוָוארְט גִיוֶועזֶען, זִיא הָאט זַייא גִינוּמֶען מִיט קְרַאפְט אוֹיף צוּ הֶען, אָבֶּער זַייא הָאבִּין קַיין שְׁפּוּר פוּן לֶעבִּין בַּוִויזִין, דַאן הָאט זָאפְיָע דִיא הֶענְט פַאר בְּרָאכִין אוּנ הָאט גִישְׁרִיגֶען מִיט שְׁרֶעקְלִיכֶע קוֹלוֹת: זָעה יִצְחָק זָעה! דִיא קִינְדֶער זַיינֶען אִין אוּנְמַאכְט! אוֹי וַויא אִיז מִיר! אַקְלָאג אוּנ אַבְּרָאך אִיז אוֹיף מִיר צוּ זַאמֶען גִיקוּמֶען! זַיי זַיינֶען אַיין גִישְׁלָאפִין מִיט אַיין עֶווִיגִין שְׁלָאף! אָה! מַיינֶע קִינְדֶער גֵייעֶן אַוֶועק פוּן מִיר! זַייא זֶעגֶענֶען זִיך שוין מִיט אוּנְז! זַיי הָאבִּין שוין קַיין צַייכִין פוּן לֶעבִּין!!

יִצְחָק הָאט צוּא אִיר גִיזָאגְט: רֵייד נִיט קַיין נַארִישְׁקַייט, עֶר הָאט זִיך גִישְׁטַארְקְט נִיט צוּ מִיסְט צוּ וֶוערִין, אוּנ הָאט זַייא גוּט בַּטְרַאכְט אוּנ גִיזָאגְט: זַייא הָאבִּין נָאר גִיחַאלֶעשְׁט, פִילַייכְט אִיז פַארַאן אַבִּיסִיל עֶסִיק אָדֶער וַויין?

נִיט קַיין עֶסִיק אוּנ נִיט קַיין וַויין, נָאר שְׁמֶערְצִין אוּנ פַּיין, אִיז בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ פַארַאן! — הָאט זָאפְיָע גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט אַבִּיטֶערִין גִיוַויין — אַזוֹ הָאסְטוּ מִיר גִיטָאן דוּ שְׁרֶעקְלִיכֶער גָאט! דוּ הָאסְט פַאר ווִיסְטֶעט מַיין גִיזִינְטִיל! נֶעם שוין מַיין נְשָׁמָה אוֹיך צוּ, נֶעם צוּ דִיא זֶעלֶע פוּן אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער!

יִצְחָק הָאט אַלְץ זַיין פַאר שְׁטַאנְד נִיט פֶערְלָארִין, אוּנ אַז עֶר הָאט גִיזֶעהֶן אַז אִין שְׁטוּבּ אִיז קַיין זַאך נִיטָא מִיט וָואס דִיא קִינְדֶער צוּ עֶרְמִינְטֶערִין, אִיז עֶר מִיט שְׁוַואכֶע טְרִיט קוֹים גִינַאנְגֶען אַרַיין צוּ טְרָאגִין פוּן בְּרוּנֶען אַיין עֶמֶער קַאלְטֶע וַואסֶער, גֵייעֶנְדִיג הָאט עֶר מִיט זִיך גִירֶעט: נָאט! דוּא בִּיזְט גִירֶעכְט, אוּנ דַיין רַיכְט אִיז גִיווִיס גִירֶעכְט, נָאר הָאבּ רַחֲמָנוּת, עֶרְבַּארְים זִיך אוֹיף אוּנְז אָרִימֶע גִיזִינְטִיל!

עֶר הָאט אַרַיין גִיטְרָאגִין דִיא וַואסֶער אוּנ הָאט גִישְׁפְּרִיצְט אוֹיף דִיא קִינְדֶער בִּיז זַייא הָאבִּין זִיך בִּיסְלִיכְוַויִים עֶרְמִינְטֶערְט, אוּנ וִויא זַייא זַיינֶען צוּ זִיך גִיקוּמֶען הָאבִּין זַייא זִיך דֶער מָאנְט אָן זַייעֶר קְלָאג אוּנ הָאבִּין גִישְׁרִיגֶען מִיט אַרִירוּנְדֶע שְׁטִימֶע: וואוּ אִיז יוֹסֵף אוּנְזֶער לֵייבּ אוּנ זֵייל?!. אוֹי וַויא! יוֹסֵף אוּנְזֶער לִיבֶּער בְּרוּדֶער אוּנְזֶר זֶעלֶע, אוּנְזֶר טְרַייסְט, אָה אַקְלָאג אוּנ אַבְּרָאך!.

לִיבֶּע לֶעזֶער! לָאמִיר שוין פוּן דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פַאמִילְיֶע אַוַוייל אָפּ טְרֶעטִין, עֶס רִירְט אוּנְז דִיא הַארְץ זַייעֶר אוּנְגְלִיקְלִיכֶע לַאגֶע אוּנ מִיר קָאנֶען שוין פוּן זַייא מֶעהְר נִיט שְׁרַייבִּין, לָאמִיר זַייא לָאזִין אִין זַייעֶר קְלָאג וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיך וָואס פוּן טָאג גִישְׁטַארְקְט, דִיא אַרְמוּטְה הָאט זִיך אוֹיף זַייא מִיט אִירֶע אַלֶע שְׁוֶוערִיגְקַייט אַרוֹיף גִילֵיינְט, מִיר וֶועלִין זִיך אוּמְגִיזַאמְט צוּ זַיי אוּם קֶערִין..

## 48) וואוּ נֶעמְט מֶען טוֹיזִינְד רוּבִּיל.

אִין קַאפִּיטִיל 44 פוּן אוּנְזֶער גִישִׁיכְטֶע הָאבִּין מִיר גִישְׁרִיבִּין; דָאס דֶער רָב הָאט אָפּ גִימַאכְט מֶעזָאל זָאהְנְשַׁיינֶען גֶעבִּין טוֹיזִינְד רוּבִּיל פַּרְנָסָה אוֹיף זַיין חֵלֶק (?) אוּנ אֲשֶׁר יַעֲקִיל הָאט דָאס נִיט גִיוָואלְט גֶעבִּין בְּכֵן הָאט דֶער רָב גִיהֵייסִין

דאס

דָאס לְמַעַן הַשָּׁלוֹם זָאל מֶען נֶעמֶען שְׁטָאטִישֶׁע טוֹיזֶנְד רוּבִּיל אוּנ אִין גִיהֵיים דָאס אַוֶועק גֶעבִּין אָשֵׁר יֶעקְלֶען אוּנ עֶר זָאל דָאס גֶעבִּין זָאהְנְשַׁיינֶען, מֶעהָאט טַאקֶע אַזוֹ גִיטָאן אוּנ זָאהְנְשַׁיין הָאט נִיט גִיוואוּסְט אַז דָאס אִיז שְׁטָאטִישֶׁע גֶעלְט, עֶר הָאט גִירֶעכִינְט אַז דָאס גִיט אִים אָשֵׁר יֶעקִיל, נָאר בְּלַייבְּט דָאךְ אַשַׁאֲלָה וואוּ הָאט דִיא שְׁטָאט גִינוּמֶען טוֹיזִינְד רוּבִּיל, אִיךְ זָאל זָאגִין אַז דִיא דַאפּוּטַאטִין הָאבִּין גִינֶעבִּין אֵיינֶענֶע... אִיךְ מַיין דָאס הַייסְט פוּן קָהָלְשֶׁע אֵיינְטְרָאגֶע וָואס דָאס אִיז בַּייא זֵיי פַאר רֶעכִינְט וִויא אֵיינֶענֶע, נַיין, דָאס וֶועט קֵיינֶער נִיט טָאן אַרוֹיס צוּא נֶעמֶען פוּן קֶעשֶׁענֶע טוֹיזִינְד רוּבִּיל אוּנ אַוֶועק גֶעבִּין, אוֹיף וָואס? נִיט אַטָאכְטֶער גַבַּן, אָדֶער הַאנְט גֶעלְט אוֹיף אַמַאיָאנְטִיק, נָאר אוּם דֶעם עֶס זָאל אִין שְׁטָאט קַיין מַחֲלוֹקֶת נִיט זַיין, דָאס הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט גִיהֶערְט, טָא וואוּ זֶעדֶען הָאט מֶען גִינוּמֶען דִיא טוֹיזִינְד רוּבִּיל? מוּזִין מִיר לֶעזִין דָאס פָאלְגוּנְדֶע וֶועלִין מִיר שׁוֹין וִויסִין.

בַּייא אוּנְז אִין בֶּענֶעבְּסִיף אִיז אַלְץ פַאראַן וִויא אִין דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטֶעט נָאר אִין אַקְלֵיינֶעם פָארְמַאט, מֵיילֶע אַרוּם בָּתֵּי מִדְרָשִׁים קְלוֹיזִין אַשׁוּל, אִין יֶעדֶערִין גַבָּאִים נֶאֱמָנִים צְלֶענֶעס שַׁמָשִׁים אִיז דָאךְ גָאר קַיין רֵייד, רַבָּנִים *), דַיָינִים, חַזָנִים **), שׁוֹחֲטִים, שַׁמָשִׁים, תְּהִלִים זֶענֶער, שׁוּל קְלֶעפֶּער, לִיכְט צִינְדֶער, נֶעגִיל שְׁנַיידֶערְקֶע, טוּקֶערְקֶע, דָאס מוּז דָאךְ גִיוִויס זַיין, אַיין גֶעל—בֶּערְדִינֶער אִיסְבָּארְשְׁצִיק, צְוֶועלְף דַאפּוּטַאטִין; נַיין וָואס וַוייסִין וִויא אַקְוֶוה פוּן פְרַייטָאג אוּנ דְרַייא דָמִים צַאפֶּער, דָאס מוּז דָאךְ זַיין אִין דֶער קְלֶענְסְטֶער שְׁטֶעטִיל, צוּ לִיבּ זֵייא לֵייזִין דִיא שַׁיינְקֶער וִוינְטֶער פַאר גֶענְדְזְלִיךְ מִיט רִיצִיסְנִיקֶעס, אוּנ זוּמֶער פַאר בְּלִינְצֶעס, אוּנ פַאר פֵּסַחְדִיגֶע שְׁפִּירֶעט שַׁייא זוּמֶער שַׁייא וִוינְטֶער, וִויא נֵייטִיג דִי לֶעצְטֶע זַיינֶען אִין אַשְׁטָאט וַוייסִין מִיר שׁוֹין פוּן דִי פָארִיגֶע קַאפִּיטְלֶען, צוּ זֵייא גִיט זִיךְ צוּ אַקָהָלְשֶׁער שְׁרַייבֶּער, מְשָׁרְתִים אוּנ—פַאר צַייטִיגֶע יָאהְרִין—חַאפַּארֶעס, וַוייטֶער אִיז בַּייא אוּנְז פַאראַן אַלֶער הַאנְד חֶבְרוֹת אוּנ אִין יֶעדֶער חֶבְרָה גַבָּאִים אוּנ אַמֵאָה שַׁמָשִׁים, מִיט אַיין וָוארְט מֶען קָאן זָאגִין אַז דָאס רוֹב שְׁטָאט לַייט זַיינֶען צִינָאוְונִיקֶעס, אוּנ עַל פִּי רוֹב צִיהֶען זֵיי דֶער פוּן דִי שְׁטִיקֶל חִיוּנָה.

דִיא גְרֶעסְטֶע חֶבְרָה אִיז בַּייא אוּנְז „חֶבְרָה קַדִישָׁא“ דִיא חֶבְרָה בַּשְׁטֵייט צוּ בַּגְרָאבִּין טוֹיטֶע אוּנ אַמָאל צוּא טַייטִין לֶעבֶּעדִיגֶע, אִין חֶבְרָה הַאלְט זִיךְ אַיין פִיל מַעֲלוֹת אָבֶּער זִיא אִיז אוֹיךְ נִיט רַיין פוּן הֶסְרוֹנוֹת, דֶער רֶעכְט מִיט דֶעם בַּר—מִינַן וֶוערְט פִּינְקְטְלִיךְ אָפּ גִיטָאן מִיט גִישִׁיקְטַקֵייט אוּנ עָהְרֶע, אַלֶע שַׁמָשִׁים פוּן דֶער חֶבְרָה זַייא מָאגִין אֲפִילוּ בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת זַיין וַוארְפִין אַוֶועק דִיא מְלָאכָה אוּנ גֵייעֶן זִיךְ מִתְעַסֵק זַיין אַרוּם מֵת, מֶען טוּט אֲפִילוּ דֶער בַּייא אַטְרוּנְק בְּרַאנְפִין אָבֶּער דָאס אִיז אוֹיךְ קַיין עַוְלָה, אַלֶע אַלְטֶע פַאר צַייטִיגֶע תַּקָנוֹת וֶוערְט פִּינְקְטְלִיךְ אוּנ הַיילִיג עֶרְפִילְט, אוֹיף וִויא וַוייט דָאס וֶוערְט אָפּ גִיהִיט וֶועל אִיךְ וַוייזִין פוּן אַיין מַעֲשֶׂה וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין.

אַמוֹלֶער וָואס מַאכְט אוֹיבִינְס אִיז גִיוֶוען אַשַׁמֶשׁ אִין חֶבְרָה קַדִישָׁא, עֶר הָאט זִיךְ גִיוָואלְט אַיין שְׁרַייבִּין פַאר אַחֶבְרָה מַאן, אוֹיף אַזַא זַאךְ מוּז מֶען שׁוֹין

*) אדוכאוונער רב. **) לחול, לשבת ויו"ט.

אן

אָן קוּמֶען צוּ אוֹיבֶּערְקֵיט אוּנ דָאס אִיז דוּרְךְ גִיגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם אוֹפֶן: עֶר זָאל מַאכִין צְוַויי הָבְרִישֶׁע אוֹיבִינְס אוּנ מִיט דֶעם וָועט עֶר שׁוֹין בַּקוּמֶען אַוִויקְלוּטְשְׁקֶע פוּן שַׁמָשׁוּת אוּנ מֶעוֶועט אִים אַרַיין שְׁרַייבִּין צְווִישִׁין חָבְרָה לַייט, בִּיז דֶעם ט״ז כִּסְלֵיו פוּן יֶענֶעם יָאהְר הָאט עֶר נָאר גִימַאכְט אֵיין אוֹיבִין — וַוייל מֶעהָאט דֶער גַוייל מֶער נִיט בַּדַארְפְט — עֶס אִיז גִיקוּמֶען ט״ז כִּסְלֵיו צוּם דַאוְונֶען אִיז דֶער סוּלְיָער נִיקוּמֶען אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ צוּם דַאבְנֶען וִויא אַלֶע מָאל, אוּנ הָאט אוֹיךְ גִיזָאגְט סְלִיחוֹת מִיט אַלֶע חָבְרָה לַייט אָדֶער שַׁמָשִׁים צוּ גְלַייךְ, אִין מִיטִין דִיא סְלִיחוֹת אִיז צוּ אִים אוּנְטֶער גִיגַאנְגֶען אַשַׁמָשׁ אִין נָאמֶען פוּן גַבַּאי אוּנ הָאט צוּ אִים גִיזָאגְט: „דוּא סְמֵייעֶסְט נִיט צוּ זָאגִין קֵיין סְלִיחוֹת“ נָאכִין דַאבְנֶען הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן מִיט אַגְוַואלְד וָואס הָאט מֶען צוּא אִים „פַאר וָואס הָאט מֶען מִיר סַיין בְּלוּט פַאר גָאסִין שְׁטַייץ אִיךְ זָאל נִיט זָאגִין קֵיין סְלִיחוֹת? וָואס בִּין אִיךְ עֶרְגֶער פַאר אַלִימֶען, מִמָה נַפְשָׁךְ, בִּין אִיךְ שׁוֹין אַחָבְרָה מַאן מָאג אִיךְ דָאךְ גִיווִיס זָאגִין סְלִיחוֹת, אוּנ אוֹיבּ אִיךְ רֶעכִין זִיךְ נָאךְ פַאר אַשַׁמָשׁ, זָאגְט דָאךְ אַשַׁמֶשׁ אוֹיךְ סְלִיחוֹת“ מֶעהָאט אִים גִיעֶנְטְפֶערְט אַרִיכְטִיגֶע תְּשׁוּבָה: דוּא בִּיזְט גִיוֶועְן אַשַׁמֶשׁ, אוּנ מִיט דֶעם וָואס דוּא וֶועסְט מַאכִין צְווַייא אוֹיבִינְס וֶועסְטוּ וֶוערִין אַ חָבְרָה מַאן, הַיינְט אַז דוּא הָאסְט עֶרְשְׁט גִימַאכְט אֵיין אוֹיבִין בִּיזְטוּ פוּן שַׁמָשׁוּת אַרוֹיש אוּנ קֵיין חָבְרָה מַאן נָאךְ נִיט — דָאס הַייסְט נִיט קֵיין זְרֶעבֶּעץ אוּנ נָאךְ נִיט קֵיין פֶערְד —, הַיינְט מִיט וָואס פַאר אַיין אוֹפֶן קָאנְסְטוּ זָאגִין סְלִיחוֹת אוּנ פַאסְטִין הַיינְט“? דֶער סוּלְיָער הָאט דִיא תְּשׁוּבָה נִיט פַאר שְׁטַאנֶען וַוייל זַיין קָאפּ אִיז לֹא עָלֵינוּ אַטַאמֶעוַואטֶע, עֶר הָאט פַאר שְׁטַאנֶען — וִויא אַמֵבִין דָבָר מִתּוֹךְ דָבָר — אַז כְּשֵׁם וִויא עֶר הָאט קֵיין פְּרַאוו אוֹיף סְלִיחוֹת אוּנ תַּעֲנִית, הָאט עֶר אוֹיךְ קֵיין פְּרַאוו אוֹיף דִיא בַּייא נַאכְטִינֶע־סְעוּדָה, אוּנ דָאס הָאט אִים מֶעהְר פַאר אַלְץ גִיקְרֵיינְקְט, דֶער סוֹף דֶער פוּן אִיז אַזוֹ גִיוֶועְן, עֶר הָאט זַייא גִיהֶערְט וִויא אִין טְרָאק עֶר הָאט גִיפַאסְט אַגַאנְצִין טָאג, אָבֶּער וִויא עֶר אִיז אוֹיף דֶער סְעוּדָה אַרַיין הָאט זִיךְ אָן גִיהוֹיבִּין אַקְרִיג אוּנ עֶס אִיז אַרוֹיס אַדְרַאקֶע.

אִין קְבוּרָה גֶעלְט נֶעמֶען זַיינֶען אוּנְזֶער חָבְרָה לַייט סְפִּיצִיאַלִיסְטִין, בַּייא זַייא מַאכְט נִיט אוֹיס וֶוען אֲפִילוּ זַייא הָאבִּין שׁוֹין אֵיין מָאל אָפּ גִימַאכְט מִיט קְבוּרָה גֶעלְט אוּנ הָאבִּין שׁוֹין דֶעם מֵת אָפּ גִיהוֹיבִּין הָאבִּין זַייא דֶער נָאךְ חֲרָטָה אוּנ לַייגִין דֶעם מֵת צוּרִיק אוֹיפִין פוּר — אוֹיבּ דֶער מֵת אִיז אַיִשׁוּב מַאן —, בַּיי אַ יִשׁוּבְנִיק אַיין אָרִימֶען הָאבִּין זִיךְ אַמָאל דֶער טְרוּנְקֶען צְווַייא קִינְדֶער, אוּנ נָאךְ אַלֶעם דֶעם אַז עֶס הָאט אִים גִיקָאסְט עֶטְלִיכֶע צֶוָונְדְלִיג רוּבִּיל הוֹצָאוֹת פַאר וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ גִידַארְפְט פַאר מַשְׁכּוֹנֶען, הָאבִּין זַייא אִים אוֹיס גִיצַאפְּט דִיא בְּלוּט פוּן אוּנְטֶער דִיא נֶעגִיל, אוּנ עֶר הָאט זַייא גִימוּזְט גֶעבִּין פוּפְצֶעהָן רוּבִּיל קְבוּרָה גֶעלְט, אוּנ אִין דֶעם יָאהְר וָואס זַייא הָאבִּין גִידַארְפְט שַׁאפִין פַאר זָאהְנְשַׁיינֶען דִיא טוֹיזִינְד רוּבִּיל הָאבִּין זַייא גִירִיסִין פוּן טוֹיטֶע אוּנ פוּן לֶעבֶּעדִיגֶע, עֶס אִיז אִין יֶענֶעם יָאהְר גָאר נִיט גִיוֶוען מֶעגְלִיךְ צוּ שְׁטַארְבִּין.

אוּנְטֶער דִיא חֶבְרָה קַדִישָׁא שְׁטַייט דִיא חֶבְרָה „גְמִילוּת חֲסָדִים“ ווי מִיט

דיא

דיא סְעוּדָה פוּן דֶער קְלָפֵּי קָאן זִיךְ דִיא חֶבְרָה פַּאר גְלַייכֶין צוּ חֶבְרָה קַדִישָׁא, כְּשֵׁם וִויא דִיא סְעוּדָה פוּן חֶבְרָה קַדִישָׁא קָאסְט אָפּ אַסַךְ גֶעלְט, אַזוֹ קָאסְט דִיא סְעוּדָה פוּן גְמִילוּת חֶסֶד אוֹיךְ אַשְׁטִיק גֶעלְט, נִיט קוּקֶענְדִיג אוֹיף דֶעם וָואס קֵיין אָרִימַאן קְרִיגְט קֵיין מָאל קֵיין גְמִילוּת חֶסֶד אוֹיף אַמַשְׁכּוֹן, דֶער נֶאֱמָן עֶנְטְפֶערְט אַלֶע מָאל: „עֶס אִיז קֵיין גֶעלְט נִיטָא“. דִי חֶבְרָה הָאט אוֹיף נִיזַאמִילְט אַרוּבִּיל טוֹיזֶענְד, אוּנ וָוען דָאס וָואלְט לִיגִין אִין רֶעכְטֶע הֶענְט וָואלְטִין דוּרְךְ דֶער חֶבְרָה גִירַאטִירְט גִיוָוארִין פִיל אָרִימֶע גִיזִינְטִין, דֶען מִיט דִיא עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל וֶועלְכֶע עֶר וָואלְט בֶּעקוּמֶען אִין גְמִילוּת חֶסֶד, וָואלְט עֶר שׁוֹין הָאבִּין אוֹיס שְׁלַאק אִין זַיין וַוארְסְטַאט, אָדֶער אִין זַיין גִישֶׁעפְטִיל אוּנ וָואלְט דֶער מִיט מְפַרְנֵס גִיוֶוען וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער.

אוּנְזֶערֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים הָאבִּין נִיט גִיהַאט מִיט וָואס צוּא קָאנְטְשֶׁען זַייעֶרֶע מַאיָאנְטְקֶעס, דָאס הֵייסְט צוּ קָאנְטְשֶׁען דִיא שׁוּל אִין וֶועלְכֶע יֶעדֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט אַשְׁטָאט, בְּכֵן אִיז גִיבְּלִיבִּין מֶעזָאל דְרוֹיף נֶעמֶען פוּן גְמִילוּת חֶסֶד דְרַייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, בְּכֵן אִיז שׁוֹין דָר גְמִילוּת חֶסֶד גִיבְּלִיבִּין מִיט אַקַאפִּיטַאל פוּן זִיבִּין הוּנְדֶערְט רוּבִּיל וֶועלְכֶער בֶּעשְׁטֵייט אִין צוּ טָאלְטֶע בְּגָדִים אִין חֲלָקִים מִשְׁנַיוֹתִין אוּנ צוּ פוּילְטֶע חַאלַאוֶועס אוּנ דָאס גְלַייכִין וֶועלְכֶע עֶס פוּילְט שׁוֹין אִין גְמִילוּת חֶסֶד אַוַודַאי פוּן אַצֶענְדְלִיג יָאהְרִין.

אַחֶבְרָה „בִּיקוּר חוֹלִים“ אִיז בַּייא אוּנְז אוֹיךְ פַּארַאן, דָאס אִיז צוּ שְׁטִיצִין אַגִימֵיינֶעם חוֹלֶה מִיט אַדָאקְטֶער אוּנ רֶעצֶעפְּט, דֶער אַיינְטְרָאג אִיז אִיהְרֶער דִי זַאלְץ קַארָאבְּקֶע אוּנ דָאס טְרָאגְט אַיין דְרַייא רוּבִּיל אַוָואךְ, אוֹיף אֲכִילָה וּשְׁתִיָה גִיט שׁוֹין דִיא חֶבְרָה נִיט אוֹיס אַיין גְרָאשִׁין נָאר דָאךְ אִיז קֵיין מָאל קֵיין גֶעלְט נִיטָא מִיט וָואס דֶעם אָרִימֶען חוֹלֶה צוּא שְׁטִיצִין, דֶער נֶאֱמָן זָאגְט אַז דֶער אַיינְטְרָאג קְלֶעקְט נִיט אַלֶעמֶען צוּא גֶעבִּין, אוּנ אַנְדֶערֶע זָאגִין אַז דֶער נֶאֱמָן צוּ טֵיילְט דִיא בִּקוּר חוֹלִים גֶעלְט עֶטְלִיכֶע אָרִימֶע קְלוֹיזְנִיקֶעס מִיט וֶועלְכֶע עֶר אִיז שְׁטַארְק מְקוֹרָב אוּנ דָער פַאר לֶערְנֶען זַייא מִיט אִים מִשְׁנַיוֹת, אָבֶּער יִהְיֶ' אֵיךְ שֶׁיִהְיֶ' אַבִּי דֶער אָרִימַאן בֶּעקוּמְט פוּן דִיא חֶבְרָה אוֹיךְ קֵיין הִילְפֶע נִיט.

אוֹיךְ אִיז בַּייא אוּנְז פַּארַאן אַחֶבְרָה „הַכְנָסַת אוֹרְחִים“ אוּנ אַזוֹ וִויא אַלֶע הִינֶע חֶבְרוֹת זַיינֶען וִוירְדִיג צוּ רוּפִין זִיךְ מִיט זַייעֶר נָאמֶען, זָא אִיז דֶער נָאמֶען „הַכְנָסַת אוֹרְחִים“ נִיט אָן גִיקְלֵיידֶעט אוֹיף דֶער חֶבְרָה, דִיא חֶבְרָה הָאט אוֹישׁ נִיבּוֹיט אַגְרוֹיסֶע שְׁטוּבּ, אָבֶּער מֶעהָאט אוּמֶעטוּם אָן גִילָאזִין שְׁכֵנִים, אוּנ מֶעקָאן זַייא נִיט אַרוֹיס וַוארְפִין וַוייל יֶעדֶערֶער הָאט אַ צַד אִין חֶבְרָה, אוּנ בְּכֵן אִיז פַאר אַיין רֶעכְטִין אוֹרֵחַ שׁוֹין דָארְטִין קֵיין אָרְט נִיט, נָאר פַאר דִיא שְׁנָארֶער וֶועלְכֶע שְׁלֶעפִּין זִיךְ אַרוּם בַּאנְדֶעס וַויִים דִיא וֶועלְט צוּא בֶּערַאבָּעוֶוען אוּנ צוּא בֶּעשְׁטוֹילִין, זַייא גִיפִינֶען דָארְטִין אַיין אִיזְבִּיעזִישְׁצֶע (סְפִּלְט), זַייא קְלַייבִּין זִיךְ דָארְטִין אוֹיף בַּחוּרִים מִיט מוֹידִין שְׁפִּילִין אוֹיף הַארְמָאנִיקֶעס אוּנ גֵייעֶן טַאנְצִין, אִין דֶעריין בֶּשְׁטֵייט בֶּענֶעבֶּעסִיפֶער הַכְנָסַת אוֹרְחִים.

וִויא מִיר הָאבִּין שׁוֹין פְרִייעֶר גִירֶעט אַז מֶעהָאט בַּדַארְפְט בֶּעקוּמֶען טוֹיזֶענְד רוּבִּיל

רוּבִּיל פַּאר זָאהְנְשַׁיינֶען אוּנ עֶס אִיז גִיטָא פוּן וַואנֶען , בִּכֵן אִיז גִיוֶועןְ אֲסִיפוֹת אוּנ מֶעהָאט שׁוֹין גִידַיינְקְט וֶועגִין אַנַייֶע קַארָאבְּקֶע אוֹיף מֶעל אָדֶער צוּקֶער , נָאר דָאס אִיז אָבֶּער נוֹגֵעַ גִיוֶוען עֶטְלִיכֶע שְׁטָאט בַּעֲלֵי טוֹבוֹת וַוייל זַייא הָאבִּין דֶער מִיט גִיהַאנְדִילְט אוּנ דְרִיבֶּער לוֹינְט נִיט פַאר זַייא עֶס זָאל דְרוֹיף זַיין אַקַארָאבְּקֶע , הָאבִּין זַייא דֶערַיין גִישְׁטֶערְט אוּנ עֶס אִיז דֶער פוּן נִיט גִיוָוארִין , נָאר וואוּ זֶע דֶען נֶעמְט כֶּען דִיא נֶעלְט ? — אִיז גִיבְּלִיבִּין מֶעזָאל דָאס אַרוֹיף וַוארְפִין אוֹיף אַלֶע חֶבְרוֹת , אוֹיף חֶבְרָה קַדִישָׁא הָאט מֶען אַרוֹיף גִיוָוארְפִין דְרַייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , אוּנ צוּם גְלִיק הָאט דָאס דִיא חֶבְרָה גְלַייךְ פַּארְדִינְט , עֶס אִיז גִישְׁטָארְבִּין אַוַוייבּ פוּן אַמַאן וֶועלְכֶער הָאט זַיין גַאנְצִין לֶעבִּין גִיקַארְגְט נִיט גִיגֶעסִין אוּנ נִיט גִיטְרוּנְקֶען אוּנ אוֹיךְ נִיט גִיקְלֵיידֶעט זִיךְ , אוֹיף שַׁבָּת פְּלֶעגְט עֶר אָן גְרֵייטִין גְרָאבִּין בְּרוֹיט מִיט בָּאבּ יַאוֹיךְ , אוּנ קֵיין אַנְדֶער זַאךְ אִיז צַייט לֶעבִּין אִין זַיין מוֹיל נִיט אַרַיין גִיקוּמֶען , דָאס פַּאר שְׁטֵייט זִיךְ אַז וִויא דִיזֶער קַארְגֶער הָאט שׁוֹין דֶעם אַכְטְצִינְטִין יָאהְר גִינְרֵייכְט הָאט עֶר גִיהַאט אָן גִיקְלִיבֶּענֶע עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , דֶען וָואסֶער אִיד וָואלְט דָאס נִיט אָן קְלַייבִּין פוּן הַיילֶע שַׁבָּתִים נִיט מַאכִין אַגַאנְצִין לֶעבִּין , נוּא דַארְף זַיין וַוייבּ שְׁטַארְבִּין אוּנ גְרַאדֶע אִין אַזַא צַייט , אִין אַצַייט וֶועלְכֶע דִי חֶבְרָה לַייט הָאבִּין גִישְׁצִירֶעט דִיא צֵיינֶער וואוּ מֶען קְרִיגְט עֶפֶּעס אַהֶעכְט בַּייא וֶועמֶען צוּא בַּייסִין דֶעם גְרָאסִין , מִן הַסְתָּם הָאט מֶען בַּייא דֶעם קַארְגִין אוֹיס גִירִיסִין צְוַוייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל קְבוּרָה גֶעלְט פַּאר זַיין וַוייבּ , דֶער אַלְטֶער קַארְגֶער הָאט שׁוֹין אֲפִילוּ לַאנְג נִיט גִילֶעבְּט נָאךְ דֶעם , נָאר אוֹיף צוּ לְהַכְעִיס אִיז עֶר שׁוֹין אַוֶועק גִיפָארִין שְׁטַארְבִּין אִין אַיין אַנְדֶער שְׁטָאט , אָט אִיז שׁוֹין גִיוֶועןְ צְוַויי הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , אוּנ נָאךְ הוּנְדֶערְט רוּבִּיל הָאט זִיךְ זַייא שׁוֹין אוֹיף גִימַאכְט פוּן קְלֵיינֶע פְּלָאטְקָעס , אוּנ זַייא הָאבִּין גְלַייךְ מְסַלֵק גִיוֶוען זַייעֶר נֶעדַאִימָאק דְרַייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל .

פוּן חֶבְרָה גְמִילוּת חֶסֶד הָאט מֶען גִירִיסִין נָאר צְוַויי הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , אוּנ דְרוֹיף הָאט מֶען פַאר קוֹיפְט דִיא אָרִימֶע מַשְׁכָּנוֹת בִּיז מֶעהָאט אוֹיף גִימַאכְט דִי צְוַוייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , עֶס אִיז אֲפִילוּ אִין גְמִילוּת חֶסֶד שׁוֹין מֶעהְר נִיט גִיבְּלִיבִּין , אוּנ וואוּ דָאס אִיז אַהִין גִיקוּמֶען וַוייס קֵיינֶער נִיט וַוייל אוֹיף דֶעם נֶאֱמָן טָאר מֶען נִיט מְהַרְהֵר זַיין , אִים טָאר מֶען נִיט חוֹשֵׁד זַיין וַוייל עֶר אִיז אַגְרוֹיסֶער בַּעַל מִשְׁפָּחָה , אוּנ הָאט אַנָגִיד אַיין אֵיידִים וֶועלְכֶער לָאזְט אוֹיף אִים קֵיין פוּל נִיט פַאלִין .

פוּן בִּיקוּר חוֹלִים הָאט מֶען גִינוּמֶען צְוַויי הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , אוּנ וַוייל עֶס אִיז קֵיין מְזוּמָן נִיט גִיוֶוען הָאט מֶען גִילַייעֶן אוֹיף פְּרִיצֶענְט אוּנ אִין מַשְׁכּוֹן הָאט מֶען גִינֶעבִּין דִיא זַאלְץ קַארָאבְּקֶע , אוּנ בִּכֵן אִיז שׁוֹין אוֹיס חֶבְרָה בִּיקוּר חוֹלִים , פוּן הַכְנָסַת אוֹרְחִים הָאט מֶען אוֹיךְ גִינוּמֶען אוֹיף דִיא מִצְוָה רַבָּה צְוַויי הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , הָאט שׁוֹין סַךְ הַכֹּל מֶעהְר נִיט גִיפֶעלְט צוּ טוֹיזִינְד וִויא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל אָבֶּער עֶס אִיז קֵיין עֵצָה נִיט גִיוֶוען וואוּ מֶעזָאל בֶּעקוּמֶען דִיא לֶעצְטֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל , דָא הָאט זִיךְ שׁוֹין אַרַיין גִימִישְׁט ר' אָשֵׁר יַעֲקִיל אוּנ הָאט גִיגֶעבִּין אַגוּטִין פְּלַאן .

ר׳ אָשֶׁר יֶעקְלִין הָאט זִיךְ פוּן אוֹיבִּיג אָן גִיוָואלְט מַאכִין אוֹיף זַיין פְּלַאן אַבָּאד, וַוייל עֶר הָאט דָער פוּן פִיל פֶערְדִינְסְט אוֹיס גִירֶעכִינְט, נָאר דִיא קָהָלְשֶׁע בָּאד אִיז אִים גִיוֶוען וִויא אַבֵּיין אִין הַאלְדְז, דֶערוּם הָאט עֶר גִיוָואלְט דָאס דִיא קָהָלְשֶׁע בָּאד זָאל בִּיסְלִיכְוַויים חָרוּב וָוערִין, אוּנ וַוייל עֶר אִיז כִּמְעַט שְׁטֶענְדִיג גִיוֶוען אַנַבַּאי אִין חֶבְרָה קַדִישָׁא אִיז עֶר דָאךְ גִיוֶוען דֶער בַּעַל דֵעָה אוֹיף דֶער בָּאד. הָאט עֶר טַאקֶע אִיר קֵיין מָאל גִיט פַאר רִיכְט אוּנ זִיא אִיז שׁוֹין טַאקֶע קַאם וָואס זִיא הָאט זִיךְ גִיהַאלְטִין, אוּנ אַז עֶס הָאט דָא גִיפֶעלְט הוּנְדֶערְט רוּבִּיל הָאט עֶר גִיזָאגְט מֶעזָאל צוּ וַוארְפִין דִיא גְרוֹיסֶע קָהָלְשֶׁע בָּאד אוּנ פַאר דִיא צִיגִיל מִיט דִי הָאלְץ וֶועט מֶען גֶעמֶען הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, דֶער פְּלַאן אִיז אֲפִילוּ נִיט אַלֶעמֶען גִיפֶעלִין, נוּר אַז אָשֶׁר יֶעקִיל הָאט גִיזָאגְט אִיז גִיוֶוען אוֹמֵר וְעוֹשֶׂה, דֶען אוֹיף מָארְגִין הָאט מֶען דִיא גְרוֹיסֶע בָּאד צוּ וָוארְפִין אוּנ דִיא הָאלְץ פַאר קוֹיפְט, עֶס הָאט זִיךְ נוּר אָפְּגִישְׁטֶעלְט דִיא מִקְוָה מִיט דִיא קְלֵיינֶע בֶּעדִיל וֶועלְכֶע אִיז פַאר מַשְׁכֹּנְתְּ בַּייא אַהִיגִין שְׁטָאט בַּעַל טוֹבָה פַאר דִיא שָׁאק בְּלִינְצֶעס מִיטִין עֶמֶער שְׁפִּירְט וֶועלְכִין עֶר הָאט גִיגֶעבִּין, אוּנ אַזוֹ אִיז אוּנְזֶער שְׁטָאט גִיבְּלִיבִּין אָן אַבָּאד, וַוייל ר׳ אָשֶׁר יֶעקִיל וִויל נָאךְ נִיט מַאכִין קֵיין מֶרְחָץ וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא דָאס זָאל גִיט שַׁאטִין בַּייא אַשִׁידוּךְ צוּ טָאן מִיט זַיין חָיֶענֶעלִין, בְּכֵן וִויל עֶר פְרִיעֶר מִיט אִיר אַשִׁידוּךְ טָאן, אוּנ דֶער וַוייל אִיז אוּנְזֶער שְׁטָאט אָן אַבָּאד אוּנ מִי יוֹדֵעַ וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ גִיפִינֶען אַבַּאלִין אוֹיף אַזַא סְחוֹרָה וִויא חָיֶענֶעלֶע אִיז.

אוּנ אַזוֹ אִיז שׁוֹין גִיוָוארִין דִיא טוֹיזִינְט רוּבִּיל פַאר זָאהְנְשַׁיינֶען אוּנ מֶעהָאט אִים מְסַלֵק גִיוֶוען דוּרְךְ אָשֶׁר יֶעקִילְס הַאנְד וִויא דֶער רָב הָאט אָפּ גִימַאכְט, אוּנ עֶר ווַייס נָאךְ עַד הַיוֹם נִיט וָואס פַאר אַבְּלוּטִיגֶע גֶעלְט עֶר הָאט גִינוּמֶען.

## 49) דֶער אָבְשֵׁייד.

נָאךְ מְנַשְׁהֶעס פַאר שְׁוואוּנְדִין וֶוערִין אַלֶעס דְרֶעזֶעלֶע הָאט זִיךְ דֶער וואוּקְס פוּן זַיין אוּנְשׁוּלְד אִיז זִיא פוּן הַארְץ קְלֶעמֶענֶעס אִין אַיין שְׁוֶוערֶע קְרַאנְקַייט אַרַיין גִיפַאלִין, עֶשׁ הָאט פִיל גִידוֹיעֶרְט בִּיז מֶעהָאט אִיר אוֹישׁ גִיקוּרִירְט, נָאר אִין גַאנְצִין אִיז זִיא נִיט גִיזוּנְד גִיוָוארִין, עֶס הָאט זִיךְ בַּייא אִיר אָפּ גִישְׁטֶעלְט אַיין שְׁפַּאזְמֶע, עֶס פְלֶעגְט אִיר עֶטְלִיכֶע מָאל אִין טָאג אָנְדְרִיקִין דִיא הַארְץ אוּנ זִיא הָאט נִיט וִוילִינְדִיג גִימוּזְט וֵויינֶען בִּיז עֶס אִיז אִיר עֶטְוָואס לַייכְטֶער גִיוָוארִין, דֶעם פֶעלֶער הָאט אִיר קֵיין עֶרְצְטֶער נִיט גִיקָאנְט אוֹיס הֵיילִין, עֶס הָאט אָפּ גִיקָאסְט פִיל גֶעלְט אָבֶּר קֵיין הִילְפֶע הָאט דָאס נִיט גִיבְּרַאכְט, דֶען וִויא אַזוֹ הָאט זִיא גִיקָאנְט גִיהֵיילְט וֶוערִין דוּרְךְ מֶענְטְשִׁין, וֶוערִינְד זִיא אִיז אִין זָא אַיין טְרוֹיעֶר אוּנ קוּמֶער גִיוֶוען וֶועלְכֶע אִיז אִין שְׁטַאנְדֶע אַגִיזוּנְטֶע הַארְץ קְרַאנְק צוּ מַאכִין, אוּנ גִישְׁוַויינֶע (פְּשִׁיטָא) אַקְרַאנְקֶע נִיט דֶער לָאזִין גִיזוּנְט צוּ וֶוערִין, דִיא עֶרְצְטֶע הָאבִּין גִיזָאגְט: דָאס וֶוען אִירֶע לַיידִין וָואלְטִין גִיפֶעלְט אָט דַאן וָואלְט מֶען אִיר קָאנֶען קוּרִירִין, אָבֶּער נִיט וֶוען אִירֶע לַיידִין שְׁטַייגִין וָואס פוּן טָאג, יֶעדִין טָאג אִיז אַלְץ אִירֶע וואוּנְדִין פֶערְבְּרֵייטֶערְט גִיוָוארִין, מְנַשְׁהֶעס נָאמֶען הָאט זִיא פוּן מוֹיל

נִיט אַרוּם גִילָאזִין , אוּנ זָאגַאר פוּן שְׁלָאף פְלֶעגְט זִיא אָפְטֶער מִיט ווִילְדֶע קוֹלוֹת שְׁרַייֶען „מְנַשֶּׁה מְנַשֶּׁה“ ! דִיא עֶלְטֶערִין הָאבִּין מִיט אִיר פִיל מִיטְלַייד גִיהַאט אוּנ הָאבִּין פִיל מִיהֶע גִילַייגְט אִירֶע וואוּנְדִין צוּ הַיילִין , זַייא הָאבִּין אַלֶע צַייטוּנְגֶען גִימֶעלְדֶעט דָאס וֶוער עֶס וֶועט עֶטְוָואשׁ פוּן מְנַשְׁהֶען אָן זָאגִין וֶועט בַּאקוּמֶען אַהִיפְּשֶׁע סוּמֶע גֶעלְט לָאהְנֶע , אָבֶּער עֶס הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט אָפּ גִירוּפִין , אוּנ עֶס הָאט קֵיין זַאךְ נִיט גִיהָאלְפִין מְנַשֶּׁה אִיז נִיטָא .

דְרֶעזֶעלֶעס יְסוּרִים אִיז נָאךְ פִיל מֶער פֶער גְרֶעסֶערְט גִיוָוארִין , אַלֶעס זִיא הָאט נָאךְ מְנַשְׁהֶעס אָפְּוֶועזֶענְהַייט אַיין קִינְד גִיבָּארִין , אַזָאהְנֶע אוֹיף וֶועלְכִין אִיז גִיוֶועזֶען מְנַשְׁהֶעס זִיגִיל מִיט אַלֶע נִיזִיכְטְס צִינֶע , אַנַואהְרֶע קָאפִּיֶע פוּן מְנַשְׁהֶעס גִיזִיכְט , דָאס קִינְד הָאט אִיר אַלֶעס טְרוֹיעֶרִיגֶער דֶערְקְמָאל. גִידִינְט נָאךְ מְנַשְׁהֶען , זִיא הָאט זִיךְ שְׁטֶענְדִינ אִיבֶּער צַייגְט ווִיא גְלִיקְלִיךְ זִיא וָואלְט דָאס זַיין וֶוען מְנַשֶּׁה וָואלְט נָעבִּין אִיר זַיין , אוּנ זִיא וָואלְט אִים בֶּעווִירְדִיגְט צוּ וֶוערִין אַיין פָאטֶער פוּן זָא אַיין שֵׁיינֶעס פְרֶעכְטִינֶעס קִינְד , אוּנ ווִיא אוּמְגְלִיקְלִיךְ זִיא אִיז אַלֶעס זִיא אִיז מִיט מְנַשְׁהֶען גִישַׁיידֶעט אוּנ וַויסִין נִיט אֵיינֶער פוּן צְוַייטִין , דִיא גִידַאנְקֶען הָאבִּין אִיר הַארְץ גִיטָאצֶעט , וָואס פוּן טָאג אִיז זִיא אַלְץ שְׁוַואכֶער גִיוָוארִין , אִיר שְׁפַּאזְמֶע הָאט זִיךְ אַלְץ מֶער גִישְׁטַארְקְט , זִיא הָאט זִיךְ יֶעדִין טָאג אֵיינִיגֶע מָאהְל דֶעם טוֹיט גִיוואוּנְשִׁין , נוּר דָאס הָאט אִיר אָבּ גִיהַאלְטִין פוּן שְׁטַארְבִּין ; דֶער הָאפֶענוּנְג צוּ זֶעהְן מְנַשְׁהֶען הָאטְשׁ אַיין מָאל פַאר אִיר טוֹיט אוּם אִים פֶערְצַהְייאוּנְג צוּ בֶּעטִין , אוֹיךְ דִיא מוּטֶערְלִיכֶע לִיבֶּע צוּ אִיר אֵיינְצִיגֶע קִינְד הָאט אִיר לֶעבִּין עֶטְוָואס אוֹיף גִיהַאלְטִין , זִיא אִיז נִיט אַרוּם גִיגַאנְגֶען אַלֶעס מֶענְשְׁלִיכֶער פִיגוּר נוּר אַלֶעס שָׁאטִין , אַזוֹ אִיז זִיךְ אַרִיבֶּער גִילָאפִין דְרִיטְהַאלְבִּין יָאר בִּיז דְרֶעזֶעלֶע אִיז זַייעֶר שְׁוַואךְ גִיוָוארִין אוּנ דִיא הִיזִינֶע עֶרְצְטֶע הָאבִּין שׁוֹין נִיצְוַוייפִילְט אִין אִיר לֶעבִּין , זַייא הָאבִּין גִירַאטִין זִיא זָאל נָאךְ אוֹיסְלַאנְד אוּמְגִיזַאמְט רַייזִין , פִילַייכְט וֶועט זִיא דָארְטִין הִילְפֶע בַּאקוּמֶען .

אִירֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיךְ גִיבְּרָאנֶעט מִיט דֶעם פְּלַאן נָאךְ אוֹיסְלַאנְד צוּא פָארִין , עֶס הָאט זִיךְ זַייא נִיט גִיוָואלְט זַייעֶר טַייעֶרֶע קִינְד קְרַאנְקֶערְהַייד נָאךְ אוֹיס לַאנְד צוּ שִׁיקִין , דֶען זַייעֶר לִיבֶּע צוּ אִיר אִיז אִין דִיא לֶעצְטֶע צַייטִין פֶערְמֶערְט גִיוָוארִין וַוייל זַייא הָאבִּין זִיךְ גִירֶעכִינְט פַאר דִיא פְרִיצִינֶע פוּן אִיר אוּמְגְלִיק וַוייל דוּרְךְ זַייא אִיז דְרֶעזֶעלֶע גִיצְוואוּנְגֶען גִיוֶועןְ מְנַשְׁהֶען צוּ פַאר יָאגִין , אוֹיךְ הָאט אִיר רַיינֶעס הֶערְץ אוּנ גוּטֶער כַּארַאקְטֶער פָארְט אוֹיס גִיבְּרָאכִין אַוֶועג אִין זַייעֶרֶע הֶערְצֶער , אוּנ בִּפְרַט אַז זַייא הָאבִּין פוּן אִיר דֶעם עֶרְשְׁטִין אֵיינִיקִיל דֶער לֶעבְּט , דֶערוּם הָאבִּין זַייא אִיר בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גִיוָואלְט אַוֶועק לָאזִין אִין אַזַא וַוייטֶע וֶועג , נָאר זִיא אִיז וָואס וַוייטֶער אַלְץ שְׁוַואכֶער גִיוָוארִין , אוּנ דִי דָאקְטוֹרִים הָאבִּין שְׁטְרֵיינְג פֶערְזָאגְט דָאס וֶוען מֶעוִויל נוּר הָאפִין אוֹיף אִיר לֶעבִּין מוּז זִיא גְלַייךְ נָאךְ אוֹיסְלַאנְד רַייזִין , אוּנ נִיט ווִילִינְדִיג הָאבִּין אִירֶע עֶלְטֶערִין שׁוֹין אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ שְׁמוּעֶסִין וֶועגִין אִיר רַייזֶע , דִי עֶרְצְטֶע הָאבִּין גִירַאטִין פָארְהֶער נָאךְ קֶענִיגְסְבֶּערְג

צוּא

צוּ רַייזִין, אוּנ דָארְטִין וָועלִין שׁוֹין דִיא עֶרְצְטָע זָאגִין וואו זִיא זָאל וַוייטָער רַייזִין אוֹיב עֶשׁ וָועט זַיין נֵייטִיג.

דְרֶעזֶעלֶע אִיז עֶנְדְלִיךְ אַוֶועק גִיפָארִין, זִיא הָאט מִיט זִיךְ גִינוּמֶען אִיר קִינְד וָועלְכֶער אִיז דַאן אַלְט גִיוֶוען גִינוֹיעֶ צְווייא יָאר, עֶר הָאט גִיהַייסִין נַחֲמָן, אִירֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין אֶפִּילוּ שְׁטַארְק נִיט גִיוָואלְט אִיר מִיט גֶעבִּין אִיר קִינְד נוּר זִיא הָאט זִיךְ פוּן דָאשׁ קִינְד נִיט גִיקָאנְט שֵׁיידִין קַיין אוֹיגֶינְבְּלִיק, אוֹיךְ אַיין בֶּעדִינְטֶער אִיז מִיט גִיפָארִין וֶועלְכִין מֶעהָאט בֶּעדוּנְגֶען אִיר צוּ בֶּעדִינֶען אוֹיפִין וֶועג בִּיז זִיא וֶועט צוּרִיק צוּ הוֹיזֶע קוּמֶען, מִיט דִיזִין בֶּעדִינֶער הָאט שְׁמֶערִיל אוּנ אוֹיךְ חָיֶענֶעלֶע פַאר זַייעֶר אָפּ רַייזִין שְׁטִילֶערְהַייד אַהִיפְּשִׁין רַאזְנַאוָואר גִיהַאט, זַייא הָאבִּין אִים אוֹיךְ הִיפְּשֶׁע גֶעלְט גִינֶעבִּין, פַאר וָואס זֵייא הָאבִּין דָאס אִים גִינֶעבִּין וַוייסִין מִיר נָאךְ נִיט, מִיר וֶועלִין עֶס מִיט דֶער צַייט פוּן דֶער גִישִׁיכְטֶע זֶעלְבְּסְט פַאר שְׁטֵיין.

פִיל טְרֶערִין אִיז פֶערְגָאסִין גִיוָוארִין בַּייא דְרֶעזֶעלֶעס אָבְּרַייזֶע, אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט בַּייא אִיר אַרוֹיף שְׁטַייגִין אוֹיף אִיר פוּר, עֶס אִיז גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אִיר צוּ בֶּעגְלַייטִין, אוֹיסֶער דִיא אֵייגֶענֶע פַאמִילְיֶע זַיינֶען אוֹיךְ פִיל מֶענְטְשִׁין צוּ נוֹיף גִיקוּמֶען וַוייל זִיא אִיז אִין שְׁטָאט פוּן יֶעדִין גִילִיבְּט גִיוֶוען, בַּייא יֶעדֶערִין הָאט זִיךְ טְרֶערִין גִיקַייקִילְט פוּן דִיא אוֹיגִין, אוּנ וִויא דִיא עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיךְ מִיט אִיר דֶעם לֶעצְטִין מָאל צוּ קוּשְׁט אוּנ הָאבִּין זִיךְ גִיזֶעגְנְט נָאךְ אַמָאל צוּ זֶעהֶען זִיךְ מִיט אִיר, דָא הָאט דֶער גַאנְצֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אוֹיס גִיבְּרָאכִין אִין אַגִיוויין, נוּר דְרֶעזֶעלֶעס שְׁוַואכֶע אָבֶּער קְלִינְגִינְדֶע זַאנְפְטֶע שְׁטִימֶע הָאט זִיךְ דוּרְךְ גִידְרִינְגְט דוּרְךְ אַלֶעמֶעס גִיוויין, אוּנ אִירֶע וָוארְטִין הָאבִּין זִיךְ דַייטְלִיךְ אַזוֹא גִיהֶערְט: פֶערְבְּלַייבְּט גִיזוּנְד מַיינֶע טַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין אוּנ פַאמִילְיֶע, פֶערְבְּלַייבְּט גִיזוּנְד אִיר אַלֶע מַיינֶע טַייעֶרֶע פְרַיינְדֶע וָועלְכֶע נֶעמֶען אַטְהֵייל אִין מַיין יֶעצְטִיגִין אָפְּשֵׁייד, אִיךְ דַאנְק אַייךְ פַאר אַייעֶרֶע גוּטְהֶערְצִיגֶע שְׁפִּירוּנְגֶען וָועלְכֶע אִיר פִילְט צוּ מִיר, אִיךְ זֶעגְנִין זִיךְ יֶעצְט מִיט אַייךְ אָבֶּער נָאט ווייס אוֹיף וִויא לַאנְג, אוֹיב נִיט אוֹיף עֶבִּיג! אִיךְ בֶּעט אַייךְ טַייעֶרֶע פְרַיינְד אִיר זָאלְט פוּן מַיינְט וֶועגִין דֶעם שֶׁעפֶּער בֶּעטִין עֶר זָאל מִיר גִיזוּנְטֶער הַייט אַהֶער אוּמְקֶערִין מִיט אַייךְ זִיךְ צוּ זֶעהֶן, אַמוּנְיינִיגְסְטִין מַיינֶע בֵּיינֶער זָאלִין נִיט פֶער בְּלַייבִּין אִין אַפְרֶעמְדֶע לַאנְד!.

אַלֶע זַיינֶען צוּ נַאנְגֶען פוּן גִיוויין, דִיא רִירִינְדֶע שְׁצֶענֶע הָאט זִיךְ גִיעֶנְדִיגְט מִיט שַׁאלִין פוּן דֶער גַאנְצֶער פֶערְזַאמְלוּנְג וָועלְכֶע הָאבִּין אִיר גִיבֶּענְשְׁט אוּנ גִיוואוּנְשִׁין אַגְלִיקְלִיכֶע רַייזֶע אוּנ זָאל זִיךְ גִיזוּנְטֶער הַייד צוּ הוֹיזֶע אוּמְקָערִין.

## 50) מְנַשֶּׁה מִיט זַיין מַמְזֵר.

אַלֶעס מְנַשֶּׁה אִיז נָאכִין גִימֵיינְטִין גֶט פוּן בֶּענֶעכְסִיף דוּרְךְ דְרֶעזֶעלֶעס בְּרִיף פֶערְיָאגְט גִיוָוארִין אִיז עֶר גְלַייךְ קַיין בֶּערְלִין גִיקוּמֶען, דִיא פְּרָאפֶּעסָארִין פוּן מֶעדֶעצִינְסְקִין פַאקוּלְטֶעט הָאבִּין אִים פְרַיינְדְלִיךְ עֶמְפְּפַאנְגֶען אוּנ הָאבִּין זִיךְ גִיפְרֵייט מִיט זַיין הֶערוֹיס קוּמֶען מִיט פְרִידִין פוּן דֶעם בִּילְבּוּל וָועלְכִין עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גִיהַאט, אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט הָאט זִיךְ מִיט אִים גִיפְרֵייט זַיין מִיט שִׁילֶער אַדָאלְף

תאלבערשטאט אוים דילא, מנשה האט גלייך צוריק אין דער שולע אריין
גיטראטין אונ האט גילערינט מיט פלייס אים צו דער יאגין וואס ער האט גיפעלט
אין דיא איינינגע מאנהייטין פון זיין אפוועזענהייט, ער האט עס אין גיכין דער
יאגט, אונ נאכהער איז אים דיא לערהרונג זייער לייכט גיגאנגען, ער האט שוין
מער קיין הינדערנישע ניט בעגעגינט אונ אין פערלויף פון איינינגע יאר האט שוין
גיהאלטין ער זאל באלד דעם עקזאמען דורך מאכין אונ זיין שטודיום זאל זיך
ענדין ספיציאלנע, מנשה איז שרעקליך גילויבט גיווארין פון אלע פריפעסארין
מעהאט אים פערזיכערט דאש ער וועט אספיציאלנער מעדיקער זיין, מנשה אונ
אדאלף האבין שוין אלעם פראקטיקע אין בערלינער קליניק טעגליכע וויזיטין
אפ גינעבין.

איין מאל ווען מנשה איז זיך אין שול ביא דער לעקציע גזעסין, אונ דער
פריפעסאר האט גיהאלטין דיא רעדע, האט זיך גילאזט הערין אנקלאפינדיג אין
טיר „עס איז ערלויבט אריין צו גיין" האט דער פריפעסאר גיזאגט, דיא טיר האט
זיך גיעפינט אונ עס איז אריין דער דווארניק פון שול מיט אשיינע קינד אויף די הענט
אונ האט גיזאגט: „דיזין קנאב האבע איך אויפין הויף גיפונען גאנץ אליין, אונ
דאס קינד וויינט אונ שרייט „מוטער", אבער איך האב זיין מוטער ניט דער
גאנגען, אונ איך וויים ניט וואש איך זאל טאן מיט דיזין קנאב דער פריפעסאר
האט באלד בעטראכט אלע שילער אונ האט צו זיי גיזאגט: ביא מיר קומט אוים
דאש דיזעם קינד איז איין פערבאטענע פרוכט פון איין שילער וועלכער אונטער
אייך, אונ וויל זיין מוטער האט אים שוין אנטוויינט וויל זיא אים אפגעבין צו זיין
פערשווינגענעם פאטער, אונ דערום האט זיא אים אפ גישטעלט לעבין אונזער
שולע אום זיין פאטער זאל מיט דאס קינד מיטלייד האבין אונ זאל אים צוא
נעמען, דערום פערלאנג איך דאס דער פאטער דאס קינד זאל זיך אויש רופין,
אונ זאל דאס קינד צו נעמען, אונ דאש איז ווירקליך איין שיינעם פרעכטינעם
קינד, פון דיא שילער האט זיך אבער ניט איינער אפ גירופין, נאכהער האט דער
פריפעסאר בעטראכט דאס קינד אום צו דער גיין פון וואס פאר איין נאציאן ער
איז אונ עס איז ערקאנט גיווארין דאס ער איז איין יודע, דאהער האט זיך דער
פריפעסאר גיקערט צו דיא אידישע שילער מיט דיא זעלבע פארינגע ווארטין,
אבער ער האט אויך קיין אנטווארט באקומען, דרום האט דער פריפעסאר גיהייסין
מען זאל אים אוועק טראגין אין דאס קריסטליכין פריוט אום אים אין קריסטליכעם
צו ערציהען, דא האט מנשהען שטארק פערדראסין דאס ווארום זאל זא איין
אונשולדיגעם בעשעפנים פעריאגט ווערין פון דיא אידישע רעליגיאן, מנשה האט
זיך אויף גישטעלט אונ גיזאגט: „דאס קנאב גיהער אן מיר, איך מוז זיך צו מיין
שאנד בייכטען (מתודה זיין) דאש דיזער קנאב איז מיין פערבאטענע פרוכט אונ
דאהער גיהער ער צו מיר" דר פריפעסאר האט דאס קינד מנשהען אפ גינעבין אונ
האט אים גידאנקט פאר זיין ארדענטליכע בייכטע, דאס קינד איז פון דאן אן
ערצייגין גיווארין ביא מנשהען ער איז דאן אומגיפער צוויא יאר אלט גיוועזן,

אונ

און ווייל מְנַשֶׁה הָאט זיך אין זָם שְׁטַארק פֶערלִיבְּט הָאט עֶר אִים נִיט גִיוָאלְט אָפּ גֶעבִּין פוּן זִיךְ צוּ הָאדֶעוָועֶן נור עֶר הָאט אִים בַּייא זִיךְ גִיהַאלְטִין אונ צוּ אִים אַיין פָּאקְאיָאנֶע גִינוּמֶען , אונ אִין אַיין לֵיידִינְגֶע צֵייט אִיז דָאס קִינְד גִיוָעזֶען זַיין גַאנְצֶע שְׁפִּילְצֵייג וַוייל דָאס קִינְד אִיז מִיט אַיין שֵׁיינֶעם אַדָלֶעם גִיזִיכְט גִיוֶוען אוֹיךְ הָאט עֶר שׁוֹין עֶטְוָואס גִירֶעט , דָאךְ הָאט מְנַשְׁהֶען נִיט גִילוּנְגֶען בַּייא אִים צוּא דֶער גֵיין דֶען נָאמֶען פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערִין , מִיט אַיין וָוארְט מְנַשֶׁה הָאט זִיךְ מִיט דָאס קִינְד שְׁטַארְק גִיפְרֵייט , נָאר עֶר הָאט קֵיין רַאטְהֶה נִיט גִיהַאט וואו אִים אַהִין צוּ טָאן וָוען עֶר וָועט נָאךְ זַיין אוֹיס שְׁטוּדִירִין דַארְפִין צוּ זַיין דְרָעזֶעלִין פָּארִין , דֶען עֶם מִיט נֶעמֶען אִיז דָאךְ אוּנְמֶעגְלִיךְ , ווייל וָוען דְרֶעזֶעלֶע וֶועט אִים דֶער זֶעהֶן מִיט אַקִינְד וֶועט זִיא דָאךְ נִיוִוים מֵיינֶען דָאס עֶר הָאט נָאךְ אַמָאל גִיהֵייַראטֶעט מִיט נָאךְ אַפְּרוֹיא פוּן וֶועלְכֶע עֶר הָאט דָאס קִינְד , דֶערוּם פְּלֶעגְט עֶר אַלֵין קְלֶערִין וואו עֶר זָאל דָאשׂ קִינְד נוּט בֶּעזָארְגִין עֶר זָאל אִים נִיט דַארְפִין מִיט זִיךְ נֶעמֶען , אוֹיךְ אִיז אִים בַּאנְק גִיוֶוען מִיט דָאס קִינְד זִיךְ צוּ שֵׁיידִין , קוּרְץ עֶר הָאט זִיךְ קֵיין עֵצָה נִיט גִיפוּנֶען וִויא עֶר זָאל טָאן .

אַיין מָאל אַלֶעם מְנַשֶׁה אונ אַדָאלְף הָאבִּין אִין דֶעם קְלִינִיק זֵייעֶרֶע וִויזִיטִין גִיעֶנְדִיגְט , יֶעדֶערֶער אִין אַבְּעזָאנְדֶערִין זַאל , זֵיינֶען זַייא אוֹיף זֵייעֶר קְווַאטִיר צוּא זַאמֶען גִיקוּמֶען , אונ מְנַשֶׁה הָאט גְלֵייךְ זַיין קְנַאבּ אוֹיף דִי הֶענְט גִינוּמֶען אונ הָאט אִים גִיקוּשְׁט , מְנַשֶׁה הָאט בֶּעמֶערְקְט דָאס אַדָאלְף אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ טְרוֹיעֶרִיג אונ זַיינֶע אוֹיגִין זֵיינֶען זֵיינְט וִויא פַאר וַויינְט .

וָוארוּם זֵייט אִיר זָא אוּנְמוּטִיג ? הָאט מְנַשֶׁה אַדָאלְפִין גִיפְרֶעגְט .

אִיךְ הָאבּ יֶעצְט בַּייא נִיוָואהְנְט בַּייא אַיין שְׁרֶעקְלִיכֶע טְרַאגַאטֶעלְנֶע שְׁצֶענֶע — הָאט אַדָאלְף גִיעֶנְטְפֶערְט — אונ דֶער פוּן בִּין אִיךְ אוּנְמוּטִיג . וָואס אִיז דָאשׂ זֶעלְכֶעם ? פְרֶעגְט מְנַשֶׁה .

אִין מֵיין זַאל פוּן קְלִינִיק וֶועלְכִין אִיךְ בֶּעזוּךְ — דֶער צֵיילְט אַדָאלְף — הָאט מֶען גֶעסְטֶערִין גִיבְּרַאכְט אַקְרַאנְקֶע פְרוֹיא אַאִידִישֶׁע , וֶוען אִיךְ בִּין גֶעסְטֶערִין צוּ אִיר בֶּעטִיל צוּ גִינַאנְגֶען הָאבּ אִיךְ אִיר גִיפוּנֶען זֵייעֶר שְׁוַואךְ . אונ אוֹיף מַיינֶע פְרַאגֶעם „וָואס אִיר אִיז" הָאט זִיא מִיר קֵיין אַנְטְוָוארְט נִיגֶעבִּין ווייל זִיא אִיז גִילֶעגִין אָן לָשׁוֹן , אִיךְ הָאבּ מִיט אִיר פִיל מִיטְלֵייד גִיהַאט , ווייל אִיךְ הָאבּ פוּן אִיר גִיזִיכְטְסְצִיגֶע אַרוֹים נִיזֶעהֶן אַיין אַדֶעלֶעם שֵׁיינֶעם פְרוֹיא אונ אוֹיךְ פוּן אַרֵייכִין שְׁטַאם , אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ דֶערְקָאנְט דָאס אִיר קְרַאנְקַייט אִיז זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג , אִיךְ הָאבּ זָאגַאר נִיט פַאר שְׁטַאנֶען וִויא קוּמְט אַרֵייכֶע פְרוֹי אִין קְלִינִיק , נוּר ווייל זִיא הָאט דִיא שְׁפְּרַאכֶע נִיט בֶּעהֶערְשְׁט הָאבּ אִיךְ אִיר קֵיין פְרַאגֶעם נִיט גִימַאכְט , אִיךְ הָאבּ אִיר אַיין מֶעדִיצִין פַאר שְׁרִיבִּין אִיר צוּ קְרֶעפְטִיגִין , אונ הָאבּ דִיא דִינֶער פֶערְזָאנְט דָאס מֶעזָאל אִיר פִינְקְטְלִיךְ אוֹיף פַּאסִין , אונ אִיךְ בִּין מִיט אַצוּבְּרָאכֶענֶם הַארְץ פוּן אִיר אַוֶועק , אִין אָבִינְד הָאבּ אִיךְ אִיר וִוידֶערְמַאלְס בֶּעזוּכְט . אִיךְ הָאבּ אִיר גִיפוּנֶען שְׁלָאפִינְדִיג , נוּר דִיא דִינֶער , הָאבִּין מִיר גִיזָאגְט דָאס עֶס הָאט זִיךְ אוֹיף אִיר גִיוִויזִין פֶערְבֶּעסֶערוּנְגֶם צֵייכִינֶם , אונ זִיא הָאט שׁוֹין אַפָּאר וֶוערְטֶער אוֹיס גִירֶעט

בּיי

בַּייא מַיין הַיינְטִיגִין בְּעזוּך הָאבּ אִיךְ אִיר גִיפוּנְעָן פִּיל בֶּעסֶער, וִויא אִיךְ בִּין אִין זַאל אַרַיין הָאבּ אִיךְ גִיהֶערְט אִיר וַויינֶען בִּיטֶערְלִיךְ מִיט דִיא וָוארְטִין: וואו אִיז מַיין קִינְד? וואו אִיז מַיין לֶעצְטֶער טְרַייסְט? אָה! דֶער מֶערְדֶער הָאט דָאס קִינְד אָפּ גִישְׁטוּילְין?!.. זָא הָאט דִיא פְרוֹי גִירֶעט, אוּנ אִיךְ בִּין צוּ אִיר צוּ גִינַאנְגֶען אוּנ הָאבּ אִיר בֶּערוּהִיגְט, אִיךְ הָאבּ בֶּעטְרַאכְט אִיר שֶׁענְהַייט אוּנ אִירֶע מִילֶע מִינֶען בִּין אִיךְ אוֹיסֶער זִיךְ גִיוָוארִין, אִיךְ וָואלְטשַׁקַיין מָאל נִיט גְלוֹיבִּין דָאס עֶס גִיבְּט זָא אַיין שַׁיינֶעס וֶועזִין אוֹיף דֶער וֶועלְט.

אִירֶע עֶרְסְטֶע וָוארְטִין אִיז גִיוֶועזֶן, אָפּ צוּדַאנְקֶען מִיר פַאר מַיין נֶעכְטִיגֶע קוּרַאצְיֶע, אוּנ נַאכְהֶער הָאט זִיא מִיר עֶרְקְלֶעהְרְט אִיר קְרַאנְקַייט „וִויא אַזוֹ קוּמְט אִיר אַהֶער אִין קְלִינִיק“? הָאבּ אִיךְ אִיר גִיפְרֶעגְט.

מִיט מַיין אַהֶער אָן קוּמֶען אִיז פִיל צוּ עֶרְצֵיילִין — הָאט זִיא מִיר גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ בִּין אַלֵיין אוֹישׁ רוּסְלַאנְד, אִיךְ בִּין גִיפָארִין זִיךְ קוּרִירִין אִין קֶענִיגְסְבֶּערְג, דָארְטִין הָאבִּין מִיר דִיא עֶרְצְטֶע גִירָאטִין נָאךְ בֶּרְלִין צוּ פָארִין, אִיךְ הָאבּ מִיט זִיךְ גִיהַאט מַיין זָאהְן אוֹיךְ אִיז מִיט מִיר גִיפָארִין אַיין בֶּעדִינְטֶער, אִיךְ הָאבּ מִיט זִיךְ גִיהַאט עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל אוֹיךְ פִיל קְלֵיידֶער, אוּנ מִיר זַיינֶען הִיר גְלִיקְלִיךְ פֶערְפָארִין, דִיא וֶועג הָאט אוֹיף מִיר גוּט גִיווִירְקְט, אוּנ מִיר זַיינֶען הִיר פֶערְפָארִין אִין אַיין הָאטֶעל.

מִיר זַיינֶען גְרַאדֶע אִין אָבִינְד הִיר אָנְגִיפָארִין, הָאבּ אִיךְ זִיךְ מִיט מַיין קְנַאבֶּע שְׁלָאפִין גְלֵייגְט אִין אוּנְזֶער צִימֶער, אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָבֶּער אִין מִיטִן נַאכְט אוֹיף גִיחַאפְּט ווייל אַווִינְט הָאט אוֹיף מִיר גִיבְלָאזִין, אִיךְ הָאבּ צוּא מַיין שְׁרֶעק דֶער זֶעהֶן דָאס דִיא טִיר פוּן מַיין צִימֶער אִיז אָפִין, אִיךְ הָאבּ מִיר גְלַייךְ גִיחַאפְּט צוּ מַיין קִינְד אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אִים נִיט גִיפוּנֶען, אִיךְ הָאבּ נוּר דֶער וואוּסְט אַלַיידִיגִין בֶּעשְׁטוּילֶענֶעם צִימֶער, פוּן שְׁרֶעק הָאבּ אִיךְ מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין גִירוּפִין מַיין דִינֶער אָבֶּער קֵיינֶער הָאט זִיךְ צוּ מִיר נִיט בֶּעווִיזִין, אִיךְ הָאבּ גְלַייךְ פַאר שְׁטַאנֶען אַז דֶער דִינֶער הָאט מִיר בֶּעשְׁטוּילִין אוּנ הָאט מַיין קִינְד אוֹיךְ אָפּ גִירוּיבְּט אוּנ אִיז אַנְטְלָאפִין, אוּנ אִיךְ בִּין גִיבְּלִיבִּין ווִיא אַשִׁיף אָן אַרוּדֶער אִין מִיטִין מֶער, דִיא הַארְץ הָאט מִיר שְׁרֶעקְלִיךְ פַאר דְרִיקְט אוּנ אִיךְ בִּין פֶער וַואנְט גִיוָוארִין אוּנ בִּין אִין אוּנְמַאכְט גִיבְּלִיבִּין, מֶער גִידֵיינְק אִיךְ שׁוֹין נִיט וָואשׁ מִיט מִיר הָאט אִין מַיין קְוַואטִיר פַּאסִירְט נוּר אִיךְ גִידֵיינְק דָאשׁ וִויא אִיךְ בִּין צוּ זִיךְ גִיקוּמֶען הָאבּ אִיךְ זִיךְ גִיפוּנֶען אִין דִי בֶּעטִיל, אִיךְ הָאבּ גְלַייךְ זִיךְ בֶּעטְרַאכְט וָואס מִיט מִיר אִיז גִישֶׁעהֶן אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶער מָאנְט דָאשׁ מַיין קִינְד אִיז פוּן מִיר אָפּ גִירוּיבְּט גִיוָוארִין הָאט מִיר וַוייטֶער-דִיא הַארְץ דְרִיקֶענֶעס גִיגְרִיפִין אוּנ עֶשׁ הָאט מִיר דֶער לָשׁוֹן אָפּ גִינוּמֶען, בִּיז אִיר גוּטֶער מֶענְשׁ זַייט גִיקוּמֶען. אוּנ הָאט מִיט אַיֶיער גוּטֶע קוּרַאצְיֶע מַיין שְׁפְּרַאךְ אוּמְגִיקֶערְט, אָה גוּטֶער מֶענְטְשׁ! קֶערְט מַיין קִינְד צוּ מִיר אוּם, מַיין אַיינְצִיגֶע קִינְד מַיין נַאנְצֶער טְרַייסְט אִין מַיין אוּמְגְלִיק! זֶעט פִילַייכְט וֶועט אִיר דוּרךְ דִיא הִיגֶע פָּאלִיצְיֶע עֶטְווָואס דֶער גֵיין, הָאט עֶרְבַּארֶעמוּנְג אוֹיף אַיין עֶלִינְדֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹיא! זִיא הָאט זִיךְ דֶער בַּייא שְׁרֶעקְלִיךְ פְּעְרְוַויינְט אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גִימוּזְט

ווײנען

צײטָען אױף אִיר קוּקִינְדִיג, אוּנ אִיךְ בִּין פוּן אִיר מִיט אַצְװױאוּנְדֶעטֶע הַאַרְץ אַװֶעק.

דִיא פְּרױא אִיזְט נָעבַאךְ אִין דָער טְהַאט אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אִיר קְרַאנְקַייט אִיז גֶיפֶערְלִיךְ, זִיא װֶעט שױן נִיט פִיל צִיעֶן, װַייל דִיא קְרַאנְקַייט אִיז שְׁטְרֵײנְג, אוּנ אױךְ אִיר קוּמֶער דְרִיקְט אִיר נָאךְ צוּ, גָאט װַײס אױבּ זִיא װֶעט פוּן קְלִינִיק לֶעבֶּעדִיג אַרױשׁ, דֶערוּם הָאט עֶס מִיר דִיא הַאַרְץ גִירִירְט אוּנ אִיךְ בִּין דֶער פוּן טְרױעֶרִיג, אוּנ דִי שְׁפּוּרִין פוּן טְרױעֶר אִיז אױף מַײן גִיזִיכְט גִיבְּלִיבִּין, דֶערוּם הָאט אִיר עֶס דֶערְקָאנְט, אוּנ אִיךְ גְלױבּ װֶען אִיר װָאלְט דִיא שְׁצֶענֶע בַּיי גִיװָאהְנְט װָאלְט אִיר אױךְ דֶער בַּייא מוּזִין פִיל טְרֶערִין פַאר גִיסִין.

פוּן מְנַשְׁהֶעס אױגִין הָאבִּין זִיךְ טְרֶערִין גִיקַײקִילְט אוּנְטֶער דִיא צַייט װָאס אַדָאלְף הָאט אִים דִיא גִישִׁיכְטֶע דָער צֵײלְט „אִיר װַײסְט אַדָאלְף — הָאט מְנַשֶׁה גִיזָאגְט — אִיךְ בִּין אַבַּאלִין צוּ גַײן דִיא פְּרױא צוּ בֶּעזוּכִין, אִיר גִישִׁיכְטֶע רִירְט מִיר אַזוֹ שְׁטַארְק דִיא הַאַרְץ דָאשׁ אִיךְ אִינְטֶערֶעסִיר זִיךְ מִיט אִיר אוּמְגְלִיק, אוּנ פִילַייכְט אִיז דָער קְנַאבּ װֶעלְכִין אִיךְ הָאבּ צוּ גִינוּמֶען גָאר אִיר קִינְד װֶעלְכִין מֶעהָאט פוּן אִיר בֶּעשְׁטױלִין, אִיךְ מוּז מִיט דָאשׁ קִינְד גְלַײךְ גַײן צוּ אִיר, קוּמְט מִיט מִיר הֶער אַדָאלְף.

נַײן אִיךְ װֶעל גַײן פָארְאוּיס — זָאגְט אַדָאלְף — פִילַייכְט אִיז דָאשׁ אִין דָער טְהַאט אִיר קִינְד װֶעט אִיר פִילַייכְט דִיא פְלוּצְלוּנְגֶע פְרֵײדֶע אִיר גִיזוּנְד שַׁאדִין, דֶערוּם װֶעל אִיךְ פָארְהֶער אִיר דָער צֵײלִין דָאשׁ בַּאלְד װֶעט מֶען בְּרֵײנְגֶען אַקְנַאבּ װֶעלְכִין מֶעהָאט גִיפוּנֶען אוּנ פִילַייכְט װֶעט אִיר אִים דֶערְקָאנֶען דָאס עֶר אִיז אַײעֶרֶע.

אַדָאלְף אִיז טַאקֶע פָאר אױשׁ אַװֶעק צוּ דִיא פְּרױא װֶעלְכֶע אִיז קַײן אַנְדֶערֶע נִיט גִיװֶען װִיא אוּנְזֶער דְרֶעזֶעל, אִיר בֶּעדִינְטֶער הָאט בַּאיי אִיר אַלְץ בֶּעשְׁטױלִין, אוּנ אױךְ דִיא קִינְד אָפּ גִירױבְּט אוּם דֶעם זִיא זָאל פוּן הַאַרְץ קְלֶעמֶענֶעס שְׁטַארְבִּין, (אוּנ יֶעצְט פַאר שְׁטַייעֶן מִיר שױן װָאס שְׁמֶערִיל דֶער שׁוֹחֵט מִיט חֶיֶענֶעלֶען הָאבִּין זִיךְ מִיט אִים גִישׁוּסֶקֶעט אוּנ גֶעלְט גִינֶעבִּין) אַדָאלְף הָאט אִיר אָנְגִיזָאגְט דָאשׁ מֶעװֶעט בַּאלְד אַהֶער אַקִינְד בְּרֵײנְגֶען אוּנ פִילַייכְט אִיז דָאס אִירֶע, עֶר הָאט אִיר אַלְץ דָער צֵײלְט װִיא זַיינֶער אַמִיטְשִׁילֶער װֶעלְכֶער שְׁטוּדִירְט גְלַײךְ מִיט אִים דָאקְטֶער הָאט דָאס קִינְד צוּ גִינוּמֶען אוּנ דָער זֶעלְבֶּער װֶעט בַּאלְד בְּרֵײנְגֶען דֶעם קְנַאבּ, דֶעם נָאמֶען פוּן מְנַשְׁהֶען אִיז נִיט אױס גִיקוּמֶען אִיר צוּ עֶנְדֶעקִין, דְרֶעזֶעלֶע אִיז הֶעכְסְט עֶרְפְרֵײט גִיװָארִין, דֶען אִיר הַאַרְץ הָאט אִיר אױף װָאס גוּטֶעס גִיזָאגְט, אוּנ זִיא הָאט מִיט אוּנְגֶעדוּלְד עֶרְװַארְטֶעט אױף אַדָאלְפְס מִיט שִׁילֶער װֶעלְכֶער דַארְף קוּמֶען מִיט דָאשׁ קִינְד.

אוּנְטֶער דֶעסִין הָאט דְרֶעזֶעלֶע אַדָאלְפִין אִיהְר גַאנְצֶע בִּיאָגְרַאפִּיע דָער צֵײלְט, װִיא זִיא אִיז גִישַׁײדֶעט גִיװָארִין פוּן אִיר גִילִיבְּטִין מַאן, אוּנ װִיא זִיא הָאט אִים אוּמְזָאנְסְט פַאר דַאכְט אוּנ פַאר יָאגְט, אוּנ יֶעצְט אִיז אִיר װאוּנְשׁ תָּמִיד אֵײנְצִיגֶע זֶעקוּנְדִין פַאר אִיר טױט מִיט אִים זִיךְ צוּא זֶעהֶען אוּם אִים

אוּמפערצײהונג

אוּמְפֶערְצַהְייאוּנְג צוּ בֶּעטִין, ענְדְלִיךְ הָאט זִיא ענְדֶעקְט דָאס דֶער נָאמֶען פוּן אִיר מַאן אִיז מְנַשֶׁה בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ.

וִויא אַדָאלְף הָאט דָאס דֶער הֶערְט אִיז עֶר עֶרְשְׁטְאוּינֶערְט גִיוָוארִין, עֶר הָאט גְלַייךְ פַאר שְׁטַאנֶען אַז זַיין מִיט שִׁילֶער מְנַשֶׁה אִיז דָאס אִיר מַאן, דְרוּם הָאט עֶר גִיפִירְכְטֶעט דָאס דִיא פְּלוּצְלוּנְגֶע עֶרְשַׁיינוּנְג פוּן מְנַשְׁהֶען מִיט דָאס קִינְד וָועט דְרֶעזֶעלֶעס גִיזוּנְד שַׁאדִין, עֶר הָאט זִיךְ גִיוָואלְט הַיילִין צוּ מְנַשְׁהֶען אוּם אִים אָפּ צוּ הַאלְטִין צוּ אִיר אַרַיין צוּ גֵיין, אָבֶּער אִין דֶעם הָאט זִיךְ דִיא טִיר פוּן זַאל גִיעֶפִינְט אוּנ מְנַשֶׁה אִיז אַרַיין הַאלְטִינְדִיג דָאס קִינְד אוֹיף דִיא הֶענְט.

וִויא דְרֶעזֶעלֶע הָאט מְנַשְׁהֶען דֶער זֶעהֶען אוּנ אוֹיךְ דָאס קְנַאבּ וֶועלְכֶער אִיז קַיין אַנְדֶערֶר גִיוֶועזֶען וִויא אִיר נַחְמָן, הָאט זִיא אַנִישְׁרַיי גִיטָאן מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין: אָה מַיין גָאט! מְנַשֶׁה! מַיין קִינְד! מְנַשֶׁה מִיט מַיין קִינְד!... אוּנ הָאט מִיט בֵּיידֶע הֶענְט אִיהְר גִיזִיכְט פַאר שְׁטֶעלְט אוּנ גִיזָאגְט: אִיךְ שֶׁעם זִיךְ דִיר אִין גִיזִיכְט אָן צוּ קוּקִין...

מְנַשֶׁה אִיז הֶעכְסְט אִיבֶּער רַאשְׁט גִיוָוארִין דֶער קָאנֶענְדִיג אִין דִיא קְרַאנְקֶע פְרוֹיא דְרֶעזֶעלִין, אִים הָאט גִיפְרֵייט אוּנ גִיקְרֵיינְקְט, דֶען עֶר הָאט זִיךְ דֶער מָאנְט אַז אַדָאלְף הָאט אוֹיף אִיר לֶעבִּין קַיין הָאפֶענוּנְג נִיט גִיגֶעבִּין, אוֹיךְ הָאט עֶר גִירֶעכִינְט דָאס דְרֶעזֶעלֶע וַוייס נָאךְ נִיט זַיין אוּנְשׁוּלְד, אוּנ עֶר הָאט גִימֵיינְט דָאס זִיא שְׁרַייט „מְנַשֶׁה מִיט אַיין קִינְד" וַוייל זִיא מֵיינְט אַז דָאס אִיז זַיין פַאר בָּאטֶענֶע פְרוּכְט, דָאס אַלְץ צוּא זַאמֶען הָאט אִים וִויא מִיט פַיילִין גִישָׁאסִין אִין צֶעהֶענְטִין רִיפּ.

דְרֶעזֶעלֶע! מַיין טְהַייעֶרֶע דְרֶעזֶעלֶע! — הָאט מְנַשֶׁה גִישְׁרִיעֶן קְנִיהֶענְדִיג זִיךְ פַאר דְרֶעזֶעלֶעס בֶּעטִיל — גִינוּג שׁוֹין דִיר צוּא טְרָאגִין אוֹיף מִיר אוּמְזִיסְטֶע פַיינְדְשַׁאפְט, גִינוּג שׁוֹין מִיר הַאסִין, אִיךְ שְׁוֶוער בַּייא גָאט דָאס אִיךְ בִּין רַיין אוּנ אוּמְשׁוּלְדִיג, דִיא וַוייבִּיל הָאט זִיךְ צוּ מִיר מִיט אַיין אִירְטְהוּם צוּ גִיצֶעפֶּעט, אוּנ דָאס קִינְד וָועלְכֶע אִיז אוֹיף מַיינֶע הֶענְט אִיז נִיט מַיינֶע, אִיךְ הָאבּ דִיזֶען קְנַאבּ צוּא גִינוּמֶען נָאר אוּם אַיין אִידִישֶׁע קִינְד זָאל נִיט עֶרְצוֹיגִין וֶוערִין אִין קְרִיסְטְלִיכִין פְּרִיוּט, זֶעה מַיין טְהַייעֶרֶע דְרֶעזֶעלֶע! עֶס אִיז שׁוֹין צַייט מִיר זָאלִין אָן הוֹיבִּין גִינִיסִין פוּן אַזִיסִין הִימִילְשֶׁען לֶעבִּין... עֶר הָאט דְרֶעזֶעלֶעס הֶענְט פוּן אִיר גִיזִיכְט אַרָאפּ גִינוּמֶען אוּנ הָאט זַייא צוּ זַיין מוּנְד צוּ גִידְרִיקְט.

מְנַשֶׁה מְנַשֶׁה! מַיין זֶעלֶע! — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִישְׁרִיעֶן — אִיךְ וַוייס דַיין אוּנְשׁוּלְד, מִיר אִיז שׁוֹין גוּט בַּקַאנְט דַיין רַיינֶעס אוּנְשׁוּלְדִינֶעס הַארְץ, אִיךְ מוּז דִיר בֶּעטִין אוּמְפֶערְצְהַייאוּנְג, דְרוֹיף וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר אוּנְוִויסִינְד פַאר יָאגְט, אִיךְ וַוייס שׁוֹין גַאנְץ לַאנְג דָאס דוּא בִּיזְט אוּנְשׁוּלְדִיג נָאר שְׁלֶעכְטֶע בֵּייזֶע מֶענְטְשִׁין הָאבִּין אוֹיף דִיר אַלֶעס אָן גִירֵייצְט, דְרוּם שֶׁעם אִיךְ זִיךְ דִיר אִין גִיזִיכְט צוּא קוּקִין, מַיין גַאנְצֶער וואוּנְשׁ אִיז דִיר אוּמְפֶערְצְהַייאוּנְג צוּ בֶּעטִין אוּנ דוּא זָאלְסְט מִיר אוֹיף אַלְץ פֶערְצְהַייעֶן, אוּנ נָאכְהֶער וָועל אִיךְ שׁוֹין גַאנְץ רוּהִיג שְׁטַארְבִּין, אוּנ אוֹיבּ דוּא וִוילְסְט מִיר נִיט פֶערְצְהַייעֶן, גְלוֹיבּ אִיךְ דָאס וֶוען דוּא וֶועסְט זִיךְ

דער

דָער וִויסִין וָועטָען דוּא הַאלְטְט אוֹיף דַיינֶע הֶענְט, וֶועסְטוּ מִיר שׁוֹין גְלַייךְ אוֹיף אַלֶעס פֶערְצֶהַייעֶן, דָאס קִינְד וֶועלְכֶע אִיז אוֹיף דַיינֶע הֶענְט, אִיזְט עֶס דַיין קִינְד, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גִיבּוֹירִין נָאךְ דַיין אָפּ פָּארִין, דָאס קִינְד הַייסְט נַחְמָן, אַנָאמֶען נָאךְ דַיין זֶעלִיגִין גְרָאס פָּאטֶער.

מְנַשֶׁה אִיז אַלְץ אוֹיף דִיא קְנִיא גִישְׁטַאנֶען עֶר אִיז פוּן פְרַיידֶע אוּנ שְׁרֶעק בֶּערוֹישְׁט גִיוָוארִין, נָאר דִיא לֶעצְטֶע וָוארְטִין דְרֶעזֶעלֶעס דַאס „דָאס קִינְד אִיז זַיינֶער, אוּנ עֶר הַייסְט נָאךְ זַיין זֶעלִיגִין גְרָאס פָּאטֶער“ הָאט אִים עֶרְמוּנְטֶערְט, עֶר הָאט אוּם גִיאַרֶעמְט דָאשׁ קִינְד אוּנ גִיקוּשְׁט אוֹיךְ בֶּנֶעצְט מִיט זוּדִיגֶע טְרֶערִין, אוּנ נַאכְהֶער הָאט עֶר דָאשׁ זֶעלְבֶּע דְרֶעזֶעלִין גִיטָאן, עֶר אִיז אָנְפַאנְגְס נִיט אוּם שְׁטַאנְדֶע גִיוֶועז אַיין וָוארְט אַרוֹישׁ צוּ בְּרֵיינְגֶען, עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר אוֹישׁ גִישְׁרִיעֶן: אָה! גָאט! מַיין גְרָאס פָּאטֶער דָער הַיילִיגֶער מַאן אִיז שׁוֹין טוֹיט! עֶר לֶעבְּט שׁוֹין מֶער נִיט! אוּנ מַיין קִינְד אִיז נָאךְ אִים אַיין נָאמֶען! אָה! דִיזֶע שׁוֹידֶערְלִיכֶע נַאכְרִיכְט עֶרְשְׁטֶערְט מִיר דִיא יֶעצְטִיגֶע אָנְגְרֶענְצְלִיכֶע פְרַיידֶע! נָאר זַייא רוּהִיג מַיין אַיינְצִיגֶער טְרַייסְט — הָאט מְנַשֶׁה צוּא דְרֶעזֶעלִין וַוייטֶער גִיזָאגְט — אִיךְ פֶערְצֶהַייעֶ דִיר אוֹיף אַלְץ וַוייל, דוּא בִּיזְט דֶערְבַּיין נִיט שׁוּלְדִיג, נָאר זַייא גִיזוּנְד מִיר וֶועלִין שׁוֹין מִיט גָאטֶעס הִילְף אָן פַאנְגֶען צוּ גְנִיסִין אַיין רוּהִיגִין זִיסִין לֶעבִּין.

יֶעטְצְט קָאן אִיךְ שׁוֹין רוּהִיג שְׁטַארְבִּין — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט — מַיין וואוּנְשׁ פַאר מַיין טוֹיט בַּייא דִיר פֶערְצֶהַייאוּנְג צוּא בַּקוּמֶען אִיז שׁוֹין עֶרְפִילְט גִיוָוארִין, אוּנ מַיין אַיינְצִיגֶע טְהַייעֶרֶע קִינְד וֶועט שׁוֹין אָן מִיר אוֹיךְ עֶלִינְד נִיט בְּלַייבִּין, מַיין זָאהְן וֶועט בְּלַייבִּין בַּייא זַיין טְהַייעֶרִין פָּאטֶער, וֶועלְכֶער וֶועט אִים וִויסִין צוּ־שֶׁעצִין אַלֶעס אַיין דֶענְקְמָאל נָאךְ זַיין זֶעלִיגֶע מוּטֶער, אִיךְ שְׁטַארְבּ שׁוֹין גַאנְץ רוּהִיג אוּנ צוּ פְרִידִין... דְרֶעזֶעלֶע הָאט אִיר זָאהְן אוֹיף דִיא הֶענְט גִינוּמֶען אוּנ הָאט אִים צוּא גִידְרִיקְט צוּם הַארְצִין, דָאס קְנַאבּ הָאט מִיט זַיינֶע הֶענְטֶעלִיךְ אִיר אוּם גִיאַרֶעמְט אוּנ הָאט גִישְׁרִיעֶן: מוּטֶער מוּטֶער! אוּנ הָאט זִיךְ פַאר נַאנְדֶער גִיוַויינְט, אוֹיף אִים קוּקִינְדִיג הָאט אוֹיךְ דְרֶעזֶעלֶע אוּנ מְנַשֶׁה גִיוַויינְט, אוּנ אוֹיךְ אַדָאלְף מִיט אַלֶע דָערְבַּייא שְׁטֵייעֶר הָאבִּין פִיל טְרֶערִין פַאר גָאסִין, דִיא שְׁצֶענֶע אִיז גִיוֶועזֶען הֶעכְסְט רִירִינְד דָאס אַיין פֶעדֶער אִיז עֶס נִיט אִין קְרַאפְט אוֹיס צוּ שְׁרַייבִּין, אוּנ נַאכְהֶער אַז אַלֶע הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין גוּט אָן גִיוַויינְט הָאט מְנַשֶׁה צוּ דְרֶעזֶעלִין גִיזָאגְט:

נֵיין מַיין זֶעלֶע! נֵיין מַיין אוֹיג פוּן מַיין קָאפּ! יֶעצְט טָארְסְטוּ נִיט שְׁטַארְבִּין, יֶעצְט אִיז אוּנְז שׁוֹין גִיקוּמֶען צוּ לֶעבִּין רוּהִיג, אִיךְ בִּין שׁוֹין בַּאלְד אַדָאקְטָער, אוּנ פוּן דִיא וִוילְדֶע מֶענְטְשִׁין טְהִירִין וֶועלִין מִיר זִיךְ שׁוֹין אוֹיס הִיטִין, מִיר זַיינֶען שׁוֹין יֶעצְט בֵּיידֶע גְלִיקְלִיךְ נָאר דוּא זָאלְסְט לֶעבִּין.

נַהְמִינְקֶע — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט צוּא דָאס קְנַאבּ — פַאל אַרוֹיף דַיין פָּאטֶער אוֹיפִין הַאלְדְז אוּנ קוּשׁ אִים.

אִיךְ הָאבּ דָאךְ גָאר קֵיין פָּאטֶער — זָאגְט נַהְמִינְקֶע — וֶועמֶן זָאל אִיךְ קוּשִׁין?

דָער אִיז דַיין פָּאטֶער — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט צַייגִינְדִיג אוֹיף מְנַשֶׁהֶען — 

אים

אִים קוּשׁ אונ הַאלְדְז , פְרִיעֶר בַּייא נָאט אונ נָאכְהֶער בַּייא אִים אִיז דַיין גְלִיק . עֶר הָאט דִיר אויף דֶער וֶועלְט גִיבְּרַאכְט , אונ נָאכְהֶער הָאט עֶר דִיר פון שְׁוָוערִין דִינְסְט גִירֶעטֶעט קוּשׁ אִים מַיין זָאהְן , עֶר אִיז דָאס וֶוערְט .

נַאכְּמִינְקָע אִיז מְנַשֶׁהְ'ען אוֹיפִין הַאלְדְז גִיפַאלִין , אונ הָאט אִים מִיט זַיינֶע הֶענְטֶעלִיךְ אַרום גִיקְלַאמֶערְט אונ הָאט גִישְׁרִיעֶן : פַּאטֶערִיל ! אִיךְ הָאבּ אַייךְ הָאלְט ! אִיר וֶועט זַיין מַיין פַאטֶער , אונ זִיא מַיין מוּטֶער , אונ עֶר הָאט מְנַשֶׁהְ'ען בֶּעשְׁאטִין מִיט קוּשִׁינְגֶען אונ דֶער בַּייא זִיךְ פַאר חְלִיפֶעט פון גִיוויין .

אַדָאלְף אִיז אוֹיסֶער זִיךְ גִיוואָרִין פון דֶער רִירִינְדֶער שְׁצֶענֶע , „אַזוֹ דָאס אִיז אַייעֶר פְרוֹיא ? — הָאט עֶר צוּ מְנַשֶׁהְ'ען גִיזָאגְט — אונ דָאס אִיז אַייעֶר קִינְד ? אַזוֹ וִויא דִיא הַארְץ הָאט אַייךְ גִיזָאגְט אִים נִיט צוּ לָאזִין אָפּ גֶעבִּין אִין פְּרִיוט , אָה , אִיךְ בִּין גְלִיקְלִיךְ דָאס אִיךְ הָאבּ דֶעם גְלִיק גִיהַאט אַייךְ צוּ נוֹיף צוּ בְּרֵיינְגֶען“.

מְנַשֶׁה הָאט גְלַייךְ גִינוּמֶען בֶּעקוּקִין דְרֶעזֶעלֶעס קֶערְפֶּער אַלֶעס דָאקְטֶער , עֶר הָאט אִיר אַלֶעס מֶעדִיקֶער אַלֶע גְלִידֶער אָן גִיקְלַאפְּט אונ נַאכְהֶער דֶעם אוֹיעֶר צוּ גִילֵייגְט , עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר מִיט פְרֵיידֶע צוּ אַדָאלְפִין אוֹיף לִיטַיינִישׁ גִיזָאגְט : אִיךְ זֶעה יֶעצְט אִין אִיר קַיין גִיפַאהְר נִיט , אַדָאלְף הָאט אוֹיךְ גְלַייךְ אִיר פוּלְשְׁץ (דוֹפֶק) גִינוּמֶען אונ הָאט גִיזָאגְט : יַא , אִין דֶער וַוייִלֶע אִיז מִיט אִיר אַקְרִיזִיס גִיוֶוען , דִיא פְרֵיידֶע פון אַייעֶר פְּלוּצְלוּנְגֶען עֶרְשַׁיינוּנְג הָאט אוֹיף אִיהְר גוּטֶע ווירְקוּנְג גִימַאכְט , אונ יֶעצְט שַׁיינְט גְרוֹיסֶע הָאפֶענוּנְג צוּ הָאפִין אוֹיף אִיר קוּמֶען אוּם גִיזַאמְט צוּ אִיר פָאלִין גִיזוּנְדְהַייט .

מְנַשֶׁה הָאט דְרֶעזֶעלִין פון קְלִינִיק אוֹיס גִישְׁלָאסִין אונ הָאט אִיר אוֹיף אַייךְ גוּטִין קְוַוארְטִיר אִיבֶּער גִיפִירְט , עֶר הָאט צוּא אִיר דִיא גְרֶעסְטֶע עֶרְצְטֶע פַאר רוּפִין , אונ אַלֶע הָאבִּין הָאפֶענוּנְג גִיגֶעבִּין אוֹיף אִיר אוּם גִיזַאמְטִין גִיזוּנְד וֶוערִין , אונ עֶס אִיז טַאקֶע זָא רִיכְטִיג גִיוֶועזֶן , וָואס פון טָאג אִיז זִיא אַלְץ קְרֶעפְטִיגֶער גִיוָואָרִין , אונ אִין אַקוּרְצֶע צַייט הָאט זִיא שׁוֹין קְרַאפְט גִיהַאט אַלֵיין פון בֶּעטִיל אַרָאפּ צוּ שְׁטַייגִין , דִיא שְׁפַּאזְמֶע הָאט אִיר שׁוֹין גַאנְץ זֶעלְטִין גִיטְרָאפִין , מְנַשֶׁה הָאט דָאס אַלְץ מִיט פִיל פֶערְגְנִיגִין צוּא גִיזָעהֶען , עֶר הָאט אִיר נִיט עֶנְטְלַאסִין אוֹיף אַיין מִינוּט , יֶעדֶען טָאג אִיז עֶר מִיט אִיר שְׁפַּאצִירִין גִיפָארִין , זַייא הָאבִּין זִיךְ נִיט גִיקָאנְט אָפּ פְרֵייעֶן מִיט דִיא נִיסִים וֶועלְכֶע גָאט הָאט מִיט זַייא גִיטָאן , דָאס גְרַאדֶע וֶוען דְרֶעזֶעלֶע הָאט גִיהַאלְטִין בַּיין שְׁפִּיץ פון אִיהְר אוּמְגְלִיק הָאט גָאט אִיר דֶעם גְלִיק בֶּעווִיזִין , אוֹיךְ הָאבִּין זַייא גִילַאכְט וֶוען זַייא הָאבִּין גִירֶעט וֶוענִין מְנַשֶׁהְ'עס גִימֵיינְטֶע עֲגוּנָה , ווייל דְרֶעזֶעלֶע הָאט אִים אַלְץ רִיכְטִיג דֶער צֵיילְט וָואס עֶס הָאט פַּאסִירְט נָאךְ זַיין אָפּ רַייזִין , „מַיין פַאלְשֶׁע גְרוּשָׁה זִיצְט נָאךְ“ ? הָאט מְנַשֶׁה אִיר גִיפְרֶעגְט — „יַא , דֶער בַּאנְדִיט אִיז נָאךְ פַאר שְׁפַּארְט , אָבֶּער עֶר אִיז זִיךְ נִיט מוֹדֶה וֶוער עֶס הָאט אִים אוֹיף דִיר אָן גִירֵייצְט“ .

אִיךְ גְלוֹיבּ — זָאגְט מְנַשֶׁה — דָאס אִיךְ וֶועל קוּמֶען קַיין בֶּענְעבֶסִיף וֶועט זִיךְ שׁוֹין דֶער בַּאנְדִיט מוֹדֶה זַיין , אִיךְ וֶועל שׁוֹין דֶער צוּ אַלֶע מִיטְלֶען בְּרוֹיכִין , אונ

דַאדוּרְךְ װֶעל אִיךְ רַאבֶּע׳ נֶעמֶען פוּן אוּנְזֶערֶע אַלֶע פַיינְדֶע װֶעלְכֶע הָאבֶּען אוֹיף אוּנְז אוּמְגְלִיקִין גִיבְּרַאכְט .

דְרֶעזֶעלֶע הָאט אוֹיךְ מְנַשֶׁהְ׳עֶן דֶער צֵיילְט , װִיא מֶעהָאט בַּייא מְנַשֶׁהְ׳עֶן אִין קֶעשֶׁענֶע גִיפוּנֶען דֶעם בְּרִיף אִין דֶער צַייט אִין װֶעלְכֶע עֶר אִיז צוּם גַט אַװֶעק , אוּנ דֶער פוּן הָאבְּן זַייא גִישְׁלָאסֶען דָאס דִיא װַייבִּיל הָאט רֶעכְט .

דָאס װַאקְסְט פוּן אַהִיזִיגִין מֶענְטְשִׁין — הָאט מְנַשֶׁה גִיזָאגְט — דֶען קַיין פְּרֶעמְדֶער װָאלְט דָאךְ מִיר נִיט קָאנֶען אִין קֶעשֶׁענֶע אַבְּרִיף פַאר שְׁטֶעקִין , דֶער פוּן אִיז צוּ שְׁלִיסִין דָאס אַייזּ הוּיזִיגֶער פֶּערְזָאן נֶעמְט אַטְהַייל אִין דִיא שְׁטוּקֶעס , דְרוּם מַיין טְהַייעָרֶע דְרֶעזֶעלֶע זָאלְסְטוּ שׁוֹין מֶער נִיט לַאזִירִין בַּייא דַיינֶע עֶלְטֶערִין , נָאר װֶען דוּא װֶעסְט אִין בֶּענֶעכֶסִיף קָאמֶען זָאלְסְטוּ אַיין בֶּעזוּנְדֶערֶע קְוַוארְטִיר דִינְגֶען אוֹיסִין שְׁטָאט דֶער לוּפְט זָאל בֶּעקְוֶועם זַיין , װִיא דוּא װֶעסְט נָאר פָּאלְקָאם גִיזוּנְד װֶערִין װֶעסְטוּ גְלַייךְ נָאךְ בֶּענֶעכֶסִיף רַייזִין , אוּנ אִיךְ װֶעל אוּנְטֶער דֶעסִין מַיין עֶקְזַאמֶען הִיר מַאכִין , אוּנ נַאכְהֶער װֶעל אִיךְ נָאךְ פֶּעטֶערְבּוּרְג רַייזִין אוּם דָארְטִין דֶעם עֶקְזַאמֶען צוּ מַאכִין , דָאס װֶעט דוֹיעֶרִין אַיינִיגֶע מָאנְהַייטִין , אוּנ אַלֶעם אִיךְ װֶעל שׁוֹין מִיט אַלְץ פַארְטִיג זַיין אוּנ אִיךְ װֶעל שׁוֹין בֶּעקוּמֶען אַיין שְׁטֶעלֶע װֶעל אִיךְ צוּא דִיר אִין בֶּענֶעכֶסִיף קוּמֶען דִיר אָפּ צוּא נֶעמֶען , אוּנ מִיר װֶעלִין דָארְטִין נָאר אַיינִיגֶע טֶעג פַאר בְּרֵיינְגֶען מִיט אוּנְזֶערֶע גוּטֶע פְרַיינְד , נָאר זָאג מִיר װָאס מַאכְט מַיין פְרַיינְד לֶעאָנְטַאל דֶער רַאבִּינֶער ?

זָאלִין דָאס אוּנְזֶערֶע פַיינְדֶע מַאכִין װָאס עֶר מַאכְט — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶר אִיז שׁוֹין פוּן שְׁטֶעלֶע אַרָאפּ אוּנ גִיפִינְט זִיךְ אִין גְרוֹיס נוֹיטִין , זַיין שְׁװִיגֶער פָאטֶער פוּן װֶעלְכִין עֶר הָאט עֶטְװָאס שְׁטִיצֶע בַּקוּמֶען אִיז אָפּ גִישְׁטָארְבִּין , אוּנ זַיין שְׁװִיגֶער מוּטֶער לִיגְט נָאךְ אוֹיךְ אוֹיף זַיין קַארְק , אוּנ צוּ דִיא צָרוֹת אִיז זִיא נָאךְ מְשׁוּגֶע גִיװָארִין , אוּנ נָאךְ מֶער . . .

װָאס נָאךְ מֶער ? הָאט מְנַשֶׁה גִיפְרֶעגְט — װָארוּם הָאסְטוּ זִיךְ אָפּ גִיהַאלְטִין טְהַייעָרֶע דְרֶעזֶעלֶע ?

אִיךְ װִיל דִיר נִיט בֶּעאוּנְרוּהִיגִין מִיט מַיין יֶעצְטִיגִין טְרוֹיעֶרִיגִין נַאכְרִיכְט — הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִיזָאגְט .

דָאךְ זָאג עֶס מִיר , אִיךְ קָאן שׁוֹין נִיט דוּלְדִין , זָאגְט מְנַשֶׁה .

זַיין זוּן יוֹסֵף אִיז אִין שַׁאוֶערֶע נִי . . . גִישְׁטָארְבִּין , עֶר אִיז װִיא מֶעזָאגְט אִין װַייסִיל דֶער טְרוּנְקֶען גִיװָארִין , אוּנ דֶער מִיט אִיז שׁוֹין דֶעם רַאבִּינֶערְס מָאס צָרוֹת עֶרְפִילְט גִיװָארִין .

אָה גָאט ! װָאס הֶערִין מַיינֶע אוֹיעֶרִין ?! הָאט מְנַשֶׁה גִישְׁרִיעֶן — יוֹסֵף אִיז גִישְׁטָארְבִּין , אוּנ דִיא אַלֶע צָרוֹת מִיט אַיין מָאל אִיז גִיקוּמֶען אוֹיף מַיין בֶּעסְטִין גוּטִין פְרַיינְד , אוּנ אַלְץ דוּרְךְ שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין , אוּנ דוּרְךְ דִיא בְּלוּטִיגֶע אִידִישֶׁע קַארְאבְּקֶע ! , אוּנ װָאס אִיז מִיט זָאהְנְשַׁיינֶען ?

מִיט זָאהְנְשַׁיינֶען ? זָאגְט דְרֶעזֶעלֶע — דֶער מֶענְטְשׁ שְׁמַייכְט װָאס פוּן טָאג , װָאס װַייטֶער הָאט מֶען פַאר אִים אַלְץ מֶעהְר מוֹרָא , אַלֶע דִינְגֶען אִים יֶעצְט װִיא

אנעצין

נאָך קְרַאנְק, דְרוּם בִּיזְטוּ קַאפְּרִיסְנָע, זָאגְט יִצְחָק — נָאר אַלֶץ מָאגְסְטוּ רֵיידִין, אָבֶער זָאלְסְט מֶער נִיט דֶער מָאגֶען אַז דוּא בִּיזְט מִיר צוּם לַאסְט.

פֶערְצְהַייָע מִיר מַיין טְהַייעָרֶער מַאן!.

נַאדִיר דִיא וַואשֶׂער, זָאגְט יִצְחָק — נָאר טְרִינְק נִיט הַאסְטִיג, וַוייל דִיא וַואסֶער אִיז נָאךְ קַאלְט.

אִיךְ דַאנְק דִיר פוּן טִיפִין הַארְצִין, יִצְחָק! הָאט זָאפְיָע גִיזָאגְט אוּנ הָאט גִיטְרוּנְקֶען מִיט גְרוֹיס דָארְסְט.

אוֹי, וֵוייא, — הָאט זָאפְיָע נַאכְהֶער גִישְׁרִיעֶן — אִיךְ בִּין פַּאר קֶעלְטֶעט גִיוָוארִין — אִיךְ לִיג אַזוֹ וִויא אִין אַייז אוּנ אִיךְ קָאן מִיט קַיין גְלִיד נִיט אַרִיר טָאן.

יִצְחָק הָאט פוּן זִיךְ דָעם מַאנְטִיל אוֹיס גִיטָאן אוּנ הָאט דָער מִיט זָאפְיָען צוּ גִידֶעקְט, אוּנ עֶר אִיז גִיבְּלִיבִּין אִין אֵיין הָעמְד.

וָואס הָאסְטוּ גִיטָאן? — זָאגְט זָאפְיָע — דוּא וֶועסְט דָאךְ פַאר פְרָארִין וָוערִין פוּן קֶעלְט!.

וָוען דוּא וֶועסְט זִיךְ עֶטְוָואס דֶער וַוארֶעמֶען, וָועל אִיךְ צוּרִיק נֶעמֶען מַיין מַאנְטִיל אוֹיף אַוֶועלֶע, זָאגְט יִצְחָק.

אוֹי דוּא בְּעֶדְנִינֶקֶער אֶרִינְטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ! הָאט זָאפְיָע גִיזָאגְט אוּנ אִיז שְׁטִיל גִיבְּלִיבִּין, אִין זַייעֶר שְׁטִיבֶּעלֶע הָאט זִיךְ דִיא טוֹיטֶע שְׁטִילְקֵייט צוּרִיק אוּם גִיקֶערְט, אוּנ זָאפְיָע אִיז אַוֶעקְגֶעשְׁלָאפִין גִיוָוארִין, פוּן שְׁלָאף הָאט זִיא פוּן מַאנְיֶע גִירֶעט דִיא וָוערְטֶער: אָה! ... מַיין יוֹסֵף!... וָואס מַאכְסְטוּ... גָאלְד זִילְבֶּער מִיט דִימֶענְטִין... אוֹי זָאהְנְשִׁיין! מֶערְדֶער!... אַרוֹיס פוּן מַיין שְׁטוּב!... אַהַא, דוּא בִּיזְט שׁוֹין זִיךְ גִיקוּמֶען בֶּעטִין... אַחַאלֶעף הַאלְסְטוּ אִין הַאנְד!... דוּא קוֹילֶעסְט!... אַהֶער! רָעטֶע יוֹסֵף!... וואו בִּיזְטוּ יוֹסִיפִיל!... אָה גִיטָא!... דֶער טְרוּנְקֶען! אוֹי וַוייא! גְוַואלְד גְוַואלְד! רָעטֶעט!... יִצְחָקִין אִיז זוּדְקֶע גִיוָוארִין פוּן אִיר בְּרָאדְזֶען, עֶנְדְלִיךְ וִויא זִיא הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּא שְׁרַייעֶן מִיט וִוילְדֶע קוֹלוֹת הָאט אִיר אוֹיף גִיצוּחָעט „וָואס אִיז דִיר מַיין טְהַייעָרֶע פְרוֹי"? הָאט עֶר אִיר גִיפְרֶעגְט — אִיז דִיר עֶטְוָואס לַייכְטֶער?.

גֵיין, הָאט זָאפְיָע גִיעֶנְטְפֶערְט — מַיינֶע פִיס זַיינֶען גִיוָוארִין קַאלְט וִויא שְׁטִיקֶער אַייז, נָאר דוּא טְרֵייסִילְסְט זִיךְ דָאךְ אוֹיךְ פוּן קֶעלְט, טוּא שׁוֹין אָן דַיין מַאנְטִיל אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין עֶטְוָואס דֶער וַוארִימְט, אוֹיךְ פַאר לֶעשׁ דִיא לִיכְט, עֶס שַׁיינְט שׁוֹין דֶער טָאג.

## 55) דֶער אוּמְגְלִיק אוֹיף דָער הֶעכְסְטֶער שְׁטוּפֶּע.

דִיא לִיכְטִיגְקֵייט פוּן טָאג הָאט זִיךְ אִין יִצְחָקְס שְׁטִיבֶּעלֶע אַרַיין גִישְׁפַּארְט דוּרְךְ דִיא אָן גִיפְרָארֶענֶע פֶענְשְׁטֶער, אוּנ עֶס הָאט בֶּעלַייכְטֶעט דִיא אָרִימְקֵייט פוּן זַייעֶר שְׁטִיבֶּעלֶע אוֹיף וֶועלְכֶע עֶס הָאט בַּדֶעקְט דִיא נַאכְטִיגֶע פִינְשְׁטֶערְנֶעס, אִין דֶער וַוייל הָאט זִיךְ דָער הֶערְט קְלַאפִּינְדִיג אִין טִיר.

יִצְחָק הָאט גִיהֵיילְט צוּ עֶפֶענֶען דִיא טִיר, אוּנ עֶס זַיינֶען אַרַיין צְוַוייא מֶענְטְשִׁין

מֶענְטְשִׁין, דֶער אִיסְפְּרַאווְנִיק מִיט זַיין פַּאמָאטְשְׁנִיק.

וָואס בְּרוֹיכִין זַייא דָא? הָאט זַייא גִיפְרֶעגְט יִצְחָק וָועלְכֶער אִיז בַּייא זַייעֶר אַרַיין קוּמֶען זַייעֶר עֶרְשְׁרָאקִין גִיוָוארִין.

מִיר זַיינֶען גִיקוּמֶען אַייךְ צוּ אַרֶעסְטִירִין, אַזוֹ הָאבִּין מִיר בַּקוּמֶען אַיין פְּרִיקַאז פוּן פַּאלַאטֶע, וַוייל זַייא הָאבִּין אַייעֶר דְוָעלָא זַייעֶר שְׁלֶעכְט אָן גִינוּמֶען, נָאר אִיר קָאנְט זִיךְ בָּעפְרַייעֶן פוּן אַייעֶר אַרֶעסְט אִין פַאל וֶוען אִיר וֶועט פַאר זִיךְ נָאר פִינְף הוּנְדֶערְט רוּבִּיל זַאלָאג לֵייגִין.

דִיזֶער סְיוּרְפְּרִיז הָאט וִויא אַדוּנֶער אַיין גִישְׁלָאגִין. יִצְחָקִין מִיט זַיין הוֹיז גִיזִינְד, יִצְחָק אִיז גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין וִויא עֶרְשְׁטֵיינֶערְט דִיא שְׁטַארֶע אוֹיגִין אוֹיס גִיגְלָאצְט, זָאפְיֶע הָאט זִיךְ פַאר נַאנְדֶער גִיוַויינְט מִיט אַרִירִינְדֶע שְׁטִימֶע, דִיא קִינְדֶער הָאבִּין גִיקְלָאגְט אוּנ גִיוַויינְט אוֹיף זַייעֶרֶע שְׁטִימֶעלִיךְ, דִיא מְשׁוּגָעֶנֶע הָאט זִיךְ אַנִידֶער גִיזֶעצְט אוּנ גִיבְּרוּמְט, דֶער אִיסְפְּרַאווְנִיק מִיט זַיין בֶּעגְלֵייטֶער זַיינֶען פוּן דֶער שְׁצֶענֶע גִירִירְט גִיוָוארִין, זַייא זַיינֶען גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין וִויא שְׁטַאטוּעֶן, אוּנ אוֹיף וִויא וַוייט דֶער אִיסְפְּרַאווְנִיק הָאט בִּיז אַהֶער זָאהְנֶשֵׁיינֶען גִיגְלוֹיבְּט אַז דֶער רַאבִּינֶער אִיז אַיין אַנְטְלָאפֶענֶער סָאלְדַאט, הָאט עֶר אִין דֶער וַוייל שְׁטַארְק חֲרָטָה גִיהַאט וָואס עֶר הָאט אִים גִיהָאלְפִין שְׁטִיקִין, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אִין אִים עֶרְוֶועקְט עֶרְבַּארֶעמוּנְג אוֹיף דִיא סִימֵייסְטְוָוא, נָאר עֶס אִיז שׁוֹין נָאךְ דֶער צַייט עֶר הָאט אִים שׁוֹין נִיט גִיקָאנְט הֶעלְפִין, זַייא זַיינֶען גִישְׁטַאנֶען בִּיז עֶס אִיז זַייא שׁוֹין אִיבֶּער דְרִיסִיג גִיוָוארִין צוּ הֶערִין דֶעם חָאר פוּן דִיא גִיזִינְטִיל, דַאהֶער הָאבִּין זַייא זִיךְ גִיקֶערְט צוּא יִצְחָקִין אוּנ גִיזָאגְט: מִיר מוּזִין אוּנְזֶער פְּפְלִיכְט גֶענְצְלִיךְ עֶרְפִילִין דֶערוּם פַאר וַויילִין זַייא נִיט אוּנ קוּמְט מִיט אוּנְז.

הָאט רַחֲמָנוּת מַיינֶע גוּטֶע הֶערִין! הָאט זָאפְיֶע גִישְׁרִיעֶן פוּן אִיר בֶּעטִיל — אִיךְ גְלוֹיבּ נִיט אִיר זָאלְט אַזוֹ שְׁלֶעכְט זַיין צוּא הָאבִּין אַהַארְץ מַיין מַאן צוּא אַרֶעסְטִירִין; דֶען וָואס וֶועט זַיין דֶער עֶנְד פוּן מִיר מִיט מַיינֶע פִינְף קִינְדֶערְלִיךְ מִיט מַיין מְשׁוּגָעֶנֶע מוּטֶער?! הָאט מִיטְלֵייד מַיינֶע הֶערִין! עֶרְבַּארֶעמְט זִיךְ אוֹיף אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע סִימֵייסְטְוָוא! זָאפְיֶע הָאט זִיךְ גִיקֶערְט צוּ דִי קִינְדֶר אוּנ גִיזָאגְט, קְנִיהֶעט זִיךְ מַיינֶע בֶּיעֶדְנִינְקֶע קִינְדֶערְלִיךְ! קְנִיהֶעט זִיךְ צוּא דִיא פִּיס פוּן דִיא עֶרְבַּארִימְדִיגֶע הֶערִין, קוּשְׁט זַייעֶרֶע פִּיס אוּנ בֶּעט זַייא; זַייא זָאלִין נִיט גִיפַאנְגֶען נֶעמֶען אַייעֶר פָאטֶער, אַייעֶר פָאטֶער וֶועלְכֶער גִיט אַייךְ פָארְט אַשְׁטִיקִיל בְּרוֹיט אוֹיף צוּא הַאלְטִין דִיא נְשָׁמוֹת!.

דִיא קִינְדֶער זַיינֶען מִיט צִיטֶערְנֶעס צוּ גִיפַאלִין צוּ זַייעֶרֶע פִּיס מִיט אַהִיטֶערִין גִיוַויין: הָאט רַחֲמָנוּת! עֶרְבַּארֶעמְט זִיךְ אוֹיף אוּנְז, אוֹיף אוּנְזֶער קְרַאנְקֶע מוּטֶער! נֶעמְט נִיט צוּ פוּן אוּנְז אוּנְזֶער פָאטֶער! זַייא הָאבִּין זַייא דִיא פִּיס גִיקוּשְׁט אוּנ שְׁרֶעקְלִיךְ גִיוַויינְט, דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע מַרְאֶה הָאט עֶרְוֶועקְט דִי עֶרְבַּארֶעמוּנְג פוּן דִי נַאטְשַׁאלְסְטְוָוא, זַייעֶרֶע אוֹיגִין הָאבִּין גִיפְלִיסְט טְרֶערִין, פוּן שְׁרֶעק הָאבִּין זַיי זִיךְ אָפּ גִירוּקְט עֶטְלִיכֶע טְרִיט אַהִינְטֶער, נָאר פְּלוּצְלוּנְג אִיז נָאךְ אַגְרֶעסֶערֶע צָרָה גִיוָוארִין, אַצָרָה דוּרְךְ וֶועלְכֶע אַשְׁטֵיינֶערְנֶע הַארְץ דַארְף זִיךְ צוּ בְּרֶעקְלֶען: רָאזֶע

וועלכע

וָועלְכֶע אִיז גֶילֶעגִין אוֹיפִין שֶׁענִיק מִיט אִיר שְׁוָועסְטָערִיל בְּלוּמִינְקֶע, הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן מַאמִינְקֶע מַאמִינְקֶע! — אִיךְ וַויים נִיט וָואס מִיט בְּלוּמִינְקֶען אִיז גִיוָוארִין? — אִיר לַייבֶּעלֶע אִיז קַאלְט וִויא אַשְׁטִיק אַייז, אִירֶע אוֹיגִין הָאבִּין זִיךְ גִישְׁטָעלְט אוֹיף אַמָאס, אוּנ זִיא הָאט קֵיין אָטֶעם נִיט. —

בְּלוּמִינְקֶע וָועלְכֶע אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ קְרַאנְק גִיוֶוען, אִיז וִויא עֶס שַׁיינְט אַיין עֶווִיגִין שְׁלָאף אַיין גִישְׁלָאפִין אִין דִיא אָרֶעמְס פוּן אִיר שְׁוָועסְטֶער גָאר אָן אַקְרֶעכְץ, קַיין מוּנְד אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְדֶע פָאר צוּ שְׁטֶעלִין דִיא הֶעלִישֶׁע וַוייטִיגֶען וָועלְכֶע עֶס הָאט אָנְגִינוּמֶען זָאפְיֶען הֶערִינְדִיג דִיא פָארְכְטִיגֶע בְּשׂוֹרָה, אִיר הַארְץ הָאט אִיר גִיזָאגְט אַז אִיר בֶּעֶדְנִינְקֶע קִינְד אִיז גִישְׁטָארְבִּין, מַאסִין אָכְצִין הָאבִּין זִיךְ אוֹיש גִירִיסִין בַּייא אִיר פוּן טִיפִין הַארְצִין, „בְּלוּמִינְקֶע לִיגְט וִויא אַטוֹיטֶע! אָה וַוייא עֶרְבַּארֶעמְלִיכֶער גָאט! עֶס טְרַייסִילְט מִיר הֶענְט אוּנ פִיס! הָאט רָאזֶע גִישְׁרִיעֶן אוֹיף שְׁטַייגִינְדִיג אוּנ אַרוֹיף פַאלִינְדִיג דִי מוּטֶער אוֹיפִין הַאלְדָז.

זָאפְיֶע הָאט פַאר נֶעסִין אַז זִיא אִיז אָן קְרֶעפְטִין זִיךְ פוּן אָרְט צוּ רִירִין, זִיא הָאט זִיךְ מִיט אִינְפֶּעט אַוֶועק גִישְׁטֶעלְט צוּ גַיין צוּא אִיר טָאכְטֶער, נוּר פוּן שְׁלַאפְקַייט אִיז זִיא אוֹיף דֶער עֶרְד אַנִידֶער גִיפַאלִין מִיט אַווִילְדִין קְרֶעכְץ, אִיר קְרֶעכְץ הָאט וִויא אַדוּנֶער אַרַיין גִידְרִינְגְט יִצְחָקִין אִין הַארְצִין אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף נִיצוּהֶעט פוּן דִיא צוּמִיסְטְקַייט אִין וָועלְכֶע עֶר אִיז בִּיז אַהֶער גִישְׁטַאנֶען, עֶר אִיז צוּ גִילָאפִין צוּ בְּלוּמִינְקֶען, אָבֶּער זִיא אִיז — וִויא אַגִישְׁטָארְבֶּענֶע, קַאלְט וִויא אַייז אוּנ אַלֶע אִירֶע גְלִידֶער זַיינֶען פַאר גְלִיוֶוערְט גִיוָוארִין.

יִצְחָקִין הָאט זִיךְ דִיא הָאר וִויא נָאדְלֶען נִישְׁטֶעלְט פוּן טְרוֹיעֶר אוּנ צִיטֶערְנֶעס עֶר אִיז גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין וִויא אַשְׁטִיק הָאלְץ הַאלְטִינְדִיג אוֹיף דִיא הֶענְט דֶעם טוֹיטִין קֶערְפֶּער פוּן זַיין קִינְד, אוּנ מִיט דוּנְקֶעלֶע אוֹיגִין אוֹיס גִיטְרִיקִינְטֶע פוּן טְרֶערִין קוּקְט עֶר אוֹיף אִיר.

יִצְחָק! יִצְחָק דֶער לַאנְג מִיר בְּלוּמִינְקֶען — הָאט דִיא אָרִימֶע מוּטֶער גִישְׁרִיעֶן אוֹיס שְׁטְרֶעקִינְדִיג דִיא הֶענְט — אִיךְ גְלוֹיבּ נִיט, אִיךְ גְלוֹיבּ נָאךְ נִיט אַז דָאס קִינְד אִיז שׁוֹין גִישְׁטָארְבִּין, דוּ וֶועסְט אַלֵיין זֶעהֶן וִויא אִיר לַייבֶּעלֶע וֶועט זִיךְ עֶרְוַוארְמֶען וֶוען דוּא וֶועסְט אִיר אִין מַיין שׁוֹיס אַרַיין לֵייגִין.

דִיא מְשׁוּגָעֶנֶע הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אוּנ הָאט זִיךְ אַיינְגִיקוּקְט אִין טוֹיטִין קֶערְפֶּער פוּן דָאס קִינְד, זִיא הָאט גִיבְּרוּמְט אוּנ גִירָאוֶועט מִיט וִוילְדֶע קוֹלוֹת: אַהוּנְגֶערִיקֶע, דִיא מֵיידִיל אִיז אַהוּנְגֶערִיקֶע, אָה וַוייא! אַהוּנְגֶערִיקֶע!.

זָעט מַיינֶע הֶערִין — זָאגְט יִצְחָק צוּא דִיא נַאטְשַׁאלְנִיקֶעס — זָעט מַיין גִישְׁטָארְבֶּענֶע טָאכְטֶער — אַפִינְף יָארִיגֶע — נֶעכְטִין הָאבּ אִיךְ אִיר נָאךְ גִיקוּשְׁט, אוּנ יֶעצְט אִיז זִיא שׁוֹין אַנִישְׁטָארְבֶּענֶע — בְּלוּמִינְקֶע מַיינֶע! וֶוער דוּ לֶעבֶּעדִיג אוּנ אִיךְ וֶועל גַיין אִין קֶבֶר אָנְשְׁטָאט דִיר — אַזוֹ הָאט דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פָאטֶער גִירֶעט אוּנ זַיין פֶערְשְׁטַאנְד הָאט זִיךְ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ פֶער רוּקִין.

יִצְחָק, גִיבּ מִיר אַהֶער דָאשׁ קִינְד, אִיךְ וֶועל אִיר הָאטְשׁ נָאךְ אֵיין מָאהְל אָנְקוּקִין אוּנ אָנְקוּשִׁין — הָאט זָאפְיֶע גִישְׁרִיעֶן מִיט דִיא לֶעצְטֶע קְרֶעפְטִין.

נאדיר

נאדיר דאשקינד — האט יצחק גיזאגט דער לאנגינדיג דאס קינד אין די אָרעמס פון דיא מוטער, ער האט זיך מיט דיא הענט דיא גיזיכט פאר דעקט אונ האט ביטערליך גיוויינט מיט אצובראכענע הארץ.

זאפּע האט לעבין זיך דיא טויטע קינד אָוועק גילייגט, אונ האט אויף דאס נייא ערוועקט אקלאג מיט אַוויא גישרייא, זיא האט איר הספד גיענדיגט מיט דעם: מיין קינד, דוא וועסט זיך דאך שוין זעהן מיט דיין ברודער יוסיפון אויף דער עוויגער וועלט, דער צייל אים חאטש אין וועלכע נויטין מיר גיפינען זיך, אז דער הונגער איז דער פאטער פון מיינע קינדער, אונ דיר האט ער דיא ערשטע פאר אקרבן צו גינומען, אונ איר ביידע, ריינע זעלעס! ערוועקט אויף אונז ערבארעמונג פון דעם אלמעכטיגין גאט, אונ זיין צארין — אויף די וואס האבין דאס אויף אונז גיבראכט, אהו! מיין שיינער בלום! מיין פראכטיגער בוקעט! דוא ביזט פלוצלונג פון מיר אפּ גיריסין גיווארין... אלע קינדער האבין זיך ארום גישטעלט ארום זייער טויטע שוועסטער אונ האבין גיוויינט אונ גישריען ביטערליך.

יצחק האט זיך פון שמערצין דיא האר פון קאפּ גיריסין אונ גישריען: ווער האט דאס מיט אַויילע צוריק גירעכינט אז דער טויט וועט פון אונז אפּ פליקין דיא זיסינקע בלומינקען! אונ איך עלינטער מענטש פארמאג אפילו ניט צו קויפין פאר דיר תכריכים! בלומינקע! אנאקעטע ביזטו אויף דער וועלט גיקומען אונ אנאקעטע גייסטו אוועק פון דער וועלט — וויא איז מיר! ווער וואלט מיר אומגיבעטין אויף דיר?! איך פאר מאג ניט דיר אויף אפּור אוועק צוא פירין! איך וועל דיר אונטער מיינע אָרימס אליין אוועק טראגין אויפין בית הקברות... מיין טאכטער! מיין טאכטער! הא! הא! הא! האט ער זיך מיט אביטערין גילעכטער צו לאכט, ווייל זיין פארשטאנד האט זיך פאר רוקט אויף דער ווייל.

דער איספראווניק מיט זיין פאמאטשניק האבין טייכין טרערין פאר גאסין קוקינדיג אויף דער שצענע, נאר אם ענדע האט דער איספראווניק צוא זיין פאמאטשניק גיזאגט: ביז וויא לאנג וועלין מיר דא שטיין? מיר מוזין דאך פארט אונזער שולד ערפילין, „קומט מיט אונז הער לעאנטאל! איר וועט זיך אביסיל פון אייער דול ארויס שלאגין — האבין זייא צו אים גיזאגט — מיר קאנען שוין דא מער ניט פארברייגען, קומט מיט אונז ווען איר האט ניט קיין פינף הונדערט רובל אויף זאלאג.

ליבע הערין! — האט יצחק צו זייא גיזאגט שטילערהייד — טוט מיט מיר חאטש דיא גינאדע, איר זאלט זאגין אין דער הויך אז איר בעפרייט מיר דער ווייל, אונ איר גייט ארויס אויף דרויסין אונ ווארט אויף מיר, אין איינינגע מינוטין ארום וועל איך צו אייך ארויס גיין... אום דעם מיין ווייב אונ קינדער זאלין מיט זייערע אויגין ניט זעהן וויא מען נעמט מיר צוא פון זייא, דען זייא וועלין דאס ניט אויס האלטין זעהענדיג, אונ איך קאן פון זיגען אראפּ ביי וואהנענדיג אזא איין שצענע.

זייא הָאבִּין גִיטָאן וִויא עֶר הָאט פֶּערְלַאנְגְט אונ זַיינֶן אַרויש.
מַאמִינְקָע, מַאמִינְקָע! — הָאבִּין דִיא קִינְדֶער גִישְׁרִיעֶן מִיט אַפְּרֵיידֶע — זָע מֶענֶעמְט שׁוֹין נִיט צוּ פוּן אוּנְז דֶעם פָּאטֶער.
יִצְחָק הָאט גִיזַאמְט אַפָּאר מִינוּט, אוּנ אַז עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז אַלֶע הָאבִּין פוּן אִים דִיא אוֹיגִין אַרָאפּ גִינוּמֶען, הָאט עֶר זִיךְ פַּאמֶעלִךְ אַרויס גִירוּקְט דוּרְכִין טִיר, אוּנ אוֹיף יֶענֶער זַייט טִיר הָאט עֶר דוּרְכִין שְׁפַּאלְט גִיקוּקְט אוֹיף זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, אוּנ הָאט אִין זִיךְ גִיזָאגְט: פֶּער בְּלַייבּ גִיזוּנְד מַיין טַייעֶרֶע פְרוֹיא! בְּלַייבְּט גִיזוּנְד מַיינֶע לִיבֶּענְקֶע קִינְדֶערְלִיךְ! אִיךְ פֶּערְלָאז אַייךְ שׁוֹין, אוּנ גָאט ווייס אוֹיבּ אִיךְ וָועל זִיךְ שׁוֹין מִיט אַייךְ אַמָאל זָעהֶן, נָאר אִיךְ פֶּער לָאז אַייךְ אִין דִיא הֶענְט פוּן אַפִּיל בֶּעסֶערִין אוּנ רַייכֶערִין פָּאטֶער, אִיךְ פֶּער לָאז אַייךְ אִין גָאטֶעס הֶענְט, עֶר וָועט אַייךְ שׁוֹין מוּזִין שְׁפַּייזִין.

## 56) דִיא הֶעסְלִיכֶע.

צַייט דְרֶעזֶעלֶע אִיז פוּן בֶּרְלִין גִיקוּמֶען אִיז זִיא שְׁטֶענְדִיג פְרֵיילִיךְ גִיוָועז, בַּיי אִיר פְלֶעגְט אָפְט צוּ זַיין פֶּערְזַאמְלוּנְגֶען פוּן אִירֶע פְרַיינְדִינֶעס, אוּנ מִיט אַיין וָוארְט הָאט מֶען אַלֶץ גִישְׁפְּרָאכִין פוּן גָאטֶעס וואוּנְדֶער וָועלְכֶע עֶר הָאט גִיטָאן מִיט אִיר דָאס זִיא הָאט מִיט אַוואוּנְדֶערְבַּארִין צוּפַאל מְנַשְׁהֶען גִיטְרָאפִין, זִיא הָאט מְנַשְׁהֶעס קוּמֶען עֶרְוַוארְטֶעט פוּן טָאג צוּא טָאג, אִיר וָואהְנוּנְג הָאט זִיא צוּא גִיפּוּצְט מִיט אַגוּטִין גִישְׁמַאק זִיא זָאל אִין אִים מְנַשְׁהֶען קָאנֶען עָמְפְּפַאנְגָען.
נוּר מְנַשְׁהֶעס קוּמֶען הָאט זִיךְ פֶּערְזַאמְט, וַוייל זַיין עָקְזַאמֶען אִין בֶּרְלִין הָאט מֶער גִידוֹיעָרְט אַלֶעס עֶר הָאט גִירֶעכִינְט אוּנ דָאס גְלַייכִין אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג. אוּנ אַזוֹ אִיז זִיךְ דֶער זוּמֶער אַרִיבֶּער גִילָאפִין אוּנ דֶער וִוינְטֶער הָאט זַיין שְׁטֶעלֶע בֶּעטְרָאטִין, אַיין שְׁרֶעקְלִיכֶער ווינְטֶער וֶועלְכֶער אִיז מִיט אַיין מָאל מִיט זַיין שְׁטַארְקַייט אַרוֹיף גִיפַאלִין אוֹיף דֶער וָועלְט, אַרוּם דְרֶעזֶעלֶעס וָואהְנוּנְג הָאט זִיךְ שׁוֹין מֶער נִיט גִיזֶעהֶן דִיא בְּלִיהֶענְדֶע בְּלוּמֶען מִיט דִי גְרִינִינְקֶע בְּלֶעטֶעלִיךְ פוּן דִיא בּוֹימֶער, נוּר דִיא עֶרְד אִיז בֶּעקְלֵיידֶעט גִיוָוארִין מִיט אַווייסֶע קְלֵייד, דִיא בּוֹימֶער הָאבִּין זִיךְ אִין ווייסֶע תַּכְרִיכִים אָנְגִיקְלֵיידֶעט, דִיא בְּרֶענֶעס פוּן דֶעם רוֹישְׁנְדִין טַייךְ אִין וָועלְכִין דְרֶעזֶעלֶעס פֶּענְסְטֶער אִיז אַרַיין הָאבִּין גִיהַאפְּט פְרִירִין.
דָאס אַלֶץ הָאט אוֹיף דְרֶעזֶעלִין אַיין קוּמֶער אַרוֹיף גִיוָוארְפִין, אוֹיךְ אִירֶע פְרַיינְדֶען הָאבִּין אִיר שׁוֹין מֶער נִיט בֶּעזוּכְט אִיבֶּער דִיא קֶעלְטִין, זִיא הָאט שׁוֹין בַּאקוּמֶען פוּן זִימֶל וַויינְשְׁטָאק אַגִירוּס פוּן מְנַשְׁהֶען דָאס עֶר הָאט שׁוֹין בֶּעטְרָאטִין אִין שַׁאוּרֶע זַיין שְׁטֶעלֶע אוּנ עֶר וָועט אוּמְגִיזַאמְט קוּמֶען, אָבֶּער עֶס אִיז אַוֶועק נַאכְדֶעם אַמָאנְהַייט אוּנ מְנַשֶּׁה אִיז נָאךְ נִיטָא, זִיא אִיז דֶער פוּן קוּמֶער פָאל גִיוָועז, וַוייל זִיא אִיז שׁוֹין גִיוֵויינְט גִיוָוארִין צוּ צָרוֹת הָאט זִיא שׁוֹין אִין גוּטֶעס נִיט גִיגְלוֹיבְּט, אִיר הַארְץ הָאט אִיר גִיזָאגְט דָאס אִיר עֶרְוַוארְטֶעט אַנַייעֶר אוּמְגְלִיק, זִיא הָאט נִיט גִיוואוּסְט וָואס אִיבֶּער צוּ קְלֶערִין וֶועגִין מְנַשְׁהֶעס פֶּערְזַאמֶען זִיךְ, זִימֶל וַויינְשְׁטָאק פְלֶעגְט אִיר שְׁטֶענְדִיג טְרֵייסְטִין, דָאס גִיוִוים הָאט מְנַשֶּׁה פִּיל

ארבעט

אַרְבָּעט אִין שַׁאוּדֶע אוּנ עֶר קָאן נָאךְ נִיט בֶּעקוּמֶען קַיין אָטְפּוּסְק, אָבֶּער דָאס הָאט אוֹיף אִיר אוֹיךְ נִים גִיוִירְקְט „וֶוען אַזוֹ — פְלֶעגְט זִיא זָאגִין — וָואלְט עֶר דָאךְ מִיר אַם וֶוינִיגְסְטִין אַבְּרִיף שְׁרַייבִּין“.

אַזוֹ פְלֶעגְט זִיךְ דְרֶעזֶעלֶע זִיצִין אִין אִיר קְוַוארְטִיר אִין אֵיינְזַאמְקַייט, זִיא הָאט אַיין מֶענְטְשִׁין אִין דִיא אוֹיגִין נִיט אָנְגִיזֶעהֶן, דֶען עֶר הָאט אִיר אוֹיךְ אוֹיף גִיהֶערְט צוּ בֶּעזוּכִין, זִיא הָאט נוּר גִיזֶעהֶן דִיא דִינְסְט מוֹיד וֶועלְכֶע פְלֶעגְט אִיר יֶעדִין טָאג בְּרֵיינְגֶען פוּן אָשֵׁר יָעקְלֶען אַיין מָאהְל צַייט.

פְלוּצְלוּנְג הָאט דְרֶעזֶעלֶע בֶּעמֶערְקְט דָאס אִיר גִיזִיכְט הָאט זִיךְ אִין לִישַׁייעֶס אוֹיס גִישְׁלָאגִין, זִיא הָאט אָנְפַאנְגְס גִירֶעכִינְט דָאס עֶס אִיז אִיר פוּן וַויינֶען נִיקוּמֶען וַוייל דִיא טְרֶערִין פֶערִינֶען דִיא בַּאקִין דֶערוּם הָאט זִיא זִיךְ גִיפְרֶעסְט נִיט צוּא וַויינֶען, אָבֶּער דָאס הָאט אִיר נוּר הַארְצְדְרִיקֶענֶעם גִימַאכְט אָבֶּער אִיר גִיזִיכְט אִיז וָואס וַוייטֶער אַלְץ עֶרְגֶער גִיוָוארִין עֶס הָאט זִיךְ אוֹיס גִיוִויזִין עֶרְטֶער וַוייס רֵייטֶע פְלַאמֶעס, אוּנ עֶרְטֶער וַוייס הָאט אוֹיס גִישְׁפְּרָאצְט רֵייטֶע בְּלֶעזְלִיךְ וְדִיא קַארֶעלִין אוּנ אוֹיף יֶעדֶער קַארְעל הָאט אוֹיס גִישְׁפְּרָאצְט אַוַוייסִינְקֶער פְּרִישְׁצִיקִיל פוּן וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ גִיוִויזִין טְרָאפִּינְס מַאטֶרְיֶע, אוּנ וֶוען אֵיינֶער הָאט זִיךְ גִיטְרִיקִינְט הָאט זִיךְ אוֹיף אַיין אַנְדֶער אָרְט דָאס זֶעלְבֶּע אוֹיס גִישְׁלָאגִין, אוּנ אַזוֹ אִיז בִּיסְלִיכְוַוייס אִיר גַאנְצֶע גִיזִיכְט שְׁרֶעקְלִיךְ פַאר דָארְבִּין גִיוָוארִין, דָאס הָאט גִישְׁפְּרָאצְט זָאגַאר אוֹיף דִיא נַאזֶע אוּנ לִיפִּין, אִיר גִיזִיכְט אִיז זָא הֶעסְלִיךְ גִיוָוארִין דָאס עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ גִיוֶועֶן אוֹיף אִיר גְלַייךְ גִילְטִינ אַקוּק צוּ טָאן.

דְרֶעזֶעלֶע הָאט דָאס אַלְץ גוּט בֶּעמֶערְקְט, זִיא הָאט פַארְשְׁטַאנֶען דָאס וֶוען מְנַשֶּׁה וֶועט קוּמֶען וֶועט עֶר אִיר גָאר נִיט דֶער קָאנֶען אוּנ וֶועט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט קָאנֶען אַקוּק טָאן אוֹיף אִיר הֶעסְלִיכֶע גִיזִיכְט, זִיא הָאט זִיךְ דָאס שְׁטַארְק צוּם הַארְצִין גִינוּמֶען אוּנ הָאט נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּא טָאן, אִיר אִיז אִיבֶּער הוֹיבְּט בַּאנְק גִיוֶועזִין דָאס וָואס מְנַשֶּׁה וֶועט נִיט קָאנֶען אַרִיבֶּער טְרָאגִין אִיר הֶעסְלִיכְקַייט, אוּנ בִּפְרַט אַלֶעס דָאקְטֶער וָואס עֶר הָאט מִיט זַיין פְרוֹי אַמוּזִירִין אִין גִיזֶעלְשַׁאפְטִין זִיא הָאט גִיהָאפְט דָאס פִילַייכְט וֶועט דָאס אִיבֶּער גֵיין, אָבֶּער צוּם אוּמְגְלִיק אִיז וָואס וַוייטֶער אַלְץ עֶרְגֶער גִיוָוארִין, זִיא הָאט שׁוֹין זִיךְ אַרוּם גִיזֶעהֶן דָאשׁ דֶער פֶעלֶער וֶועט בַּייא אִיר אוֹיבִּיג בְּלַייבִּין, אוּנ זִיא הָאט אַלְץ גִידֵיינְקְט דָאס וֶוען זִיא וֶועט מְנַשְׁהֶען פוּן זִיךְ נִיט בֶּעפְרַייעֶן, וֶועט זִיא אִים אָבְּרֶעמֶענַאיֶען מִיט אַשְׁוֶוערֶע בִּיהְדֶע פוּן אַיין עֶווִיגִין אוּמְגְלִיקְלִיכִין לֶעבִּין, אוּנ זִיא הָאט אִים דָאשׁ נִיט גִיוואוּנְשִׁין „אִיךְ מוּז שׁוֹין מַיין לֶעבִּין אִין צָרוֹת עֶנְדִיגִין“ פְלֶעגְט זִיא מִיט זִיךְ רֵיידִין — אָבֶּער וָואס אִיז נֶעבַאךְ מְנַשֶּׁה שׁוּלְדִיג, אִיךְ מוּז אִים לֵייז לָאזִין פוּן דִי שְׁטְרִיק מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אִים פֶערְבּוּנְדִין, מֶעזֶעט אַז מִיר זַיינֶען נִיט קַיין בֶּעשֶׁערְטֶע פָּאר, דְרוּם מַאכְט זִיךְ אַלְץ צוּ וִוישִׁין אוּנְז סוּמַאטָאכֶעם“ אַזוֹ הָאט זִיא זִיךְ שְׁטַארְק אוֹיס גִיוַויינְט אוֹיף אִיר פֶּעקִיל צָרוֹת, אוּנ הָאט צוּ מְנַשְׁהֶען אַבְּרִיף גִישְׁרִיבִּין אִין וֶועלְכִין זִיא הָאט אִים אַלְץ קְלָאר גִימַאכְט אוּנ הָאט אִים גִישְׁרִיבִּין: „דָאס עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ עֶר זָאל אִיר לִיבִּין אוּנ עֶר וֶועט מִיט אִיר קַיין פֶערְגְנִיגִין

גִיט

נִיט הָאבִּין פוּן זַיין לֶעבִּין, אוּנ וַוייל זִיא פַארְלַאנְגְט נִיט אַז דוּרְךְ אִיר זָאל זַיין גַאנְצִין לֶעבִּין פַאר בִּיטֶערְט זַיין, עֶרְלוֹיבְּט זִיא אִים עֶר זָאל אִיר בֶּעפְרַייעֶן מִיט אַגֶט, אוּנ זִיא פֶּערְגִינְט עֶר זָאל גְלִיקְלִיךְ לֶעבִּין מִיט אַצְווייטֶע, דֶעם בְּרִיף הָאט זִיא אָנְגִישְׁרִיבִּין מִיט פִיל טְרֶערִין אוּנ הָאט אִים פַאר זִיגִילְט, דֶער בַּייא הָאט אִיר דִיא הֶענְט גִימְצַייסִילְט, אָה מַיין גָאט! אִיךְ וֶועל גִיוִוים אוֹיף דֶעם בְּרִיף אַיין אַנְטְוָוארְט בַּאקוּמֶען אוֹיף אַפַּארְמֶעט... זִיא הָאט זִיךְ אָנְגִיהוֹיבִּין אִיבֶּער צוּ צַייגִין דֶעם בְּרִיף פִילַייכְט נִיט אַוֶועק צוּ שִׁיקִין, „גַיין דָאס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ! הָאט זִיא גִיזָאגְט — דָאס מְנַשֶּׁה זָאל מִיר קָאנֶען לִיבִּין מִיט מַיין יֶעצְטִיגִין אוֹיס זֶעהֶן, אִיךְ בִּין דָאךְ אָטְוִורַאטִיטֶעלְנָא, אוּנ וָוארוּם זָאל אִיךְ אִים סְטֶעסְנַאיֶען אוּנ קְוֶועלִין זַיין גַאנְצִין לֶעבִּין? עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין דוּרְךְ מִיר גִינוּג אָנְגִילִיטִין, אוּנ יֶעצְט זָאל אִיךְ אִים אוֹיף עֶוִויג דִיא יָארִין פֶער פִינְסְטֶערִין, נַיין, אִיךְ מוּז אִים דֶעם בְּרִיף אַוֶועק שִׁיקִין, זָאל מְנַשֶּׁה אַמְוַוייניגְסְטִין גְלִיקְלִיךְ לֶעבִּין, אוּנ וִויא אִיךְ בִּין בִּיז יֶעצְט אוּמְגְלִיקְלִיךְ גִיוֶועזֶען וֶועל אִיךְ שׁוֹין אוֹיף עֶוִויג אוּמְגְלִיקְלִיךְ בְּלַייבִּין, מַיינֶע יָארִין וֶועל אִיךְ שׁוֹין אִין טְרוֹיעֶר עֶנְדִיגִין וִויא עֶס אִיז מִיר שׁוֹין בֶּעשֶׁערְט פוּן גָאט, אִיךְ וֶועל זִיךְ בֶּענוּגֶענֶען מִיט דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ מְנַשֶּׁהעֶן אַם עֶנְדֶע אָרִינְטְלִיךְ בֶּעהַאנְדִילְט אָנְשְׁטָאט דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ אִים בִּיז אַהֶער לַיידִין אָנְגִיטָאן, זִיא הָאט דֶעם בְּרִיף אַוֶועק גִישִׁיקְט אוּנ זִיא הָאט מְנַשֶּׁהעֶס אַנְטְוָוארְט עֶרְוַוארְטֶעט, וָועלְכִין זִיא הָאט גִירֶעכִינְט נִיט אַנְדֶערְשׁ וִויא אַגֶט.

גְלַייךְ נָאךְ דֶעם הָאט זִיא פוּן מְנַשֶּׁהעֶן אַבְּרִיף בֶּעקָאמֶען, אִין וָועלְכִין זִיא הָאט צוּ אִיר וואוּנְדֶער קֵיין גֶט נִיט גִיפוּנֶען, נוּר אַבְּרִיף אִין וֶועלְכִין מְנַשֶּׁה הָאט אוֹיס גִידְרִיקְט זַיין מִיטְלַייד מִיט אִיר פֶעלֶער, אוּנ אוֹיךְ שְׁטְרַיינְגֶע פָארְוִוירְפֶע פַאר דֶעם וָואשׂ זִיא הָאט אִים פָאר גִישְׁלָאגִין דֶעם פְּלַאן מִיט אִיר זִיךְ צוּ שֵׁיידִין „אִיךְ וֶועל עֶס נִימַאלְס טָאן“ — הָאט עֶר גִישְׁרִיבִּין — „דוּא מָאגְסְט זָאגַאר זַיין הֶעסְלִיךְ וִויא דֶער טַייפִיל וֶועל אִיךְ דִיר שֶׁעטְצִין אַלְס שֶׁענְהַייט אִין דֶער גְרַאצְיֶע, אִיךְ וֶועל דִיר לִיבִּין וִויא פָארְהֶער, אוּנ קֵיין זַאךְ אִיז נִיט אִין שְׁטַאנְדֶע אוּנְז צוּא שֵׁיידִין נוּר דֶער טִירַאנִישֶׁער טָאד, אוּנ אִיךְ פֶערְלַאנְג אוּנ פֶערְבָּאט דִיר דָאס דוּא זָאלְסְט מִיר זֶעלְכֶע פְּלַאנֶען נִיט וִוידֶער הָאלִין“. אוֹיךְ הָאט עֶר אִיר אָנְגִיזָאגְט דָאס עֶר וֶועט אוּמְגִיזַאמְט קוּמֶען, עֶר הָאט זִיךְ נוּר פֶערְזַאמְט דוּרְךְ אַוָואהְלְטְהַאט פוּן וֶועלְכֶע עֶס וֶועט אִיר אוֹיךְ שְׁטַארְק פְרַייעֶן, נוּר עֶר קָאן אִיר דָאס יֶעצְט נִיט שְׁרַייבִּין, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען וֶועט זִיא דָאס פוּן אִים מוּנְדְלִיךְ הֶערִין. „אָה מְנַשֶּׁה מְנַשֶּׁה! הָאט דְרֶעזֶעלֶע גִישְׁרִיעֶן — דוּא בִּיזְט נֶעבַּאךְ אִין טָעוּת, דוּא מַיינְסְט אַז עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ מִיר יֶעצְט צוּ לִיבִּין, דוּא שְׁטֶעלְסְט זִיךְ נִיט פָאר וִויא אִיךְ זֶעה אוֹיס, דוּא בִּיזְט אִין אִיהְרְטְהוּם, אָה! וֶוען דוּא וֶועסְט מִיר דֶער זֶעהֶן וֶועט דִיר אָפְּטְרַייסְלֶען, דוּא וֶועסְט אַהִינְטֶער אָפּ שְׁפְּרִינְגֶען מִיר דֶער זֶעהֶענְדִיג, שְׁרַייבִּין וֶועגִין דֶעם נָאךְ אַמָאל אִיז מִיר פֶערְבָּאטִין, נוּר אִיךְ וֶועל אוֹיף גִיוִוים צוּם לַאכְט אוֹיף דִיר נִיט זַיין, אִיךְ וֶועל דִיר בֶּעפְרַייעֶן, אִיךְ וֶועל דִיר לַייז לָאזִין מִיט מַיין לֶעבִּין... אִיךְ וֶועל זִיךְ זֶעלְבְּסְט עֶרְמָארְדִין נוּר דִיר פְרַייא צוּא לָאזִין אוֹיף דֶער

וָועלְט גְלִיקְלִיךְ צוּ לֶעבִּין, אִין אֵיינִיגֶע טֶעג אַרוּם הָאט דְרֶעזֶעלֶע פוּן מְנַשֶׁהֶען אַבְּרִיף בַּאקוּמֶען! אִין וָועלְכִין עָר הָאט אִיר אָנְגִיזָאגְט דֶעם טָאג אִין וָועלְכִין עָר וָועט קוּמֶען.

## 57) דֶער בְּרִיף.

אוֹיף מָארְגִין נָאךְ זִימְל וַויינְשְׁטָאקְס קוּמֶען, הָאט זִיךְ גְלַייךְ דָער פוּן דָער וואוּסְט אוּנְזֶער גוּטֶער ר׳ שְׁמֶערִיל דָער שׁוֹחֵט, עֶס הָאט זַיין קוּמֶען וִויא אַדוּנֶער דָער שְׁרָאקִין; דֶען עֶר הָאט פַאר שְׁטַאנֶען אַז יָעצְט וָועט שׁוֹין קֵיין זַאךְ נִיט אָפְּהַאלְטִין פוּן דִיא פֶערְאֵיינִיגוּנְג פוּן רֶעבֶעקִין מִיט זִימְלֶען, אוּנ פִילַייכְט וָועט זִיךְ זִימְל דֶער וִויסִין דָאס עֶר הָאט דָאס אִים אִין אוּמְגְלִיק גְשְׁטִירְצְט, עֶר הָאט גְלַייךְ גִיהַיילְט צוּ זָאהְנְשַׁיינֶען אוּנ הָאט אִים אָנְגִיזָאגְט פוּן דֶעם גַאסְט, זָאהְנְשַׁיין אִיז אוֹיךְ פוּן דֶעם גַאסְט שְׁטַארְק אוּנ צוּ פְרִידִין גִיוֶועזְן, וַוייל עֶר הָאט גִירֶעכִינְט דָאס עֶס הַאלְט שׁוֹין דָער שִׁידוּךְ גִיעֶנְדִיגְט צוּא וָוערִין בַּייא רֶעבֶעקִין מִיט דֶעם דָאקְטֶער סְלוּצְקִין, דֶען אַזוֹ הָאט עֶס אִים גִישַׁיינְט פוּן דִיא לֶעצְטֶע בְּרִיף וָועלְכֶע עֶר הָאט פוּן סְלוּצְקִין בַּאקוּמֶען, דֶערוּם הָאט עֶר גִיפִירְכְטֶעט דָאס דָער יֶעצְטִיגֶער עֶרְשַׁיינוּנְג פוּן זִימְלֶען וֶועט וַוייטֶער אוֹיף רַייצִין זַיין טָאכְטֶער רֶעבֶעקִין זִיא זָאל דֶעם דָאקְטֶער נִיט וֶועלִין נוּר אִים, וֶוען זִיא וָועט זִיךְ דָער וִויסִין דָאס עֶר אִיז גִיקוּמֶען, אוּנ דֶערוּם הָאט עֶר שְׁמֶערְלֶען גִיפְרָעגְט: „מַיין לִיבֶּער ר׳ שְׁמֶערִיל גִיט עֶפֶּעס אַיין עֵצָה וָואס טוּט מֶען עֶרְשְׁט“? „מַיין עֵצָה אִיז — הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט — דָאס אִיר זָאלְט וָואס צוּם גִיכְסְטִין אַייעֶר רֶעבֶעקִין אוֹיס רִיכְטִין פוּן דַאנֶען, אִיר זָאלְט אִיר זָאגִין אַז אִיר הָאט מְקַבֵּל גִיוֶועזְן אַיין בְּרִיף פוּן אַייעֶר טָאכְטֶער פוּן דַאנְגְרָא דָאס זִיא אִיז גִיפֶערְלִיךְ קְרַאנְק אוּנ דְרוּם הָאט זִיא נֵייטִיג אַהִין צוּ פָארִין, אוּנ אַהִין זָאלְט אִיר אַוֶועק שְׁרַייבִּין דָאס מֶען זָאל אִיר אָפּ הַאלְטִין בִּיז אִיר וָועט אִיר שְׁרַייבִּין זִיא זָאל קוּמֶען, דֶער וַוייל וָועט שׁוֹין רֶעבֶעקָע נִיט וִויסִין פוּן זִימִילְס קוּמֶען, דָאס אִיז אִיצְטֶער מַיין עֵצָה, אוּנ מִיט דֶר צַייט וֶועלֶן מִיר זִיךְ שׁוֹין מְיַשֵּׁב זַיין וָואס מֶען זָאל וַוייטֶער טָאן אַז צוּ וִוישִׁין זַייא זָאל וֶוערִין אַיין פֶערְנַאנְדֶער שִׁייד אוֹיף אֵייבִּיג“, „זֵייעֶר גוּט — הָאט זָאהְנְשַׁיין גִיזָאגְט — דִיא עֵצָה גִיפֶעלְט מִיר אוּנ דָאס וֶועט גְלַייךְ גִישֶׁעהֶן אוּנ הַייטֶע וָועט שׁוֹין רֶעבֶעקָע קֵיין דָאנְגְרֶע אָפּ רַייזִין צוּ מִיט גוּטִין אָדֶער מִיט בַּייזִין.

דִיא פְרֵיידֶע וָועלְכֶע אִיז בַּייא וַויינְשְׁטָאקִין אִין הוֹיז גִיוֶועזְן צַייט זִימִיל אִיז גִיקוּמֶען אִיז אוּנ בֶּעשְׁרַייבְּלִיךְ, מֶעדַארְף דֶער צוּ קֵיין בַּיישְׁפִּילִין נִיט גֶעבִּין, נוּר דָאס אַלֵיין קְלֶעקְט דָאס זַייא הָאבִּין זִיךְ גִיפְרֵייט וִויא צַארְטֶע עֶלְטֶערִין בַּייא וָועלְכֶע זֵייעֶר אֵיינְצִיגֶע קִינְד אִיז דְרַייא יָאר אוּנ בֶּעוואוּסְט גִיוֶועזְן, אוּנ מֶעהָאט זִיךְ פוּן אִים מְיָאֵשׁ גִיוֶועזְן אוּנ נַאכְהֶער אִיז עֶר פְלוּצְלוּנְג גִיקוּמֶען, אוּנ אִיבֶּער הוֹיבְּט הָאט זִיךְ זִימְל גִיפְרֵייט מִיט דֶעם וָואס עֶר אִיז פוּן אַזַא אַסְטְרָאג עֶרְלֵייזְט גִיוָוארִין אוּנ הָאט גִיפוּנֶען זַיינֶע עֶלְטֶערִין גִיזוּנְד, אוּנ זַיין גִילִיבְּטֶע מִיט דִי זָעלְבֶּע הַארְץ אוּנ טְרַייהַייט מִיט וֶועלְכֶע עָר הָאט אִיר פֶערְלָאזִין.

זִמְלָען אִיז אַוואונְדָער גְוָוען וָואס רָעבֶעקָע הָאט אִים נִיט אֵיינְמָאל בֶּעזוּכְט פוּן זַיין קוּמֶען אָן, נָאר דָאס אִיז אִים רָעכְט גְיוָוארִין וֶוען עָר הָאט זִיךְ דֶער ווּאוּסְט פוּן אִיר אָפְּרַייזִין, עֶר הָאט. אוֹיךְ נִיט פַארְשְׁטַאנֶען דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן אִיר אָפְּרַייזִין.

מִיט אַיין מָאל אִיז פְּלוּצְלוּנְג צוּא עָרְשְׁטֶערְט גְיוָוארִין דִיא פְרֵיידֶע פוּן וַויינְשְׁטָאקְס הוֹיז, דוּרְךְ דֶעם וָואס דוּרְךְ אַסְטְרָאנֶע אָבִּיסְקֶע וֶועלְכֶע עֶס אִיז בַּייא זַייא גְיוֶוען הָאט מֶען אַרֶעסְטִירְט אַבְרָהָם וַויינְשְׁטָאקִין מִיט זַיין פְרוֹי לִיפְשֶׁען נִיט וִויסִינְדִיג וָואס פַאר אַפַּאר בְּרֶעךְ מֶעהָאט בַּיי זַייא גִיפוּנֶען, אוֹיס צוּ שְׁרַייבִּין זִימְלְס לַיידִין וֶועלְכֶע עֶר הָאט דֶער פוּן גִיהַאט אִיז אוּנְמִיגְלִיךְ, דֶען עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט אוּסְפֵּייעֶט אָנְצוּפְרֵייעֶן מִיט זַיינֶע לִיבֶּע עֶלְטֶערִין זַיינֶען זַייא אִין מִיטִין פוּן אִים אָפּ גִירִיסִין גְיוָוארִין אוּנ עֶר אִיז גִיבְּלִיבִּין וִויא אַרוּדֶער אָן אַשִׁיף, עֶר אִיז גִינַאנְגֶען אִין דֶער פָּאלִיצַייא נָאךְ צוּ פָארְשְׁטִין פַאר וָואס פַאר אַיין פַארְבְּרֶעךְ מֶעהָאט זַייא גִיזֶעצְט, אָבֶּער עֶר הָאט קַיין אַנְטְוָוארְט נִיט בַּאקוּמֶען, דֶען דֶער בֶּענֶעכְסִיפֶּער אִיסְפְּרַאוְנִיק אַנְטְוָוארְטֶעט קֵיינֶעם נִיט אוֹיסֶער זָאהְנְשַׁיינֶען, דָא אִיז זִימְלֶען בִּיטֶער גְיוָוארִין וִויא דֶער טוֹיט, דֶען עֶר הָאט שׁוֹין פַארְשְׁטַאנֶען דָאס עֶר מוּז צוּא זָאהְנְשַׁיינֶען אָנְקוּמֶען, אוּנ עֶר הָאט נָאךְ נִיט פַאר גֶעסִין וִויא עֶר אִיז פוּן אִים בֶּעהַאנְדִילְט גְיוָוארִין מִיט דְרַייא יָאר צוּרִיק, אָבֶּער נוֹיט בְּרֶעכְט אַייזִין, אוּנ בִּפְרַט צוּ רָעטִירִין לִיבְּלִיכֶע עֶלְטֶערִין, הָאט זִימִיל שׁוֹין בַּייא זִיךְ רָעכְט גִימַאכְט אָנְצוּא קוּמֶען צוּ זָאהְנְשַׁיינֶען, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּר נִיט גְיוַואגְט אַלַיין צוּ גַיין צוּ זָאהְנְשַׁיינֶען דֶען פִילַייכְט וֶועט עֶר אִים וַוייטֶער דוּרְךְ טְרַייבִּין, אִיז עֶר צוּ גִיפַאלִין צוּ שְׁמֶערִיל דֶעם שׁוֹחֵט עֶר זָאל פוּן זַיינְטְוֶועגִין אוֹיס חַאדֶעטַייסְטֶעוֶועגֶען פוּן זָאהְנְשַׁיינֶען עֶרְלוֹיבְּנֶעס אִים צוּ בֶּעזוּכִין וֶועגִין זַיינֶע עֶלְטֶערִין צוּ רֵיידִין, שְׁמֶערִיל הָאט דָאשׁ אִים פַארְשְׁפְּרָאכִין צוּ טָאן אוּנ הָאט אִים צוּ גִיזָאגְט צוּ בְּרֵיינְגֶען אַתְּשׁוּבָה צוּא אִים אִין הוֹיז.

זִימִיל אִיז בַּייא זִיךְ אִין הוֹיז גִיזֶעסִין מִיט אוּנְגִידוּלְד עֶרְוַוארְטִינְדִיג דֶעם אַנְטְוָוארְט פוּן שְׁמֶערְלִין, אוֹיבּ עֶר הָאט צוּ הָאפִין אוֹיף דִיא בֶּעפְרַייאוּנְג פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערִין, אוּנְטֶער דֶעסִין אִיז אִים פוּן זַיין פָאטֶער אַצֶעטֶעלֶע אָנְגִיקוּמֶען, אִין וֶועלְכִין עֶר הָאט אִים גִיבֶּעטִין רַחֲמִים עֶר זָאל אִים רָעטִירִין פוּן אַסְטְרָאג אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט זַיין שְׁוַואכֶע מוּטֶער, דֶער פָאטֶער הָאט אִים אוֹיךְ גִירָאטִין צוּא זָאהְנְשַׁיינֶען צוּ צוּ פַאלִין אוּנ אִים וֶועגִין זַיי צוּ בֶּעטִין, זִימִל הָאט שְׁטַארְק גִיוַויינְט פוּן דֶעם צֶעטֶעלֶע, אוּנ זַיין אוּנְגִידוּלְד אִיז פֶּערְמֶעהְרְט גְיוָוארִין וַוארְטִינְדִיג אוֹיף שְׁמֶערְלִין.

עֶס אִיז אַרִיבֶּער אַפָּאר שְׁטוּנְדִין אוּנ שְׁמֶערִיל הָאט נָאךְ אַלְץ קַיין אַנְטְוָוארְט נִיט גִיבְּרַאכְט, בַּייא זִימְלֶען הָאט שׁוֹין גִיפְּלַאצְט דִיא גִידוּלְד עֶר הָאט שׁוֹין אָנְגִיצֵייגִין זַיין מַאנְטִיל אוּנ הָאט גְיוָואלְט אַלַיין לוֹיפִין צוּא זָאהְנְשַׁיינֶען, אַרוֹישׁ גַייעֶנְדִיג פוּן טִיר הָאט עֶר דֶער זֶעהֶן שְׁמֶערְלֶען פוּן וַוייטִין גַייעֶנְדִיג צוּא אִים מִיט אַשִׂמְחָה

נו וָואס, בְּרֵיינְגְט אִיר מִיר עֶפֶּעס אַגוּטֶע בְּשׂוֹרָה? הָאט זִימִיל שְׁמֶערְלֶען גִיפְרֶעגְט וָוען עֶר אִיז שׁוֹין לֶעבִּין אִים נָאהֶינְט צוּ גִיגַאנְגֶען.

יָע, — הָאט שְׁמֶערִיל שָׁאפִּינְדִיג גִיעֶנְטְפֶערְט — נוּר קוּם אַרֵיין אִין שְׁטוּבּ.

וָוען שְׁמֶערִיל הָאט זִיךְ אוֹיף אַשְׁטוּל גִיזֶעצְט אוּנ הָאט זִיךְ שׁוֹין אָפּ גִידִיכֶעט, הָאט עֶר קוּים אַרוֹים גִירֶעט: אִיךְ וָואלְט דָאס פַאר קֵיינֶעם נִיט גְטָאן, אִיךְ הָאבּ דָערֵיין גִיהָארֶעוָועט אָן אַשִׁיעוּר, נוּר דִיא מִצְוָה פוּן פִּדְיוֹן שְׁבוּיִם אִיז בַּייא מִיר חָבִיב אוּנ טַייעֶר, אִיךְ לוֹיף אִין פַייעֶר אוּנ אִין וַואסֶער נָאר צוּ לִיבּ פִּדְיוֹן שְׁבוּיִם, אוּנ דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ זִיךְ אַזוֹ לַאנְג גִיזַאמְט, עֶס הָאט גִידוֹיעֶרְט בִּיז אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס גִיפּוֹעֶלְט.

נוּ, וָואס הָאט אַייךְ זָאהְנְשַׁיין גִיזָאגְט? פְרֶעגְט זִימִיל — אִיךְ קָאן צוּא אִים אַרֵיין קוּמֶען?.

נֵיין, דָאס הָאבּ אִיךְ בַּייא אִים בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גִיפּוֹעֶלְט — זָאגְט שְׁמֶערִיל — נָאר אִיךְ הָאבּ בַּייא אִים גִיפּוֹעֶלְט דָאס עֶר וֶועט אָן אַייךְ שׁוֹין טָאן וֶועגִין דִיא בֶּעפְרַייאוּנְג פוּן אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין, נָאר אִיר זָאלְט פוּן זַיינֶט וֶועגִין אַקְלֵיינִיגְקֵייט טָאן, אוּנ אִיךְ רֶעכִין דָאס אִיר וֶועט זִיךְ גָאר נִיט אַנְפֶּערִין אוּנ וֶועט דָאס גְלַייךְ טָאן.

אַךְ, מִיט מַיין גַאנְצִין לֶעבִּין וֶועל אִיךְ אִים דִינֶען נָאר מַיינֶע עֶלְטֶערִין צוּ בֶּעפְרַייעֶן — זָאגְט זִימְל — זָאגְט מִיר שׁוֹין וָואס פַארְלַאנְגְט עֶר פוּן מִיר אִיךְ טוּא דָאס שׁוֹין גְלַייךְ פַאר אִים.

אָט דִיא אַצַארְנֶע זָאלְט אִיר אִיבֶּער שְׁרַייבִּין — הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט אִים דֶערְלַאנְגֶענְדִיג אַיין אָנְגִישְׁרִיבֶּענֶעם פַּאפִּיר — אָט דָאס הָאט זָאהְנְשַׁיין אֵייגִינְהֶענְטִיג אָנְגִישְׁרִיבִּין, אוּנ עֶר פֶערְלַאנְגְט דָאס אִיר זָאלְט דָאס אִיבֶּער שְׁרַייבִּין, אוּנ מֶער גָאר נִיסְט.

אָךְ, אִיךְ שְׁרַייבּ דָאס שׁוֹין אִיבֶּער — הָאט זִימִיל גִיזָאגְט, עֶר הָאט דִיא אַצַארְנֶע אִין הַאנְט גִינוּמֶען אוּנ הָאט אִין אִיר גִילֶעזִין דָאס פָאלְגִינְדֶע:

טְהַייעֶרֶע רֶעבֶּעקְקֶע זָאהְנְשַׁיין.

אַזוֹ וִויא דַיין פָאטֶער הִינְדֶערְט אִין אוּנְזֶער בֶּעשְׁלוּס, אוּנ אִיךְ זֶעה פָאר אוֹים דָאס מִיר וֶועלִין נִימָאלְס עֶרַייכִין צוּ אוּנְזֶער צִיל, דֶען אִיךְ הָאבֶּע וֵויינִיג שְׁטָאף גֶעגִין אַלֶע הִינְדֶערְנִישֶׁע צוּא שְׁטְרַייטִין, אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דְרִיבֶּער זֵייעֶר פִּיל גִילִיטִין, אַלְזָא עֶנְדְזָאג אִיךְ זִיךְ פוּן אוּנְזֶער לִיבֶּע, דִיא לִיבֶּע זָאל בַּיי דִיר אוֹים גִיוָוארְצִילְט וֶוערִין פוּן הַארְצִין זָא וִויא בַּייא מִיר, אוּנ פוּן יֶעצְט אָן וֶועלִין מִיר שׁוֹין מֶער נִיט לַיידִין, מִיר שְׁלָאגְט מֶען יֶעצְט פָאר אַיין גוּטֶע פַארְטֵיי, אִיךְ וִוינְשֶׁע דִיר אוֹיךְ דָאס זֶעלְבֶּע, גָאט וֶועט אוּנְז בֵּיידִין עֶפֶּעס בֶּעסֶערֶס צוּא שִׁיקִין, אַדְיֶע אוֹיף עֶווִיג,

זימל וויינשטאק

אָה מַיין גָאט! הָאט זִימִיל אוֹים גִישְׁרִיעֶן — צוּ פִּיל פַאר לַאנְגְט פוּן מִיר זָאהְנְשַׁיין, דָאס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ, אִיךְ וֶועל דָאס נִיט אִיבֶּער שְׁרַייבִּין.

אוּנ אִיךְ הָאבּ גִירֶעכִינְט — הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט — דָאס אִיר וֶועט זִיךְ דְרוֹיף גָאר לַייכְט אַיין שְׁטִימֶען, אִיצְטֶער זֶעה אִיךְ וָואס פַאר אַוֶועלְט הַיינְט אִיז

אז צוליב אַזאַ איין נַארִישְׁקַייט אִיז רָעכְט צו פַּאר קוּיפְן פָּאטֶער אונ מוּטֶער, פְּע שֶׁעמְט זִיךְ זִימְל, אִיךְ וָואלְט זִיךְ אוֹיף אַייךְ דָאס קֵיין מָאל נִיט גִיגְלֵייבְּט, אִיהְר זֵייט דוּכְט זִיךְ גָאר קֵיין חַיָּשׁ נִיט פוּן אַבָּחוּר, זָאלְט אִיר אַזוֹ מִיאוּס בֶּעהַאנְדְלֶען אַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן...

אִיר רֶעט אוּמְזָאנְסְט — הָאט זִימְל גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ וֶועל דָאס נִיט טָאן, אִיךְ וֶועל נִיט שְׁרַייבְּן דָאס וָואס אִיךְ מֵיין נִיט, אִיךְ לִיבּ רָעבָּעקִין שְׁטֶערְבְּלִיךְ, אונ אִיךְ וֶועל בְּשׁוּם אוֹפָן נִיט שְׁרַייבְּן דָאס אִיךְ לִיבּ אִיר נִיט, וֶוען זָאהְנְשֵׁיין וָואלְט מַיין לֶעבְּן פֶערְלַאנְגְט וָואלְט עֶר עֶס לַייכְטֶער בֶּקוּמֶען וִויא דָאס.

שְׁמֶערִיל הָאט אִים קֵיין מוֹסֵר נִיט גִיזַאלֶעוֶועט, נָאר זִימְל אִיז גִיבְּלִיבְּן בַּייא דָאס זַיינִיגֶע דָאס עֶר וֶועט דָאס נִיט אִיבֶּער שְׁרַייבְּן, אִין דֶעם הָאט זִיךְ דִי טִיר גִיעֶפִינְט אונ עֶס אִיז אַרַיין אַבַּדִינְטֶער פוּן אַסְטְרָאג מִיט אַפֶּעקִיל אִין הַאנְט.

וָואס אִיז דָאס פַאר אַיין פֶּעקִיל? הָאט אִים זִימְל גִיפְרֶעגְט.

דָאס אִיז דִיא קְלֵיידֶער פוּן אַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן — הָאט אִים דֶער דִינֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — זֵייא הָאבְּן דָאס אָפּ גִישִׁיקְט וַוייל מֶעהָאט זֵייא אִין רֶעסְטַאנְסְקֶע קְלֵיידֶער אָן גִיטָאן, מֶעשִׁיקְט זֵייא אָפּ אִין גוּבֶּערְנֶע.

וֵוייא אִיז מִיר! מַיינֶע טְהַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן! — הָאט זִימְל גִישְׁרִיעֶן — וָואס זָאל אִיךְ יֶעצְט טָאן?! וֶוען זֵייא וֶועלִין שׁוֹין אִין גוּבֶּערְנֶע אָפּ גִישִׁיקְט וֶוערִין וֶועל אִיךְ דָאךְ זֵייא גִיוִויס נִיט קָאנֶען רֶעטִין!.

אונ דָאס וֶועט טַאקֶע בַּאלְד אִין אַשְׁטוּנְדֶע אַרוּם גִישֶׁעהֶען — הָאט דֶער דִינֶער גִיזָאגְט.

צֵייט אַשְׁטוּנְדֶע! הָאט זִימְל גִישְׁרִיעֶן — זֶעהְט לִיבֶּער ר׳ שְׁמֶערִיל, אִיךְ וֶועל שׁוֹין דִיא צַארְגֶע אִיבֶּער שְׁרַייבְּן אָבֶּער מִיט קְלֵיינֶע פַּאר עֶנְדֶערוּנְג, אִיךְ קָאן אִיר פִּינְקְטְלִיךְ נִיט אִיבֶּער שְׁרַייבְּן.

אָן קֵיינֶע פַּאר עֶנְדֶערוּנְג — זָאגְט שְׁמֶערִיל — דֶען אַזוֹ הָאט מִיר זָאהְנְשֵׁיין פַּאר זָאגְט, אוֹיבּ אִיר וִוילְט טוּא שְׁרַייבְּט שׁוֹין, וָוארוּם אִיךְ הָאבּ קֵיין צֵייט נִיט דָא אַפּוּלֶע צוּ זָאגֶען, נָאר וָואס אַמְפֶּערְט אִיר זִיךְ וֶועגִין אַזַא קְלֵיינִיגְקַייט.

זִימְל הָאט נִיט ווִילִינְדִיג גִינוּמֶען דִיא שְׁרַייבּ גִיצַייג אונ הָאט זִיךְ גִיזֶעצְט שְׁרַייבְּן, אונ דִיא הֶענְט הָאט אִים גִיטְרֵייסִילְט.

עֶשׁ אִיז מִיר אָבֶּער פִינְשְׁטֶער אִין דִיא אוֹיגְן, אִיךְ זֶעה אִין אַייעֶר אַצַארְגֶע קֵיין וָוארְט נִיט, הָאט זִימְל מִיט אַבִּיטֶערֶע שְׁטִימֶע גִיזָאגְט.

אוֹיבּ אַזוֹ וֶועל אִיךְ אַייךְ פָאר לֶעזִין — זָאגְט שְׁמֶערִיל — אונ אִיר שְׁרַייבְּט נָאךְ וָוארְט בַּייא וָוארְט.

זִימְל הָאט גִינוּמֶען שְׁרַייבְּן נָאךְ שְׁמֶערִילְס פָּאר לֶעזִין, אָבֶּער דִיא פֶּען אִיז אִים פוּן הַאנְט אַרוּיס גִיפַאלִין, נָאר שְׁמֶערִיל הָאט זִיךְ אוֹיף אִים אַבֵּייזֶער גִיטָאן: אִיךְ הָאבּ קֵיין צֵייט נִיט מִיט אַייךְ אֲפוּלֶע צוּ פַּאר בְּרֵיינְגֶען, אוֹיבּ אִיר שְׁרַייבְּט אִיז רֶעכְט, אונ וֶוען נִיט גֵייא אִיךְ גְלַייךְ אַוֶועק, הָאט שְׁמֶערִיל גִיזָאגְט אוֹיף שְׁטֶעלִינְדִיג זִיךְ פוּן טִישׁ, זִימְל הָאט זִיךְ בַּייא אִים קוּים אַיין גִיבֶּעטִין עֶר זאל

זָאל גִידוּלְדִין בִּיז עֶר וֶועט קְרַאפְט הָאבִּין צוּ שְׁרַייבִּין, אוּנ אִין אַ מֶשֶׁךְ פוּן אַשְׁטוּנְדֶע אִיז שׁוֹין דֶער בְּרִיף אִיבֶּער גִישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין, אוּנ שְׁמֶערִיל הָאט אִים צוּ זִיךְ צוּ גִינוּמֶען אוּנ אִיז מִיט אִים אַוֶועק צוּ זָהֲנְשַׁיינֶען.

זִימִיל אִיז נָאךְ דֶעם נִיבְּלִיבִּין אַ צוּמִיסְטֶער, עֶר הָאט זִיךְ בַּרֶעכִינְט: וָואס הָאבּ אִיךְ דָא גִיטָאן, דֶער בְּרִיף וֶועט דָאךְ גִיוִויס צוּא רֶעבֶּעקִין אִין הַאנְד אָן קוּמֶען, אוּנ וָואס וֶועט זִיא דְרוֹיף זָאגִין? עֶס קָאן דָאךְ דֶער פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע אִינְטְרִיגֶע וֶוערִין, אָה! אִיךְ בִּין יֶעצְט דוּרְךְ גִיפַאלִין! דִיא הִילְף פַאר מַיינֶע עֶלְטֶערִין וָואלְט גָאט צוּ שִׁיקִין פוּן אַיין אַנְדֶער אָרְט, נָאר פוּן וַואנֶען? — הָאט עֶר זִיךְ וַוייטֶער אִיבֶּער גִיצַייגְט — קָאן אַיין אִיד צוּ קוּמֶען צוּם הִיגִין אִיסְפְּרַאוְונִיק אוֹיסֶער זָאהֲנְשַׁיין? זָאהֲנְשַׁיין לָאזְט דָאךְ קֵיינֶעם צוּ אִים נִיט צוּ, עֶר הִיט דָאךְ זַיין טִיר וִויא אַהוּנְט אַיַאטְקֶע, הַיינְט וָואס אִיז דָאס פַאר אַבֵּייז? צוּא דֶען אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אָן גִישְׁרִיבִּין דֶעם בְּרִיף טָאר אִיךְ אִיר שׁוֹין מֶער נִיט לִיבִּין? דָאס אִיז אַהֵיילֶע דוּמְהַייט, אַזוֹ וִויא אַקְרַאנְקֶער מָאנ עֶסִין הָאבֶּערְנֶע גְרִייץ נָאךְ וִוידוּי, אַזוֹ מָאג אִיךְ רֶעבֶּעקִין לִיבִּין נָאךְ אַזַא בְּרִיף, אִיךְ הָאבּ דָאךְ דָאס נִיט מִיט מַיין וִוילִין גִישְׁרִיבִּין, אוּנ אִיךְ וֶועל אִיר אוֹיךְ בֶּעוַוייזִין וִויא וַוייט אִיךְ בִּין גִיצְוָואוּנְגֶען גִיוֶוען דָאס צוּא שְׁרַייבִּין וַוייל אִיךְ הָאבּ מִיט דֶעם מַיינֶע עֶלְטֶערִין גִיוָואלְט רֶעטִין, אוּנ צוּם גְלִיק אִיז בַּייא מִיר גִיבְּלִיבִּין דִיא אַצַארְנֶע וֶועלְכֶע זָאהֲנְשַׁיין הָאט אֵיינֶענְהֶענְטִיג אָן גִישְׁרִיבִּין, מִיט דֶער מִיט וֶועל אִיךְ אִיר צַייגִין דָאס אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט פוּן מַיין קָאפּ גִישְׁרִיבִּין נָאר אִיר פָאטֶער הָאט דָאס מִיר גִיצְוָואוּנְגֶען דֶער צוּ, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט גִימֵיינְט וָואס אִיךְ הָאבּ גִישְׁרִיבִּין, יַא, אִיךְ וֶועל זִיךְ קָאנֶען פַאר אִיר פַאר עֶנְטְפֶערִין, אוּנ זִיא וֶועט גִיוִויס קֵיין פַאר דְרוּס אוֹיף מִיר נִיט הָאבִּין.

זָאהֲנְשַׁיין הָאט פוּן שְׁמֶערְלֶען דֶעם בְּרִיף צוּ נִיחַאפְּט וִויא אַיין אֶבֶן טוֹב, עֶר הָאט שְׁמֶערְלֶען גִילוֹיבְּט פַאר זַיין תְּרַאבְּרָאסְט, אוּנ דֶער בְּרִיף אִיז גְלַייךְ עֶקְסְפֶּעדִירְט גִיוָוארִין צוּ רֶעבֶּעקֶען קֵיין רַאנְגְרָא.

## 58) דִיא מָארְדְטַהאט.

וִויא רֶעבֶּעקָע הָאט דֶעם בְּרִיף בֶּעקוּמֶען, הָאט אִיר שִׁיר פָאפְּלֶעקְצֶע עֶרְשְׁלָאגִין, וַוייל זִיא הָאט גִירֶעכִינְט דָאס זִימִיל הָאט אִים עֶרִינְסְט גִישְׁרִיבִּין אוּנ עֶר מַיינְט דָאס טַאקֶע וָואס עֶר שְׁרַייבְּט, דֶער צָאהְרִין הָאט זִיךְ אִין אִיר אָן גִיצוּנְדִין אוֹיף זִימְלֶען, זִיא הָאט אִים פַאר אַיין אִיזְמֶענִיק גִירֶעכִינְט, זִיא הָאט אִיבֶּער גִירֶעכִינְט וִויפִיל זִיא הָאט אוּיס גִילִיטִין פוּן זַיינְט וֶועגִין אוּנ הָאט אִיהְר פְרַייהַייט אַלְץ גִיהִים, אוּנ יֶעצְט וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין גִיקוּמֶען צוּם לֶעבִּין, הָאט עֶר מִיט אַיין מָאל צֶערְשְׁטֶערְט אִיהְרֶע גוּטֶע הָאפֶענוּנְג, נָאר וַוייל מֶעהָאט אִים אַיין אַנְדֶער פַּארְטַיי פָאר גִישְׁטֶעלְט, אִיר הָאט זִיךְ נָאר נִיט גִיקָאנְט פָאר שְׁטֶעלִין וִויא גִיבְּט עֶס זָא אַיין כַּארַאקְטֶער לָאזֶער מֶענְטְשׁ, זִיא הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט גִיקָאנְט רֶעשֶׁען אָן אִים צוּא פַאר גֶעסִין, דֶען וִויא וָוארְצִילְט מֶען אוּיס אַיין

ליבע

לִיבֶּע װָעלְכֶע אִיז פוּן קִינְדְהַײט אָן אַיין גִיפְּלַאנְצְט גִיוָואֹרִין, דֶער גִידַאנְקֶען צוּא הֵיירַאטִין מִיט אַיין צְװֵייטִין אִיז אִיר אִין קָאפּ נִיט נִיקְרָאכִין, זִיא הָאט דָאס גָאר אוֹיף אִיהְרֶע גִידַאנְקֶען נִיט גִיקָאנְט בְּרֵיינְגֶען, אוֹיךְ צוּ זֶעהֶן אִיר זִימְלֶען אִין דִיא אָרֶעמְס פוּן אַיין צְװֵייטֶע הָאט זִיךְ אִיר שְׁרֶעקְלִיךְ פָאר גִישְׁטֶעלְט, זִיא הָאט פוּן אִיר לֶעבִּין שׁוֹין מֶעהְר נִיט גִיהַאלְטִין אוּנ הָאט זִיךְ גִירֶעשְׁעט פוּן אִיר לֶעבִּין אַיין עֶנְד צוּ מַאכִין, נָאר פוּן זִימְלֶען אוֹיךְ רַאבֶע צוּ נֶעמֶען פַאר אִיר בְּלוּט אוּנ עָהְרֶע, זִיא הָאט זִיךְ פוּן אִיר שְׁװֶעסְטֶערְס הוֹיז מִיט גְוַואלְד אַרוֹיס גִירִיסִין אוּנ אִיז גִיקוּמֶען קַיין בֶּענֶעבֶּסִיף.

זָאהְנְשַׁיין הָאט אוֹיף אִיר דֶער קָאנְט דִיא װִירְקוּנְג װֶעלְכֶע זִימְלְס בְּרִיף הָאט אוֹיף אִיהְר גִימַאכְט, אוּנ דָאס הָאט אִים גִיפְרֵייט וָואס עֶר הָאט גִיטְרָאפִין אִין צִיל, עֶר הָאט מִיט אִיר זֵייעֶר װְעֶזֶלִיוָוא גִירֶעט אוּנ הָאט צוּ אִיר גִיזָאגְט: הֶער צוּא מַיין טָאכְטֶער, דוּא זָעהֶסְט דָאךְ שׁוֹין אַז דַיין הָאפֶענוּנְג אוֹיף זִימְלֶען אִיז פַאר לָארִין; עֶרְשְׁטִין וַוייל אִיךְ שְׁטֶער זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג דֶערַיין אוּנ אִיךְ װֶעל דָאס נִיט דֶער לָאזִין, אוּנ אוֹיךְ רֶעט מֶען שׁוֹין זִימְלֶען אַנְדֶערֶע שִׁידוּכִים אוּנ עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גִיזֶעהֶן מִיט אַכַּלָּה אוּנ אוּם גִיזַאמְט װֶעט בַּייא אִים זַיין תְּנָאִים, אַלְזָא זָעהֶסְטוּ דָאךְ שׁוֹין אַז עֶר יָאגְט זִיךְ נָאךְ דִיר נִיט, אוּנ דְרוּם אִיז שׁוֹין צַייט דוּא זָאלְכְט אָן אִים אוֹיךְ פַאר גֶעסִין, אוּנ דוּא זָאלְסְט זִיךְ שׁוֹין צוּ בְּרֵייטִין צוּם פֶערְלָאבוּנְג מִיט דֶעם דָאקְטֶער סְלוּצְקִי װֶעלְכֶער וַוארְט אוֹיף דִיר שׁוֹין פוּן יָאהְרִין לַאנְג דוּא װֶעסְט פַאר אִים פִיל גְלִיקְלִיכֶער לֶעבִּין אַלֶעס פַאר זִימְלֶען, אוּנ אִיךְ פֶערְלַאנְג דוּ זָאלְסְט מִיר שׁוֹין גֶעבִּין דַיין יַא וָוארְט, דָאס דוּ שְׁטִימְסְט אַיין דְרוֹיף.

רֶעבֶּעקָא אִיז פַאר אִיר פָאטֶער גִישְׁטַאנֶען וִויא אַ פַאר מִשְׁפָּטָע, זִיא הָאט נִיט גִיקָאנְט אִים אַיין וָוארְט עֶנְטְפֶערִין, נָאר קוּים הָאט זִיא וִויא דוּרְךְ דִיא צֵיינֶער דוּרְךְ גִיזַייט דִי וָוערְטֶער: טוּא מִיט מִיר פָאטֶערִיל וִויא דוּא פַאר שְׁטֵייסְט.

אִין אֶמֶתִין הָאט שׁוֹין רֶעבֶּעקָא פוּן אִיהְר לֶעבִּין נִיט גִיהַאלְטִין, נָאר זִיא הָאט גִידֵיינְקְט װֶעגִין אַמִיטִיל וִויא זִיךְ צוּ עֶרְמָארְדִין אוּנ מִיט דֶעם זָעלְבִּין טוֹיט פוּן זִימְלֶען רַאבֶע צוּ נֶעמֶען, דֶעם גַאנְצִין טָאג הָאט זִיא מִיט שְׁטוּמֶע בְּלִיקִין זִיךְ גִיזֶעגִינְט מִיט אַלֶעס, אוֹיף מָארְגִין אִיז זִיא גַאנְץ פְרִיא אוֹיף גִישְׁטַאנֶען, זִיא הָאט זִיךְ גוּט אַרוּם גִיוַואשִׁין אוּנ הָאט זִיךְ פְּרַאכְטִיג אָן גִיקְלֵיידֶעט, דֶער אָן קְלֵיידוּנְג אִיהְרֶער הָאט לַאנְג גִידוֹיעֶרְט וַוייל זִיא הָאט זִיךְ גִיסְטַארֶעט וָואס מִיט אַבֶּעסֶערִין גִישְׁמַאק זִיךְ אָן צוּ קְלֵיידִין, װָוען זִיא הָאט זִיךְ שׁוֹין אָן גִיצוֹיגִין הָאט זִיא זִיךְ אַרוּם גִיקוּקְט אִין אַלֶע זַייטִין אוּנ אַז זִיא הָאט קֵיינֶעם נִיט בַּמֶערְקְט, הָאט זִיא אַרוֹיס גִינוּמֶען פוּן אַפְּאטְיֶעקֶענֶעם אָרְט אַיין פְּרָאסִיק אִין װָעלְכִין עֶס אִיז גִיוֶוען גִיפְט (סַם) וַוייל זִיא הָאט גִירֶעשְׁעט דָאס פַאר אַמִיטִיל צוּ בְּרוֹיכִין דֶעם לֶעבִּין צוּ עֶנְדִין, זִיא הָאט דֶעם פְּרָאסִיק אִין הַאנְט גִינוּמֶען אוּנ הָאט אוֹיף אִים אַהִיפְּשֶׁע צַייט גִיקוּקְט מִיט פוּלֶע אוֹיגִין מִיט טְרֶערִין, נַאכְהֶער הָאט זִיא צוּם פְּרָאסִיק גִיזָאגְט: פַאר דִיר פִירְכְטֶעט זִיךְ דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט, דוּא דְרָאהֶעסְט אַלֶעמֶען פוּן דֶעם נִידֶערִיגְסְטִין קְלַאס מֶענְטְשִׁין בִּיז דֶעם וָואס זִיצְט אוֹיפִין קְרָאהְן

שטול

שְׁטוּל, מְעקוּקְט אוֹיף דִיר נִיט נָאר וִויא אוֹיף אַנאַנְץ אִיבֶּערִיגֶע זאַךְ נָאר וִויא אוֹיף אַשְׁעדְלִיכֶע זאַךְ וֶועלְכֶע דֶער שֶׁעפֶּפֶער הָאט אוֹיף שְׁלֶעכְטֶעס בַּאשַׁאפִין, אָבֶּער גֵיין! זַייא זַיינֶען אִין טָעוֹת, זַייא וֵוייסֶען דִיר נִיט וִויא צוּ שֶׁעטְצִין, דוּא בִּיזְט נָאר נִיט אִיבֶּערִיג וֶוען מֶען וַויים וִויפִיל אוּנ וֶוען דִיר צוּ פַאר בְּרוֹיכִין, דִיר מִישְׁט מֶען אַרַיין אִין מֶעדִיצִינֶען אוּנ מִיט דַיין הִילְף וֶוערְט מֶען פוּן שְׁרֶעקְלִיכֶע קְרַאנְקְהַייטִין גִיהַיילְט, דוּרְךְ דִיר וֶוערְט אַמֶענְטְשׁ בֶּעפְרַייעָט פוּן זַיינֶע גְרֶעסְטֶע אוּמְגְלִיקִין, דֶער אָרִימַאן — פוּן זַיין אַרְמוּטְה, דֶער בַּאנְקְרָאטִירֶער — פוּן זַיין שַׁאנְדֶע, דִיא גִילִיבְּטֶע — פוּן אִיר לִיעֶבֶּעס אִינְטְרִיגֶע וֶועלְכֶע עָס טְרַייבְּט זַייא אַרַיין אִין דֶער הֶעלֶע, אוּנ אוֹיךְ אִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מֵיידִיל! אִיךְ וֶועל פוּן דִיר צְווייא נוּצִין הָאבִּין: דוּ וֶועסְט מִיר אוֹיס הֵיילִין מַיינֶע וואוּנְדִין וֶועלְכֶע עָס קְוֶועלִין מִיר פוּן אַסַךְ יָאהְרִין, דוּא וֶועסְט מִיר אִיבֶּער טְרָאגִין פוּן אַפִינְסְטֶערֶע וֶועלְט אוֹיף אַלִיכְטִיגֶע, אוֹיךְ וֶועל אִיךְ מִיט דִיר רַאכֶע נֶעמֶען פוּן מַיין בֶּעטְרִיגֶער, אִין אֵיינִיגֶע וַויילִין אַרוּם וֶועט זִיךְ שׁוֹין מַיין גַייסְט אִין דֶער עֲווִיגֶער וֶועלְט גִיפִינֶען, עֶר וֶועט זִיךְ אָפּ טְרֵייסְלֶען פוּן דִי שְׁמֶערְצִין פוּן דִיא פַאלְשֶׁע וֶועלְט, דֶעם גַייסְט פוּן מַיין בֶּעטְרִיגֶער וֶועל אִיךְ פָאר שְׁטֶעלִין צוּא דִיא גֶעטְלִיכֶע גִירִיכְט עֶר זָאל עֶנְטְפֶערִין אוֹיף אוּנְזֶער אוּמְזִיסְטֶע בְּלוּט וֶועלְכֶע אִיז פַאר גָאסִין גִיוָוארִין דוּרְךְ זַיין פַאלְשְׁקַייט! אִין אַשְׁטוּנְדֶע אַרוּם וֶועלִין מִיר אַלֶע לֵיידִינְדֶע זֶעלִין בֶּעגֵיידִין, אִיךְ וֶועל שׁוֹין קוּקִין אוֹיף דִיא פִינְסְטֶערֶע וֶועלְט מִיט אִירֶע פִיל צָרוֹת אוּנ אִיךְ וֶועל לַאכִין . . .

רֶעבֶּעקֶע הָאט דָאס מִיט אַסִירְיָאזְנֶעם טָאן גִירֶעט, פוּן אִיהְרֶע אוֹיגִין הָאבִּין גִיפְלִיסְט טַייכִין טְרֶערִין, פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיא דֶער הֶערְט אַשַׁאסְק אוּנְטֶערִין טִיר פוּן אִיר צִימֶער, זִיא הָאט זִיךְ דֶער שְׁרָאקִין אוּנ הָאט אִיר פְּרָאסִיק מִיט הַאסְט אוּנְטֶער אַטִישְׁטַאךְ אַרוּנְטֶער גִישְׁטֶעקְט, זִיא אִיז גִינַאנְגֶען דֶעם לֶעצְטִין מָאהְל אָפּ שַׁייד צוּא נֶעמֶען פוּן אַלֶע צִימֶערִין אִין וֶועלְכֶע זִיא הָאט זִיךְ אוֹיס גִיהָאדֶעוֶועט, אוֹיךְ מִיט שְׁטוּמֶע בְּלִיקִין זִיךְ צוּא זֶעגֶענֶען מִיט אִיר פָאטֶער אוּנ מִיט אִיר גַאנְצֶע הוֹיז גִיזִינְד, דֶער פָאטֶער הָאט בַּמֶערְקְט דָאס זִיא הָאט זִיךְ שַׁיין אָן גִיקְלֵיידֶעט הָאט עֶר דָאס גִירֶעכִינְט פַאר אַבֶּעוַוייז דָאס זִיא אִיז פַארְטִיג אִים צוּ פָאלְגִין, דְרוּם הָאט עֶר אִיר מִיט לִיבְּלִיכֶע בְּלִיקִין אָן גִיקוּקְט אוּנ צוּא אִיהְר גִיזָאגְט: עָס פְרֵייט מִיר מַיין קִינְד וָואס דוּא בִּיזְט מִיר גִיהָארְכְזַאם גִיוָוארִין, אוּנ עֶר הָאט אִיר פָאר גִישְׁטֶעלְט וִויא גְלִיקְלִיךְ זִיא וֶועט דָאס זַיין מִיט דֶעם דָאקְטָער סְלוּצְקִין, עֶר הָאט אִיר דֶער צֵיילְט דָאס עֶר הָאט שׁוֹין צוּ אִים אַבְּרִיף אַוֶועק גִישְׁרִיבִּין דָאס עֶר קָאן שׁוֹין קוּמֶען הִיר אוֹיף אַיין פֶערְלָאבּוּנְג, רֶעבֶּעקֶע הָאט דָאס אוֹיס גִיהֶערְט מִיט אוּנְגִידוּלְד, אִיר גִיזִיכְט הָאט זִיא אַלְץ אָפּ גִיקֶערְט פוּן פָאטֶער עֶר זָאל נִיט בַּמֶערְקִין אִיר טְרִיוָואגֶע, עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיא אוֹיף אִים גִיוָוארְפִין אִיר לֶעצְטִין בְּלִיק, אוּנ הָאט זִיךְ צוּרִיק אִין אִיר צִימֶער גִיקֶערְט, זִיא אִיז אָנְפַאנְגְס דֶער שְׁרָאקִין גִיוָוארִין אַלֶעס זִיא הָאט בֶּעגֶעגְנֶט פוּן אִיר צִימֶער דִיא דִינְסְט מוֹיד אַרוֹיס גֵייעֶנְדִיג, אָבֶּער זִיא אִיז רוּהִיגֶער גִיוָוארִין וֶוען דִיא מַאד

הָאט

הָאט אִיר גִיזָאגְט דָאס זִיא אִיז הִיר אַרַיין דִיא דִילִין אוּים צוּ בַּארְשְׁטְן.

רֶעבֶּעקָא הָאט אִיר גוּטִין פְּרָאסִיק פוּן אוּנְטֶערִין טִישְׁטוּךְ אַרוֹיס גִינוּמֶען אוּנ הָאט אִים פֶּערְשְׁטֶעקְט אִין אִיהְר קֶעשֶׁענֶע, נַאכְהֶער הָאט זִיא אָנְגִיצִינְדִין אִיר אוֹיבֶּער מַאנְטִיל אוּנ הָאט אַוֶועק גִימַארְשִׁירְט מִיט אַרוֹישִׁינְדִין גִימִיט גְלַייךְ צוּא וַויינְשְׁטָאקִין.

זִיא הָאט צוּ אִיר פְרֵיידֶע נָאר זִימְלֶען אַלַיין צוּא הוֹיזֶע גִיפוּנֶען, וֶועלְכֶער אִיז עֶנְטְצִינְט גִיוָוארִין בַּייא אִיר פְּלוּצְלוּנְגֶען עֶרְשַׁיינֶען, עֶר הָאט אִין אִיהְרֶע גִיזִיכְטְסְצִינֶע פֶערְדְרוּס בַּמֶערְקְט, אִיר פִּירְכְטְלִיכֶר אוּיס זֶעהֶן הָאט אִים עֶרְשְׁרָאקִין דָאס דִיא שְׁפְּרַאכֶע הָאט אִים גִיפֶעלְט, אוּנ אַלֶעם רֶעבֶּעקָא אִיז שׁוֹין בַּיין טִישׁ גִיזֶעסִין הָאט עֶר נָאךְ נִיט אִיסְפֶּייעַט אֵיין וָוארְט אוּיס צוּא רֵיידִין.

וִויא מִיר שֵׁיינְט, הָאסְטוּ זִיךְ יָעצְט אוֹיף מִיר גָיט גִירִיכְט, הָאט רֶעבֶּעקָא גִיזָאגְט עֶרְקָאנְגֶענְדִיג אוֹיף אִים זַיין רַאסְטְרוֹיסְטְוָוא וֶועלְכֶע זִיא הָאט גִירֶעכִינְט פַּאר אַצַייכִין אוֹיף זַיין פַאלְשְׁקַייט אוּנ קַאוַוארְנָאסְט — אִיךְ מוּז דִיר מִיט מַיין יֶעצְטִיגִין בֶּעזוּךְ בֶּעלַאסְטֶען, הָאט זִיא דַאבַּאוֶועט.

זִימְל הָאט אוֹיף אִיר גִיזִיכְט בֶּעמֶערְקְט גְרִימִינֶע מִינֶען, אוּנ עֶר הָאט פַּאר שְׁטַאנֶען פוּן וַאנֶען דָאס שְׁטַאמְט, אַלְזָא אִיז עֶר דֶער פוּן גַאנְץ פֶערְנִיכְט גִיוָוארִין, אוּנ הָאט פַאר קַיין פַאל נִיט גִיקָאנְט מוּט פַאסִין אִיר אַקְלָארִין אַנְטְוָוארְט צוּא עבִּין, עֶר הָאט אָן גִיוֶוענְדֶעט אַלֶע קְרֶעפְּטִין אוּנ הָאט קוֹים אוּיס גִירֶעט דִיא ווערְטֶער: וַוייל דַיין יֶעצְטִיגֶער בֶּעזוּךְ אִיז אַיין אוּנֶערְוַוארְטֶעטֶער אִיז בַּייא מִיר דִיא פְרֵיידֶע דִיר צוּ זֶעהֶען בַּייא מִיר אִין הוֹיז נָאךְ גְרֶעסֶער אוּנ בֶּעקְוֶועמֶער.

רֶעבֶּעקָא אִיז פוּן דִיזִין אַנְטְוָוארְט מֶעהְר צְאהְרִינְד גִיוָוארִין, וַוייל זִיא הָאט אִים צוּא גִיטְרִיבִּין צוּ אַפַאלְשֶׁע (חֲנִיפָה) דְרוּם הָאט זִיא אִים גִיעֶנְטְפֶערְט: דוּא מֵיינְסְט דָאס גִיוִויס נִיט עֶרִינְסְט, אוּנ דְרוּיף צֵייגְט דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר אִין דָאס גְרֶעסְטֶע פֶער אִירוּנְג גִיפוּנֶען, נִיכְט וַואהְר?, רֶעבֶּעקָא הָאט אוֹיף אִים פְּרוּוואוּנְדֶע בְּלִיקִין גִיוָוארְפִין, נָאר זִימְל אִיז גִיזֶעסִין הַאלְבּ וִויא צוּ מִיסְט אוּנ הָאט זַיין שְׁפְּרַאכֶע גַאנְץ אוּנ גָאר נִיט בֶּעהֶערְשְׁט.

שֵׁיינְט עֶס מִיר דָאס זַייא בַּשְׁטֶעטִיגִין מַיינֶע רַייד מִיט זַייעֶר שְׁוַוייגִין? הָאט רֶעבֶּעקָא סַאטִירִישׁ גִיפְרֶעגְט — הַיינְט וָואס וֶועלִין זַייא זָאגִין אוֹיף דִיזִין בְּרִיף וָועלְכִין אִיר הָאט צוּ מִיר גִישְׁרִיבִּין — הָאט רֶעבֶּעקָא גְזָאגְט אַרוֹיס נֶעמֶענְדִיג דֶעם בְּרִיף פוּן אִיר קֶעשֶׁענֶע — אִיז עֶס אַייעֶר הַאנְד שְׁרִיפְט? הָאט זִיא אִים וַוייטֶער גִיפְרֶעגְט — זָאגְט, פִילַייכְט נִיט.

זִימִיל אִיז פוּן דֶעם פְּלוּצְלוּנְגֶען אִיבֶּער פַאל גִילֶעמְט גִיוָוארִין, עֶר אִיז גִיבְּלִיבִּן וִויא אַיין גִידִיכְטֶעטֶער אוֹיף דֶעם עֶשַׁאפְּאט, אוּנ הָאט נִיט גִיקָאנְט אִיר בַּאלְד אַנְטְוָוארְטִין דֶערוֹיף, אוֹיךְ וַואהְר אִים אוּנְמֶעגְלִיךְ אִיהְרֶע פְּרַאגִינְדֶע בְּלִיקִין אוּיס צוּא הַאלְטִין.

רֶעבֶּעקָא הָאט דָאס אַלִין בֶּעמֶערְקְט, אוּנ וַוייל זִיא הָאט פוּן אִים קַיין אַנְטְוָוארְט נִיט בֶּעקוּמֶען הָאט זִיא דָאס גִירֶעכִינְט פַאר אַבֶּעוַוייז דָאס זַיין פאלשקייט

